שלמה פראנק (פרענקל)

# טאגבוך פון לאדזשער געטא

הקדמה: נחמן בלומענטאל

— צווייטע אויפלאגע —



פארלאג „מנורה"
תל־אביב, תשי"ח — 1958

***

אַ סך יידן האָבן אין די פינצטערע געטאָ־יאָרן געשריבן זכרונות, אָבער ווייניק מחברים זענען געבליבן לעבן און נאָך ווייניקער זכרונות זענען צו אונדז דערגאַנגען.

איינער פון די, וואָס האָבן זוכה געווען איבערצולעבן דעם היטלער־גיהנום און אָפּגעפינען נאָך דער באַפרייאונג, זיינע כתבים, איז דער לאָדזשער זשורנאַליסט שלמה פראַנק. איך דערמאָן זיך ווי ער איז געקומען צולויפן אין דער צענטראַלער יידישער היסטאָרישער קאָמיסיע, וואָס האָט אַקאַרשט אָנגעהויבן צו שטעלן אירע ערשטע טריט אין דער נאַר־וואָס באַפרייטער שטאָט לאָדזש, בעת די מלחמה איז נאָך אָנגעגאַנגען, מיט דער פריילעכער בשורה: „איך האָב געפונען מיינע נאָטיצן, וואָס איך האָב באַהאַלטן ערגעץ אין אַ לאָך פון געטאָ. אין די זומער חדשים פון יאָר 1944, איידער די געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן און איידער איך אַליין בין אַרויסגעשיקט געוואָרן מיטן רעשט ביסל לאָדזשער יידן אין דעם לאַגער, פון וועלכן ס׳איז נישטאָ קיין צוריק״.

איך האָב זיך געוואָרפן לייענען די האַלב־צעריסענע העפטן, אין וועלכע די טינט־שריפט איז צעשוווּמען געווען פון פייכטקייט און איך בין אויפגעציטערט געוואָרן פון דעם בילד פון דער נישט־ווייטער פאַרגאַנגענהייט, וואָס היינט דאַכט זיך עס אונדז אויס ווי אַ נישט־רעאַלער קאָשמאַר.

**שלמה פראַנק** איז נישט קיין היסטאָריקער. ער גיט אונדז אויך נישט קיין געשיכטלעכע באַשרייבונג. דאָס האָט ער אַפילו נישט געקענט טון אין יענער צייט און גוט וואָס ער האָט אַפילו נישט געפרוּווט דאָס צו טון. ער גיט אונדז דערפאַר אַ שטיק פון לעבן גופא, ווי אַזוי די יידן האָבן אין יענעם צייט־אָפּשניט געלעבט, ווי אַזוי האָט „די גאַס״ רעאַגירט אויפן גאַנצן אַרום, וואָס זיי האָבן געטראַכט, וואָס גערעדט צווישן זיך, ווי אַזוי זיך געוויצלט און געלאַכט מיט יאַשטשערקעס און

ווי אַזוי ביטער געווײנט אויפן אייגענעם גורל און אויפן **גורל פון די** נאַענטסטע.

**שלמה פראַנק** איז ווייט פון צו געבן אַזאַ פול היסטאָריש בילד און ער האָט זיך אויך נישט אַרײַנגעלאָזט אין פאָרשן און אין באַשרײַבן אַלע פּרטים פון געטאָ־לעבן ער גיט אונדז אָבער דאָס וואָס ער האָט אַליין געזען, אַליין געהערט און אַליין מיטגעמאַכט, אָפּלעבנדיק קאַרגע פינף יאָר אין לאָדזשער געטאָ. זײַנע נאָטיצן, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקענט אין אָריגינאַל, גיבן אונדז אַן אויסשניט פון אַ געוויסער ווירקלעכקייט און אַן אויטענטישקייט פון אַ צייט־אָפּשניט וואָס איז איינמאָליק אין לעבן פון אַ פאָלק. אַזאַ אויסשניט קען געבן נאָר דער יעניקער, וואָס האָט אַליין מיט זײַן אייגן לײַב און לעבן דאָס מיטגעמאַכט און איבערגעלעבט.

דער מחבר שלמה פראַנק האָט געשאַפן די ציגל מיט וועלכע דער היסטאָריקער וועט אַמאָל זיך באַנוצן ביים שרייבן זיין געשיכטע, אויב אָבער דאָס ווערק פונעם געשיכטע־פאָרשער האָט אַ פאַרבייגייענ־דיקן ווערט, איז אָפּהענגיק פון צייט און סביבה און קען האָבן אַזאַ צו אַן אַנדערע סוביעקטיווע באַפאַרבונג, האָבן די ציגל (די מאָמענט־אופנאַמען — אויב מיר וועלן זיי אַזוי אָנרופן) אַן אייביקן ווערט. זיי לאָזן זיך נישט איבעראַנדערשן. דאָס אויסטייטשן די געשעענישן וועט געטון ווערן דורך די געשיכטע־פאָרשער, צי וועט ער דאָס טון היינט צי מאָרגן, צי גאָט ווייסט ווען — איז נישט וויכטיק. וויכטיק איז אָבער דאָס, וואָס עס זענען פאַראַן אומבאַרירלעכע יסודות, אויף וואָס עס וועט געבויט ווערן די פאַרטייטשונג פונעם היסטאָריקער. איינע פון אָט די יסודות, וואָס שייך דער געשיכטע פון דער לאָדזשער געטאָ, איז דאָס טאָג־בוך פון **שלמה פראַנק.**

**נחמן בלומענטאַל**

**תל־אביב, דעם 23־סטן מערץ 1955.**

# אַרייַנפיר־וואָרט

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט (אין יאָר 1933), האָט דער אַנטיסעמיטיזם אין פוילן אויפסניי זיך פאַרשטאַרקט. כוליגאַנעס און אויסוואורפן האָבן דערפילט, אַז איצטער איז געקומען די צייט זיך אָפצורעכענען מיט יידן. די ענדעקעס, כאַדעקעס און די „נארא"־גרופע האָבן געטון אַלץ כדי וואָס מער צו פאַרפינצטערן דאָס אַזוי אויך נישט גאָר ליכטיקע לעבן פון די יידישע מאַסן אין פוילן. די פאַשיסטישע באַנדעס, צוזאַמען מיט אַלע מינים פינצטערע דעק־עלעמענטן, האָבן עפנטלעך געהעצט צו פאָגראָמען. אין אַלע גרעסערע שטעט האָבן די נאַראָדאָוועצעס אויפגעשטעלט ספּעציעלע קעמערלעך, וואָס זייער אויפגאַבע איז געווען צו פאַרמיאוסן די יידן דאָס לעבן, זיי האָבן אַוועקגעשטעלט פּיקעטן ביי יידישע געשעפטן; געשלאָגן יידישע סטודענטן בעת די אוניווערזיטעט־לעקציעס; אַרויסגעלאָזן העץ־בלעטער קעגן די יידישע קרעמער און בעלי־מלאכות, אד"גל. אַ חוץ דעם זענען כסדר פאָרגעקומען סתם אָנפאַלן אויף דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס האָבן אומזיכער געמאַכט דאָס יידישע לעבן און געקאָסט נישט ווייניק יידישע קרבנות.

דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז היטלער איז ברוטאַל אָנגעפאַלן אויף פוילן. דעמאָלט האָט די פינסטערע העצערישע אַגיטאַציע פאַרמעל אויפגעהערט, דאַקעגן אין געהיים האָבן זיך אַלע אַנטיסעמיטישע עלעמענטן פאַראייניקט, כדי שפּעטער אַ סוף־צו־מאַכן מיט דעם פוילישן יידנטום.

***

די דייטש־פוילישע מלחמה איז אויסגעבראָכן פּלוצים, אַ טאָג פריער האָט נאָך קיין מענטש נישט געוווסט, אַז מאָרגן, פרייטיק דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, וועט דער פוילישער הימל רויט ווערן פון פייער און אויף די פוילישע פעלדער וועלן שוין ליגן מאַסן דערהרגעטע

און פאַרוואונדעטע. עטלעכע טעג שפּעטער האָט שוין דער ראַדיאָ געמאָלדן, אַז דאָס דייטשע מיליטער שטייט ביי די טויערן פון לאָדזש. דער זעלבי־קער ראַדיאָ האָט אויך באַפוילן, אַז אַלע מענער, אין עלטער פון 16 ביז 60 יאָר, אַלע די, וועלכע זענען פעאיק צום מאַרש, זאָלן פאַרלאָזן די שטאָט. עס האָט זיך געשאַפן אַ מוראדיקע פּאַניק. צענדליקער טויזנטער מענער און פרויען, איבערהויפּט יידישע, האָבן איילנדיק פאַרלאָזט די שטאָט, איבערלאָזנדיק זייערע באַענטסטע אויף גאָטס באַראָט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ דייטשע פּראָוואָקאַציע, כדי צו באַשוועמען דעם צוריקטריט פון פוילישן מיליטער. די אַנטלויפּנ־דיקע האָבן פאַרלייגט כמעט אַלע וועגן. דער גרעסטער טייל האָט זיך געשלעפּט צופוס און נישט געוווּסט ווו זייער ציל איז. כמעט מער ווי אַ העלפט מענטשן זענען שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג, אויסגעמאַטערטע און אויסגעשעפּטע, צוריקגעקומען קיין לאָדזש, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע וועגן זענען שוין דורך די דייטשן באַזעצט געוואָרן און עס איז נישטאָ ווו צו לויפן. כדאי דערביי צוצוגעבן, אַז אַנטלאָפן זענען טאָקע בלויז יידן.

די צענדליקער טויזנטער לאָדזשער דייטשן און דייטשע קאַטאָליקן האָבן שוין פון פריער אויס געוווּסט ווען די דייטשע מאַרד־אַרמיי מאַרשירט אַריין אין דער שטאָט. זיי האָבן אַפילו געוווּסט ווער עס וועלן זיין די ערשטע קרבנות. זיי האָבן אין דער שטיל, נאָך אונטער דער פּוילישער הערשאַפט, צוגעגרייט אַ רשימה פון די רייכסטע יידישע פאַבריקאַנטן, פון די רייכסטע סוחרים, פון די יידישע געזעל־שאַפטלעכע טוער, פון די יידישע זשורנאַליסטן, אאַז״וו. אומעטום, אין אַלע לאָדזשער קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, האָבן אין דער אָנפירונג זיך געפונען דייטשן אָדער פאָלקס־דייטשן, וואָס האָבן פון פריער אויס צוגעגרייט די בייטיקע רשימות פאַר די נאַציס.

מיטן אָנקום פון אָקופּאַנט האָט זיך אָנגעהויבן דער מאָרד און רויב איבער דער יידישער באַפעלקערונג. די זינדלעד פון די לאָדזשער דייטשן האָבן, צוזאַמען מיט די געקומענע אָקופּאַנטן, געווילדעוועט אין אַלע יידישע שטובן, זיי האָבן געוווּסט אַלץ וואָס עס טוט זיך אין יעדן יידישן הויז.

אַ טעות האָבן געהאַט די אַלע וועלכע האָבן געמיינט, אַז לאָדזש, די שטאָט פון דעם באַוווסטזיניקן פּראָלעטאַריאַט, וועט זיך ווי געהעריק פאַרטיידיקן, די אַרבעטער וועלן שטעלן אַ ווידערשטאַנד און יעדעס הויז וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פעסטונג. אַרויסגעוויזן האָט זיך פּונקט פאַרקערט: די אַרבעטער האָבן זיך נישט קעגנגעשטעלט; זיי זענען שוין געווען פאַרסמט פון דער לאַנג־יעריקער אַגיטאַציע אַז די יידן זענען שולדיק אין פוילנס אומגליק. עס איז זיי אַגב אויך באַציי־טנס צוגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן. די אַרבעטער־שטאָט, לאָדזש, האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דער אַריינקומענדיקער דייטשער אַרמיי. לאָדזש איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די דייטשן מיט דיוורסיע און פּראָוואָקאַציע. דעם שונא אין דער האַנט איז די שטאָט אַריינגעפאַלן אַ גאַנצע, מיט אַלע אירע מעגטשן, אוצרות און איינריכטונגען.

***

ווי נאָר די דייטשן האָבן זיך באַזעצט אין דער שטאָט, האָבן זיי קודם כל מודיע געווען די פּאָליאַקן, אַז די יידן זענען הפקר, אַז מיט די יידן וועלן זיי קענען מאַכן וואָס זיי ווילן. פאַר רויבן, מאָרדן, שענדן און אומברענגען אַ ייד וועט מען נישט באַשטראָפט ווערן. דערויף האָבן די פינצטערע כוליגאַנעס שוין לאַנג געוואַרט און עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ מוראדיקער געיעג אויף יידישע נפשות. יידן זענען אין מיטן דער נאַכט אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די בעטן. יידן האָט מען פון די וווינונגען, אַזוי ווי זיי שטייען און גייען, אַרויסגעטריבן. די הויז־דאָזאָרצעס זענען איבער נאַכט געוואָרן די באַלעבאַטים פון די יידישע הייזער. יידן האָבן געמוזט טאַנצן אויף די גאַסן, שרייען אויפן קול: „איך בין אַ פאַרשאָלטענער ייד". יידן האָבן געמוזט אויסלעקן מיט דער צונג דאָס שמוציקע רינשטאָק־וואַסער. אויף די גאַסן האָבן די מערדער געזוכט פרומע יידן, וואָס טראָגן בערד. ווען זיי האָבן געכאַפּט אַזאַ איינעם, איז אָך און ווי געווען צו אים און אָפט אַפילו צו זיין גאַנץ הויזגעזינט. די מערדער האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט ווייטון אים אַליין, זיי האָבן אויך געצווונגען די פרוי און קינדער, אַז זיי זאָלן

זען ווי זייער פֿאָטער ווערט פֿאַר זייערע אויגן געשענדעט.

צען טעג נאָכאַנאַנד האָט אַזאַ שרעקלעכער מוראדי״קער כוליגאַניזם געבושעוועט אויף אַלע לאָדזשער וועגן און גאַסן. שפּעטער ווען עס האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, האָט מען געזען ווי אַזוי עס זעט אויס דער אָנהייב פֿון דעם גרויסן בראָך און חורבן. אַ גרופּע פֿון טויזנט געכאַפּטע יידן, פּרויען און מענער, האָט מען פֿאַרשפּאַרט אין פּאָזנאַנסקיס פֿאַבריק. די יידן האָבן דאָרט געמוזט ראָמען, קערן און רייניקן דעם גאַנצן גרויסן פֿאַבריקס־לאָקאַל.ביים ראָמען האָט מען זיי מערדערלעך געשלאָגן. אין דער פֿאַבריק פֿון די ברידער ראָזנבלאַט, אויף קאַראָלאַ גאַס, האָט מען פֿאַרשפּאַרט 600 יידישע מענער און פּרויען. זייערע יסורים איז נישט מעגלעך צו באַשרייבן. ביי עטינגאָנען אין דער פֿאַבריק האָבן די דייטשן געבראַכט יידן, געכאַפּטע אונטערוועגס, דאָרט האָט מען זיי אויסגעטאָן נאַקעט, צוגענומען זייערע מלבושים און זיי פֿאַרטיילט צווישן דער אַרומיקער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג. שפּעטער האָט מען די יידן געצוווּנגען צו טאַנצן און צו זינגען יידישע לידער. דער הויפּט־מערדער פֿון די קרוב טויזנט יידן איז געווען דער וויצע־קאָמענדאַנט פֿון דער דאָרטיקער פֿייערלעשער אָפּטיילונג, אַ געוויסער לודוויק, וואָס האָט געקענט ריידן און שרייבן יידיש און האָט אַפֿילו געלייענט יידישע צייטונגען, אָט דער מערדער איז שפּעטער געוואָרן דער שעף פֿון דער קרימינאַל־פּאָליציי ביי דער לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע. די אַלע יידן זענען דורך דעם דאָזיקן מערדער פֿאַרפּייניקט געוואָרן צום טויט. קיינער פֿון זיי האָט מער נישט געזען זיין היים.

***

ווי נאָר דער ערשטער דייטשער שטיוול האָט באַטראָטן די שטאָט לאָדזש האָט אַ היפּשער טייל פֿון די לאָדזשער יידן פֿאַרשטאַנען, אַז זיי זענען פֿאַרמשפּט צום אונטערגאַנג, און אַז יעדער ווידערשטאַנד וועט אין לאָדזש נישט מעגלעך זיין. אויב עס וועלן זיך געפֿינען אַזעלכע וואָס וועלן יאָ שטעלן אַ ווידערשטאַנד, וועט עס גורם זיין צו גאָר גרויסע ליידן און צו גאָר גרויסע פּיינען, וואָס אַזעלכעס האָט דאָס

יידישע פאָלק נאָך נישט איבערגעלבט.

די מערדער האָבן נאָר אויסגעקוקט, אַז עס זאָל זיך געפינען עמיצער וואָס זאָל שטעלן אַ ווידערשטאַנד. „דאַן וואָלט די לאָדזשער קאַנאַליזאַציע פאַרשטאָפּט געוואָרן פון יידיש בלוט" — אַזוי האָט דערקלערט דער פּאָליציי־פּרעזידענט שעפער.

* * *

אַנטקעגן אַלע געטאָס אין פּוילן, איז לאָדזש געווען די אומגליק־לעכסטע. לאָדזש האָט נישט געהאַט קיין פּוילישע באַפעלקערונג, וואָס זאָל וועלן מיט עפּעס העלפן די יידן. אַרום דער געטאָ איז באַזעצט געוואָרן אַ באַפעלקערונג פון לויטער דייטשן און פאָלקס־דייטשן, וואָס זייער אויפגאַבע איז באַלד פון אָנהייב אָן געווען צו דערנידעריקן, צו באַלעסטיקן און וואָס מער באַליידיקן די געטאָ־יידן.

לאָדזש האָט נישט געהאַט קיין וועלדער אַרום ווו צו אַנטלויפן, ווו זיך אויסצובאַהאַלטן און ווו צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

לאָדזש איז געבליבן אָן אויפריכטיקע און ערלעכע כלל־טוער, די אמתע מוטיקע כלל־טוער זענען, ווי נאָר דער דייטש איז אַריינגעקומען, אַנטלאָפן. אַ גרויסע טייל געזעלשאַפטלעכע טוער, אַרבעטער־עסקנים, מיט נעמען וואָס האָבן דערוועקט דרך־ארץ, האָבן אַלץ איבערגעלאָזט, אַפילו זייערע פרויען און קינדער און זענען אַנטלאָפן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, איבערלאָזנדיק די קהילה אויף הפקר. אויב עס זענען יאָ פאַרבליבן אַ פּאָר כלל־טוערס, וואָס האָבן שפּעטער געבילדעט דעם ערשטן קהילה־ראַט, זענען זיי דורך אַ געהיימער האַנט דענונצירט געוואָרן און דער סוף פון די מענטשן איז געווען אַ טרויעריקער: אַ טייל איז אומגעקומען אין ראַדאָגאָשטשער תפיסה און אַ צווייטער טייל איז פאַרשלעפּט געוואָרן און עד היום ווייסט קיינער נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. דעריבער האָט געקענט קומען צו דער מאַכט אַזאַ סאַדיסט, ווי חיים רומקאָווסקי און אַזאַ אויסוואורף ווי שלום הערצבערג.

דער אינערלעכער געטאָ־רעזשים איז געווען אַ ברוטאַלער, אַ פאַרברעכערישער. די הערשער אין געטאָ זענען געווען מענטשן וואָס

האָבן נאָר פאַרזאָרגט זיך אַליין, מענטשן וואָס זענען געגאַנגען איבער טויטע, אַבי זייערס זאָל נישט געמינערט ווערן, מענטשן וואָס דער כלל, דער פּיין און צער פון דער מאַסע האָט זיי נישט אינטערעסירט. און איבער די אַלע גרעסערע און קלענערע מושלים האָט געהערשט אַ מענטש, וואָס האָט נאָך פון פאַרן קריג געהאַט סאַדיסטישע נייגונגען און אַ שלעכטע רעפּוטאַציע.

פון צייט צו צייט זענען דאָך פאָרגעקומען אין דער געטאָ פאַקטן, וואָס קענען באַטראַכט ווערן ווי ליכטיקע מאָמענטן אין דעם אַלגע־מיינעם חושך. דאָס זענען: די שטרייקן פון די אַרבעטער אין די טיש־לער־ און שניידער־רעסאָרטן, וועלכע זענען דערגאַנגען צו עפנטלעכע דעמאָנסטראַציעס; די ריכטער וואָס האָבן מוטיק און אָן פּחד דער־קלערט: „מיר וועלן אונדזערע אומגליקלעכע ברידער נישט משפּטן צום טויט, זיי זענען שוין גענוג געשטראָפט געוואָרן מיט אַ געטאָ, מיט הונגער און מיט שאַנד־צייכנס אויף זייערע רוקנס״; דאַן — די ראַדיאָ־הערערס, די ראַדיאָ־פאַרשפּרייטער, וואָס זייערע ביולעטינען זענען געלייענט געוואָרן, מיט דורשט, דורך טויזנטער פאַרמשפּטע צום טויט. וויפל מוט און כּוח האָבן די ידיעות געגעבן די אומגליקלעכע געטאָ־שקלאַפן! די ראַדיאָ־הערער האָבן געוווּסט, אַז זייער לעבן הענגט אויף אַ האָר, אַז זיי שטעלן נישט אײַן בלויז זייער אייגן לעבן, נאָר אויך דאָס לעבן פון זייערע פאַמיליעס און דאָך האָבן זיי מיט גרויס אַחריות צוגעשטעלט דער געטאָ־באַפעלקערונג, אָן שום באַלוינונג, טאָג־טעגלעך די ראַדיאָ־ידיעות.

***

צו באַשרייבן אַלץ וואָס עס האָט פּאַסירט בין איך נישט געווען בכוח. איך האָב נאָר פאַרצייכנט דאָס וואָס מײַנע אייגענע אויגן האָבן געזען און וואָס איך אַליין האָב אין געטאָ מיטגעמאַכט און איבערגע־לעבט. איך בין געווען אויף די ערטער ווו דאָס אומגליק האָט פּאַסירט, גערעדט מיט אַלע געטאָ־גדולים, געשטראָפט און געוואָרנט, געבעטן זיך ביי די, וועלכע האָבן זיך פאַרגעסן, סיי די וועלכע האָבן געזאָגט אַז „סיי ווי סיי וויגט מען אַ טויט קינד״, דעריבער מעג מען שוין אַלץ

טון. נישט איין מאָל האָב איך געוויינט און געשריבן. געווייגט ווי אַ קליין קינד און געבעטן זיך ביי מיין פרוי, שיינע־חיה, ע״ה, אַז זי זאָל מיר דערלויבן ווייטער צו פאַרצייכענען, ווייל טאָמער וועט יאָ עמיצער איבערבלייבן, זאָל ער וויסן, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די לאָדזשער געטאָ, און ווי אַזוי ברידער האָבן געהאַנדלט קעגן ברידער. עס זענען געווען טעג, וואָס זענען געווען שווערער ווי בליי, פינצטערער ווי דער פינצטערסטער טויטן־גרוב. אַז מען דערמאָנט זיך נאָר אין זיי, ווערט מען נאָך היינט אויפגעשוידערט. די טעג פון כאַפּן קליינע קינדער אין דער אויסזידלונגס־אַקציע; די טעג פון אַרויסנעמען אַלע קראַנקע פון די שפּיטעלער און זיי אָפּשיקן גלייך אין די טויטן־קאַמערן; די טעג ווען מען האָט געפירט טויזנטער יידן קיין כעלמנאָ; טעג פון דער אַלגעמיינער אויסזידלונגס־אַקציע און נאָך און נאָך קלענערע און גרעסערע אומגליקן, וואָס קיין שום מענטשלעכער מוח קען אַזעלכעס נישט באַגרייפן.

אייניקע מאָל בין איך אין דער צייט פון די אומגליקן אויך קראַנק געוואָרן און איין מאָל זייער שווער, איך בין דריי חדשים געלעגן אין בעט און געבעטן זיך, ביי די וועלכע האָבן מיך באַזוכט, אַז זיי זאָלן עפּעס דערציילן, וואָס איך האָב שפּעטער מיט שרעק פאַרשריבן. די מוראָ מיינע איז נישט בלויז געווען פאַר רומקאָווסקין מיט זיינע מושלים, נאָר אויך פאַר דער „קריפּאָ״ מיט אירע יידישע אַגענטן, פאַר דער געסטאַפּאָ מיט זייערע מוסרים, טיילמאָל אַפילו אויך פאַר מיין אייגענער פרוי און קינד, זיי האָב איך אַ תקיעת־כף געגעבן, אַז איך וועל מער נישט שרייבן, דאָס וואָס איז אָנגעשריבן וועט באַהאַלטן ווערן און ווייטער וועל איך נישט שרייבן. איך האָב אָבער נישט געקענט איינהאַלטן: ס׳טייטש, פאַרוואָס נישט ווייטער פאַרצייכענען דעם גרויסן חורבן פון לאָדזשער יידנטום, פאַרוואָס זאָל די וועלט שפּעטער נישט וויסן וועגן עס זענען געווען אונדזערע מערדער און ווער אונדזערע רעטער און איך האָב טאַקע, טראָץ אַלעם, פאַרשריבן מיינע איבערלעבונגען.

צום גרויסן באַדויערן איז ביזן היינטיקן טאָג מיר נישט געלונגען אויסצוגעפונען די מאַנוסקריפּטן פון די יאָרן 1940 און 1943, אָגב זענען

די מאַנוסקריפּטן פון די צוויי יאָר יאָ געווען אין דער לאָדזשער היס־טאָרישער קאָמיסיע, ווו ספּעציעלע אָנגעשטעלטע פון דער קאָמיסיע, אונטער דער אויפזיכט פון דירעקטאָר ד״ר פיליפּ פרידמאַן און די וויצע־דירעקטאָרן נחמן בלומענטאַל און ד״ר קערמיש, האָבן פון זיי געמאַכט קאָפּיעס. איך וויל גלויבן און האָפן, אַז די קאָפּיעס, וואָס געפינען זיך אין דער היסטאָרישער קאָמיסיע אין פּוילן, וועלן דאָך נאָך אָפּגעשיקט ווערן צום ריכטיקן באַלעבאָס.

שלמה פראַנק

ירושלים דעם 1טן יאַנואַר, 1955.

## דעם 1טן יאַנואַר, 1941.

היינט איז געוואָרן 16 חדשים, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן. וויפל מענטשלעכע קרבנות האָבן שוין די 16 חדשים אָפּגעקאָסט דער לאָדזשער יידישער באַפעלקערונג! וויפל זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט! און וויפל הייליקע נשמות פאַרלאָזן היינט זייערע אויסגעמוטשעטע און אויסגעהונגערטע קערפּערס! און צום סוף נאָך, ווער ווייסט וויפל פורעניות מיר וועלן נאָך דורכמאַכן.

## דעם 2טן יאַנואַר.

אַ גרופּע פון 60 אַרבעטער איז היינט פאַרטאָג אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן בית־עולם, כדי צו פאַרגרעסערן דעם טעמפּאָ ביים גראָבן קברים, ווייל וויפל מען גראָבט איז אַלץ צו ווייניק. עס בלייבן ליגן צענדליקער טויטע, וואָס קאָנען דעם זעלבן טאָג נישט קומען צו קבר ישראל.

די יידישע געטאָ־פּאָליציי האָט היינט געפונען ליגן די פרוי ראָזאַ מערינא, אַלט 36 יאָר, נישט ווייט פון איר וווינונג — אַ פאַרפרוירענע.

## דעם 3טן יאַנואַר.

אין שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקאָ איז היינט געשטאָרבן דער פּאָ־ליציאַנט דוד קאָלסקי, וועלכער האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט קנאַפּע 4 וואָכן. דוד קאָלסקי איז געשאָסן געוואָרן אויף זיין וואַך־פּאָסטן ביי די דראָטן. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער.

צווישן די וועלכע האָבן אָפּגעגעבן דעם אומגעקומענעם דעם לעצטן כבוד איז אויך געווען דער פּרעזעס רומקאָווסקי.

אַ דייטשער וואַך־פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנעןביים טויער אויף לימאַנאָווסקיעגאָ ראָג ריבנאָ, האָט היינט צוגערופן צוויי יידישע קינ־דער און זיי געגעבן אַ פּעקל ברויט מיט פּוטער, דערביי האָט דער דייטש זיי באַפוילן מער דאָ זיך נישט צו דרייען.

אַ צווייטער דייטשער וואַך־פּאָסטן וואָס איז געשטאַנען ביי די דראָטן אויף דרוקאַרסקאַ, האָט באַמערקט ווי אַ הון איז פון דער אַרישער זייט אַריבער אין געטאָ אַריין, האָט ער נישט לאַנג געטראַכט און די הון דערשאָסן.

## דעם 5טן יאַנואַר.

זייער אַ שווערער טאָג איז היינט געווען: פיר מענטשן זענען פאַרפרוירן געוואָרן. ליידער איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן ווער די מענטשן זענען. מען גלויבט, אַז דאָס זענען די וועלכע זענען ערשט נישט־לאַנג אָנגעקומען פון די קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש. די מענטשן פאַלן אָן געשריי, אַזוי ווי שטילע טויבן.

## דעם 6טן יאַנואַר.

היינט פאַרטאָג זענען ווידער געפונען געוואָרן צוויי יונגע, פאַר־פרוירענע מענטשן: לייבל סטאָלער און וואַלקאַן מאַרדיאַן.ביידע זענען געפונען געוואָרן אין זייערע פינצטערע שטיבלעך. ביידע האָבן איבערגעלאָזט אויסגעדאַרטע האַלבטויטע פרויען און קינדער. אויף די פרויען האָט דאָס אומגליק קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט, ווייל אויך זיי שטייען שוין ביים ראַנד פון קבר.

## דעם 7טן יאַנואַר.

די „גיכע הילף" האָט היינט אין די שפּיטעלער געבראַכט 110 מענטשן, צווישן זיי — 22 קינדער, וואָס האָבן קוים געלעבט. אַלע

זעגען געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און אַזוי פאַרפרוירן, אַז זיי האָבן נישט געוווסט ווו זיי געפינען זיך און וואָס מען טוט מיט זיי.

אויף ריבנא נומ׳ 6, איז היינט געעפנט געוואָרן די צענטראַלע וווינונגס־אָפּטיילונג. די אָפּטיילונג אַרבעט אָן אויפהער, ווייל נישט ווו. נישט זוען ווערט די געטאָ פאַרקלענערט, גאַסן ווערן אָוועקגענומען, אַנדערע קומען צו. עס קומען אויך פון צייט צו צייט צו וואַרשטאַטן, אַרבעטס־שאָפּן, אַרבעטס־לאַגערן. די הויפּט־אַרבעט פון דעם וווינונגס־אַמט איז איינצופּרעסן איינצוקוועטשן פריש־אָנגעקומענע מענטשן. נישט קוקנדיק אויף דעם גרויסן דחקות, הונגער און נויט מוז יעדער געטאָ־איינוווינער צאָלן דירה־געלט.

## דעם 9טן יאַנואַר.

ווידער אַ ייד דערשאָסן געוואָרן ביי די דראָטן: איציק קאָזשוך, אַ לוסטיקער יונג, שטענדיק געווּיצלט זיך, געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט, אַפילו פון די דייטשן, וואָס היטן די געטאָ. גייענדיק צו אַ פריינט האָט אַ דייטשער וואַך־פּאָסטן אים צוגערופן און דערנאָך געהייסן ליפן און בעת ער איז געלאָפן איז ער דערשאָסן געוואָרן פון הינטן. ווען די יידישע פּאָליציי האָט אים אויפגעהויבן האָט ער נאָך געלעבט און געפרעגט ווו די קוילן האָט אים געטראָפן.

## דעם 10טן יאַנואַר.

די פרוי חנה בירענצווייג איז היינט געפונען געוואָרן אַ טויטע. זי איז געשטאָרבן פון הונגער און קעלט. אויפן טיש פון דער אומגליק־לעכער פרוי האָט מען געפונען אַ בריוו צו רומקאָווסקין. זי שרייבט: „איך וואָלט קיינמאָל אין מיין לעבן נישט געגלויבט, אַז יידן זאָלן אַזוי שלעכט זיין. די שכנים האָבן מיך באַגנבעט, זיי האָבן מיר צוגע־נומען מיין ברויט־צוטיילונג. שוין אייניקע טעג ווי איך עס נישט קיין שטיקל ברויט. איך גיי אויס פון הונגער און קעלט״. אין זעלביקן בריוו בעט זי דעם פּרעזעס, אַז ער זאָל באַשטראָפן די שלעכטע שכנים.

שלמה פראַנק

## דעם 11טן יאַנואַר.

היינט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע פון פרויען און קינדער. די דעמאָנסטראַנטן האָבן געפאָדערט ברויט. זיי האָבן געשריגן: — „גיב אונדז ברויט, מיר הונגערן! מיר גייען אויס פאַר נויט! אונזערע מענער ווערן געשוואָלן פון הונגער און קעלט. אונ־זערע קיידער שטאַרבן פאַר דער צייט. אַ טויט דעם פרעזעס! אַ טויט די אַלע וועלכע האַלטן מיט אים!"ביים צעטרייבן די דעמאָנסטראַנטן זענען דריי פרויען שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. די פרויען זענען אָפּגע־פירט געוואָרן אין שפּיטאָל. איינע די פרוי רבקה בירקעל, איז אין שפּיטאָל געשטאָרבן.

## דעם 13טן יאַנואַר.

דער פראָסט איז היינט גאָר שטאַרק. מיט וואָס צו הייצן איז נישטאָ. מען באַקומט נישט קיין שום ברען־מאַטעריאַל. נאָך גוט, וואָס אין געטאָ געפינען זיך הילצערנע הייזער און פּלויטן. צום ערשט האָבן די געטאָ איינוווינער אָנגעהויבן צו פאַברענען די שענק, בעטן, שטולן אד"גל. אַלץ וואָס איז פון האָלץ איז געגאַנגען אין אויוון אַריין. און ווען דאָס מעבל האָט מער נישט געסטייעט, האָט מען זיך גענומען צו די הילצערנע פּלויטן און הייזער. אַזוי אַרום זענען אין געטאָ במשך אַ קורצער צייט פאַרשוווּנדן געוואָרן הונדערטער פּלויטן, הילצערנע הייזער און הילצערנע בית־כסאס.

## דעם 14טן יאַנואַר.

אַ שרעקלעכער טאָג איז היינט. מענטשן פאַלן ווי די פליגן. עס איז נישטאָ קיין איין הויז וווּ עס זאָל נישט זיין קיין טויטער. אומעטום הערט מען יאָמערלעכע געוויינען, געשרייען. מיט פאַרבראָכענע הענט לויפן אַרום די וועלכע לעבן נאָך און בעטן זיך, אַז מען זאָל צונעמען די טויטע, וועלכע ליגן שוין עטלעכע טעג אין די שטובן. אויף מקבר צו זיין היינט אַ טויטן מוז מען האָבן גרויסע פּראָטעקציע. אויב נישט

מוז דער טויטער ליגן אַזוי לאַנג ביז עס קומט זיין ריי. דער רוב מענטשן שטאַרבן היינט פון הונגער און קעלט. זייערע שוואַכע הערצער קענען נישט אויסהאַלטן דעם שווערן ווינטער מיט די גרויסע פרעסט. ליידער איז נישטאָ מיט וואָס צו ראַטעווען. עס איז נישט מעגלעך אַזוי־פיל אָפּגעשוואַכטע הערצער צו ד׳ערמונטערן, די קעלט און דער הונגער זענען אונדזערע גרעסטע שונאים. ביידע האָבן זיך געגעבן די הענט און געשווירן, צו פאַרניכטן דעם יידישן קיבוץ פון דער שטאָט לאָדזש.

## דעם 15טן יאַנואַר.

די שפּייז־ראַציעס וואָס ווערן פאַרטיילט דער באַפעלקערונג קלעקן קוים אויף צוויי טעג אין דער וואָך. די איבעריקע פינף טעג מוז מען הונגערן. די פּראָדוקטן וואָס ווערן שוין יאָ פאַרטיילט זענען פון ערגסטן סאָרט. דער גרעסטער טייל — פאַרפוילטע, פאַרפרוירן און פאַרשימלט. חוץ לזה באַקומט קיינער נישט די גענויע וואָג. די פאַרטיילער גנבענען. ווען מען ברענגט די פּראָדוקטן אַ היים זעט מען ערשט די בראָך: צו יעדער צוטיילונג פעלט אַ היפּשע וואָג.

## דעם 16טן יאַנואַר.

די ניי־געשאַפענע זאָנדער־פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן אויסוואורף שלום הערצבערג, האָט היינט אָנגעהויבן דורכצופירן מאַסן־רעוויזיעס אין די יידישע הייזער. אין אייניקע ערטער האָט די זאָנדער־פּאָליציי געפונען און צוגענומען אַ סך באַהאַלטענע טעקסטיל און לעדער־שטאָפן. פאַר אַ קליינעם טייל פון דער צוגענומענעם האָט מען באַצאָלט, דאָס איבעריקע איז קאָנפיסקירט געוואָרן לטובת דער געטאָ־קאַסע, אינטערעסאַנט צו פאַרצייכענען, אַז דער פּרעזעס האָט באַפוילן צו אַרעסטירן אַלע וועלכע וועלן קומען צו אים פּראָטעסטירן קעגן דער האַנדלונג פון דער זאָנדער־פּאָליציי. ווער איז די זאָנדער־פּאָליציי? צו וואָס האָט זי רומקאָווסקי געשאַפן? דער גאַנצער געטאָ־סדר איז געבויט לויטן מוסטער פון היטלער־דייטשלאַנד. אַזוי ווי היטלער האָט באַשאַפן עטלעכע סאָרטן פּאָליציי, האָט אויך רומ־

קאָווסקי אין געטאָ באַשאַפֿן עטלעכע סאָרטן פּאָליציי. ווי נאָר די געטאָ איז געשלאָסן געוואָרן האָט ער צו זיך גערופֿן אייניקע געטאָ־מענטשן און האָט זיי פֿאָרגעלייגט צו גרינדן אַ פּאָליציי־קאָמאַנדע וועלכע זאָל זיין פֿאַראַנטוואָרטלעך נאָר פֿאַר אים. אין אָנהייב איז אין דער דאָזיקער קאָמאַנדע אַריינגעטראָטן אַ פֿאַרשידנאַרטיקער עלעמענט, מיט אַ בישקשהדיקן איבערגעוויכט פֿון דער אונטערוועלט. אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָבן זיך אויך געמאָלדן מענטשן פֿון דער בעסערער סביבה, דערונטער אויך פּאַרטיי־מענטשן, וואָס זענען פֿאַרן קריג געווען אַקטיוו אין דער געזעלשאַפֿט. זעענדיק, אַז די פּאָליציי־קאָמאַנדע פֿירט נישט אויס דאָס, וואָס ער וויל און וואָס ער מיינט, האָט רומקאָווסקי אָרגאַניזירט אַן איבערפֿאַל קאָמאַנדע, אַ פּאָליציי פֿון לויטער שטאַרקע, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון קאָמיסאַר יוטקע און קאָמיסאַר פּרענקעל. יוטקע, אַ געוועזענער אָנפֿירער פֿון דער לאָדזשער רעוויזיאָניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. פּרענקעל, אַ דייטשער ייִד, וואָס האָט געפֿירט האַנדלס־געשעפֿטן מיט דער טשעכישער רעגירונג. די איבערפֿאַל־קאָמאַנדע האָט נישט געוווסט פֿון קיין רחמנות. זי האָט זיך טיף איינגעקריצט אין פֿיין־זכרון פֿון יעדן לאָדזשער געטאָ־ייִד. נישט אייגער איז געבליבן אַן אייביקער קאַליקע, (אויב ער איז בכלל לעבן געבליבן). דורך דער צייט האָט זיך די לאַגע אין געטאָ פֿאַרערגערט. דער פּרעזעס איז געוואָרן ברוטאַלער, די מענטשן ערגער, דער הונגער האָט יעדן פֿאַרביטערט דאָס לעבן. דער פּרעזעס האָט דאַן איינגעזען, אַז די ביידע מינים פּאָליציי טויגן אויף כּפּרות. איז וואָס טוט מען? איז ער געפֿאַלן אויף אַ פֿרישע המצאה: שאַפֿן אַ מין עס־עס־פּאָליציי, וואָס זאָל זיין איבער אַלע פּאָליצייאישע קאָמאַנדעס. אַזוי אַרום זענען אין דער געטאָ אַנטשטאַנען דריי סאָרטן פּאָליציי, מיט דריי באַזונדערע קאָמאַנדעס.

די דייטשע וואַך, אויף זגערזשער גאַס נומ׳ 57, האָט היינט 9 אַזייגער אין אָוונט געשאָסן צו שמוגלערס. איינער איז געטראָפֿן געוואָרן און איז אויפֿן אָרט געבליבן ליגן אַ טויטער. די איבעריקע זענען נעלם געוואָרן אין געטאָ.

פֿון באַלוטער־מאַרק האָט היינט די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג

אַרויסגעפירט עטלעכע פורן מיט בוראַקעס. אויפן וועג האָט אַ גרויסע מחנה פרויען און קינדער אָפּגעשטעלט אַ וואָגן, אָוועקגעשלעפט דעם פורמאַן אין אַ זייט און צעראַבירט דעם גאַנצן וואָגן מיט בוראַקעס. ווען פּאָליציי איז אָנגעקומען און גענומען צעיאָגן די מאַסע איז אויף טויט צעטראָטן געוואָרן די 60־יעריקע פרוי, רבקה זיידמאַן.

## דעם 17טן יאַנואַר.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג, ווי אויך דער פרעזעס, האָבן היינט אויס־געקלעפּט גרויסע פּלאַקאַטן. איןביידע פּלאַקאַטן ווערט די באַפעלקע־רונג געוואָרנט, אַז זי זאָל זיך האַלטן רויק, נישט דעמאָנסטרירן, נישט ראַבעווען און נישט מאַכן קיין גרויל־פּראָפּאַגאַנדע. יעדער איינער וואָס וועט געכאַפּט ווערן ביי אַזאַ פאַרברעכן וועט באַשטראָפט ווערן מיט תליה.

די פּלאַקאַטן זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן, ווייל עס קורסירן אַרום קלאַנגען, אַז די געטאָ־באַפעלקערונג גרייט זיך צו מאַכן אַ הונגער־דעמאָנסטראַציע.

## דעם 18טן יאַנואַר.

דער 66־יעריקער מענדל קורץ, דער 42־יעריקער אַבאַ פּאָמעראַנץ און דער 40־יעריקער איציק קאָרענאַ זענען היינט געפונען געוואָרן טויטע אויף פאַרשידענע גאַסן. זיי זענען אומגעקומען פון הונגער און קעלט.

די צאָל קברים־גריבער אויפן בית־עולם איז היינט פאַרטאָפּלט געוואָרן. דאָס איז דערפאַר ווייל עס האָט זיך פאַרשטאַרקט די קינדער־שטערבלעכקייט. די פינף טויטן־וואָגנס וואָס קורסירן אין געטאָ זענען שוין ווייניק. מען האָט אָנגעהויבן אויך באַנוצן איינפאַכע לאַסט־וואָגנס. דאָס באַגראָבן קומט פאָר מאַסנווייז.

היינט פרי האָט אברהם גאָלדקאָפּ, אַרויפגייענדיק אויף דער זגער־זשער בריק, פלוצים באַקומען אַ האַרץ־שלאַג און איז געפאַלן טויט.

ער האָט די טעג געזאָלט באַקומען אַ פּאָסטן אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג.

## דעם 19טן יאַנואַר.

אין שניידער רעסאָרט אויף יאַקובאַ איז אויסגעבראָכן אַ שריפה. עס זענען פאַרברענט געוואָרן עטלעכע הונדערט מיליטערישע מונדירן, ווי אויך דער מאַגאַזין פון רויען פאָדעם. די יידישע און דייטשע פייער־לעשער האָבן פאַרלאָשן די שריפה. די געסטאַפּאָ האָט געהייסן אַרעס־טירן אַלע דריי רעסאָרט־וועכטער.

אברהם שמולעוויטש, 60 יאָר אַלט, און יעקב קינסטלער, 57 יאָר אַלט, זענען היינט געשטאָרבן ביי זייער אַרבעט אין רעסאָרט. ביידע האָבן איבערגעלאָזט פרויען און קינדער.

דער בית־עולם־אינטענדענט ה׳ ביאַלער, האָט מיר מיטגעטיילט, אַז אין פאַרלויף פון היינטיקן טאָג זענען געקומען צו קבורה 72 מענער און 18 פרויען. די קינדער זענען נאָך נישט געקומען צו קבר ישראל. זיי וועלן ליגן ביז מאָרגן.

## דעם 20טן יאַנואַר.

דער פראָסט איז היינט געפאַלן. הלוואי וואָלט שוין דער הונגער אַזוי געפאַלן ווי דער פראָסט דעמאָלט וואָלט אונדז שוין אפשר בעסער געווען. היינט זענען געבראַכט געוואָרן צו קבר ישראל 160 טויטע. דאָס איז די גרעסטע צאָל זינט די געטאָ עקזיסטירט.

כדאי צו פאַרצייכענען אַז אויפן יידישן בית־עולם האָט מען נישט בלויז באַגראָבן יידן נאָר אויך פאַרשידענע קריסטן וואָס זענען שטי־לערהייט געבראַכט געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ דערשאָסן געוואָרן און באַגראָבן געוואָרן אויפן יידישן בית־החיים. אין די לעצטע חדשים זענען אַזעלכע עקזעקוציעס פאָרגעקומען כמעט יעדן טאָג.

## דעם 21טן יאַנואַר.

די 27־יעריקע פריידע אונגער האָט זיך היינט אין דער פרי גענומען דאָס לעבן. ווי די שכנים האָבן דערציילט האָט זי שוין פון לאַנג

באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. פון דער גאַנצער משפּחה אירער איז זי איינע אַליין געבליבן. זי האָט געטענהט צו די שכנים: — „צוליב וואָס זאָל איך וואַרטן ביז דער מלאך־המות וועט קומען צו מיר. א סך לייכטער וועט מיר זיין ווען איך וועל גיין צו אים".

דער פּרעזעס האָט היינט מודיע געווען אַז פון פרייטיק אָן וועלן אַלע געטאָ־איינוווינער באַקומען צוגעטיילט צו 40 דעקאָ ברויט. די ידיעה האָט שטאַרק דערפרייט די אויסגעהונגערטע.

## דעם 22טן יאַנואַר.

די טישלער־אַרבעטער האָבן היינט פאַרשטרייקט. זיי האָבן אויס־געוויילט אַ קאָמיסיע פון 5 מאַן צו קאָנפערירן מיטן פּרעזעס וועגן זייערע פאָדערונגען. ווי נאָר דער פּרעזעס האָט זיך וועגן דעם דער־ווּסט האָט ער גערופן דעם לייטער, ה' בערנאַרד פרוינד, און אים באַפוילן נישט נאָכצוגעבן די פאָדערונגען פון די אַרבעטער, „ווען אַפילו דאָס זאָל קאָסטן קרבנות". נאָך דעם ווי פרוינד האָט די אַרבע־טער איבערגעגעבן די ווערטער פון פּרעזעס האָבן אַלע פאַרלאָזט די פאַבריק. מיטיק־צייט האָט די איבערפאַל־פּאָליציי־קאָמאַנדע באַזעצט די פאַבריק און יעדן אַרבעטער וואָס איז געקומען עפּעס דערלייזיקן אַרעסטירט אויף אַ פּאָר שעה. ווען אַן אַרבעטער האָט פּראָטעסטירט האָט מען אים מערדערלעך געשלאָגן.

## דעם 23טן יאַנואַר.

היינט האָבן די שניידער־אַרבעטער מיטגעטיילט זייערע קאָמיסאַרן, אַז זיי וועלן אָנהייבן שטרייקן, אויב מען וועט זיי נישט געבן די צוגע־זאָגטע 50 דעקאָ ברויט ווי אַ צוגאָב פאַר שווערע אַרבעט. די שניידער־אַרבעטער האָבן אויסגעקלעפּט אַ שריפטלעכן אויפרוף און גערופן אַלע געטאָ־איינוווינער צו סאָלידאַריזירן זיך און וואַרפן די אַרבעט און גלייכצייטיק באַזייטיקן די פאַרשטעלטע ברידער־מערדער מיטן פּרעזעס בראָש. פּאָליציי שטייט אויף דער וואַך און וואַרט אויף די באַפעלן.

## דעם 24טן יאַנואַר.

היינט האָבן די אַרבעטער פון אַלע שניידער־רעסאָרטן געוואָרפן די אַרבעט. דער פּרעזעס האָט דערקלערט: — איך וועל נישט נאָכגעבן, איך וועל אויך נישט אויפנעמען קיין שום דעלעגאַציע. ווער עס וועט וועלן אינטערווענירן לטובת די אַרבעטער, דער וועט באַקומען פון מיר פּעטש און אויב עס וועט נייטיק זיין וועל איך רופן די געסטאַפּאָ און זי וועט שוין מאַכן אָרדענונג.

## דעם 25טן יאַנואַר.

אויף פראַנציסקאַנער נומ׳ 60 איז די פרייליין בלומע ליכטענשטיין אַראָפּגעשפּרונגען פון דריטן שטאָק און איז געבליבן טויט אויפן אָרט. די סיבה פון זעלבסטמאָרד איז הונגער.

דער שטרייק האָט זיך היינט פאַרשאַרפט. דער פּרעזעס וויל נישט נאָכגעבן. ער דראָט מיט ערנסטע קאָנסעקווענצן. די שטרייקער האָבן אויסגעקלעפּט אייניקע פּלאַקאַטן געשריבן אין צוויי שפּראַכן, דייטש און יידיש, מיט דעם פאָלגנדיקן אינהאַלט: „מיר ווילן נישט קיין באַלוינונג אין געלט. אונדזערע קינדער הונגערן. מיר פאַלן ביי דער אַרבעט ווי די פליגן. מיר ווילן אַרבעטן און עסן צו דער זעט. נידער מיט דער פּאָליציי. אַ טויט דעם פּרעזעס. אַ טויט אַלע זיינע מיטהעלפער״. צוליב די שטרייקן איז די לאַגע זייער אָנגעשטרענגט. דער פּרעזעס באַמיט זיך, אַז די דייטשע מאַכט זאָל דערפון נישט וויסן.

אויפן באַלוטער־מאַרק האָבן זיך די דייטשן היינט אַ ביסל פריילעך געמאַכט. ווען די יידישע טרעגערס זענען געקומען צו זייער נאָרמאַלער אַרבעט האָבן זיי באַקומען, אַ טייל מיט שטעקנס און אַ טייל מיט שפּיץ־רוטן, מוראדיק געשלאָגן. דאָס שפּיל האָט אַזוי אָנגעהאַלטן צוויי שעה, ביז ביבאָוו איז געקומען און האָט כלומרשט געשריען און געפרעגט „וואָס דאָ קומט פאָר?״.

## דעם 27טן יאַנואַר.

דער פראָסט איז היינט ווידער שטאַרקער געוואָרן, די לאַגע איז זייער אַ טרויעריקע. מענטשן שטאַרבן מאַסנווייז. דער הונגער דער־

גרייכט שוין דעם העכסטן גראַד. ריזיקע פּראָטעסטן פון דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג קעגן די מושלים און קעגן דער פּאָליציי. נאָכ־מיטיק האָט דער פּרעזעס געגרופן די הויפּט־לייטערס פון די שניידער־און טישלער־רעסאָרטן, די ה״ה פּרוינד, שוואַרצאָווסקי, טערקלטויב, ראָזנער, ווינאָגראַד, פּויזנערזאָן, וואַרשאַווסקי עקשטיין, גלאַזער, גאָ־ניק, זבאַר, ווישינסקי, ראַדשעיעווסקי, נאַכטשטערן, און פּשעבישעװיטש. דער פּרעזעס האָט אַפּעלירט און געבעטן, אַז זיי זאָלן ווירקן אויף זייערע אַרבעטער, צו צוטרעטן צו דער אַרבעט, אויב נישט וועלן זיי אויך צוגעצויגן ווערן צו דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פּרוינד און שוואַרצאָווסקי, הערנדיק, וואָס דער פּרעזעס פאַרלאַנגט פון זיי, האָבן אויפן אָרט דערקלערט, אַז זיי רעזיגנירן פון זייערע אַמטן. די אַרבע־טער ווילן האָבן אַ ביסל מער צו עסן — האָבן זיי געזאָגט — איז דער בעסטער אויסוועג זיי נאָכצוגעבן. — גוט — האָט דער פּרעזעס דערקלערט — זאָגט זיי, אַז איך וועל עפּעס נאָכגעבן. זאָלן צו מיר, נאָך היינט, קומען די אַרבעטער־פאַרשטייער, וועל איך מיט זיי ריידן. דערמיט האָט זיך די זיצונג פאַרענדיקט.

אויסערגעוויינלעכע קלאַנגען קורסירן היינט אַרום אין געטאָ. מען דערציילט, אַז דער פּרעזעס האַנדלט אונטער מיט ביבאָוון, וועגן עפענען די געטאָ אויף צוויי שעה אין טאָג, כדי די קריסטן זאָלן קענען אַריינברענגען פּראָדוקטן פאַר די געטאָ־איינוווינער. הלוואי וואָלט דאָס אמת געווען...

מען רעדט אויך שטאַרק, אַז די גאַנצע געטאָ־אַפּראָוויזאַציע זאָל צוגענומען ווערן פון די יידישע הענט. דער לייטער־אַמט פון באַלוטער־מאַרק זאָל די פּראָדוקטן אַליין פאַרטיילן צו דער באַפעלקערונג.

## דעם 28טן יאַנואַר.

דער שטרייק האָט זיך איינגעבראָכן. עטלעכע טישלער־אַרבעטער האָבן מער נישט געקענט אויסהאַלטן דעם שווערן הונגער און האָבן היינט געבראָכן דעם שטרייק. זיי זענען געקומען אין די רעסאָרטן מיט טרערן אין די אויגן און געבעטן, אַז מען זאָל זיי צולאָזן צו דער

אַרבעט, ווייל זיי קענען מער נישט צוקוקן ווי זייערע קינדערלעך הונגערן. די אַרבעטער זענען באַלד אויפגענומען געוואָרן און די אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן.

אַ דייטשע קאָמיסיע פון דער קרימינאַל־פּאָליציי האָט היינט אין דערפרי באַזוכט דעם אַרעסטאַנטן־הויז אויף טשאַרניעצקי גאַס. די קאָמיסיע האָט רעווידירט די אַרעסטאַנטן־קאַרטאָטעקע.

## דעם 29טן יאַנואַר.

4 יונגע מענטשן זענען היינט געפונען געוואָרן טויט אויף די גאַסן. די נעמען פון די 4 קרבנות זענען: דער 15־יעריקער הערש קלעשעווסקי; דער 16־יעריקער ברוך טענענבוים; דער 14־יעריקער חיים בילעוויץ און דער 18־יעריקער חנן היימאַן. ביי דעם לעצטן האָט מען געפונען אין טאַש אַ טויטן פויגל. וואַרשיינלעך האָט ער אים געכאַפּט אויפצועסן.

היינט אין די מיטאָג־שעהן זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן צוויי גרויסע פּלאַקאַטן. אין איין פּלאַקאַט טיילט דער פּרעזעס מיט, אַז פון מאָרגן אָן וועט יעדער געטאָ־איינוווינער באַקומען צוגעטיילט אַ קילאָ קוילן, צוויי קילאָ האָלץ און די אַרבעטער, וועלכע אַרבעטן ביי שווער־צער אַרבעט, וועלן באַקומען אַ ספּעציעלע צוגאָב פון 58 דעקאָ פערד־פליייש, ווי אויך צוויי קילאָ קאַרטאָפל.

אין צווייטן פּלאַקאַט דראָט דער פּרעזעס אַלע וועלכע ווילן נישט צוטרעטן צו דער אַרבעט, אַלע וועלכע שעדיקן די אינטערעסן פון דער געטאָ און אַלע וועלכע פאַרשפּרייטן גרויל־פּראָפּאַגאַנדע.

אַ גרופּע חסידים האָבן היינט אַריינגעשיקט דעם פּרעזעס אַן אולטימאַטום, אַז אויב ער וועט נישט צוטיילן די חסידים מער ברויט און קאַרטאָפל וועלן זיי איינאָרדענען אַ גרויסע פאָלקס־דעמאָנסטראַצ־יע מיט זייערע פרויען און קינדער. דער פּרעזעס האָט, לייענענדיק דעם חסידישן אולטימאַטום זיך שטאַרק צעלאַכט און באַפוילן שלום הערצ־בערגן, אַז ער זאָל אויספאָרשן ווער עס זענען די אולטימאַטום־שרייבער און זיי אַרעסטירן.

## דעם 30טן יאַנואַר.

דער שניידער־ און טישלער־שטרייק האָט זיך היינט פולשטענדיק איינגעבראָכן. דער פּרעזעס האָט נישט נאָכגעגעבן. די אַרבעטער האָבן מער נישט געקענט אויסהאַלטן. דער שווערער הונגער האָט זיי גע־צוווּנגען צו קאַפּיטולירן. זיי זענען געקומען מאַסנווייז צו דער אַרבעט. אַ טייל האָבן פּשוט געציטערט פון הונגער. די צוריקגעקומענע האָבן מער גאָרנישט געפאָדערט. זיי האָבן אויך צו קיינעם קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ איז יעדער צוגעטרעטן צו זיין וואָרשטאַט. הערנדיק, אַז די רעסאָרטן זענען פול געוואָרן מיט די צוריקגעקומענע אַרבעטער, האָט דער פּרעזעס באַפוילן יעדן צו געבן טאָפּלטע און געדיכטע זופּן. אין אָוונט האָבן די אָנפירער פון די אַרבעטער אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אין וועלכן עס זאָגט זיך: חברים אַרבעטער! אויסגעהונגערטע יידישע מאַסן! בכדי נישט צו פאַלן פון הונגער און קעלט האָבן מיר לייִדער געמוזט נאָכקומען דעם פּרעזעס און זיינע פאַרשאָלטענע נאָכשלעפּער. וואָס האָבן מיר דען פאַרלאַנגט? נישט חלילה קיין אוממעגלעכס. מיר האָבן פאַרלאַנגט: 1) העכערן די לוינען פון די שווער־אַרבעטער; 2) פּאָר אַ טייל געלט געבן די אַרבעטער פּראָדוקטן; 3) אַ שטיקל ברויט צו דער זופּ, וואָס מען באַ־קומט ביי דער אַרבעט; 4) אַ בעסערע און מענטשלעכערע באַהאַנד־לונג. דאָס זענען געווען אונדזערע פאָדערונגען. לייִדער האָבן די אויבער־הערן אונדזערע פאָדערונגען אָפּגעוואָרפן און אונדז נאָך געדראָט איינצוזעצן אין תּפיסה. מער האָבן מיר נישט געקענט צוקוקן ווי אונדזערע קינדער גייען אויס פון הונגער און קעלט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג און מעגלעכקייט. אַ טויט די יידי־שע פאַררעטער! אַ טויט זייערע מיטשלעפּער! די נקמה וועט זיי נישט אויסמיידן. אונטערגעשריבן אַלע אַרבעטער־רעסאָרטן.

## דעם 31טן יאַנואַר.

דער פראָסט האַלט היינט 20 גראַד. די קעלט מאַכט ציטערן יעדן געטאָ־איינוווינער. דער חודש איז געווען אַ שרעקלעכער. דער בית־

עולם אינטעגדענט ביאַלער האָט דעם חודש אין טויטן־ביך איינגעשריבן 1.218 טויטע. געווען זענען אין דעם חודש 86 געבורטן.

ד״ר שיקער, דער פאַרטרעטער פון פרעזעס, איז היינט אין דער מיטאָג־שעה צוריקגעקומען פון וואַרשע. ער איז געפאָרן ברענגען אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין אַ פּאָר דאָקטוירים. ער איז צוריקגעקומען אָן זיי. קיינער פון די וואַרשעווער דאָקטוירים האָבן נישט געוואָלט קומען אין דעם לאָדזשער גיהנום פון מרדכי חיים רומקאָווסקי. אינטערעסאַנט וועט זיין צו פאַרצייכענען די דערציילונג פון ד״ר שיקער וועגן דעם ווי אַזוי ער האָט דורכגעמאַכט די רייזע, מיט וועמען ער האָט זיך אין וואַרשע געטראָפן און וואָס די וואַרשעווער יידן זאָגן: „7 אַזייגער פרי איז צו מיר געקומען דוד גערטלער. ביידע זענען מיר איינגעשטיגן אין אַ דראָזשקע, וואָס האָט אונדז געפירט צום באַלוטער־מאַרק. נאָך אַ שעהדיקער אינטערווענץ זענען מיר איבערגעגעבן געוואָרן צוויי פּאַפּירן, איין פּאַפּיר צו דער געסטאַפּאָ און אַ צווייט שטיקל פּאַפּיר צו דער יידישער וואַרשעווער קהילה. ביידע דאָקומענטן זענען געווען פאַרחתמעט מיט די סטעמפּלען פון דער געסטאַפּאָ. מען האָט מיך געהייסן אויסטאָן די געלע לאַטע און פאָרן צום געטאָ־טויער. דאָרט זענען שוין געשטאַנען צוויי ציווילע געסטאַפּאָווצעס, זיך העפלעך באַגריסט און געפרעגט צי איך בין ד״ר שיקער. מיין ענטפער איז געווען יאָ. זיי האָבן דאַן צו מיר געזאָגט: „זי פאָרן מיט אונז ביז צום באַן־הויף, נאָכהער מאַכן זי די רייזע זעלבסט״. איך ווייס נישט צי איך בין אַליין געפאָרן, איך גלויב, אַז ביז אין דער וואַרשאָווער געטאָ אַריין האָט מען מיך שטאַרק געהיטן. אין וואַרשע האָב איך זיך געטראָפן מיט איינציקע פריינט, מיט די דאָקטוירים ענגעל, מאַרגוליס, פינקעל א״אַ. די דריי זענען שוין געווען גרייט מיט מיר מיטצופאָרן. אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי אָבער רעזיגנירט. — די יידן אין וואַרשע לעבן איבער דאָס זעלבע וואָס מיר, אין דער קהילה טוט זיך חושך. דער רעש איז דאָרט זייער גרויס, אַזוי גרויס, אַז איינער פאַרשטייט נישט [illegible]־צוגייטן. די באַפעלקערונג איז אויסערגעוויינלעך אויפגערעגט. [illegible] אויף דעם גרויסן הונגער, מאַכן דאָרט יידן גוטע

געשעפטן. זיי האַנדלען מיט אַלץ... צענדליקער יידן גייען טאָג־טעגלעך אַרויס און אַריין אין דער געטאָ; די צוויי יידישע געסטאַפּאָווצעס, קאָהן און העלער, זענען די גרעסטע אָפּנעמער פון גאָלד, בריליאַנטן און אַנדערע ווערט־זאַכן. דאָס וואַרשעווער יידנטום איז נישט אָרגאַניזירט; דער גרעסטער טייל לעבט אין פיל ערגערע באַדינגונגען ווי מיר אין דער לאָדזשער געטאָ. אמת איז, אַז פון דער לאָדזשער געטאָ קען מען נישט אַרויס, דערפאַר אָבער האָבן מיר גרעסערע שאַנסן איבערצולעבן און אויסצוהאַלטן".

## דעם 1טן פעברואַר.

דאָס וועטער איז געוואָרן לינדער, אָנגענעמער. דער פּרעזעס האָט היינט געהאַלטן אַן אויפקלערונגס־רעדע. באַלד ביים אָנהייב פון זיין רעדע האָט ער צוגערופן זיין ליבלינג, דעם קאָמיסאַר אייזמאַן, אים עפּעס איינגערוימט אין אויער, ביידע האָבן זיך צעלאַכט און דער פּרעזעס האָט אָנגעהויבן ריידן: „איר ווילט דאָך אוודאי וויסן ווי מיר האַלטן אויף דער וועלט. דערקלער איך אייך, אַז עס גייען אויף אונדז שווערע צייטן. מיטן עסן וועט פאָרלויפיק נישט בעסער ווערן. איך בין דערין נישט שולדיק. ווייל איך האָב אַרום זיך זייער אַ סך גנבים, מען באַגנבעט מיך און מען באַגנבעט אייך. דאָס וואָס איך באַקום, וואָלט גענוג געווען פאַר אייך, איז אָבער די צרה וואָס דער גרעסטער טייל פון מיינע באַאַמטע זענען גנבים, און מיט אַ הויז־גנב איז שווער צו קעמפן. די רעגירונג האָט היינט מיר באַפוילן, אַז איך זאָל אויסליידיקן דעם גאַנצן דרום טייל פון געטאָ. איך גלויב, אַז אַן ערך 8.000 יידן וועלן מוזן פאַרלאָזן די דאָזיקע גאַסן. איך וואָרן אייך אָבער, אַז קיינער זאָל אויף זיין אייגענער האַנט גאָרנישט טאָן. אויב איך וועל זיך דערוויסן, אַז עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן אויף אייגענער האַנט זיך אַרויסגעצויגן, וועל איך ביי זיי צונעמען די ברויט־קאַרטן. אַלץ וועט דערליידיקט ווערן לויט אַ סדר. צום סוף וויל איך אייך איבערגעבן, אַז פון 3־טן פעברואַר אָן וועט יעדער געטאָ־איינוווינער באַקומען אַ צוגאָב פון 20 דעקאָ ברויט אויף אַ קאָפּ. און איצט גייט אַ היים".

## דעם 2טן פעברואַר.

דער פּרעזעס האָט היינט געשיקט אַ בריוו אין דער הויפּט־פּאָליציי־קאָמאַנדע און באַפוילן, אַז די קאָמאַנדע זאָל רעדוצירן 300 פּאָליציאַנטן. דער באַפעל האָט שטאַרק געטראָפן די פּאָליציסטן. אין דעם בריוו שרייבט דער פּרעזעס: „ווען איך האָב זיך געווענדעט צו דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז זיי זאָלן זיך אויפפירן מענטשלעכער און לייטישער, בכדי אויסצומיידן די פּאָליציייאישע רוט, האָט מען מיך אויסגעלאַכט. מען האָט געגנבעט אויף וואָס די וועלט שטייט. מען האָט נישט אין אַכט גענומען מיינע אַלע וואָרענונגען. צוליב דעם האָב איך געמוזט שאַפן אַ פּאָליציייאישע אויפזיכט. ביים שאַפן די געטאָ־אויפזיכט זענען אַנשטאַט 500 פּאָליציסטן צוגענומען געוואָרן 1.000. איצט, ווען איך האָב איינגעזען, אַז אויך דאָס העלפט נישט, טאָ צו וואָס דאַרף איך האָבן אַזויפיל פּאָליציאַנטן? זאָלן זיי בעסער גיין אַרבעטן".

ביי דער געלעגנהייט איז אינטערעסאַנט איבערצוגעבן, אַ זייער כאַראַקטעריסטישן פאַקט: ווען די מעלדונג צו שאַפן די געטאָ־פּאָליציי איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן, האָבן זיך צום סעקרעטאַר יעקב ראַטנער געמאָלדן 5.00 מענטשן וואָס האָבן זיך געבעטן מען זאָל זיי צונעמען אין דער געטאָ־פּאָליציי. ווען דער פּרעזעס האָט איינגעזען, אַז עס האָבן זיך געמאָלדן אַזוי פיל קאַנדידאַטן, האָט ער געשאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אָפּצוקלייבן די פּאַסיקע. די קאָמיסיע־מיטגלידער זענען געווען: יעקב ראַטנער, לעאָן ראָזענבלאַט, יצחק בלעמער און שלום הערצבערג.

## דעם 3טן פעברואַר.

די דייטשע מאַכט האָט היינט אָפּגערופן די שווערע גזירה, אַז די יידן פון דרום־טייל געטאָ זאָלן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען. די גזירה איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביזן 1־טן מאַי. דערווייל האָבן יידן זיך געפרייט. אַ קלייניקייט! 8.000 יידן האָבן יעדן טאָג געוואַרט אויף זייער אומגליק און דאָ, נאַדיר פלוצים אַזאַ נישט דערוואַרט גליק.

אין דער געטאָ איז היינט ווידער אָנגעקומען אַ קאָמיסיע וואָס האָט באַזוכט אַלע פאַבריקן און אויסגעפרעגט די אַרבעטער, צי זיי

האָבן געגנוג צו עסן. דער גרעסטער טייל אַרבעטער האָט אויפן אָרט געענטפערט: „פון דער אַרבעט זענען מיר צופרידן. ווען נישט דער הונגער וואָלטן מיר אַ סך מער פּאַרטיק געמאַכט. מיט איין וואָרט: מיר אַרבעטן און הונגערן. אין איין וואָך זענען 15 אַרבעטער געשטאָר־בן ביי זייערע וואַרשטאַטן. ליידער וויל מען אונדז נישט פאַרשטיי. ווען עס האַנדלט זיך וועגן עסן וויל מען מיט אונדז נישט ריידן". די קאָמיסיע האָט זיך אינטערעסירט מיט פאַרשידענע ענינים. אין דער שול־אָפּטיילונג, אויף פראַנצישקאַנער נומ׳ 27, האָט זי געפרעגט דעם אָנפירער, א. טאַבאַקאַסבלאַט, וויפל קינדער עס גייען אין דער שול און צי זיי לערנען אויף דייטש?

## דעם 4טן פעברואַר.

ווידער זענען היינט אַרויסגעהאַנגען געוואָרן צוויי פּלאַקאַטן. אין איין פּלאַקאַט בעט דער פּרעזעס, אַז די באַפעלקערונג זאָל זיך באַ־רויקן, ווייל קיין עוואַקואַציע וועט דערווייל נישט פאָרקומען. ער האָט אויסגעפועלט זי אָפּצולייגן ביזן 1־טן מאַי. דער צווייטער פּלאַקאַט מעלדעט, אַז די באַפעלקערונג וועט אויף די קאַרטן באַקומען 6 קילאָ קוילן; 2 קילאָ האָלץ און צו 2 קילאָ קאַרטאָפל אויף אַ קאָפּ.

אויפן בית־עולם האָבן זיך היינט אָנגעזאַמלט 150 טויטע. זיי וואַרטן אויף זייער ריי צו קומען צו קבר ישראל. די קרבנות מערן זיך. דער גרעסטער טייל פאַלט איצט פון קעלט. עס פאַרגייט נישט קיין טאָג, אַז די פּאָליציי זאָל נישט מעלדן וועגן פאַרפרוירענע. דאָס מאַכט שוין אויף קיינעם נישט קיין איינדרוק.

## דעם 5טן פעברואַר.

20 הויכע אָפיצירן פון דער ווערמאַכט זענען היינט אָנגעקומען אין געטאָ אַריין. זיי האָבן פילמירט די יידישע אַרבעטער ביי זייערע וואַרשטאַטן. דערנאָך האָבן זיי באַזוכט דעם טישלער־רעסאָרט און געשמועסט מיטן לייטער ב. פּרוינד. שפּעטער אויף דעם שניידער־רעסאָרט און באַטראַכט די אויסגעפּאַרטיקטע מונדירן. צו דעם לייטער

פון שניידער־רעסאָרט האָבן זיי געזאָגט: יאָ, ווען נישט דער קריג, וואָלטן מיר נישט געוווסט, אַז איר זענט אַזעלכע גוטע פאַכמענער.

## דעם 6טן פעברואַר.

אַ גרויסע פרייד האָט היינט געהערשט אין געטאָ. שטעלט אייך פאָר: דער פּרעזעס האָט באַפוילן, אַז די בעקערס זאָלן אויף פרייטיק דעם 7־טן פעברואַר צוגרייטן גאַנצע ברייטלעך פאַר די פיזישע אַר־בעטער און פאַר די עפנטלעכע אַרבעטער. די פרייד איז געווען אַזוי גרויס, אַז איינער דעם צווייטן האָט געדריקט די האַנט און געווינטשן מזל־טוב: „היינט וועלן מיר עסן גאַנצע ברייטלעך". גלייכצייטיק האָט ער אויך דערקלערט, אַז אויף דער נייער וואָך, אין טאָג פון חמשה עשר בשבט, וועט יעדער געטאָ־איינוווינער באַקומען אַ מתנה. אַזוי שפּילט ער זיין ראָל. פון צייט צו צייט גיט ער אַ גלעט און שטילט איין דעם פאַרביטערטן כעס קעגן אים.

צוליב דעם וואָס די בית־עולם־אַרבעטער באַווייזן נישט אויסצו־גראָבן די נייטיקע קברים, האָט דער פּרעזעס באַפוילן, אַז די אַרעס־טאַנטן פון אַלע רעווירן זאָלן יעדן טאָג אַרויסגעשיקט ווערן אויפן בית־עולם גראָבן קברים. אַזוי אַרום האָט זיך די צאָל גרעבער פאַר־גרעסערט מיט נאָך 200 מאַן. צוזאַמען אַרבעטן איצט 350 מאַן. די אַרעסטאַנטן ווערן יעדן טאָג געפירט צו דער אַרבעט דורך דער יידי־שער פּאָליציי.

## דעם 7טן פעברואַר.

דער פראָסט האָט היינט אַ ביסל נאָכגעלאָזט. דאָס וועטער לייי־טערט זיך אויס. דער שניי הייבט אָן ווערן ווייכער. די אָפּגעשראָקענע הערצער באַרויקן זיך אַ ביסל. אין די בריוו וואָס קומען כסדר אָן פון אַנדערע געטאָס שרייבט מען, אַז ביי זיי איז נישט אַזוי שלעכט. עסן איז פאַראַן. די לאָדזשער געטאָ איז צום מערסטן געשלאָגן: זי איז פאַריגלט און פאַרשלאָסן; עס זענען נישטאָ קיין גויים וואָס זאָלן העלפן. דער יודן־ראַט, מיט רומקאָווסקין אין דער שפּיץ, איז דאָס

גרעסטע אומגליק פאַרן לאָדזשער יידנטום. דער הונגער איז אויסער־געוויינלעך גרויס. די ענגשאַפט און די שמוציקייט פאַראורזאַכט אַ סך קרבנות, רפואות צו העלפן די קראַנקע איז נישטאָ. די וואָך אַרום דער געטאָ איז אַ מערדערישע. דאָס אַלץ צוזאַמען נעמט צו דעם גאַנצן לוסט צו לעבן.

## דעם 8טן פעברואַר.

היינט דעם 8־טן פעברואַר איז געוואָרן אַ יאָר ווי די דייטשע מאַכט האָט באַפוילן אַריינצוטרייבן די לאָדזשער יידן אין געטאָ אַריין. דער באַפעל, וואָס איז דעמאָלט געגעבן געוואָרן, איז אונטערגעשריבן געוואָרן דורך דעם פּאָליציי־פּרעזידענט שעפער. די שווערע גזירה האָט געמאַכט גליוורען דאָס בלוט ביי אַלע לאָדזשער יידן. עס איז פּשוט שווער מיט אַ מענטשלעכער פעדער געבוי צו שילדערן די צעטומלט־קייט און די שרעק פון גרויסן יידישן ישוב. צענדליקער טויזנטער צעשראָקענע יידן האָבן הענגדום־פּענגדום געכומען פּאַקן זייער האָב און גוטס און צוזאַמען מיט זייערע קליינע קינדערלעך עס אַרויפגע־לייגט אויף קליינע שליטעלעך אין וועלכע זיי אַליין האָבן זיך איינגע־שפּאַנט. אַזוי האָט מען זיך „אַריבערגעצויגן“ אויף באַלוט, דאָס באַ־שטימטע ווױן־אָרט פאַר יידן.

די געוואַלדן און די געשרייען אין יענעם טאָג האָט מען געקענט הערן אויף קילאָמעטער ווייט. דאָס יאָמערלעכע קלאָגן פון די קליינע קינדער האָט געריסן ביים האַרצן. טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק געווען, זענען געשטאַנען אונדזערע „האַרציקע“ שכנים און האָבן מיט שפּאָט און געלעכטער באַגלייט יעדן יידן, וואָס איז אַרויס פון זיין וווינונג. די שפּאָטישע זידלערייען פון די פּאָליאַקן האָט נאָך מער פאַרביטערט און שווער געמאַכט דאָס יידישע געמיט. נישט איין ייד איז געשטאַנען אַ פאַרלוירענער און נישט געוווסט וואָס פריער צו טון און וואָס פריער צו ראַטעווען. עס זענען געווען יידן, וואָס זענען אַזוי צוטומלט און אומבאַהאָלפן געווען, אַז זיי האָבן פון זייערע וווינונגען גאָרנישט מיטגענומען אין דער געטאָ אַריין.

דער גאַנצער וועג פון גייערס־ראַיאָן ביז צו די באַלוטער גאַסן, זענען פול געווען מיט האַנט־שליטנס און האַנט־וועגעלעך, וואָס זענען געשלעפט געוואָרן פון נעכטיקע שיינע באַלעבאַטים, פון נעכטיקע שיינע גבירים, פון יידן וואָס האָבן ערשט נעכטן געשפּילט אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע ראָל. און וואָס איז, מ'שטיינס געזאָגט, געלעגן אין די שליטנס? אַ ביסל וועש, אַ ביסל בעטגעוואַנט און אויף אַלע מטל־טלים — די קליינע איבערגעשראָקענע קינדער, וואָס האָבן געוויינט און נישט פאַרשטאַנען וואָס עס געשעט דאָ. די גויישע קינדער זענען נאָכגעלאָפן נאָך די שליטנס און געשפּאָט און געזידלט: דאָבזשע וואָס — טילקאָ ניעמצי פּאָטראַפּיאָן זראָביטש זװואַמי פּאָזשאָנדעק! דער גרעסטער טייל יידן האָט בכלל נישט געטאָרט עפּעס מיטנעמען פון די וווינונגען, די מערדער זענען געשטאַנען מיט רעוואָלווערן אין די הענט און געדראָט צו דערשיסן אויפן אָרט, אויב עמיצער וועט עפּעס מיטנעמען פון דער וווינונג. דער טאָג וועט אייביק פאַרבלייבן אין זכרון. די וועלכע האָבן אים איבערגעלעבט וועלן אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

## דעם 9טן פעברואַר.

דער פראָסט האָט היינט געפּלאַצט. אַ דינער רעגן גייט און מאַכט גליטשיק די וועגן. פון די דעכער שיט זיך שניי און אויסהיטן זיך פון פאַלן איז זייער שווער.

דער מיטן וועג פון די צוויי הויפּט־גאַסן אין געטאָ געהערט נישט צו די יידן, ער געהערט צו דער העכערער ראַסע, צו די וועלכע מעגן פאָרן מיטן טראַמוויי, מיט דער באַן און מיט אַלעם וואָס זייער האַרץ גלוסט. די געטאָ, ווי אַ גאַנצע, איז דורכגעשניטן געוואָרן און די צוויי גאַסן אַלעקסאַנדראָווסקי און זגערזשער, וווּ עס פאָרן אַדורך די טראַמ־ווייען, זענען געוואָרן די הויפּט גאַסן פון דער געטאָ. יעדן טאָג פאָרן אַדורך אויף די צוויי גאַסן, אויסער די טראַמווייען, אויך הונדערטער אויטאָס מיט פולער לאַדונג צום מזרח־פראָנט.

היינט איז געעפנט געוואָרן די פינפטע אַפּטייק. בעתן עפענען די

אַפּטייק האָט דער פּרעזעס דערקלערט, אַז אין גיכן וועלן געעפֿנט ווערן נאָך צוויי אַפּטייקן, ווייל דער געדראַנג נאָך מעדעצינען און רעצעפּטן איז זייער גרויס. דאָס מוז מען זען אויסצומיידן. די מענטשן זענען דערביי פֿאַרגומען גאַנצע טעג. אויסער דעם וועלן אויך געעפֿנט ווערן נאָך צוויי שפּיטאָלן. איין שפּיטאָל פֿאַר ווענערישע קרענק און דער צווייטער שפּיטאָל פֿאַר טובערקלאָזע קינדער.

## דעם 10טן פֿעברואַר.

היינט האָט די געסטאַפּאָ צום ערשטן מאָל דערלויבט, אַז יידן זאָלן אַרויסגעשיקט ווערן אויסער דער געטאָ אויף אַרבעט. די אַרבעט איז צו צענעמען די הייזער, וואָס גרענעצן זיך מיט דער געטאָ. די אַרבע־טער דאַרפֿן באַגלייט און געהיט ווערן דורך דער יידישער פּאָליציי. ווען די אַרבעטער פֿון דער ערשטער גרופּע זענען אין אָוונט צוריק־געקומען, האָבן זיי דערציילט, אַז די גאַסן וואָס גרענעצן זיך מיט דער געטאָ, זענען אַזוי ווי אָפּגעשטאָרבענע. קיין איין קריסט גייט אויף די גאַסן נישט דורך. זיי האָבן אָבער געזען ווי פֿון די פֿענצטער האָט מען אַרויסגעקוקט צו זיי. בעת זיי זענען דורכגעגאַנגען דאָס שול־געסל, ווו עס איז אַמאָל געשטאַנען די גרויסע אַלטשטאָטישע שול, האָבן זיי ערשט רעכט געזען דעם גרויסן חורבן פֿון דעם מקום קדוש, וואָס איז אַמאָל געווען דער שטאָלץ פֿון לאָדזשער יידנטום.

## דעם 11טן פֿעברואַר.

דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט. די יידישע הויזוועכטער רייניקן און קערן אַוועק דעם שניי און די בלאָטעס. די געטאָ־מענטשן גלייכן זיך אַ ביסל אויס. זיי בעטן, אַז דער ווינטער זאָל מער נישט צוריקקומען, ווייל קעלט און הונגער זענען די גרעסטע שונאים פֿון די געטאָ־שקלאַפֿן. אין פֿאַרלויף פֿון אַ פּאָר טעג זענען פֿון קעלט אומגעקומען 116 נפֿשות, דערונטער 20 קינדער.

די קאָאָפּעראַטיוון האָבן היינט אין דער פֿרי אָנגעהויבן אַרויסגעבן די הונגער־צוטיילונג. (אַזוי האָבן די געטאָ־איינוווינער אַ נאָמען גע־

געבן די הייניקע שפּייז־ראַציע). צוליב דעם וואָס אַ גרויסע צאָל קאַרטאָפל איז פאַרפרוירן געוואָרן, האָט די געטאָ באַפעלקערונג היינט קיין קאַרטאָפל נישט באַקומען. צוליב דעם איז דער יקרות אויסער־געוויינלעך געשטיגן, אַ קילאָ קאַרטאָפל — 22 מאַרק; אַ קילאָ זאַלץ — 6 מאַרק; אַ קילאָ קאַשע — 10 מאַרק; אַ ברויט פון צוויי קילאָ — 12 מאַרק. דאַקעגן דער פּרייז אויף האָלץ און קוילן איז געפאַלן אויף גאַנצע 50%.

## דעם 12טן פעברואַר.

דער פּרעזעס האָט היינט פּלוצים באַפוילן צו שליסן אַלע שניידער־וואַרשטאַטן. פאַרוואָס דער פּרעזעס האָט דאָס געטון איז קיינעם נישט באַוווסט. מן הסתם וועט מען אין איינינקע טעג אַרום דאָס אויך וויסן. דערווייל איז ביטער. די פּאָליציי שטייט אויף דער וואַך און וואַרט אויף באַפעלן.

אַ דייטשע פילם־גרופּע האָט זיך היינט באַוויזן אויף די געטאָ־גאַסן. די הויפּט־אַרבעט אירע איז געווען ביי די געטאָ־טויערן, ווו דער וואַך־פּאָסטן הייסט עפענען דאָס טויער און צומאַכן דאָס טויער. ביים טויער אויף לימאַנאָווסקי־ריבנע, האָבן זיי אָפּגעשטעלט אַ וואָגן מיט ברעטער, וואָס איז געשלעפּט געוואָרן פון צוויי אָקסן און באַפוילן די דורכגייער צוגיין צום וואָגן. ווען עס האָבן זיך שוין געהאַט אָנ־געזאַמלט אַרום דעם וואָגן אַן ערך 40 מאַן, האָבן זיי געהייסן די יידן שטופּן דעם וואָגן און שרייען: וויאָ, וויאָ.

## דעם 13טן פעברואַר.

די שניידער־שאָפּן זענען נאָך פאַרמאַכט. אַן אַרבעטער־דעלעגאַציע האָט געבעטן, אַז דער פּרעזעס זאָל זיי אויפנעמען. די דעלעגאַציע איז פון פּרעזעס אַוועק מיט גאָרנישט. זי האָט איבערגעגעבן, אַז דער פּרע־זעס וויל מיט איר בכלל נישט ריידן. „ווען ער האָט אונדז געזען — האָבן די דעלעגאַטן דערציילט — האָט ער זיך פאַרשלאָסן און געשריען: גייט פון מיר אַוועק, איך וויל מיט אייך נישט ריידן".

## דעם 14טן פעברואַר.

גרויסע רייען ביי די ברויט־קאָאָפּעראַטיוון. די באַפעלקערונג נעמט הײַנט אָפּ דאָס ברויט פאַר צוויי טעג, פאַר פרייטיק און שבת. און צוליב דעם — די גרויסע רייען. די אָרדענונג ביי די קאָאָפּעראַטיוון האַלט די יידישע פאָליציי און דאָ קען מען ערשט זען ווער און וואָס די יידישע פאָליציי איז. איך בין געוועזן אויף פיר פאַרטיילונגס־שטעלן: אויף לימאַנאָווסקי גאַס, אויף בזשזשינער גאַס, אויף דער ריבנע גאַס און אויף וואָלבאָרסקע גאַס. איך מוז ליידער פעסשטעלן, אַז ביי אַלע פיר שטעלן האָב איך מצד די פאָליציאַנטן נישט געזען קיין ביסל רחמנות, לגבי דער באַפעלקערונג. למשל: אויף וואָלבאָרסקע זענען געשטאַנען 6 פאָליציאַנטן, צווישן זיי איינער אַ געוויסער פרידמאַן, אָט דער פרידמאַן האָט איינפאַך געשלאָגן יעדן איינעם וואָס איז אים געקומען אונטערן האַנט נישט קוקנדיק צי דאָס איז אַ פרוי, אַ קינד אָדער אַן עלטערער מענטש. אויב עמיצער האָט אים געמאַכט אַ באַמערקונג האָט ער יענעם פשוט געממיתט ביז בלוט. אויף לימאַנאָווסקי־גאַס האָבן 4 פאָליציאַנטן געהאַלטן אָרדענונג, צווישן זיי איז געווען איינער מיטן נאָמען זיסמאַן. זאָל גאָט שומר ומציל זיין, וואָס פאַר אַ נפש דאָס איז. אַ פרוי איז ברוטאַל אַרויסגעשטויסן געוואָרן דורך אַ צווייטער פרוי פון איר ריי, איז די פרוי צוגעלאָפן צום פאָליציאַנט זיסמאַן בעטן ביי אים גערעכטיקייט, אָבער אַנשטאַט אויסצוהערן וואָס די פרוי וויל, האָט ער מיט אַזאַ רוגזה זי אַ שטויס געגעבן, אַז זי איז געפאַלן אויפן ברוק און געשפאָלטן זיך דעם קאָפּ. און ווען די אַנדערע 3 פאָליציאַנטן האָבן אים אויסגעזידלט, האָט ער זיך אויסגעדריקט: — „ווער זיין מיט אַ קורווע ווייניקער". אָט אַזעלכע פאַרברעכער־טיפּן געפינען זיך אין די רייען פון רומקאָווסקיס פאָליציי און די פאָליציאַנטן זענען פאַר אים די בעסטע. די פאָליציאַנטן שפּילן אַ גרויסע ראָל. פאַר זיי האָבן אַלע מורא, אַפילו די קאָמיסאַרן, ווייל די פאָליציאַנטן טראָגן אַלץ צו צום פּרעזעס. צום גליק זענען נישט אַלע אַזוי ביטער־שלעכט. אויך דער פּרעזעס האָט שפּעטער איינגעזען, אַז מען מוז אייניקע פאָליציאַנטן באַזייטיקן, ווייל דאָס קען ברענגען גרויס שאָדן און דאָס האָט ער דווקא נישט געוואָלט.

## דעם 15טן פעברואַר.

אויסערגעוויינלעכע קלאַנגען קורסירן היינט אין געטאָ. למשל: „די רויטע מאַרשירן פאָראויס, אַמעריקע איז אַרויס אין קאַמף קעגן דייטשלאַנד". מען טרייסט זיך מיט קלאַנגען. וואָס צו עסן איז נישטאָ, איז אַנשטאָט אַ וועטשערע — אַ באָבע־מעשה. אַזוי לויפן אַוועק טעג און נעכט מיט האַרץ־חלשות און מיט זיסע האָפענונגען, אַז מאָרגן וועט ווערן בעסער. אַ געוויסער יאַנקעלע האָט אַפילו דערויף פאַרפאַסט אַ לידל.

דו גייסט אַרום מיט סברות
דו עסט די זופּ, וואָס טויג אויף כפּרות,
די קאַרטאָפל אין קעלער פוילן
די שיך זענען אָן זוילן,
דו ווילסט, אַז משיח זאָל שוין קומען,
דערווייל טוט פון אונדז דאָס בלוט רינען.
אוי טאַטעניו זיסער,
העלף דעם שניידער און דעם שוסטער,
ווייל זיי זענען אמתע פאָלקס־מענטשן,
טו זיי גאָטעניו מיט רחמים בענטשן.

## דעם 16טן פעברואַר.

דער שנייַ שמעלצט זיך, דער רעגן העלפט צו, אַז ער זאָל וואָס שנעלער זיך אָפּטראָגן פון דער געטאָ. די קינדערלעך הייבן אָן גיין אין די שולן. דער פּרעזעס האָט היינט אויסגעקלעפּט אַ ספּעציעלן פּלאַקאַט אין וועלכן עס ווערט געזאָגט:

ליבע קינדער!

איך ווייס ווי ליב איך האָב אייך. נאָך אין די צייטן פון מיין יתומים־הויז האָב איך שטענדיק נאָר געזאָרגט און געטראַכט וועגן אייך. היינט איז מיר צוגענומען געוואָרן די מעגלעכקייט אייך צו העלפן, אָבער איך האָף, אַז בעסערע צייטן וועלן דאָך קומען, דאַן וועל איך האָבן צוריק די זעלבע מעגלעכקייטן. דערווייל, קינדערלעך, גייט

אין שול, זאָל די שול זיין אייער וואַרעמע היים. לערנט אייך און וואַקסט אויס גוטע מענטשן. דרייט זיך נישט אויף די גאַסן אַרום. שפּאַצירט נישט ביי די דראָטן. ווער עס מוז פאַרביי־גיין די דראָטן זאָל גיין שנעלער און נישט טראַכטן. אין די ראַמען פון מיינע מעגלעכ־קייט וועל איך פאַר אייך ווי אַ פאָטער זאָרגן.

אונטערגעשריבן

דער עלצטער פון די יידן
חיים רומקאָווסקי

## דעם 17טן פעברואַר.

אַ גרופּע דייטשן, צי געסטאַפּאָווצעס אָדער פון דער ווערמאַכט, איז נישט באַוווּסט. זענען געקומען און געהייסן זיך פירן צום יידישן שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקאַ 36. ווען זיי זענען דאָרט אָנגעקומען האָבן זיי גערופן דעם פאַרטרעטער יאַקובאָוויטש און מיט אים עפּעס גע־רעדט. זיי האָבן זיך גענוי אַרומגעקוקט און אויסגעפאָרשט יעדע זאַך באַזונדער. דערנאָך, ווען די דייטשן זענען אַוועק האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז דאָס שפּיטאָל ווערט צוגענומען. אויב יאָ, וועט דאָס זיין אַ שווערער קלאַפּ פאַר דער גאַנצער געטאָ.

## דעם 18טן פעברואַר.

היינט איז דער ערשטער טאָג, ווי די זון האָט זיך באַוויזן אין איר גאַנצער פּראַכט און אָנגעהויבן צו וואַרעמען די געטאָ־שקלאַפן. פרויען זענען מיט זייערע קינדערלעך אַרויס אין דרויסן. די קינדער האָבן אָנגעהויבן פריילעכער צו שטיפן. די וואַרעמקייט האָט אַריינגעבראַכט אַ סך האָפענונג און הייטערקייט צווישן די געטאָ־מענטשן. עס איז אָבער אָנגעקומען אַ נייע צרה: צוליב דעם שווערן ווינטער האָבן די געטאָ־איינוווינער צענומען אַלע בית כיסאס. דאָס האָלץ איז פאַרברענט געוואָרן כדי זיך אָנצוּוואָרעמען. איצט פאַרשפּרייט די אומריינקייט אַ שלעכטן ריח.

## דעם 19טן פעברואַר.

אַ דעלעגאַציע פון הויך־ראַנגיקע אָפיצירן האָט הײַנט באַזוכט דעם טישלער־רעסאָרט. צווישן די אָפיצירן איז אויך געווען דער קאָמענדאַנט פון דער „קריפאָ״ (קרימינאַל־פּאָליצײַ). דער לײַטער פון דעם טישלער־רעסאָרט ה׳ פרוינד האָט זיי אַרומגעפירט אין אַלע אָפּטיילונגען. די דעלעגאַציע האָט זיך פאַרהאַלטן זייער פרײַנטלעך. געדריקט די האַנט פון ה׳ פרוינד און צוגעזאָגט צו שיקן אַ סך אַרבעט. אייניקע אָפיצירן האָבן אַפילו געטיילט סיגאַרעטן. וואָס דאָס זאָל באַטײַטן, איז קיינעם נישט קלאָר.

די שטערבלעכקייט איז אַביסל קלענער געוואָרן. אויפן בית־עולם זענען אַלע מתים הײַנט געקומען צו קבורה. דאָס גראָבן די קברים קומט אָן לײַכטער, ווײַל די ערד איז געוואָרן ווייכער.

## דעם 20טן פעברואַר.

שוין עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד ווי עס איז וואַרעם. דער שנײַ צעגייט און מאַכט אָן גרויסע בלאָטעס. טראָץ דעם זענען אַלע צופרידן.

דער פּרעזעס האָט הײַנט נאָכמיטיק גערופן אייניקע רעסאָרט־לײַטערס, אָפּגענומען פון זיי באַריכטן וועגן דער אַרבעט פון זייערע רעסאָרטן. שפּעטער זיי מכבד געווען מיט אַ גוט סעודהלע און יעדן איבערגעגעבן נײַע אינסטרוקציעס. נאָכן פאַרענדיקן דאָס עסן, האָט דער פּרעזעס געהאַלטן, ווי זײַן שטייגער איז, אַ רעדע. צוגעזאָגט, אַז עס וועט זײַן בעסער. ער גלויבט — האָט ער געזאָגט — באמונה שלימה, אַז עס וועט נאָך זײַן גוט. מען דאַרף האָבן געדולד און קריגן פון די דײַטשן וואָס מער אַרבעט. ביים סוף פון זײַן רעדע האָט ער מיטגעטיילט, אַז די שפּייז־ראַציע וועט פאַרגרעסערט ווערן. יעדער געטאָ־אײַנוווינער וועט פון מאָרגן אָן באַקומען צוגעטיילט צו 6 קילאָ קאַרטאָפל אויף אַ קאָפּ. אויך קאַשע, ריבן, מייערן און בוראַקעס וועט יעדער באַקומען אַ גרעסערע צוטיילונג ווי ביז איצט. די צוטיילונג פון סאַכאַרין, קאַווע און זאַלץ וועט געהעכערט ווערן ערשט אין צווייטן

חודש. איך גלויב — האָט ער צוגעגעבן — אַז דער עולם וועט אויפֿ־
הערן צו הונגערן״.

די גאַס איז באַלד געוואָר־געוואָרן, וואָס דער פּרעזעס האָט גע־
זאָגט און עס איז געוואָרן ששון ושמחה.

## דעם 21טן פעברואַר.

ווען די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן צו באַקומען די נייע שפּייז־
צוטיילונג האָט זי ממש אויפגעלעבט. אַ קלייניקייט: 6 קילאָ קאַרטאָ־
פל אויף אַ קאָפּ. די קללות האָבן אויפגעהערט. ענדלעך, ענדלעך —
האָבן די געטאָ־פרויען געטענהט — וועלן מיר האָבן פאַר די קינדערלעך
אַ פּאָר זאַטע מיטיקן. צוליב דער צוטיילונג האָבן די „שוואַרצע״
אייפגעשרויפטע פרייזן געפּלאַצט. די שוואַרץ־הענדלער האָבן פאַר־
קויפט די סחורה אונטערן פרייז. מיט איין וואָרט: עס איז געוואָרן אַ
שמחה. האָט אָבער דער רבונו של עולם געזען, אַז די יידעלעך פרייען
זיך שוין אַ ביסל צו פיל, וואָס טוט ער? האָט ער אַ דריי געטון מיטן
וועלט־קנעפּל און עס איז געוואָרן אַ וועטער, וואָס אַזוינס איז שוין
לאַנג נישט געוועזן. שניי, רעגן, ווינט האָבן זיך פאַראייניקט און גע־
נומען ווילדעווען אויף די געטאָ־גאַסן אויף וואָס די וועלט שטייט.
אַזוי האָט דאָס וועטער אָנגעהאַלטן גאַנצע צוויי טעג. ערשט זונטיק
האָט זיך דער ווילדער שטורם־ווינט איינגעשטילט.

## דעם 23טן פעברואַר.

זייער אַן אינטערעסאַנטער פאַל האָט היינט פּאַסירט אויפן באַלוּ־
טער־מאַרק. דער לויטענאַנט לאַוז, וועלכער פירט אָן מיט דער געטאָ־
אַפּראָוויזאַציע, האָט עפּנטלעך אויסגעזידלט דעם פּרעזעס, פאַרוואָס
ער שטילט נישט איין דעם הונגער אין געטאָ. ער האָט געשריגן „דו
ביסט דער שולדיקער, וואָס דיינע יידן הונגערן, דו פאַרפלוכטער הונד.
מיר שיקן אַריין גענוג שפּייז און גענוג געמיזע די יידן זאָלן נישט
הונגערן״. דער פּרעזעס איז ווייס געוואָרן ווי קאַלך און האָט גאָרנישט

געענטפערט, געשטאַנען און אויסגעהערט די זידל־ווערטער און פאַר גרויס פאַרדרוס, געביסן די נעגל פון די פינגער.

אויף מאַסאַרסקאַ 13, ביי דעם פורמאַן אורקאַ גאָטליב, איז גע־פגרט אַ פערד. געווויר ווערנדיק, אַז אין שטאַל ליגט אַ געפגרט פערד, האָבן זיך שכנים ביינאַכט אַריינגעגנבעט אין שטאַל און מיט מעסערס צעשניטן דאָס פערד אויף שטיקלעך און מיט פרייד זיי אַהיימגעטראָגן. צומאָרגנס אין דער פרי איז דערפון געוווּיר געוואָרן דער פרעזעס. קודם כל האָט ער באַפוילן צו אַרעסטירן דעם פורמאַן און אַלע זיינע שכנים. נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס פערד־פלייש האָבן געגעסן 8 פאַמיליעס וועלכע וווינען אויף דעם זעלבן הויף.

## דעם 24טן פעברואַר.

אויף די הויפן קומען גאַסן־זינגער און זינגען ניי־פאַרפאַסטע גע־געטאָ־לידער. טייל זענען זייער טרויעריקע און מאַכן דעם עולם וויינען. אַממיינסטן ווערן געזונגען לידער וועגן פרעזעס מיט זיינע מיטהעלפער, איבער די קיכן מיט זייערע טיילערס און איבער דער געטאָ־פאָליציי.

דאָס ליד וועגן פרעזעס זינגט זיך אַזוי:

פירט אונדז אויפן בית־החיים,  
רומקאָווסקי חיים  
טראַכט און שילט  
יעדן ייד וואָס עסן וויל.  
קומען וועט אַ צייט  
ווען רומקאָווסקי מיט זיינע לייט,  
וועלן ליגן אין דער תפיסה  
דאַמאָלס יידעלעך וועלן מיר  
מאַכן אַ סעודה אַ זיסע.

**דאָס ליד וועגן די קיכן:**

זופּ, זופּ, זופּ,
פון אויבן ביז אַראָפּ,
מען עסט נישט
מען טרינקט נישט,
מען שלאָפט נישט אַ גאַנצע נאַכט
מען קלערט נאָר אַריין
די זופּ זאָל זיין געדאַכט.

**דאָס ליד וועגן דער פּאָליציי:**

יידישע פּאָליציי
אוי איז דאָס אַ שאַנד און אַ וויי,
בעסער שטאַרבן פריי
איידער אַריינצופאַלן צו זיי.

## דעם 25טן פעברואַר.

היינט האָט דער פּרעזעס צוזאַמענגערופן אַן אויסערגעוויינלעכע זיצונג. אין דער זיצונג האָבן זיך באַטייליקט אַלע בייראַט־מיטגלידער, ווי אויך אַלע פאָרשטייער פון די אַרבעטס־רעסאָרטן. באַלדביים אָנהייב האָט דער פּרעזעס דערקלערט: „זייט וויסן, אַז וואָס איך וויל מאַכן בעסער, ווערט דערפון ערגער. מען שטערט מיר. דעריבער וויל איך איר זאָלט אויפקלערן אייערע אַרבעטער אין אייערע רעסאָרטן, אַז די לאַגע איז גענוג טרויעריק. מען דאַרף עפּעס טון, כדי דעם שווערן הונגער צו לינדערן". דאָס מאָל האָבן כמעט אַלע זיך אַרויסגעזאָגט. זיי זענען מער נישט געזעסן ווי די מומיעס, אויסגעהערט און אַוועקגעגאַנגען. דאָס מאָל האָט יעדער לויט דער ריי, גענומען אַ וואָרט און געזאָגט זיין מיינונג. ה׳ באַום פון מזרחי, האָט געזאָגט, אַז מ׳זאָל שאַפן אַ ספּעציעלן איבער־ראַט וואָס זאָל זיך פאַרנעמען בלויז מיט דער אַפּראָוויזאַציע און מיט דער פאַרטיילונג. ה׳ בודזינער האָט פאָרגעלייגט, אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער געריכט, וואָס זאָל משפטן די

וועלכע גנבענען. ה׳ משה פרידריך האָט פארגעשלאגן אז מען זאָל אויפלייזן די אַפּראָוויזאַציע־צענטראַלע און שאַפן אַ געזעלשאַפט וואָס זאָל האָבן איין־אייציקע אויפגאַבע: פאַרטיילן דאָס וואָס עס קומט פון דרויסן אין דער געטאָ אַריין און זען, אַז יעדער געטאָ־איינוווינער זאָל באַקומען זיין צוטיילונג אין זעלבן טאָג אונטער דער קאָנטראָל פון געזעלשאַפטלעכע טוער. נאָך אייניקע פאַרשטייער האָבן אַריינגעטראָגן פאַרשידענע פאַרשלאַגן. צום סוף איז אָנגענומען געוואָרן ה׳ באַומס פאָרשלאַג און עס איז אויפן אָרט אויסגעוויילט געוואָרן אַן אויבער־ראַט פון די פאָלגנדיקע ה״ה: גערנאַגאָווסקי, פערלשטיין, דעזערמאַן, קעניגסבערג, ליטווין, קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, שיפער, שפּער און אַדוואָקאַט נאַפּטאַלי. דער לעצטער איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער סעקרעטאַר פון אויבער־ראַט. דער אויבער־ראַט האָט פון היינט אָן געדאַרפט ווערן דער פאַקטישער אָנפירער אין דער לאָדזשער געטאָ. ביים סוף פון דער זיצונג האָט אָבער דער פּרעזעס דערקלערט: „אַלע באַשלוסן פון אויבער־ראַט וועלן ערשט דאַן האָבן דעם ריכטיקן ווערט, ווען איך וועל זיי באַשטעטיקן. אויב עס וועלן אָנגענומען ווערן אַזעלכע פאָרשלאַגן וואָס וועלן נישט קענען אויסגעפירט ווערן, וועלן זיי דורך מיר אַנולירט ווערן". דערמיט האָט זיך די ערשטע, גרויסע געזעלשאַפטלעכע זיצונג געשלאָסן.

## דעם 26טן פעברואַר.

היינט האָט דער ביי־געשאַפענער אויבער־ראַט אַרויסגעקלעפּט אַ רשימה מיט די נעמען פון 83 אומגעקומענע יידן, וואָס ביזן היינטיקן טאָג ווייסט מען נישט, ווו זייער געביין איז אהינגעקומען. אַ טייל פון די יידן זענען ביינאַכט אַרויסגענומען געוואָרן פון די בעטן און אַ טייל זענען פאַרשיקט געוואָרן. אויף אַלע אָנפראַגן ביי דער געסטאַפּאָ, ווו די מענטשן געפינען זיך, קומט נישט קיין ענטפער.

אין דער געטאָ זענען פאַראַנען דריי בריקן: די צענטראַל־בריק, וואָס געפינט זיך ביי דעם גרויסן קלויסטער, עק זגערזשער־בזשעזשינ־סקא און לוטאָמיערסקא. ביי דער זייט פון דער בריק געפינט זיך די

יידישע פּאָליציי־קאָמאַנדע מיטן זיץ אָרט פון הויפּט־קאָמענדאַנט, לעאָן ראָזענבלאַט. אויף דער צווייטער זייט פון דעם קלויסטער געפינט זיך די דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי (קריפּאָ). ביי דער זייט פון קלויסטער געפינט זיך די יידישע רעזערוו־פּאָליציי, ווי אויך דער גאַנצער אַפּאַראַט פון דער קהילה. די צענטראַלע איינקויף־שטעלע, אונטער דער לייטונג פון די דריי הערן: ליפּנאָווסקי, בלויגרונד און גערזאָן, אַלע דריי זענען פאַרן קריג געווען אָנגעזעענע סוחרים. וועגן זייער אַרבעט הערט מען נישט אין דער געטאָ קיין שום שלעכט וואָרט, אַלע דריי זענען מענטשן מיט יידישע הערצער.

איין הויז ווייטער געפינט זיך די געטאָ־פּאָסט, אונטער דער לייטונג פון אינזשעניער גראַוער און אַנדערע קהילה־אַנשטאַלטן.

## דעם 27טן פעברואַר.

ווידער פּלאַקאַטן. דאָסמאָל אַ ווענדונג צו אַלע געטאָ־איינוווינער, אַז זיי זאָלן זיך צואיילן און אויסטוישן די אַלטע ברויט־קאַרטן, כדי אויף זייער אָרט צוקריגן נייע. דער אויפרוף מעלדעט: „יעדער געטאָ־איינוווינער דאַרף ווי אַמשנעלסטן זיך באַזאָרגן מיט נייע ברויט־קאַרטן. ווער עס וועט זיי צום טערמין נישט אַרויסנעמען וועט פאַרלירן זיין רעכט אויף ברויט־קאַרטן".

לויט דער נייער פאַראָרדענונג פון פּרעזעס איז היינט אויפגעזאָגמלט געוואָרן די יידישע רעזערוו־פּאָליציי. אַ טייל פון איר איז איבערגעשיקט געוואָרן צו די שוין עקזיסטירנדע פּאָליציי־רעווירן און אַ צווייטער טייל איז בכלל באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאָליציי. דער שעף פון דער רעזערוו־פּאָליציי משה סעמיאַטיצקי, דווקא איינער פון די באַליבסטע פּאָליציי־קאָמיסאַרן, איז איבערגעשיקט געוואָרן אויף מאַרישין.

## דעם 28טן פעברואַר.

אין האַרץ פון געטאָ, אויף עק לוטאָמיערסקאָ־בזשעזשינער און זגערזשער שטייט פאַראייגזאַמט דער גרעסטער קאַטוילישער קלויסטער

פון דער לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע. ער איז נישט אַרומגעצוימט. ער איז נישט פאַרשטעלט. ער איז אויך נישט פאַרשלאָסן. ווען די פּאָליאַקן זענען אַוועק פון געטאָ־ראַיאָן האָבן זיי פון דעם קלויסטער אַרויסגע־פירט בלויז אייניקע הייליקע בילדער. די ערשטע טעג האָבן די קאַ־טוילישע גייסטלעכע אייניקע מאָל אָנגעפרעגט די געטאָ־מאַכט צי דער קלויסטער ווערט נישט דורך די יידן געשענדעט ? צי ער ווערט נישט באַגנבעט ? די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט אַכטונג געגעבן, אַז דעם קלויסטער זאָל גאָרנישט געשען. אויך רומקאָווסקי האָט באַקומען איי־ניקע מאָל בריוו פון דער קאַטוילישער ליצמאַנשטעטער פּאַראַפיע, ווו מען האָט אים געבעטן, אַז ער זאָל אַכטונג געבן אויפן קאַטוילישן הייליקטום. כדאי צו פאַרצייכענען, אַז צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן האָבן אויך פאַרלאָזט דעם קלויסטער די הונדערטער שוואַרצע קראָען, וואָס האָבן געהאַט זייערע היימען אויף די שפּיצן פון דעם קלויסטער.

## דעם 2טן מערץ.

דער פּרעזעס האָט היינט באַפוילן, אַז אַלע פּאַקעטן וואָס קומען אָן אין דער געטאָ פון אויסלענדישע קרובים זאָלן קאָנפיסקירט ווערן. די גזירה פון פּרעזעס האָט געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק אויף דער געטאָ־באַפעלקערונג. הונדערטער מענטשן וואָס זענען געקומען אויף דער פּאָסט, כדי אָפּצונעמען זייערע פּאַקעטן, האָבן דעם שווערן קלאַפּ נישט געקענט אַריבערטראָגן און אָנגעהויבן אויפן קול צו שרייען : „מערדער... גיט אונדז אָפּ די פּאַקעטן !" אַ סך יידן האָבן אַפילו אָנגעהויבן צו זידלען דעם פּרעזעס און געדראָט, אַז זיי וועלן בקמה נעמען. „ער איז דער מערדער פון אונדזערע פרויען און קינדער — האָבן זיי געשריגן — אַ טויט דעם פּרעזעס. זאָל דאָס שוין איינמאָל פאַר אַלע מאָל נעמען אַ סוף". אַ המון פון 400 פרויען, מענער און קינדער האָבן געמאַכט אַ שטורמישע דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנ־סטראַנטן זענען צוגעקומען ביז צום פּלאַץ פון דער אַפּראָוויזאַציע און דאָרט האָט איינער פון דער מאַסע אָנגעהויבן רעדן צום עולם. אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען פון אַלע זייטן־גאַסן אָנגעקומען די איבערפאַל־קאָמאַנדע און זאָנדער־פּאָליציי און אָנגעהויבן צעיאָגן די מאַסע. זיי

זענען געקומען מיט אַזאַ שטורם, אַז אין פלוג האָבן אַלע געמיינט, אַז דאָס זענען געסטאַפּאָווצעס וואָס זענען ספּעציעל אַרויסגערופן געוואָרן. שפּעטער אַ ביסל האָט מען ערשט דערזען ווער די שלעגערס זענען. די שלעגערייען זענען פאָרגעקומען אויף די הויפן, אויף די פּלעצער און אויף די גאַסן. עס זענען צעטרעטן געוואָרן פרויען, קינדער און זקנים. דער גאַנצער אַפּראָוויזאַציע־פּלאַץ איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט יידיש בלוט.

אויסער דעם זענען צענדליקער אַרעסטירט געוואָרן און אָפּגע־שיקט געוואָרן צו שלום הערצבערג אין דער צענטראַלער תּפיסה.

צוויי שעה שפּעטער איז אויף דעם זאַלבן אָרט אָנגעקומען אַ פּאָר־שטייער פון דער געסטאַפּאָ אין דער קאָמענדאַנט ל. ראָזענבלאַט האָט ראַפּאָרטירט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. דערנאָך האָט ראָזענבלאַט באַקומען אינסטרוקציעס ווי אַזוי ער דאַרף זיך אויפפירן אין אַזאַ פאַל: נישט וואַרטן נאָר גלייך רופן די געסטאַפּאָ. זיי ווען שוין וויסן ווי אַזוי אָרדענונג צו מאַכן. זיי קענען דאָס אַ סך בעסער ווי די זאָנדער־פּאָליציי. מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מען געפרעגט איינעם פון די קאָמיסאַרן פון דער זאָנדער־פּאָליציי, פאַרוואָס זיי האָבן זיך אַזוי ברוטאַל אויפגעפירט. האָט ער געענטפערט — מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, מיט אַ וואָרענונג, אַז אויב דער פּלאַץ וועט נישט אָפּגערייניקט ווערן אין פאַרלויף פון 10 מינוט, וועלן זיי קומען און שיסן יעדן וואָס וועט זיך געפינען אויפן פּלאַץ. דעריבער האָבן מיר געמוזט פאַר יעדן פּרייז צעיאָגן די מאַסע.

## דעם 3טן מערץ.

היינט האָט זיך ווידער געשטעלט אַ היפּש פּרעסטל. דערצו איז נישטאָ וואָס צו עסן. מען גייט אַרום אַ גאַנצן טאָג מיט אַ צוקערל אין מויל. דאָס הייסט, אויף געטאָ־לשון: „אַ דערכאַפּעניש״. אָט פון אַזאַ „דערכאַפּעניש״ גייען דערוויייל אויס די מענטשן ווי ליכט.

דער חודש פעברואַר האָט אַ סך קרבנות איינגעשלונגען. אויף 52 געבורטן זענען געשטאָרבן 1.064. ווי לאַנג אַזאַ מצב קען אָנהאַלטן

איז קיינעם נישט באַוווּסט. די טרייסטערס ווערן מיד און ווערן אויך אויסגעלאַכט. פון טאָג צו טאָג וואַקסט די אויפרעגונג. די פּאָליציי־לייט וואָס האָבן געזאָלט זיין די היטערס פון געזעץ, די היטערס פון מענטשלעכקייט און מאָראַל, זענען אַליין שרעקלעך פאַרדאָרבן. זיי גנבענען און גזלענען אויף וואָס די וועלט שטייט און פירן זיך בכלל אויף ווי דאָס פאָלק וואָלט געווען זייערע שקלאַפן און זיי די אויבער־הערן, די אויסדערוויילטע.

דעם 4טן מערץ.

היינט האָט דער שטאָט־פּרעזידענט מיטגעטיילט דעם פּרעזעס, אַז אַלע געטאָ־איינוווינער מעגן ברענען עלעקטריש ליכט אַזוי לאַנג ווי זיי ווילן, נאָר מיט אַ באַדינג, אַז יעדעס לעמפּל דאַרף נישט האָבן מער ווי 15 וואָלט. דאָס באַפרייען די געטאָ פון פינצטערניש־גזירה האָט אַ סך געבראַכט נאָכצוקלערן וועגן דעם וואָס דאָס זאָל באַטייטן. דערווייל האָבן יידן ליכט. מען דאַרף זיך מער נישט איילן מיטן עסן, מיטן גיין שלאָפן ווי פריער אין די טעג פון דער פינצטערניש. דאָס איז אַ גרויסע פאַרלייכטערונג. שכנים האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַזוכן, מער זיך צו אינטערעסירן איינער מיטן אַנדערן, וואָס מען טוט און וואָס מען האָט בדעה צו טון.

דעם 5טן מערץ.

דער פּרעזעס האָט היינט באַפוילן, אַז אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן זאָלן אויפנעמען פּאָליציי־קאָמיסאַרן, דאָס הייסט, אַז אַלע אַרבעטער וועלן פון היינט אָן דאַרפן דורכגיין אַ פּאָליציי־קאָנטראָל. די ציווילע קאָנטראָל ווערט אויפגעלייזט, דער באַטייט דערפון איז יעדן געטאָ־איינוווינער גוט באַקאַנט. פון היינט אָן, אויב אַן אַרבעטער וועט זיך פאַרזינדיקן, וועט ער קריגן קלעפּ, תפיסה אד״גל.

דעם 6טן מערץ.

דער פּרעזעס האָט אין גרויסע פּלאַקאַטן היינט מיטגעטיילט, אַז אין אייניקע טעג אַרום וועלן אין דער געטאָ איינגעפירט ווערן פאָלקס־

קיכן. די קיכן וועלן זיין פאַר די וועלכע האָבן נישט אויסצוקויפן זייערע צוטיילונגען. זיי וועלן דאַרפן ברענגען די לעבנסמיטל־קאַרטן אין דער קיך אַריין און דאָרט וועלן זיי באַקומען עסן צו דער זאַט, (אַזוי האָט מען בפירוש געלייענט „עסן צו דער זאַט"). ווען דער עולם האָט דאָס געלייענט האָבן טויזנטער מענטשן אָנגעהויבן זיך צו פאַררעגיס־טרירן אין די ניי־געשאַפענע פאָלקס־קיכן. דער געדראַנג איז געווען זייער גרויס. אויף אַ טייל ערטער האָט מען געמוזט אַרויסרופן פּאָליציי צו האַלטן די אָרדענונג. בעתן שאַפן די קיכן האָבן זיך באַלד אָנגע־הויבן מיאוסע זאַכן. פּראָטעקציע און כאַבאַר האָט געשפּילט די הויפּט־ראָל, ביים אָנגענומען ווערן אין אַזאַ קיך. אויסער דעם האָבן זיך גע־שאַפן פּאַרטיי־קיכן און אויך אַן אינטעליגענטן־קיך. יעדע פּאַרטיי האָט צוגעזאָגט, אַז נאָר ביי איר וועט מען זיין צופרידן און מען וועט עסן צו דער זאַט. וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן? פאָלקס־קיכן זענען טאַקע געשאַפן געוואָרן. מען האָט אין די קיכן אַריינגעלייגט שווערע טויזנטער מאַרקן, דערביי האָט מען אויך נישט פאַרגעסן צו שאַפן קאָמיסיעס, אויבער־קאָמיסיעס, קאָנטראָל־קאָמיסיעס און אויך אַ ספּעציעלע קיכן־קאָמיסיע. חוץ מזה האָט מען געשאַפן אינטעליי־גענטן־קיכן, פּועלי־ציוניסטישע־קיכן, אַ בונדישע קיך און אַ קאָמבאַ־טאַנטן־קיך. אָבער פאַר די מאַסן איז געווען אַ קרענק. צו פרעסן האָבן געהאַט די אַלע אויבנאויסגערעכנטע קאָמיסיעס, די אַלע וועלכע האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דעם אָרעמען קעסל. זיי האָבן געגעסן מיט צוויי מיילער און דאָס וואָס זיי האָבן נישט געקענט אויפעסן אויפן אָרט, האָבן זיי פאַרקויפט צו זייערע באַקאַנטע און גאָענטע. אַזוי האָבן אויסגעזעזן אַלע פּאַרטיי־ און אינטעליגענטן־קיכן, ביז די זאָנדער־פּאָליציי האָט די אַלע אַפערעס אויפגעדעקט און אַ גרויסן טייל פון די קיכן פאַרמאַכט.

## דעם 7טן מערץ.

היינט האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די „געטאָ־צייטונג". דער ערשטער נומער האַלט 4 קליינע זייטן. עס זענען פאַראַנען בלויז מעלדונגען, אויפרופן, דראָאונגען און סתם מיטטיילונגען. די זשורנאַ־

ליסטן און דיכטער וועלכע געפינען זיך אין געטאָ אַרבעטן אין דער צייטונג נישט מיט. מען האָט זיי אויך נישט איינגעלאַדן. אין דער געטאָ־צייטונג האָט געזאָלט מיטאַרבעטן אַ גרעסערע גרופּע יידישע זשורנאַליסטן מיט וועלכע מען האָט געפירט אונטערהאַנדלונגען. די גרופּע האָט צווישן זיך געמאַכט אַן אָפּמאַך, אַז אַלע פאַרבליבענע שרייבער זאָלן אין דער צייטונג מיטאַרבעטן און נעמען אַ געהאַלט אַזוי ווי אַ רעסאָרט־אַרבעטער. האָט זיך אָבער שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז געבראָכן דעם אָפּמאַך האָט דווקא אַ מענטש וואָס איז פאַרן קריג געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון דעם וואַרשעווער „היינט", ה' ראָזענשטיין. ער האָט אויף זיך גענומען איינער אַליין צו מאַכן די גאַנצע געטאָ־צייטונג.

## דעם 9טן מערץ.

ווען די דייטשע מאַכט האָט אַלע יידן אַריינגעטריבן אין דער געטאָ אַריין, האָט זי פאַר איר געברויך איבערגעלאָזט אויסערן געטאָ אַ פּאָר צענדליק פּריווילעגירטע יידן, וועלכע האָבן באַקומען דאָקומענטן פון דער געסטאַפּאָ, אַז די באַזיצערס פון די דאָקומענטן איז דערלויבט צו פאַרבלייבן אין ליצמאַנשטאַט, לטובת דער געסטאַפּאָ און דער ווערמאַכט. דער דאָקומענט איז גילטיק ביז צום אָפּרופן. היינט זענען ביי די דאָזיקע יידן צוגענומען געוואָרן די דאָקומענטן און מען האָט זיי אויף אַ זייער „איידעלן" אופן, צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער, ווי אויך מיט פיל געפּעק, אַריינגעפירט אין דער געטאָ.

וואָס דערציילן די יידן?

— די גאַנצע צייט פון אונדזער אויפהאַלט אין ליצמאַנשטאַט האָבן מיר געהאַט גענוג צום עסן. עס האָט אונדז גאָרנישט געפעלט; פון די וווינונגען האָבן מיר נישט געטאָרט אַרויסגיין. נאָר נאָכן באַקומען אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, וואָס איז אונדז פון צייט צו צייט געגעבן געוואָרן, האָבן מיר אויך געמעגט אַרויסגיין אויף איינצוקויפן שפּייז אָדער אויף אַ שליחות פאַר דער ווערמאַכט.

די הויפּט־אַרבעט אונדזערע איז באַשטאַנען אין סאָרטירן די אָנגעזאַמלטע שמאַטעס וואָס זענען אַריינגעשיקט געוואָרן פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אַרום לאָדזש. אייניקע פון אונדז האָבן אויך, פון צייט צו צייט, באַזוכט דאָס געטאָ און פון דאָרט אַרויסגענומען די שוין אויססאָרטירטע שמאַטעס. דערביי האָבן די מענטשן וואָס האָבן באַזוכט דאָס געטאָ געמאַכט פאַרשידענע „לינקע" געשעפטן, געהאַנדלט מיט וואַליוטע, געהאַנדלט מיט לעבנס־מיטל און אויך מיט דאָקומענטן פאַר יחידי־סגולה. די גרופּע האָט געהייסן „אַפּפּאַל־גרופּע" צו דער דיספּאָזיציע פון געסטאַפּאָ.

אין אַ געוויסן פרימאָרגן האָט מען כמעט אַלע יידן פון דער גרופּע, וועלכע האָבן פון צייט צו צייט באַזוכט די געטאָ, אַרעסטירט. זיי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער תפיסה אויף קאָפּערניק־גאַס. וואָס מיט זיי איז געוואָרן איז קיינעם נישט באַוווסט. די צווייטע גרופּע האָט זיך שטאַרק געהיט, אַז זי זאָל נישט אַריינפאַלן און האָבן דעם זעלבן סוף. די געטאָ־באַפעלקערונג האָט אויף די פאַרבליבענע אָנגעהויבן צו קוקן מיט גרויס פאַרדאַכט. אַ טייל האָבן אַפילו געהאַלטן, אַז מען מוז זיך פאַר זיי היטן. זיי זענען נישט אַזוי „בלוי־ווייס" ווי מען שטעלט זיך פאָר. אויב עס איז פאַקטיש אַזוי, איז די זאַך זייער טרויעריק, ווייל צווישן דער גרופּע געפינען זיך אַזעלכע יידן, וואָס האָבן פאַרן קריג געשפּילט אַ גאַנץ גרויסע געזעלשאַפטלעכע ראָל.

## דעם 10טן מערץ.

היינט איז דערקלערט געוואָרן אויסנאַם־צושטאַנד אין געטאָ. די לאַגע איז זייער אָנגעשטרענגט. דער פּרעזעס האָט דערקלערט: „איך וועל קעמפן אויף טויט און לעבן קעגן אַלע שטערער. איך וועל אויסראָטן די אַלע וועלכע ווילן אויפרודערן דאָס געטאָ. די רו־שטערער וועל איך אויסרייסן מיטן וואָרצל". דעם גרעסטן צאָרן האָט דער פּרעזעס אויסגעלאָזט צום „בונד". אַלע בונדאָווצעס ווערן באַזייטיקט פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער. זיי ווערן רעגיסטרירט אָוועקגעשיקט צו ווערן. צוויי טויזנט מאַן זענען שוין פאַרשריבן געוואָרן. אין אייניקע

טעג אַרום וועלן זיי ווערן פון געטאָ אַרויסגעשיקט. אויך ווערן פאַר־רעגיסטרירט פורמאַנעס, פישערס און קצבים.

די צוויי גרעסטע געטאָ־שונאים, משוגעת און זעלבסטמאָרד, האָבן זיך פאַראייניקט און נעמען יעדן טאָג צו פרישע קרבנות. דער גרויסער הונגער האָט אַרומגענומען אַלע שיכטן. אַפילו די וועלכע אַרבעטן אין דער פּאָליציי. די קוימענקערער, נאַכט־וועכטער, אַדמיניסטראַטאָרן הונגערן שטאַרק. מיט איין וואָרט: די גאַנצע געטאָ הונגערט. טויזנטער שטאַרבן און טויזנטער פאַלן יעדן טאָג אין חלשות און בעטן זיך: ראַטעוועט אונדז מיט אַ שטיקל ברויט.

## דעם 11טן מערץ.

דער אויסנאַם־צושטאַנד איז אָפּגערופן געוואָרן. דערווייל איז שטיל.

דער פּרעזעס טראַכט צו באַקן מצות פון קאָרן־מעל. צי דאָס וועט זיך איינגעבן וועט מען ערשט זען.

דער ליצמאַנשטעטער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט צוגעשיקט אַ בריוו צו רומקאָווסקין, אַז ער דאַרף האָבן 1.000 יונגע פרויען צו פאַרשידענע אַרבעטן אין דער שטאָט. די פרויען דאַרפן קומען מאָרגן 10 אַ זייגער אין דער פרי אויפן באַלוטער־מאַרק און פון דאָרטן וועלן זיי אָפּגעשיקט ווערן אין דער שטאָט אַריין.

פון די הייזער אַרום דער געטאָ ווערן אַלע פּאָליאַקן עוואַקואירט. די עוואַקואַציע נעמט אַרום אַן ערך 50 טויזנט נפשות. די עוואַקואַציע קומט פאָר אין מיטן העלן טאָג. די קינדער וויינען ווען מען זעצט זיי אַרויף אויף די וואָגנס. קיין מענער זעט מען נישט. בלויז פרויען און קינדער, ווי אויך אַלטע לייט. צווישן די עוואַקואירטע געפינען זיך אויך אַזעלכע פּאָליאַקן, וואָס האָבן ערשט מיט אייניקע טעג צוריק געשפּאָט און געלאַכט פון די געטאָ־יידן, זאָגנדיק: „גוט אויף אייך, איר יעזוס מערדער". איצט פילן די שונאים אונדזערע אויך אַ ביסל דעם טעם פון זיין געטרויבט. דאָך איז די עוואַקואַציע פון די פּאָליאַקן נישט אַזוי ברוטאַל און געמיין ווי אונדזער גירוש אין געטאָ אַריין.

## דעם 12 מערץ.

אַלץ וואָס געהערט צו אַ נאָרמאַלער שטאָט־פאַרוואַלטונג איז אויך פאַראַן אין דער געטאָ. אויסער פאָליציי פון אַלע מינים געפינען זיך אויך: נאַכטוועכטער, הויזוועכטער, קוימענקערערס, פייערלעשער, ריכטערס. אויסער דעם פעלן אויך נישט קיין כוח־גייערס. טעלער־לעקערס און סתם ברודער־מערדער, וואָס לעבן אויפן חשבון פון צווייטן. פון די לעצטע וועט נאָך אויסקומען אַ סך צו שרייבן. דער־ווייל מוז מען דאָס מויל האַלטן און זיין זייער פאָרזיכטיק.

## דעם 13טן מערץ.

די אַפּראָוויזאַציע איז ווידער געוואָרן שלעכט. עס איז נישטאָ וואָס צו פאַרטיילן. די פאַרטייל־פּלעצער זענען געשלאָסן. די שטימונג איז אַ געוואַלדיק פאַרביטערטע און אַ פאַרטרויערטע. כמעט אַלע געטאָ־יידן זענען איצט געוואָרן פעסימיסטיש. מען גלויבט שוין זיך אַליין נישט. יעדער איינער איז נידערגעשלאָגן.

וואָלף פינקעלשטיין, אַ 13־יעריק קינד, האָט זיך אַוועקגעשטעלט נישט ווייט פון די געטאָ־דראָטן, כדי צו כאַפּן אַ קוק אויף דעם דורכ־פאָרנדיקן טראַמוויי; ער איז דורך אַ מערדערישן וואַך־פּאָסטן אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. דאָס קינד האָט באַקומען צוויי קוילן אין קאָפּ. ווען די עלטערן האָבן זיך דערפון דערוווסט, זענען ביידע, דער פאָטער און די מוטער, אַרויסגעלאָפן פון זייער וווינונג און גלייך צוגעלאָפן צו די דראָטן וווּ זייער קינד איז געלעגן און געבעטן זיך ביים וועכטער, אַז ער זאָל זיי אויך דערשיסן. יידישע פאָליציי־לייט האָבן די אומגליק־לעכע עלטערן מיט כוח אַוועקגעשלעפּט פון די דראָטן און זיי געראַ־טעוועט פון אַ זיכערן טויט.

## דעם 14טן מערץ.

נאָך דעם, ווי די צוויי טויזנט פאַררעגיסטרירטע אַרבעטער זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אויפן באַלוטער־מאַרק, איז פּלוצים אָנגעקומען

אַ מיטטיילונג, אַז אַלע זאָלן צוריק אַהיימגיין און וואַרטן ביז מע וועט זיי נאָכאַמאָל רופן.

אין די מיטיק־שעהן זענען היינט אָנגעקומען 450 מענער און פרויען. זיי זענען אָנגעקומען פון פאַרשידענע ערטער אַרום לאָדזש. צווישן זיי זענען אויך געווען צוויי מענער, צוויי פרויען און אַ דריי־יעריק קינד. זיי אַלע, אויסער דאָס קינד, זענען געווען געשלאָסן אין קייטן. מיט אַ שעה שפּעטער זענען די פיר מענטשן אָפּגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם און זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן. ווער די מענטשן זענען געווען און פאַרוואָס מען האָט זיי ערשט אין לאָדזש דערשאָסן, איז נישט באַוווסט.

פון וואַרשע זענען היינט אָנגעקומען 6 דאָקטוירים. די דאָקטוירים דערציילן, אַז אין וואַרשע לעבן די יידן מיט מער מוט ווי אין לאָדזש. עס זענען אין וואַרשע פאַראַנען אָרגאַניזירטע יוגנטלעכע וואָס טוען געהיימע אַרבעט. אַ גרויסער טייל פון דער וואַרשעווער יידישע באַפעלקערונג האַנדלט און מאַכט גוטע געשעפטן. זיי האָבן נישט געוווסט, אַז אין דער לאָדזשער געטאָ הערשט אַזאַ שרעקלעכער הונגער׳ מען האָט זיי, ווען זיי זענען נאָך געווען אין וואַרשע, דערציילט, אַז אין לאָדזש איז עסן פריי, מען באַקומט עס אין די געשעפטן. דאָס וואַרשעווער יידנטום — דערציילן די דאָקטוירים — לעבט מיט האָפענונג. וואַרשעווער יידן גלויבן, אַז עס וועט אינגיכן קומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. די געטאָ איז געטיילט אין צוויי וועלטן. איין וועלט לעבט און ווילט זיך, האָט גענוג צום עסן, גייט אין יידישן טעאַטער, גייט אין ניי־געעפנטע קאַבאַרעטן אאַז״וו. דאַקעגן די צווייטע וועלט הונגערט מוראדיק און שטאַרבט אויף די גאַסן. עס פאַרגייט נישט קיין טאָג, אַז מען זאָל נישט געפינען אויף די וואַרשעווער געטאָ־גאַסן טויטע, צווישן זיי — קינדער. לוידער, האָבן די דאָקטוירים ווייטער דערציילט, געפינען זיך אין וואַרשע אַ סך, מען קען דרייסט זאָגן, זייער אַ סך, יידישע מוסרים, וואָס פאַרביטערן דאָס לעבן. די מוסרים שטאַמען פון אַלע שיכטן און מען מוז זיך פאַר זיי היטן עס געפינען זיך אויך געזעלשאַפטלעכע גרופּן, וואָס העלפן דער נויט־ליידנדיקער באַפעלקערונג זיי טוען דאָס מיט גרויס מסירת־נפש אויך די פאַרטייען טוען

פאַר זייערע מיטגלידער זייער אַ סך די בויט וואַקסט אָבער, יעדן טאָג ווערט זי אַלס גרעסער.

## דעם 15טן מערץ.

פלוצים אַן אַלאַרם אין דער געטאָ. אַלע גלעקער אין די פּאָליציי־רעוווירן קלינגען. פון אומעטום הערט מען רופן: שיקט ווי אַמשנעלסטן הילף!

וואָס איז געשען?

קיין אויסטערליש איז חלילה נישט געשען, די געסטאַפּאָ האָט קיינעם גאָרנישט מיטגעטיילט און האָט פּלוצים באַזעצט די צוויי איינגענג פון דער קאָשטשעלני־האַלע און געמאַכט רעוויזיעס אין אַלע געוועלבער, צונעמענדיק אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר בייטיק. טויזנטער מענטשן זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן און אָנגעהויבן אויפן קול צו וויינען, זעענדיק אַז עס קומען וואָס אַמאָל מער מענטשן, האָבן זיי גערופן די יידישע פּאָליציי, אַז זי זאָל צעטרייבן די מאַסע, אויב נישט, וועלן זיי שיסן.

די אויסדערוויילטע פון דער אַזוי גערופענער „בעסערער געזעלשאַפט״, האָבן היינט איינגעאָרדנט אַ קאָנצערט אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן אַרטיסט פולאַווער. אויפן קאָנצערט איז געווען דער פּרעזעס מיט זיין גאַנצער סוויטע. נאָכן קאָנצערט האָט דער פּרעזעס געזאָגט: — „הערט יידן, די וועלכע אַרבעטן ערלעך, די וועלן האָבן פון מיר אַלץ, איך וועל זיך באַמיען, אַז די מענטשן זאָלן נישט הונגערן. דאַקעגן די וועלכע גנבענען און זענען נישט ערלעך, די וועלן שטאַרבן און איך וועל אויף זיי קיין רחמנות נישט האָבן, די זענען פאַראורטיילט און פאַראורטיילטע האָבן אין אַזאַ צייט קיין רעכט נישט צו לעבן״.

## דעם 17טן מערץ.

דער פּרעזעס האָט היינט מיטגעטיילט, אַז ער האָט געפּועלט מען זאָל דערלויבן די געטאָ־יידן צו באַקן מצות. באַקומען וועלן מצות די

מענטשן, וואָס וועלן זיך פריער רעגיסטרירן. די בעקערס וועלן מוזן ביי שוואַרצע ליכט שווערן אַז זיי וועלן נישט גנבענען.

היינט איז געוואָרן אַ יאָר ווי עס איז אין דער געטאָ געשאַפן געוואָרן די יידישע פּאָסט. אין טאָג ווען די מעלדונג איז אַרויסגעהאָנגען געוואָרן האָבן זיך פאַרשריבן 300 יונגע־לייט אַלס פּאָסט־טרעגער. דער אָרגאַניזאַטאָר אינזשעניער גראַוור, אַ מענטש מיט אַ יידיש האַרץ, האָט פאַרשטאַנען, אַז אין אַזאַ שווערער, פינצטערער צייט דאַרף מען זען, אַז יידן זאָלן באַקומען פון זייערע אויסלענדישע קרובים טרייסט־ווערטער. ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? מען שאַפט אַ פּאָסט־אָפּטיילונג אין דער געטאָ, מען קאַרגט נישט קיין מי, מען אָרגאַניזירט אַרום זיך אייניקע גוטע, פעאיקע מענטשן און עס ווערט אין פאַרלויף פון 5 טעג אויפגעשטעלט אַ פּאָסט־אַמט מיט אַלע ביי־טיקע איינריכטונגען, וואָס אַזאַ אַמט באַדאַרף. נאָך אַ פּאָר וואָכן אַרבעט, האָט דער זעלבער אינזשעניער גראַוור דערפירט די פּאָסט צו אַזאַ מדרגה, אַז אַלע רעסאָרטן האָבן געדאַרפט דאָרט קומען זיך לערנען ווי אַזוי מען אַרבעט. די געטאָ־פּאָסט איז געוואָרן אַ קאָלאָסאַ־לער ענין און אַ גרויסע טובה פאַר אַלע געטאָ־איינוווינער. פאַקטיש האָט די פּאָסט עקזיסטירט נישט מער ווי ביז יוני 1942, אָבער די קורצע צייט פון איר עקזיסטענץ האָט זי פאַרן יידישן לאָדזש אַ סך אויפגעטון. בריוו וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דער געטאָ זענען צענזורירט געוואָרן דורך ספּעציעלע באַאַמטע. אין די ערשטע צייט פון איר עקזיסטענץ זענען אַן ערך 6.000 פּאַקעטן אָנגעקומען אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין. טייל פּאַקעטן זענען אויך געקומען פון סאָוויעט־רוסלאַנד. דער גרעסטער טייל פּאַקעטן זענען געקומען פון פאַרשידענע קלענערע שטעט אַרום לאָדזש. עס האָט אויך געטראָפן אַז אייניקע משפחות האָבן באַקומען פּאַקעטן פון וואַרשע. אין די פּאַקעטן איז געווען: ברויט, קאַרטאָפל, פעטס, הייל־מיטלען און וורשט. די דייטשן האָבן נישט געשטערט. זיי האָבן די פּאַקעטן געבראַכט אויפן באַלוטער־מאַרק און פון דאָרט זענען זיי אָפּגענומען געוואָרן דורך די יידישע פּאָסט־באַאַמטע. נאָך אַ פּאָר חדשים נאָרמאַלער, ערלעכער אַרבעט, האָט מען אין דער פּאָסט אָנגעהויבן גנבענען. די גניבות

האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן אייניקע וואָכן, ביז עס איז געקומען דער פּרע־זעס און האָט באַפוילן, אַז אַלע פּאַקעטן, אַזוי ווי זיי קומען באָר אָן פון באַלוטער־מאַרק, זאָלן זיי קאָנפיסקירט און געשטעלט ווערן צו זיין דיספּאָזיציע. זעענדיק וואָס דער פּרעזעס האָט געטון האָט דער עולם אַרויסגעשיקט בריוו, אַז מען זאָל מער קיין פּאַקעטן נישט שיקן. איצט אַרבעט די פּאָסט אַ ביסל לאַנגזאַמער. וועגן די פּאַקעטן, וועלכע קומען אָן ווערט אַפילו צו די אַדרעסאַנטן מער נישט מיטגעטיילט. זיי ווערן איבערגעגעבן צו דער זאָנדער־פּאָליציי אונטער דער אויפזיכט פון די זאָנדער־קאָמיסאַרן.

## דעם 18טן מערץ.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט אַרויסגעגעבן היינט אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע וועלכע באַזיצן האַנט־וועגעלעך זאָלן זיי רעגיסטרירן. גלייכ־צייטיק מעלדעט די זעלבע פאַראָרדענונג, אַז אַלע וועלכע פירן מיסט וועלן פון היינט אָן פאַרעכנט ווערן ווי שווער־אַרבעטער. יעדער מיסט־פירער וועט באַקומען צוויי מאַרק אַ טאָג, צוויי זופּן און יעדע וואָך אַ צוגאָב־טאַלאָן פון ברויט, קאַרטאָפל און פערד־פלייש.

אינטערעסאַנט: די וועלכע פירן דאָס מיסט זענען דווקא מענטשן, וואָס האָבן פאַרן קריג געפירט אַ גוזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. צווישן די מיסטפירער זענען פאַראַן: געוועזענע פאַבריקאַנטן, געוועזענע סוחרים, געוועזענע קליינהענדלער. אין אַ טייל וועגעלעך זענען איינגעשפּאַנט גאַנצע משפחות, קינדער צוזאַמען מיט זייערע עלטערן. און אַזוי לעבן די אַמאָליקע יידישע סוחרים פון דער פּיעטריקאָווער, נאָוואָמיעיסקאָ און אַנדערע גאַסן. זייער אַרבעט איז זייער אַ שווערע און דערצו נאָך — אַ שמוציקע. מען זעט טיילמאָל ווי די מיסט־שלעפּער קענען פון אָרט זייער וואָגן נישט רירן. זיי שטרענגען זיך שטאַרק אָן, כדי דעם שווערן וואָגן צו ברענגען אויף דעם געהעריקן אָרט. דאָרט אויף דעם אָרט שטייט אַ קאָנטראָלער און גיט אַכטונג אַז דער וואָגן זאָל זיין פול. אויב דער קאָנטראָלער געפינט איין, אַז דער וואָגן איז נישט קיין פולער, באַקומען די מענטשן שוין דעם טאָג נישט די צווייטע זופּ.

## דעם 19טן מערץ.

היינט האָלב 10 אַזייגער פאַרמיטיק זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע בעקערס וואָס וועלן באַקן מצות אויף פּסח, כדי אָפּצוגעבן אַן עפנטלעכע שבועה. נאָך אַ האַלבער שעה וואַרטן איז אָנגעקומען דער פּרעזעס און אַלע בייראַט־מיטגלידער. ווען אַלץ איז שוין געווען פאַר־טיק אין אַרויסגערופן געוואָרן דער פּרעזעס פון געריכט, אַדוואָקאַט יאַקאָבזאָן און די צוויי געטאָ־פּראָקוראָרן, אַדוואָקאַט ווייסקאָפּ און אַדוואָקאַט בינשטאָק. די שבועה איז פאָרגעקומען ביי אָנגעצונדענע ליכט. אָפּגענומען די שבועה האָט דער גאַנצער ראַבינאַט מיטן עלצטן פון די רבנים, הרב פיינער. ווען די ליכט האָבן שוין געברענט און אַלע אַרום זענען שטיל געוואָרן, האָט הרב פיינער אָנגעהויבן מיט די ווערטער: — „אין נאָמען פון אַלמעכטיקן גאָט און פון זיין הייליקער תורה, דאַרפט איר, די וועלכע גייען מקיים זיין די מצוה פון באַקן מצות — שווערן... ווען דער רב האָט אַרויסגעזאָגט דאָס וואָרט „שווערן" האָבן אַ טייל פון עולם אָנגעהויבן צו ציטערן און געפרעגט: רבי, פאַרוואָס גראָד מוזן מיר שווערן? פאַרוואָס נישט די אַלע וועלכע שטייען אין דער שפּיץ פון דער אָפּראָוויזאַציע? די וועלכע פרעסן שוין לאַנג אויפן חשבון פון אומגליקלעכן פאָלק? פאַרוואָס הייסט דער פּרעזעס זיי נישט שווערן? פאַרוואָס גיבן די מענטשן נישט אָפּ קיין דין־וחשבון פון זייער אָפּגעטוענע מעשים־טובים?

זענענדיק, אַז עס איז געוואָרן אין מיטן דער שבועה אַ שטיקל טומל, האָט זיך דער פּרעזעס אויפגעשטעלט און דערקלערט: — ווער עס וועט פּרוּוון נאָך איין וואָרט צו ריידן, דעם וועל איך אויפן אָרט הייסן אַרעסטירן.

די שבועה איז פאָרגעקומען און די בעקערס האָבן מיט אַראָפּגע־לאָזטע קעפּ נאָך געזאָגט וואָרט ביי וואָרט דעם הרב פיינער.

## דעם 20טן מערץ.

אַ גרויסע דייטשע מיליטערישע קאָמיסיע האָט היינט באַזוכט די געטאָ. די הויפּט־אויפגאַבע פון דער קאָמיסיע איז געווען נאָכצופאָרשן

די אויסערגעוויינלעכע צאָל טויט־פאַלן אין געטאָ. די קאָמיסיע האָט אונטערזוכט אַלע שפּיטאָלן, אַלע אַרבעטס־פּלעצער. דערנאָך געמאַכט אַ שפּאַציר אויף די געטאָ־גאַסן. אויף דער לוטאָמירסקאַ־גאַס האָבן זיי אָפּגעשטעלט אַ בלאָנדע פרוי און זי געפרעגט צי זי קען „שפּרעכן דויטש". די פרוי האָט געענטפערט: „איך בין פון האַמבורג, געבוירן אין לייפּציק, מיין מוטער־שפּראַך איז נאָר דויטש". איינער פון די קאָמיסיע־מיטגלידער האָט זי געפרעגט, ווי עס גייט איר דאָ אין דער געטאָ, האָט די פרוי אַרויסגענומען אַ בילד און געוויזן ווי אַזוי זי האָט אויסגעזען אין האַמבורג און ווי אַזוי זי זעט אויס היינט. „איך האָב פאַרלוירן 20 קילאָ; מיין מאַן פאַרמאָגט אין זיין באַזיץ אַן אייזערנעם קרייץ, באַקומען פערזענלעך פון גענעראַל לודענדאָרף. היינט ליגט ער שווער קראַנק און קען זיך נישט העלפן". מען האָט דייטלעך געזען ווי דער פרעגער האָט חרטה געהאַט אויפן גאַנצן עסק. ער האָט צוויי מאָל זיך אַרומגעקוקט און געמאַכט מיט דער האַנט, אַז העלפן קען ער ליידער נישט. ער האָט געפרעגט ווי די פרוי הייסט און ער האָט נאָטירט איר נאָמען. דער זעלבער האָט שפּעטער גערעדט מיט יאַקובאָוויטשן וועגן דער פרוי. די קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון 70 מאַן.

### דעם 21טן מערץ.

מזל־טוב יידן. דער פּרעזעס מרדכי־חיים רומקאָווסקי איז היינט אַלט געוואָרן 64 יאָר. און ווען אַ פּרעזעס פון אַ שטאָט ווערט עלטער, מוזן דאָך זיינע משרתים פון אַלע מינים מאַכן אַ לחיים. אַזאַ געלעגנהייט טאָר מען נישט דורכלאָזן. אַ קלייניקייט! דער מלך פון דער לאָדזשער געטאָ איז עלטער געוואָרן מיט אַ יאָר. דאַרפן זיינע אונטערטאַנען אים צוטראָגן אַ שיינע מתנה. מען דאַרף האַלטן פייערדיקע רעדעס. מען דאַרף לויבן דעם אַלמעכטיקן פאַר זיין גענאָד אאַז״וו. און בכדי דאָס זאָל אַרויסקומען מיט גרויס פּאַראַד, האָט מען גענומען דעם גרעסטן זאַל אין דער געטאָ, אויף קראַוויעצקאַ־גאַס און מען האָט אים אויסגעפּוצט, איינגעלאַדן אַלע לייטערס פון די רעסאָרטן, אַלע קאָמיסאַרן פון די אַרבעטס־פּלעצער. דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען רומקאָווסקי מיט זיין פרוי, דער ברודער יוסף מיט זיין פרוי, קאָמענדאַנט

ראָזענבלאַט מיט דער פרוי, ד״ר שיקער, יאַקובאָוויטש מיט דער פרוי, שטשענשליווע מיט דער פרוי, רייזגאָלד, ראָזענזאָן, דאַנציקער, יאַאַ־כימאָוויטש און אַנדערע. די טישן זענען געווען געדעקט מיט זיסוואַרג, מיט סענדוויטשן, מיט ווייַן און בראָנפן. עס איז אויך דערלאַנגט געוואָרן אַ זיסער קאָמפּאָט מיט טשולנט.

דער ערשטער האָט גענומען דאָס וואָרט ד״ר שיקער. ער האָט אויסגערעכנט די פאַרדינסטן פון דעם בעל־היובל. אַ דאַנק זיין ענערגיע האָט מען דערגרייכט אין דער געטאָ אַ סך זאַכן וואָס אַנדערע געטאָס האָבן דאָס נישט. מיר האָבן אַ גוט־אָרגאַניזירטן שפּיטאָל־וועזן מיט גוטע פּראַקטישע דאָקטוירים. ווען נישט די קאָרופּציע און לאַפּוווקע־נעמער, וואָס שעדיקן די געטאָ־אינטערעסן, וואָלט אַ סך בעסער געווען און עס וואָלטן אַזוי פיל טויט־פאַלן נישט געווען אין דער לאָדזשער געטאָ. דער רעדנער האָט פאַרגעסן, אַז אַלע לאַפּוווניקעס זיצן דאָ מיט אים ביי איין טיש און געפינען זיך אויף דער שמחה מיט אים צוזאַמען.

דער צווייטער רעדנער, מ. קאַראַ, אַ געוועזענער ציוניסטישער עסקן, האָט זיך נישט געשעמט און אָנגערופן רומקאָווסקי „דער געט־לעכער שליח פאַרן לאָדזשער יידישן קיבוץ״.

אַ שאַנדע! זאָל די שאַנדע אויף אייביק פאַרשריבן ווערן.

עס האָבן נאָך גערעדט שטשענשליווע, יאַאַכימאָוויטש א״אַ.

דערנאָך האָט דער „אויסגעהונגערטער עולם״ גענומען זיך צו די פלעשער ווייַן. מען האָט געווונטשן דעם פּרעזעס לחיים, ער זאָל זוכה זיין צוריק אַרויסצופירן די געטאָ־יידן אין דער שטאָט אַריין. דער פּרעזעס האָט אַלעמען באַדאַנקט און דאָסמאָל דווקא קיין שום רעדע נישט געהאַלטן.

## דעם 22טן מערץ.

דאָס איינגעפירטע שנעל־געריכט אַרבעט בייטאָג און ביינאַכט, און וואָס מער מענטשן עס ווערן געשטעלט צום שאַנד־סלופּ, אַלץ מער מערן זיך די קאַנדידאַטן צום געריכט. דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, וואָס דאָס שנעל־געריכט האָט הייַנט איינגעפירט שמיץ־שטראָף אויפן

הוילן לייב פּאָר קליינע קינדער. — דער אמתער מיטלאַלטער. פּאָר גנבענען אַ פּאָר קאַרטאָפל וועט מען אין דער לאָדזשער געטאָ געבן שמיץ. אין די אמתע גנבים וועלן ווייטער פראַנק און פריי זיך אַרומ־דרייען און אָפּלאַכן פון אַלעמען.

היינט האָט דער פּרעזעס אין אַ פּלאַקאַט מיטגעטיילט, אַז פון מאָרגן אָן וועט געגעבן ווערן פּאָר יעדן געטאָ־איינוווינער צו 8 קילאָ קאַרטאָפל און נאָך פאַרשידענע זאַכן. אָבער וואָס קומט אַרויס? ווו מען גייט און ווו מען שטייט הערט מען, אַז עס איז נישטאָ קיין געלט אַרויסצונעמען די צוטיילונג. מענטשן האָבן שוין פון פריער אויס געוווסט, אַז עס וועט אַזוי זיין. עס וועלן זיין צוטיילונגען און דער עולם וועט נישט האָבן קיין געלט זיי אַרויסצונעמען.

## דעם 23טן מערץ.

היינט איז אַרויס דער דריטער נומער „געטאָ־צייטונג". אייגנטלעך איז די צייטונג פּאַרטיק געוואָרן פרייטיק, נאָר אין דער גאַס אַריין איז זי געקומען ערשט זונטיק.

פון ערשטן ביזן לעצטן זייטל נאָר וועגן עלצטן פון די יידן. ער און ווידער ער. די ערשטע זייט, צו זיין געבוירן־טאָג — אַ מתנה דעם פּרעזעס, געשריבן פון קיינעם נישט; די צווייטע זייט אַן אַרטיקל „בעכ־טיקע הענדלער און היינטיקע פּויערים", אונטערגעשריבן „דער עלצ־טער פון די יידן". די דריטע זייט ווידער אַן אַרטיקל „הונגערן וועט איר נישט", אונטערגעשריבן „דער עלצטער פון די יידן". ווען מיר האָבן אָנגעהויבן צו לייענען דאָס אַרטיקל, האָבן אַלע אָנגעהויבן לאַכן. דער פּרעזעס זאָגט שוין ווידער צו „ביי מיר וועט איר נישט הונגערן" און דווקא ווען ער זאָגט צו קומט אַן אומגליק אויף דער געטאָ. דעמאָלט ווייסן אַלע, אַז עס גייען אויף אונדז פרישע צרות. דאָס פערטע, פינפ־טע און זעקסטע זייטל זענען פול מיט וואָרענונגען און מיט נעמען פון די, וועלכע זענען געשטעלט געוואָרן צום שאַנד־סלופּ פּאָר גנבענען. אויף דער לעצטער זייט פון דער צייטונג געפינט זיך אַ לידל פון גראַף קאַלי: „דער פּרעזעס צווישן זיינע קינדער". דאָס איז די געטאָ צייטונג.

## דעם 24טן מערץ.

היינט האָט די געטאָ־פּאָליציי געפונען באַהאַלטן אונטער אַ בעט אַ צוויי־יעריק קינד, איינגעוויקלט אין זעק. דאָס גופל איז שוין געווען אין אַ צעפוילטן צושטאַנד. ווען די פּאָליציי האָט געפרעגט די עלטערן פאַרוואָס זיי האָבן נישט קובר געווען זייער קינד, האָבן זיי געענטפערט גאָר פּשוט: „עס איז אונדז אַ שאָד געווען צו פאַרלירן די 40 דעקאָ ברויט, וואָס מיר האָבן באַקומען פאַר אים. דאָס קינד וועט סיי ווי מער נישט לעבעדיק ווערן. מיר האָבן געוואָלט אַליין אויפן הויף דאָס קינד קובר זיין, נאָר די שכנים האָבן אונדז געשטערט״.

## דעם 25טן מערץ.

היינט אין דער פרי איז אין עלטער פון 70 יאָר געשטאָרבן דער פּאָלקאָווניק ד״ר קאַמעלהאַרד. פאַרן קריג איז ער געווען אויבער־אַרצט אין מיליטערישן שפּיטאָל. דער דאָזיקער ייד האָט קיינמאָל נישט געוווּסט, אַז ער געהערט צום יידישן פאָלק. די היטלעריסטן האָבן אים באַהאַנדלט ווי אַלע געררודפטע לאָדזשער יידן: באַזייטיקט פון שפּי־טאָל, אַרויסגעוואָרפן פון זיין פּרעכטיקער וווינונג, אָנגעטאָן אַ געלע לאַטע און אַריינגעטריבן מיט זיין משפחה אין דער געטאָ אַריין. ווען ער איז אָנגעקומען אין דער געטאָ, האָט אים דער פּרעזעס זייער פיין אויפגענומען, געגעבן אַ שיינע וווינונג און אַ גוטן פּאָסטן אין איינעם פון די געטאָ־שפּיטאָלן. און כאָטש עס האָט אים אין דער געטאָ גאָר־נישט געפעלט, האָט ער זיך שטענדיק באַקלאָגט, אַז אים איז טאָפּלט ביטער: ווייל די יידן זעען אים פרעמד און פון די גוים ווערט ער נישט אָנערקענט.

## דעם 26טן מערץ.

היינט זענען פון דער געטאָ אַרויסגעשיקט געוואָרן 500 יונגעלייט קיין דייטשלאַנד. אין עטלעכע טעג אַרום דאַרפן נאָך 500 אַרויסגעשיקט ווערן. מען שיקט זיי אויף אַרבעט קיין פּויזן. צווישן די אָוועקגעשיקטע

זענען פאַראַן אַ סך געוועזענע פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען מיט אייניקע וואָכן צוריק באַזייטיקט געוואָרן פון דער פּאָליציי.

די טראַמוויי־וועגן וועלכע קורסירן איבער די צוויי געטאָ־גאַסן פאָרן היינט שוין אין פאַרטונקלונג. היינט איז אויך אויסגעלאָשן געוואָרן יעדער צווייטער גאַס־לאָמפּ אין דער געטאָ.

דער פּרעזעס האָט היינט גערופן עטלעכע פּאָליציי־קאָמיסאַרן און זיי איבערגעגעבן, אַז ער האָט באַשלאָסן פאַר יעדן פּרייז אַרויסצושיקן פון דער געטאָ אַלע „ווילע־יונגען״, אַלע „שטאַרקע״ און די אונטער־וועלט. ער וויל זיי מער נישט האָבן אין דער געטאָ. נישט זיי ווילן אַרבעטן, און נישט זיי וועלן אַרבעטן. „כוח־גייערס האָב איך גענוג אייגענע״. — וועמען ער האָט געמיינט, ווייסט קיינער נישט. ווען די לייט זענען דערפון געוווּר געוואָרן זענען זיי אַריינגעפאַלן אין אַ מוראָדיקער פּאַניק. זיי האָבן אָנגעהויבן לויפן ווי די פאַרסמטע מייז פון איין רעסאָרט צום צווייטן, בעטנדיק אַז מען זאָל זיי פאַרשרייבן ווי שטענדיקע אַרבעטער. אויסער דעם האָבן זיי געדראָט מיט נקמה די אַלע וואָס וועלן זיי נישט העלפן. זייערע אינטערווענצן האָבן גאָרנישט געהאָלפן. איצט וואַרטן זיי אויף דעם וויטערדיקן גורל.

## דעם 27טן מערץ.

היינט זענען ווידער 500 יידן אָװעקגעשיקט געוואָרן קיין דייטש־לאַנד אויף אַרבעט. צווישן די 500 האָבן זיך אויך געפונען 20 פרויען. די פרויען זענען דווקאַ געווען זייער מונטער. איידער צו שטאַרבן אין דער געטאָ פון הונגער — האָבן זיי געזאָגט — שוין בעסער צו שטאַרבן אין דער פרעמד און נישט זען דעם צער פון די באַקאַנטע. ווער קען וויסן, אפשר זענען זיי גערעכט?

היינט איז געשטאָרבן ד״ר פּאָקשיינסקי, איינער פון די גרעסטע דאָקטוירים־קליניקער, וואָס לאָדזש האָט פאַרמאָגט. אין געטאָ האָט ער יעדן איינעם געטרייסט. ביי די קראַנקע נישט געוואָלט נעמען קיין געלט פאַר די וויזיטן. ווען איינער האָט אים געוואָלט באַצאָלן פאַר אַ וויזיט, פלעגט ער זאָגן: „שפּעטער וועל איך פאַר אַלעם נעמען

באַצאָלט, איצט נישט". ער איז אויך געווען אַ פאַרשפּרייטער פון ראַדיאָ־ידיעות. אַלע דאָקטוירים האָבן זיך דערוווּסט די לעצטע ביַיעסן פון אים. צום סוף האָט ער אַליין נישט אויסגעהאַלטן. אין עלטער פון 65 יאָר איז ער היינט, דעם 27־טן מערץ, געשטאָרבן אין שפּיטאָל.

די מצות וואָס מען האָט היינט אָנגעהויבן צו באַקן, זענען פון 65% קאָרן־מעל און 35% ווייצן־מעל. נישט די גאַנצע באַפעלקערונג האָט זיך פאַרשריבן צו נעמען מצות אויף פסח. לויט די רעגיסטראַציע־בויגנס האָט מען פעסטגעשטעלט, אַז קוים 40% האָבן זיך פאַרשריבן אויף מצות. די איבעריקע וועלן עסן ברויט, אַזוי ווי אַ גאַנץ יאָר. די אויפרופן פון ראַבינאַט און פון אַנדערע פרומע יידן, אַז דער עולם זאָל אין דער פינצטערער שווערער צייט תשובה טון, האָבן נישט געהאַט קיין גרויסע פעולה.

## דעם 28טן מערץ.

היינט איז דערשינען דער 4־טער נומער געטאָ־צייטונג. די גאַנצע צייטונג פון דער ערשטער זייט ביז דער לעצטער, איז פול מיט דער גרויסקייט פון פרעזעס. אויף דער ערשטער זייט שרייבט דער פרעזעס גופא: „מאַכט יום־טוב במנוחה. איך שלאָף נישט גאַנצע נעכט איבער אייך. איך זאָרג ווי אַזוי אייך זאַט צו מאַכן. איך וויל, אַז אַלע אין דער געטאָ זאָלן האָבן אַרבעט און עסן". אונטערגעשריבן דער עלצטער פון די יידן — חיים רומקאָווסקי.

## דעם 29טן מערץ.

דער פרעזעס האָט געהאַלטן וואָרט. אַלע דריי „פּ" (פּורמאַנעס פּישער, פּליישער), זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ. בעת זיי האָבן זיך געזעגנט האָט זיך געטון חושך. די פרויען האָבן געשריען, די קינדער האָבן געוויינט, די פּאָליציי האָט געיאָגט. די אַרויסגעשיקטע האָבן געזידלט אויף וואָס די וועלט שטייט. די געשרייען און געוואַלדן האָבן אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן ביז עס איז געקומען ביבאָוו מיט זיינע צוויי געהילפן. דעמאָלט איז אַזוי שטיל געוואָרן, אַז מען האָט געקענט

הערן דאָס קלאַפּן פון יעדן האַרץ. ביבאָוו האָט זיך נאָכגעפרעגט ווער זיי זענען און וואָס פאַר אַן אַרבעט זיי האָבן געטון אין געטאָ?

## דעם 30טן מערץ.

פרייטיק, דעם 28־טן מערץ, איז אין עלטער פון 74 יאָר געשטאָרבן איינער פון די עלצטע לאָדזשער רבנים, הרב משה דאָמב. דער נפטר איז שטאַרק באַליבט געווען ביי די לאָדזשער יידן. די לוויה איז פאָר־געקומען היינט זונטיק דעם, 30־טן מערץ. דאָס ערשטע מאָל זייט עס עקזיסטירט די לאָדזשער געטאָ האָט מען געזען אַזאַ גרויסע לוויה. קיין הספדים האָט מען נישט געמאַכט, ווייל דער נפטר האָט נאָך ביים לעבן געבעטן, אַז מען זאָל דאָס נישט טון.

אויף מאַרישין זענען היינט דורך די געסטאַפּאָ דערשאָסן געוואָרן צוויי יונגע מענטשן. ווער די מענטשן זענען איז נישט באַוווסט. זיי זענען דערשאָסן געוואָרן אויף דער צווייטער זייט פון געטאָ־דראָטן.

## דעם 31טן מערץ.

שוין עטלעכע טעג ווי עס פאַלט אַ שניי און אַ רעגן. זיי שאַפן גרויסע שוועריקייטן ביים אָפּראָוויזירן די געטאָ־באַפעלקערונג. ה' מאָשעגזשניק, דער לייטער פון גרינצייג פּאַרטייל־שטעל, האָט מיר דערקלערט, אַז ער איז שטאַרק באַזאָרגט. דאָס גרינצייג פוילט און פאַרטיילן עס קען מען נישט. פאַרוואָס? ווייל די מענטשן וואָס שלעפּן די וואָגנס מיט גרינצייג צו די פאַרטיילונגס־פּונקטן קענען צוליב דעם שלעכטן וועטער נישט שלעפּן די שווערע משא. ער האָט צוויי מאָל אָנגעפרעגט דעם קאָמיסאַר רייגנאָלד וואָס ער זאָל טון, האָט יענער געענטפערט, אַז „די פּאָליציי וועט ער אין די וואָגנס נישט איינשפּאַנען".

איך האָב אויך געפרעגט דעם לייטער פון די בעקערייען, ה' מרדכי לייזעראָוויטש, וואָס ער האָט בדעה צו טון, אַז דאָס ברויט זאָל צוגע־שטעלט ווערן אין די קאָאָפּעראַטיוון? ער האָט מיר געענטפערט: „מיר טוען אַלץ, אַז די קאָאָפּעראַטיוון זאָלן נישט בלייבן אָן ברויט. היינט

האָבן מיר זיך פאַרשאַפט אַ גרויסן שליטן, איינגעשפּאַנט אין אים 12 אַרבעטער פון אונזער רעסאָרט און זיי פירן דאָס ברויט צו די קאָאָ־פּעראַטיוון. אמת איז, אַז דאָס איז זייער אַ שווער שטיקל אַרבעט. אָבער דאָס איז אונזער נאַציאָנאַלער חוב". איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב דאָס ערשטע מאָל געהערט אַזעלכע ווערטער פון אַ געטאָ־לייטער.

עס זענען היינט אַרויסגעהאָנגען געוואָרן צוויי מלדונגען: איין מעלדונג טיילט מיט, אַז אַלע מענער אין עלטער פון 35 ביז 60 יאָר זאָלן זיך רעגיסטרירן. די צווייטע מעלדונג טיילט מיט, אַז פון מאָרגן אָן, מוזן זיך רעגיסטרירן אַלע מענער און פרויען אין עלטער פון 18 ביז 35 יאָר. איין גאָט אין הימל ווייסט, וואָס די דייטשן מיינען מיט די נייע רעגיסטראַציעס.

דעם חודש איז די שטערבלעכקייט גאָרנישט פאַרקלענערט גע־וואָרן. געוועזן 55 געבורטן. געשטאָרבן זענען 1.023 נפשות. לויט דעם קאָנטראָל־בוך פון בית־עולם זענען פון 1.023 נפשות געווען 70% מענער און 30% פרויען.

## דעם 1טן אפריל.

היינט איז געטוישט געוואָרן די וואַך אַרום דער געטאָ. ביז היינט זענען די וואַכלייט געווען האַמבורגער דייטשן. בישט אַלע זענען זיי געווען שלעכטע. עס האָבן צווישן זיי זיך אויך געפונען אייניקע, וואָס האָבן אונדז באַדויערט. די איצטיקע זיינען בייערן, זייער שלעכ־טע מענטשן. ביי אַ ליאַדע וואָס כאַפּן זיי זיך באַלד צו דער ביקס.

ביים צענעמען דאָס הויז פון נאָוואָמיעיסקא 28 האָבן געאַרבעט צוויי יינגלעך. שטייענדיק אויפן 5־טן שטאָק, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן קריגן. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און איינער האָט דעם צווייטן אַ פּעסטן שטויס געטון. דער וואָס האָט געקריגן דעם שטויס איז אַראָפּגעפאַלן און געבליבן טויט אויפן אָרט. דער שטויסער איז אַרעסטירט און איינ־געזעצט געוואָרן אין דער תפיסה פון שלום הערצבערגן.

פּלוצים האָט דער פּרעזעס היינט מיטגעטיילט, אַז אַלע פרויען

וואָס אַרבעטן אין די רעסאָרטן פון טישלעריי, טראַנספּאָרט, בוי, דרו־קעריי, טריקאָטאַזש, שטריקעריי, אַלט־מאַטעריאַלן און שטעפּעריי, וועלן באַזייטיקט ווערן פון זייער אַרבעט. פאַרוואָס די פרויען פון די רעסאָרטן ווערן באַזייטיקט איז קיינעם נישט באַוווּסט.

אין דער געטאָ קומט איצט פאָר אַ רעגיסטראַציע פון מענער, רעגיסטראַציע פון פרויען און יונגוואַרג קיין דייטשלאַנד. מיט איין וואָרט: מען צעמישט דעם מוח פון דעם געטאָ־ייד. אויב ס׳איז דיר ווייניק דער הונגער, די קעלט, דער טרויער, פּיין, רדיפות, גזירות, האָסטו איצט אַ פרישע פּעקל צרות: רעגיסטראַציעס. און צו וואָס די רעגיסטראַציעס וועלן ברענגען, איז קיינעם נישט באַוווּסט.

## דעם 2טן אפּריל.

די לעצטע צוויי וואָכן קומען כסדר פאָר משפּטים. איין משפּט איז גרעסער פון צווייטן. די משפּטים קומען פאָר, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. הכלל, דאָס גאַנצע „געטאָלע" ווערט געמשפּט. וועגן די משפּטים און וועגן די ריכטער ווערט אין דער געטאָ אַ סך גערעדט.

ווער זענען די ריכטער?

עטלעכע פון זיי זענען פאַרן קריג געווען אַפּליקאַנטן ביי לאָדזשער אַדוואָקאַטן. דער ברייטער עולם האָט זיי נישט געקענט. אַפילו פון זיי נישט געהערט. נישט זיי האָבן אַמאָל וועמען פאַרטיידיקט און נישט די געזעלשאַפט האָט זיי אַמאָל אָנפאַרטרויט אַ משפּט. זיי זענען געווען לערן־ייִנגלעך ביי דער יוסטיץ.

עס זענען אויך פאַראַן אַנדערע געטאָ־ריכטער: געוועזענע האַנ־דלס־אָנגעשטעלטע, סוחרים און אַזעלכע וואָס האָבן פאַרן קריג געהאַט אַ שייכות מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן. אויב עס זענען יאָ פאַראַן צוויי־דריי אמתע ריכטער זעען זיי זיך נישט אָן. זיי ווערן גענוצט צו קליינע משפּטים, צו אַזעלכע וואָס עס לוינט אַפילו נישט צו פירן געריכטס־פּראָטאָקאָלן.

ווער־זשע זענען די פאַרברעכער?

דער גרעסטער טייל זענען אַרבעטער פון רעסאָרטן, אָדער אַרבע־טער אין די קאָאָפּעראַטיוון. דערנאָך קומען קינדער־פאַרברעכער און שמוקלער. אַ קליינע טייל — גנבים פון האָלץ, ברויט און קאַרטאָפל. צווישן די פאַרברעכער געפינען זיך טייללמאָל, אויך מערדער און גנבים פון גרויסן פאַרמאָגן.

געמשפּט ווערט מען אין דער געטאָ פאַר יעדע קלייניקייט. דער וואָס ווערט נאָר געכאַפּט און האָט נישט קיין „פּלייצע", קיין באַשיצער און האָט אויך נישט צו שטופּן אין דער יד אַריין, דער איז שוין אַ פאַרפאַלענער, דער איז שוין אַ צעבראָכענער, דער איז שוין אַן אומ־גליקלעכער. ער ווערט געמשפּט. געמשפּט און גערודפט. די שטראָפן זענען פאַרשידענע. ביז אַ חודש אַרעסט זיצט דער באַשטראָפטער אָפּ אין זיין רעוויר. ביז דריי חדשים ווערט דער פאַרמשפּטער אָפּגעשיקט אין דער צענטראַלער תפיסה און די וועלכע באַקומען אַ גרעסערע שטראָף, ווערן אויך איינגעזעצט אין דער צענטראַלער תפיסה ווי שווערע פאַרברעכער. זיי ווערן אין דער געטאָ לאַנג נישט געהאַלטן. ביי יעדן אַרבעטער־טראַנספּאָרט וואָס ווערט אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד ווערן זיי מיטגעשיקט.

## דעם 3טן אפריל.

היינט האָט זיך ענדלעך באַוויזן די ליבע זון. נאָך עטלעכע וואָכן קעלט, רעגן, שניי, איז די זון היינט אַרויסגעקראָכן פון איר פוטער־פּאַס און אָנגעהויבן צו וואַרעמען די אויסגעמוטשעטע און אויסגע־פרוירענע געטאָ־שקלאַפן. היינט האָבן די געטאָ־איינוווינער געעפנט זייערע פענצטער, כדי אַ פרישע פרילינג־זון זאָל זייערע שטובן אַ ביסל אויסוואַרעמען און אַרויסציען דעם ווינטער־שימל. היינט צום ערשטן מאָל, האָבן מאַמעס זייערע קליינע, שוואַכע אויסגעבלייכטע קינדערלעך אַרויסגעפירט אויף קינדער־וועגעלעך, כדי זיי זאָלן זיך איינאָטע־מען פרישע לופט. ענדלעך, ענדלעך הייבן די געטאָ־מענטשן אָן אויס־צוגלייכן זייערע איינגעהויקערטע רוקנס און זיי לויבן דעם באַשעפער פאַר דעם, וואָס איין צרה איז שוין אַוועק.

## דעם 4טן אפריל.

די געטאָ־וואָך האָט זיך היינט פלוצים געטרישט. די אָנגעכמורע־טע ביימער זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן רוסישן פראָנט און אויף זייער אָרט זענען געקומען די זאַקסן. באַלד אין ערשטן טאָג, ווען זיי האָבן זיך באַוויזן אויף זייערע וואָך־פּאָסטנס, האָבן זיי געשמייכלט צו די דורכגייער. אייניקע האָבן אַפילו געענטפערט אויף אַ גוט־מאָרגן. צי אַלע זענען אַזוי, וועט מען ערשט שפּעטער זען. די דייטשן זענען העפלעך! אפשר, גאָטעניו, גייען אונדז שוין בעסערע צייטן?

## דעם 5טן אפריל.

„יידישער אויספאָרשונגס־אַמט" — אַזוי הייסט די אינסטיטוציע, וועלכע פאָרשט דאָס נישט נאָרמאַלע געטאָ־לעבן. יעדער קרימינעלער פאַרברעכן מוז דורכגיין דעם אויספאָרשונגס־אַמט. איידער עס איז געשאַפן געוואָרן דער אויספאָרשונגס־אַמט זענען אין געטאָ געווען עטלעכע פּאָליציאַנטן, מיט אַ געוויסן פּיטשאַלער אין דער שפּיץ, וואָס האָבן אויף דער אייגענער האַנט אויסגעפאָרשט די וועלכע מען האָט חושד געווען אין קרימינעלע פאַרברעכנס. דאָס הויז וווּ די אויספאָר־שונג איז פאָרגעקומען איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שעכט־הויז. מ'האָט ביי דער אויספאָרשונג געשלאָגן מיט גומענע שטעקנס, מיט אייזערנע הענטשקעס (טויטן־שלעגערס). ביי יעדער אויספאָרשונג האָט מען די געוואַלדן געהערט ווי ווייט. ווייל איז געווען צו איינעם, וואָס איז פון דעם שעכט־הויז באַפרייט געוואָרן און האָט עמיצן דער־ציילט וואָס פּיטשאַלער מיט זיין באַנדע האָט אים געטון. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז ער צוריק גערופן געוואָרן און ער האָט שוין מער די ליכטיקע שיין נישט געזען. ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אַלס שווערער פאַרברעכער און איז איבערגעגעבן געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון דער געסטאַפּאָ און פון דאָרט אויף יענער וועלט.

שפּעטער, ווען דאָס געטאָ־לעבן האָט זיך אַ ביסל נאָרמאַליזירט, זענען צום פּרעזעס דערגאַנגען ידיעות וועגן פּיטשאַלערס אויספאָר־שונגס־מעטאָדן. בסוד־סודות האָט ער אַהין אַריינגעשיקט זיינעם אַ

מענטש, וואָס האָט געגנבֿעט צו אַלעם זיך צוגעקוקט און שפּעטער איבער־געגעבן דעם פּרעזעס אַלץ וואָס דאָרט געשעט. ער האָט דערציילט, אַז די אויספאָרשער מאַכן מיאוסע געשעפטן, נעמען כאַבאַר. ביי יעדן געפינען זיך שטיקער מאַנופאַקטור־סחורות, פאַרשידענע איינגעשמוקלטע זאַכן. אַ שיינע פרוי קומט אינטערווענירן פאַר איר מאַן, אָדער פאַר איר ברודער, זאָגט מען איר: — יאָ, מיר קענען אים באַפרייען נאָר מיט אַ באַדינג, איר דאַרפט זיך מיט אונדז אַ ביסעלע שפּילן. אויב איר זענט מסכּים, ווערט דער פאַרהאַלטענער נאָך היינט באַפרייט. אויב אַ פרוי האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג זענען די מענער געהאַלטן געוואָרן אין אַרעסט אַזוי לאַנג, ביז זיי זענען קראַנק געוואָרן.

אַזאַ באַריכט האָט דער פּרעזעס באַקומען פון זיין געהיימען שליח.

באַלד ווי ער האָט זיך איבערצייגט, אַז אַלץ איז אמת, האָט ער גערופן צו זיך זיינע פיר איבערגעגעבענע מענטשן: הערצבערג, אייזמאַן, בלעמער און ראָזענבלאַט און איז מיט זיי אַראָפּגעפאָרן אין אויספאָרשונגס־אַמט. אויפן אָרט האָט ער געפּאַטשט דעם קאָמיסאַר פּיטשאַלער, אייניקע פּאָליציאַנטן אַרעסטירט און צעלאָזט די גאַנצע שייקע און אויפן אָרט נאָמינירט דעם ה׳ בלעמער פאַר דעם לייטער פון דעם נייעם אויספאָרשונגס־אַמט. פּיטשאַלער מיט נאָך צוויי פון דער באַנדע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף שווערער אַרבעט קיין דייטשלאַנד. נאָך דעם ווי בלעמער האָט איבערגענומען דעם אויספאָר־שונגס־אַמט אין זיין האַנט אַריין האָט ער קודם־כּל באַזייטיקט דעם גאַנצן פריערדיקן אַפּאַראַט און דער אַמט איז געוואָרן אַ נאָרמאַלע אינסטי־טוציע. בלעמער האָט בכלל נישט געהאַלטן פון שלאָגן. זיינע מעטאָדן זענען געווען גאָר אַנדערע. ער האָט גערעדט צום געוויסן פון דעם אַרעסטאַנט. ער האָט גערופן די הויז־מענטשן פון דעם אַרעסטאַנט און ביי זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן איבערצייגן דעם אַרעסטאַנט, אַז זיין עקשנות וועט אים נישט העלפן. אויב דאָס צווייטע מיטל האָט אויך נישט געפּועלט, איז דער אַרעסטאַנט באַפרייט געוואָרן אונטער אַן אָבסערוואַציע, אַזוי צי אַזוי, דער נייער אויספאָרשונגס־אַמט האָט אַ דאַנק דעם ה׳ בלעמער זיך אַביסל רעהאַביליטירט.

## דעם 6טן אפריל.

דער פּאַרטרעטער פון ביבאָוו, האַנץ ריבע, האָט זיך היינט אָנגע־שיכורט. נו — אַז אַ גוי איז שיכור, איז אָדער ער שלאָגט יידן, אָדער ער קושט יידן. האָט דער גוי היינט אַרומגעכאַפּט די פריילין פוקס, געקושט זי און געלויבט זי ביזן זיבעטן הימל אַריין.

ביבאָוו, שאַומבערג און טשאַרנילאַ האָבן זיך דערפון דערוווּסט האָבן זיי אַלע דריי, גענומען דעם האַנץ ריבע אין אַ באַזונדערן חדר אַריין, אויסגעמקל'ט אים און אים פאַרשלאָסן ביז עס איז געוואָרן פינצטער. דאַן איז ער מיט זיי אָפּגעפאָרן אין דער שטאָט אַריין.

באַמערקונג:

ביבאָוו, ריבאַ, טשאַרנילאַ און שאַומבערג זענען די הויפּט־פיגורן פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג; ביבאָוו איז איבער זיי אַלע. אין דער געטאָ־פאַרוואַלטונג געהערן אויך: שטראַובע, קיילער, שווינד און שולץ. פון דער גאַנצער גרופּע האָט נאָר איין שטראַובע קיין איין מאָל נישט אויפגעהויבן אַ האַנט צו שלאָגן אַ יידן. ער איז בכלל נישט קיין נאַצי־מיטגליד. די איבעריקע שלאָגן ביי יעדער געלעגנהייט יידן.

## דעם 7טן אַפּריל.

דער עולם איז היינט געוווּיר געוואָרן, אַז אַ פאָרציע מצות וועט קאָסטן 3 מאַרק און מען וועט מער נישט פאַרטיילן ווי צוויי און אַ האַלבן קילאָ אויף אַ פּערזאָן. די שטימונג איז אַ געדריקטע. ביי אַלע קאָאָפּעראַטיוון האָט מען געזען מענטשן, וואָס האָבן אַגיטירט, אַז מען זאָל די מצות נישט אויסלייזן. „זאָלן זיי פאַרברענט ווערן מיט זייערע מצות! זאָלן זיי דערשטיקט ווערן!” אַזעלכע זידל־ווערטער האָט מען געהערט אומעטום. דער עולם האָט פריער געהאָפט, אַז אויף פּסח וועט דער פּרעזעס באַווייזן אַ זשעסט: ער וועט פאַרטיילן מער מצות און נעמען ווייניקער געלט. וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? פונקט דאָס פאַרקערטע. די מצות־נעמער באַקומען ווייניקער ווי די וואָס וועלן ווייטער עסן ברויט און באַצאָלן וועלן זיי אַ טאָפּלטן פּרייז. אַלע מכות וואָס געפינען זיך אין דער הגדה זענען מקוים געוואָרן אויף דעם

יידישן לאָדזש: פינצטער חושך, מגפות, משוגעת, שרעק, הונגער און רדיפות.

איידער מען האָט די מצות געקריגן אין די קאָאָפּעראַטיוון האָט מען זיי שוין געקענט קויפן אויפן „שוואַרצן מאַרק”. פאַר 5 מאַרק האָט מען געקריגן וויפל מצות מען האָט געוואָלט. מען שמועסט, אַז דאָס איז מיט דער שטילער הסכמה פון פרעזעס. ער ווייסט דערפון און מאַכט זיך נישט הערן און נישט זען. אָט אַזוי חוזקט מען אָפּ פון די געטאָ־יידן. פאַר יום טוב שרייבט דער פרעזעס אין זיין געטאָ־צייטונג: „אויף יום טוב וועט איר האָבן עסן צו דער זעט. איך בין אייער פאָטער; איך וועל דערפאַר זאָרגן”, און ווען עס קומט דער יום טוב, זעט יעדער אַז ער איז אָפּגענאַרט געוואָרן. און פון ווען אָפּגענאַרט? פון זיינע מיטברידער. נישט אומזיסט האָבן די געטאָ־זינגערס, ערב יום טוב, אָנגעהויבן צו זינגען: „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן, פריי באַהערשט די וועלט...”

## דעם 8טן אַפּריל.

היינט איז די געטאָ אויפגעציטערט געוואָרן. די געהיימע ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט” האָט מודיע געווען, אַז דאָס דייטשע מיליטער איז אַריין קיין יוגאָסלאַוויע און קיין גריכנלאַנד. ביידע פעלקער שטעלן אַ העפטיקן ווידערשטאַנד. עס איז דאָ פון וואָס צו ריידן. ווי תמיד, ביי אַזעלכע ידיעות, שאַפן זיך באַלד פאַרטייען, מיינונגען און ריכטונ־גען. דיסקוסיעס וועגן דער געשעעניש קומען פאַר אומעטום. דערווייל גייט צו פסח און דער עולם האָט נישט פון וואָנען צו נעמען אויף יום טוב.

## דעם 19טן אַפּריל.

די מלחמה מיט די גריכן און יוגאָסלאַוון האָט אַזוי צעשרויפט די געטאָ־יידן, אַז עס איז פשוט נישט מעגלעך פטור צו ווערן פון די קלאַנגען וואָס קורסירן אַרום אויף דעם חשבון. עס זענען פאַראַן יידן וואָס האַלטן אַז אָט, אָט איז שוין אויס מלחמה און מען ווערט פטור

די געטאָ. אַ צווייטע גרופּע, דאַקעגן, האָט פאַרלוירן די גאַנצע האָפֿע־נונג. זי זאָגט, אַז פון דער געטאָ וועט מען שוין קיינמאָל נישט אַרויס. דער דייטש וועט די צוויי פעלקער באַזיגן אַזוי ווי ער האָט באַזיגט פּוילן, טשעכיען און אַנדערע מלוכות, און די מלחמה וועט זיך ציען און ציען מי יודע ווי לאַנג.

היינט האָט מען אַרויסגעשיקט פון דער געטאָ 200 יידן, צווישן זיי אַלע וועלכע האָבן באַקומען שטראָפן פון שנעל־געריכט. זיי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. ביי זייער געזעגענען זיך האָט מיר פּשוט געשניטן דאָס האַרץ און די טרערן האָבן זיך מיר געקייקלט פון די אויגן. טאַטעשי, האָט אַ קינד געשריען, האַלט דיך פעסט, זאָלסט זיך נישט איינברעכן, פאַר אונדז זאָלסטו נישט זאָרגן.

## ז׳עט 10טן אַפּריל.

פון סאָוויעט־רוסלאַנד זענען היינט אָנגעקומען צענדליקער בריוו צו פאַרשידענע משפּחות. די בריוו־שרייבער טרייסטן זייערע קרובים און גיבן אָנצוהערן, אַז אַלץ וועט זיך באַלד ענדיקן צום גוטן. אין איינציקע בריוו איז אַפילו דייטלעך געשריבן, אַז דאָס „חזרל" (רוס־לאַנד) דערנענטערט זיך און וועט אייך אין קורצן באַזוכן. צו די מש־פּחות גרינבערג, פּרענקל, קליין און גאָטעסגנאַדע זענען אָנגעקומען שפּייז־פּאַקעטן פון זייערע קינדער, וועלכע געפינען זיך אין טיף רוסלאַנד.

די זאָנדער־פּאָליציי האָט היינט אַרומגערינגלט דעם פּאָסט־אַמט און אויפן אָרט אַרעסטירט 4 פּאָסט־באַאַמטע. איידער זיי זענען אַרעס־טירט געוואָרן איז ביי זיי אין די וווינונגען דורכגעפירט געוואָרן אַ שטרענגע רעוויזיע. שפּעטער האָט דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, ראָזענ־בלאַט, דערציילט, אַז די 4 הויכע פּאָסט־באַאַמטע האָבן סיסטעמאַטיש געגנבעט. זיי האָבן געעפנט שפּייז־פּעקלעך און בכלל זיך אַזוי אויפ־געפירט ווי זיי וואָלטן געווען די באַלעבאַטים פון דער פּאָסט. ראָזענ־בלאַט האָט אויך דערציילט, אַז מיט עטלעכע וואָכן צוריק זענען פון פּראָג אָנגעקומען 60 פּאַקעטן און פאַרטיילט זענען געוואָרן 20. די

איבעריקע 40 פּאַקעטן זענען אַוועקגעקומען, ווייל די אַדרעסאַטן זענען שוין געווען אויף דעם עולם האמת.

## דעם 11טן אַפּריל.

די דייטשע מאַכט האָט היינט דורך דער פּאַרמיטלונג פון קאָמענ־דאַנט ראַזענבלאַט מודיע געווען, אַז די יידישע פּאָליציי זאָל מער אַכטונג געבן אויף דער פּאַרטונקלונג. אויב דער באַפעל וועט נישט ווי געהעריק אָפּגעהיט ווערן, וועלן די דייטשן אַליין פּאַטרולירן די געטאָ־גאַסן און דאָס וועט פאַר די געטאָ־איינוווינער זיין פיל ערגער. אַ געדריקטע שטימונג הערשט היינט אין געטאָ. דייטשע מלחמה־באַריכטן מאַכן אַפּאַטיש. עס גלוסט זיך מער נשיט צומוטשן מיט דעם מיאוסן געטאָ־לעבן. די דייטשע ראַדיאָ טיילט מיט, אַז די „דייטשע העלדישע אַרמייען האָבן באַזעצט בענגאַזי, סאַלאָניקי. און האַלטן אָפּ גרויסע זיגן אין יוגאָסלאַוויע. אונדזערע אַרמייען מאַרשירן פאָרויס. ליביע באַזעצט; גריכנלאַנד קאַפּוט; יוגאָסלאַוויע צעבראָכן". דער ספּיקער לאַכט פון דער צוגעזאָגטער ענגלישער און אַמעריקאַנער הילף: „די ענגלענדער קענען זיך זעלבסט נישט העלפן. אויך זייער סוף איז נאָענט". עס פאַרשטייט זיך אַז יידן הערן אַזעלכע ווערטער ווערן זיי נישט בלויז אַפּאַטיש נאָר אויך משוגע.

היינט איז ווידער דערשינען אַ נומער „געטאָ־צייטונג". ווידער וואָרענונגען און שטראָפן. אויף דער ערשטער זייט פון דער צייטונג געפינט זיך אַ גרויסער אַנאָנס: „דער פּרעזעס ווינטשט אַלע יידן אין געטאָ אַ פריילעכן יום־טוב". ציניש און פרעך! אין אַזאַ יום־כיפור־שטימונג, אין אַזאַ געדריקטער אַטמאָספער ווען טויזנטער יידן שטאַרבן בוכשטעבלעך יעדן טאָג פון הונגער, ווען ער, דער „חשובער" פּרעזעס האָט נישט באַוויליקט צו באַזאָרגן זיינע אונטערטאַנען מיט אַ ביסל יום־טוב־פּראָדוקטן, מיט אַ ביסל מער קאַרטאָפל, מיט אַ ביסל מער מצות, האָט ער נאָך די חוצפה צו שרייבן, אַז ער ווינטשט אַלע יידן אין געטאָ אַ גוטן יום־טוב.

דאָס קען נאָר באַווייזן אַ דיקטאַטאָר, אַ ציניקער. דער גאַנצער נומער איז פול מיט לויב־געזאַנגען פאַרן פּרעזעס. און דער נומער רעכנט

אויס וואָס ער האָט שוין באַוויזן אויפצוטון, און וואָס ער וועט נאָך אין קורצן באַווייזן אויפצוטון פאַרן וווּיל פון די לאָדזשער יידן. דער עולם האָט נאַטירלעך אַן אַנדערע מיינונג. קיינער קען אָבער נישט אַרויס־זאָגן דאָס וואָס ער טראַכט. די מורא איז גרויס. פאַר יעדער קריטישער באַמערקונג קען מען זען די עלטער־באָבע און דערנאָך מוז די נשמה געזעגענען זיך מיטן בינטל אויסגעדאַרטע ביינער.

## דעם 12טן אַפּריל.

וועו מען קוקט זיך צו צו די געטאָ־קינדער, צו זייער אַרט לעבן, צו זייער אויסזען, צו זייער רעזיגנירטקייט, פּלאַצט דאָס האַרץ פון צער און ווייטיק. נאָך מער טוט דאָס האַרץ וויי ווען מען זעט, אַז דער גאַנצער יונגער דור איז אַ פאַרלוירענער, די עלטערן קענען זיך מיט זייערע קינדער נישט קיין עצה געבן. זיי זעען און קענען נישט העלפן. די קינדער וואַקסן שוואַכע, אויסגעדאַרטע מיט אַ שטענדיקער האַרץ קלעמעניש. וויפל מאָל אין טאָג פאַלן זיי פון שוואַכקייט אַוועק, און וויפל מאָל אין טאָג בעטן זיך די קינדער: „מאַמעניו, גיב אונדז אַ שטיקעלע ברויט, אָדער אַ צוקערל, כדי דאָס האַרץ צו דערכאַפּן". אַזוי פאַרגייט אַ טאָג נאָך אַ טאָג און די קליינע הונגעריקע משה'לעך און שרה'לעך ווערן וואָס אַמאָל שוואַכער, ביז זיי קענען שוין מער אויף זייערע פיסלעך נישט גיין און זיי פאַלן אַוועק מאַסנווייז ווי אונטערגעהאַקטע זאַנגען.

## דעם 13 אַפּריל.

10 מינוט נאָך 9 אַזייגער אין אָוונט איז דער פּרומער חיים ראַ־זענטאַל, פון זגערזשער נומער 16, געגאַנגען מיט אַ טשייניקל נאָך אַ ביסל וואַרעמער קאַווע. אויף צוריקוועגס, ווען ער איז שוין געווען נאָענט פון זיין הויז, האָט אים באַמערקט דער וואַך־פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון דאָרט. און האָט אויף אים צוויי מאָל געשאָסן און אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן אויפן אָרט. שפּעטער האָבן די קינדער איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן געבעטן זייער פאָטער אַ ביסל

וואַרעמע קאַווע, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט און גענומען דאָס טעפּל כדי צו ברענגען פאַר די אָפּגעשוואַכטע קינדער אַ ביסל וואַרעמס. אַזוי האָט אים דאָס אומגליק געטראָפן.

היינט איז אויף די מויערן פון געטאָ דערשינען אַ פרישע מעלדונג: אַלע יידן אין עלטער פון 18 ביז 60, דאַרפן זיך רעגיסטרירן און געבן אָנגעבן זייער וווין־אָרט.

## דעם 14טן אַפּריל.

די פּאָליציי־כראָניק מעלדעט, אַז אין פאַרלויף פון 4 וואָכן איז נישט פאָרגעקומען קיין איין זעלבסטמאָרד. דאָס איז דער ערשטער חודש פון דעם יאָר, אין וועלכן עס איז קיין זעלבסטמאָרד־פאַל נישט נאָטירט געוואָרן.

דער פּרעזעס האָט היינט באַפוילן, אַז אַלע תפיסה־לייטערס, זאָלן אויף פסח באַפרייען די אַרעסטאַנטן. דער באַפעל איז חל פון היינט אָן. דאַקעגן די וועלכע וועלן מאָרגן אַרעסטירט ווערן וועלן מוזן זיצן אין אַרעסט אום יום טוב. דערהערנדיק די ידיעה איז געוואָרן לעבעדיק. ביי אַלע תפיסות האָבן זיך פאַרזאַמלט די קרובים און אָפּגעוואַרט זייערע נאָענטסטע.

## דעם 17טן אַפּריל.

ווידער איז היינט אונטערגעהאַקט געוואָרן אַ יונג פריש צאַפּלדיק לעבן: שלמה וועקסלער איז 9 אַ זייגער אין דער פרי געגאַנגען באַר־מאַל צו זיין אַרבעט. ער איז דורכגעגאַנגען די זגערזשער גאַס, נישט ווייט פון די דייטשן. אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג הערט ער ווי דער וואַך־פּאָסטן רופט אים צו זיך. פון שרעק האָט דאָס יינגל אָנגעהויבן צו לויפן. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט ער געקריגן צוויי קוילן אין רוקן און איז געפאַלן אויפן ברוק. ער האָט נאָך באַוויזן זיך אויפצוהייבן און געפּרוווט ווייטער לויפן, אָבער אַ דריטע קויל האָט אים געטראָפן און ער איז געבליבן ליגן טויט, אויסשרייענדיק „מאַמע, מאַמע".

דעם 18טן אַפּריל.

דער לייטער פון דער געזונדהייטס־אָפּטיילונג, ד״ר שיקער, האָט אין שפּיטאָל אויף לאַגעווניצקאַ, צונויפגערופן אַ דאָקטוירים־באַראַ־טונג, צו דער באַראַטונג זענען געקומען כמעט אַלע דאָקטוירים. אייבער נאָכן צווייטן האָבן זיי דערציילט וועגן די גרויליקע קראַנקהייטן, וואָס הערשט אין געטאָ. קיין הילף קעגן די קראַנקהייטן איז נישטאָ. אייניקע דאָקטוירים האָבן אויך איבערגעגעבן, אַז אַ סך קראַנקע לאָזן זיך נישט היילן, זיי ווילן וואָס פריער שטאַרבן. אין אַ טייל שטובן ליגן צו 4—5 קראַנקע אין די בעטן און אייגער פרעגט דעם צווייטן: „ווען וועלן מיר שטאַרבן?״ גאָר אַ סך קראַנקע ליגן, געשוואָלענע, אין די בעטן און קענען זיך פון אָרט נישט רירן. חוץ מזה זענען פאַראַן אַזעלכע קראַנקע, וואָס קיין שום דאָקטאָר קען נישט פעסשטעלן די דיאַגנאָז פון זייער קרענק. צום סוף פון דער קאָנפערענץ האָט ד״ר שיקער איבער־געגעבן אַ קליינע אינפאָרמאַציע וועגן די וויזיטן פון די דאָקטוירים אין די פריוואַטע וווינונגען איז אין משך פון 1־טן מאַי 1940, ביזן היינטי־קן טאָג האָבן די דאָקטוירים באַזוכט 71.102 קראַנקע. דער אַמבולאַנס האָט געגעבן מעדיצינישע הילף אויפן אָרט צו 94.355 קראַנקע. די גיכע־הילף איז אַרויסגערופן געוואָרן 17.056 מאָל. טייל דאָקטוירים אַרבעטן, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, צוליב דער שווערער פאַראַנטוואָרטלע־כער אַרבעט זענען טאָקע אין אַ קורצער צייט געשטאָרבן זעקס דאָק־טוירים: דראַבין, רעזניק, דוואָרעצקאַ, קאַרמאַן, פּאָקשיינסקי און קאָ־מעלהאַר. ביים סוף האָט ד״ר שיקער געבעטן די דאָקטוירים, אַז זיי זאָלן נישט מיד ווערן אין דער ברידערלעכער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט, ווייל זיי ראַטעוועט דאָס אייגענע פאָלק, דאָס פאָלק וואָס באַקומט נישט פון דער ציוויליזירטער וועלט קיין הילף.

דעם 19טן אַפּריל.

אַ שווערע שטימונג הערשט היינט אין געטאָ. טאָמער איז נאָך ווייניק דאָס אַלץ וואָס מיר לעבן איבער דאָ אויפן אָרט, זענען היינט אָנגעקומען שרעקלעכע נייעסן פון פראָנט. איין ידיעה איז פיינלעכער פון דער צווייטער. אויף דער ערשטער זייט פון דער ליצמאַנשטעטער

צייטונג איז געדרוקט מיט פעטע שריפט: „גענעראַל ראָמעל פאַריאָגט די ענגלענדער ביז צו דער עגיפּטישער גרענעץ. ליביע אין די הענט פון אונדזער מיליטער". טאַטע זיסער אין הימל! אויב דאָס אַלץ איז אמת, קען דאָך חלילה דער לעצטער שאַנס אונזערער פאַרלוירן גיין? וועלן די דייטשן מאַרשירן אויף ארץ־ישראל, דאַן זענען מיר שוין אויף אייביק פאַרלוירן.

## דעם 20טן אַפּריל.

היינט זענען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן פענער אויף אַלע הייזער און אויף אַלע טראַמווייען. די שמחה איז אַזוי גרויס, אַז כמעט אַלע דייטשן זענען שיכור. ביבאָוו מיט זיינע אַלע געהילפן, שאַומבורג, שטאַובע, ריבע און שווינד האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, ווען זיי זענען אָנגעקומען אויפן באַלוטער־מאַרק, האָבן זיי געזונגען „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס". שווינד האָט צוגערופן אַ יידישן פּאָליציאַנט און אים געפרעגט, פאַר וואָס ער לאַכט נישט? די דייטשע אַרמיי, זאָגט ער, גייט דאָך פאַראויס און ווען מיר וועלן זיגן וועט פאַר יידן פיל בעסער זיין. דער פּאָליציאַנט האָט אין אָנהייב נישט פאַרשטאַנען וואָס יענער וויל פון אים, ער האָט אויך נישט געוווסט וואָס ער זאָל טון, לאַכן אָדער וויינען. דער סוף איז געווען: דער פּאָליציאַנט האָט באַקומען צוויי פייערדיקע פעטש און אַ ברייטל אַ צוגאָב.

די ליצמאַנשטעטער צייטונג איז מודיע, אַז היינט דעם 20־טן אַפּריל איז דער געבורטסטאָג פון פירער, דער היינטיקער טאָג וועט ברענגען נייע גרויסע זיגן, די ענגלענדער וועלן דעם היינטיקן טאָג גוט געדענקען. די צייטונג האָט מיט קיין איין וואָרט נישט דערמאָנט די יידן, אַזוי ווי עס וואָלטן בכלל שוין נישט געווען קיין יידן־פראַגע אין אייראָפּע.

## דעם 21טן אַפּריל.

פיר גרויסע פּלאַקאַטן זענען היינט אויסגעקלעפּט געוואָרן אויף די געטאָ־מויערן. אַלע פיר פּלאַקאַטן זענען געווען נומערירט.

פלאַקאַט נומער 1 מעלדעט: אַז אין געטאָ הערשט אַ שטאַרקער אַנטי־סאַניטאַרער מצב און ער מוז ווי אַמשנעלסטן באַזייטיקט ווערן, בכדי אויסצומיידן אַנשטעקנדיקע קראַנקהייטן, וואָס קענען ביי אַזאַ לאַגע אָננעמען אַן עפּידעמישן כאַראַקטער. אין דער ערשטער ריי מוז געזאָרגט ווערן וועגן די בית כסאס און מיסטקאַסטנס, וואָס זענען אין דער צייט פון ווינטער צוראַבעוועט געוואָרן אויף ברען־האָלץ. די אַלע אומריינע אָפּענע לעכער, מוזן פאַרדעקט ווערן, בכדי נישט צו דערלאָזן גלייך פון אָנהייב זומער דאָס מערן זיך פון אינזעקטן, וואָס פאַרשפּריי־טן עפּידעמישע קראַנקהייטן. דער זעלבער פלאַקאַט טיילט אויך מיט, אַז פון היינט אָן און ווייטער ווערט שטרענג פאַרבאָטן ווערן, יעדער מין פּריוואַטער פאַרקויף פון האָלץ. דער, ביי וועמען די פּאָליציי וועט געפינען האָלץ, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן און אַרויסגעשיקט ווערן אויף צוואַנגס־אַרבעט.

באַקאַנטמאַכונג נומער 2: דער פּרעזעס מעלדעט, אַז אַלע געטאָ־איינוווינער וועלן פון היינט אָן באַקומען די ברויט־צוטיילונג נישט אַזוי ווי פריער, נאָר יעדער וועט באַקומען צוגעטיילט אויף פינף טעג, אַ ברויט פון צוויי קילאָ.

באַקאַנטמאַכונג נומער 3: „דערמיט פאָדער איך אויף אַלע רע־גיסטרירטע און נישט רעגיסטרירטע באַזיצער פון האַנט־וועגעלעך זיך נאָכאַמאָל צו מעלדן אין דער אַלגעמיינער רעגיסטראַציע־אָפּטיי־לונג, וועלכע הייבט אָן צו אַרבעטן שוין פון מאָרגן אָן. די וועלכע וועלן נישט אויספירן דעם באַפעל וועלן באַשטראָפט ווערן און זייערע וועגעלעך וועלן קאָנפיסקירט ווערן לטובת דער קהילה".

באַקאַנטמאַכונג נומער 4: „ווער עס וועט נישט אָפּהיטן די אַלע פאַראָרדענונגען, וועט נישט בלויז אַליין באַשטראָפט ווערן, נאָר אויך זיין גאַנצע משפחה".

אויף די אַלע באַקאַנטמאַכונגען איז אונטערגעשריבן דער פולער נאָמען פון פּרעזעס: מרדכי חיים רומקאָווסקי.

## דעם 22טן אַפּריל.

אַן אויסערגעוויינלעכער דאָפּל־מאָרד איז היינט אַנטדעקט געוואָרן

אין דער געטאָ. די געשיכטע פון דעם גרויזאַמען מאָרד איז אַזאַ:

מיט וואָכן צוריק איז דער אַמאָליקער הויז־אַדמיניסטראַטאָר, פון פיעטריקאָווער־גאַס נומער 17, משה טשיינאַק, אַרומגעגאַנגען שטאַרק אויפגערגעט און נישט געענטפערט קיינעם, ווען מען האָט אים געפרעגט וואָס ער מאַכט. ער האָט זיך אַרומגעקריגט מיטן ווייב, מיטן זון, מיט די שכנים, געשאָלטן די גאַנצע וועלט. ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט אים אַנגעכאַפּט אַ טייוולאָנישער געדאַנק צו דערמאָרדן זיין פרוי חיה און זיין 17־יעריקן זון. אויסנוצנדיק דעם מאָמענט ווען די שכנים זענען געשלאָפן, האָט ער גענומען אַ שווערע האַק און מיט איין זעץ איבערן קאָפּ געטויט זיין אומגליקלעכע פרוי. אָפּרוענדיק זיך אַ פּאָר מינוט האָט ער שפּעטער נאָכאַמאָל גענומען די זעלבע האַק און איז צוגעגאַנגען צו זיין זונס בעט, צו ערשט זיך אין אים גוט איינגעקוקט און דער־נאָך אויסגעפירט איבער אים דעם זעלבן ברוטאַלן מאָרד. נאָכן אָפּטון דאָס שטיקל אַרבעט, האָט ער אַראָפּגעשלעפּט ביידע טויטע קערפּערס אין קעלער אַריין. אויף די פראַגן פון די שכנים, וווּ עס איז די פרוי און דער זון, האָט געענטפערט, אַז זיי זענען אַרויס פון געטאָ.

דערווייל האָט דער מערדער אָפּגענומען די פּראָדוקטן פון זיינע צוויי קרבנות, אַזוי לאַנג, ביז די זאַך האָט אַרויסגערופן ביי די שכנים אַ פאַרדאַכט. איין שכן האָט געזען ווי ער שטייט אויפן באַזאַר און פאַרקויפט די וועש פון זיין פרוי. אַ צווייטער שכן האָט באַמערקט ווי ער שלעפּט אין אָוונט זאַמד אין צימער אַריין. דערנאָך האָבן אַלע שכנים אָנגעהויבן צו פילן אַ מיאוסן ריח אין קאָרידאָר. דער שלעכטער ריח איז געוואָרן וואָס אַמאָל שטאַרקער. איין שכן האָט זיך נישט געפוילט און גערופן פּאָליציי צוזאַמען מיט דער סאַניטאַרער קאָמיסיע. די פּאָליציי האָט נאָך אַ גענויער אונטערזוכונג אַנטדעקט דעם גרויזאַ־מען דאָפּל־מאָרד, אויסגעפירט דורך אַ יידן אין דער געטאָ. דער מער־דער איז געשלאָסן געוואָרן אין קייטן און איינגעזעצט געוואָרן אין דער צענטראַלער תפיסה.

בשעת מען האָט דעם מערדער געפירט אין תפיסה האָבן הונדער־טער מענטשן זיך געריסן צו אים און געוואָלט אים לינטשן אויפן אָרט. ווען ער איז שוין געזעסן אין תפיסה זענען טויזנטער מענטשן געקומען

און געוואָלט אים אָנקוקן. אויך די געסטאַפּאָ איז דריי מאָל געקומען צו פאָרן און נאָכגעפרעגט און נאָכגעפאָרשט וועגן דעם מאָרד און דעם מערדער.

## דעם 23טן אַפּריל.

די גאַנצע וואָך האָט זיך דער מלאך־המות אַרומגעדרייט אין דער געטאָ און געפאָכעט מיט דער שווערד אויף רעכטס און לינקס. דעם גרעסטן טייל קרבנות האָבן געגעבן די שפּיטאָלן. עס זענען פאַרצייכנט געוואָרן הונדערט טויטע, עטלעכע זעלבסטמאָרדן, צוויי צופאַל־אומגליקן און פיר דערשאָסענע. די שפּיטאָלן האָבן היינט אויך צום ערשטן מאָל פאַרצייכנט אייניקע פאַלן פון פלעק־טיפוס.

## דעם 24טן אַפּריל.

די „ליצמאַנשטעטער־צייטונג" האָט היינט געשריבן וועגן דעם גרויזאַמען געטאָ־מאָרד בזה הלשון: „מיר ווייסן ווער עס זענען די יידן. באַר דאָס דייטשע פאָלק האָט גרינטלעך קענען־געלערנט דעם ייד, ווער ער איז און פון וואַנען ער שטאַמט. דער ייד איז אין אַלגעמיין אַ מערדער. אויב ער קען נישט מאָרדן — רויבט ער. אויב ער קען נישט רויבן — גנבעט ער, און ווען ער ווערט געשטערט צו רויבן און מאָרדן — שווינדעלט ער. אָט דאָס זענען די יידן, וואָס לעבן אין אייראָפּע זיי זענען אַזוי ווי די אינזעקטן וואָס באַשמוצן די ערד. די אייראָפּעאישע פעלקער וועלן אונדז דאַנקבאַר זיין, ווען מיר וועלן דאָס יודן־געזינדל פון אייראָפּע באַזייטיקן".

די געסטאַפּאָ איז היינט אָנגעקומען מיט אַ פילם־אַפּאַראַט, כדי צו פילמירן דאָס אָרט, דעם מערדער, די שכנים און דעם גאַנצן שטח אַרום דעם אָרט, וווּ דער מאָרד איז פאָרגעקומען. דאָס וועט פאַר זיי זיין אַ גוטע העץ־מאַטעריאַל קעגן יידן.

דער מערדער האָט אין דער תפיסה היינט געוויינט. ער האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט רעדן. די אַרעסטאַנטן האָבן אים געפרעגט,

פאַרוואָס ער האָט דערמאָרדעט זיין זון העניעך? האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. אַזוי פירט ער זיך אויף גוט. ביי דער ערשטער אויס־פאָרשונג האָט ער געגעבן איבערגעגעבן און געוויזן ווי אַזוי ער האָט אויסגעפירט דעם מאָרד.

היינט גאַנץ פרי זענען פון דייטשלאַנד צוריקגעקומען 40 אַרבע־טער. זיי האָבן דערקלערט, אַז דאָרט ווו זיי זענען געווען האָט זיך די אַרבעט פאַרענדיקט. אין אַלגעמיין האָט מען זיי בישט שלעכט באַהאַנדלט. אויפן צוריקפאָר האָט יעדער איינער באַקומען אַ ספּעציעלן ברויט־צולאָג, מיט סיגאַרעטן.

די פרוי אסתר פרידמאַן איז היינט געפונען געוואָרן טויט. לויט ווי די דאָקטוירים האָבן פעסטגעשטעלט, האָט זיך די פרוי פאַרסמט.

דעם 25טן אַפּריל.

די געסטאַפּאָ האָט היינט מיטגעטיילט, אַז די געטאָ־גרענעצן וועלן געענדערט ווערן. דער קרומער־בויך אַרום די גאַסן: דרעוונאָווסקאָ, לעשנאָ, אָפּיצערסקא און קאַראָלאַ וועט אויסגעשניטן ווערן פון געטאָ. דערפאַר וועט די געטאָ־מלוכה באַקומען נאָך אַ שטיקל לאַגעווניצקאַ מיט די צוויי נעבן־גאַסן און דאָס וועט שאַפן אַ גלייכן גרענעץ־פּאַס. די צוויי נעבן־גאַסן האָבן אַפילו נישט קיין נעמען. די יידן איז קיין גרויסער אונטערשיד נישט, וואָס די געסטאַפּאָ טוט. ווי מען וועט אונדז לייגן, דאָרט וועלן מיר ליגן און וואַרטן אויפן טויט, ווייל אונדזער לאַגע איז שוין אַזוי ביטער, אַז עס איז שוין אַלץ איינס.

היינט איז דערשינען דער אַכטער נומער „געטאָ־צייטונג". אַלע אַרטיקלען, אויפרופן און קאָמוניקאַטן זענען מיט דער אונטערשריפט פון חיים רומקאָווסקי. אויף דער לעצטער זייט איז אָפּגעדרוקט אַ באַפעל צו אַלע געטאָ־איינוווינער: „דער שטאָט־פּרעזידענט פון ליצמאַנשטאָט, מאַכט באַקאַנט, אַז פון מאָרגן אָן, דעם 26־טן אַפּריל, דאַרפן די געטאָ־איינוווינער זיך נישט באַווייזן אויף די גאַסן פון 9 אין אָוונט ביז 6 אין דער פרי. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל דראָט יעדן געטאָ־איינוווינער טויט־שטראָף".

## דעם 26טן אַפּריל.

היינט איז געוואָרן אַ יאָר זינט עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דער שניידער־רעסאָרט. מיט אַ יאָר צוריק האָט דער פּרעזעס צוזאַמענגערופן די אַמאָליקע פאַרשטייער פון אַלע שניידער־פאַכן און זיי אויפגעקלערט די לאַגע מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „זייט וויסן, איר שניידער פון אַלע מינים, אַז איך האַנדל אונטער מיט דער דייטשער מאַכט, אַז איר זאָלט באַקומען אַרבעט און אויב מיר וועט דאָס געלונגען, וועט אייך זיין וווּיל און גוט. איר וועט האָבן צו עסן צו דער זעט. אייערע פרויען און קינדערלעך וועלן מער נישט דאַרפן הונגערן. דאָס וועט זיין מיין גרעסטע סאַטיספאַקציע. דאָס אַלץ קען געשען אונטער איין באַדינג — איר וועט מוזן זיין געהאָרכזאַם, אויספירן אַלע מיינע באַפעלן, אויפפירן זיך אַנשטענדיק. די מאַשינען אייערע ווי אויך אַלע שניידערישע געצייגן מוזט איר אַריינברענגען אין דעם אַלגעמיינעם רעסאָרט, דערפאַר וועל איך שוין פאַר אייך זאָרגן”.

דער גרעסטער טייל פון די שניידער האָבן לאַנג נישט געטראַכט און מסכים געווען אויף אַלץ וואָס דער פּרעזעס האָט פאָרגעלייגט. איבער דריי־הונדערט שניידערס האָבן גענומען זייערע וואַרשטאַטן און זיי איבערגעגעבן דעם פּרעזעס רומקאָווסקי. ער, דער פּרעזעס, האָט זיין וואָרט געהאַלטן: אַרבעט איז געווען. בייטאָג און ביינאַכט האָט מען געאַרבעט, — נאָר עסן לאַוו דווקא. די שניידער האָבן אָנגעהויבן צו הונגערן, געאַרבעט און געהונגערט. נישט בלויז די פרויען און קינדער האָבן געהונגערט, נאָר אויך די אַרבעטער ביי די וואַרשטאַטן. יעדן טאָג האָבן זיך געמערט פּראָטעסטן קעגן דער באַהאַנדלונג. עס איז נישט אַוועק אַ טאָג, אַז אַ שניידער אָדער אַ פּרעסער זאָל נישט אַוועקפאַלן ביי דער אַרבעט אין חלשות און, ווען עמיצער האָט פּראָטעסטירט, אָנגעהויבן רעדן אויפן קול, האָט מען אים גלייך איינגעזעצט אין דער צענטראַלער תפיסה און ער האָט באַקומען אַ שווערע שטראָף, ווי אַ שטערער און צעברעכער פון אַחדות. נישט קוקנדיק דערויף וואָס דער רעזשים איז געווען אַ שלעכטער און דער הונגער אַ גרויסער, האָבן דאָך די שניידער באַוויזן אַ סך אויפצוטון

פאַרן ווייל פון געטאָ. אַ דאַנק זייער אַרבעט און מי, איז די געטאָ אויפגעהאַלטן געוואָרן נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר. די דייטשן האָבן די געטאָ־שניידערס באַדאַרפט האָבן. די יידישע אַרבעט איז געווען גוט און באַצאָלט האָט מען די יידן אַ קרענק, וואָס האָט געהייסן „שווינדזוכט". אַ יאָר איז אַוועק, ווי די לאָדזשער שניידערס האָבן זיך אונטערגעוואָרפן דעם רומקאָווסקי־יאָך און געהאָרכזאַם אויסגעפירט יעדן באַפעל, געליטן, געהונגערט און געשטאָרבן ביי דער אַרבעט.

## דעם 27טן אַפריל.

היינט איז ווידער צוריקגעקומען אַ גרעסערע גרופּע אַרבעטער פון דייטשלאַנד. דאָס מאָל זענען אַלע געווען דערשלאָגן, צעבראָכן און אויסגעמאַטערט. צוריקגעשיקט האָט מען זיי, ווייל זיי זענען קראַנק געוואָרן ביי דער אַרבעט. פאַר קראַנקע יידן איז קיין אָרט אין דייטש־לאַנד נישטאָ. די גרופּע קראַנקע האָט מען צוריקגעשיקט אין געטאָ אַריין. אויפן גאַנצן וועג, דערציילן די אַרבעטער, האָט מען זיי גע־שלאָגן און באַליידיקט, אויף איין באַן־סטאַציע, נישט ווייט פון לאָדזש, האָט די יואַך, וואָס האָט זיי געהיטן, צוגערופן גאַסן־קינדער און געהייסן זיך אַ ביסל פריילעך מאַכן מיט די פאַרשאָלטענע יידן. די קינדער האָבן ווילד, מיט שטיינער און שטעקנס, געשלאָגן יעדן איינעם איבערן קאָפּ. דערביי איז די וואַך געשטאַנען און געלאַכט אויף וואָס די וועלט שטייט.

## דעם 28טן אַפריל.

אין דער געטאָ איז פאַראַן איין איינציקער ייד, וואָס טראָגט נישט די געלע לאַטע, דער ייד הייסט : ר. ריבאָווסקי. פאַר דער מלחמה איז דער ייד געווען אַ טאַנץ־מייסטער. פאַרוואָס דער ייד האָט זוכה געווען צו אַזאַ גדולה איז קיינעם נישט באַוווסט. דאָס וואָס מיר ווייסן יאָ איז, אַז ער אַרבעט אין דער קריפּאָ. שפּאַצירט זיך אַרום איבער די געטאָ־גאַסן מיט אַ גרויסן וואָלף־הונט, פאָרט פון צייט צו צייט אין דער שטאָט אַריין און ברענגט פאַר זיינע שכנים פאַרשידענע זאַכן. טיילמאָל

ברענגט ער אויך מעדיקאַמענטן, וואָס מען באַקומט נישט אין געטאָ פאַר קיין שום פּרייז.

צוליב דעם וואָס דער פּרעזעס האָט גענומען שטאַרק רודפן די האָלץ־גנבים האָט זיך איצט געמאַכט אַ שרעקלעכער יקרות אויף האָלץ, אַ קילאָ האָלץ קאָסט פון 12 ביז 15 מאַרק. פון וואַנען זאָל מען נעמען אַזוי פיל געלט ? צוליב דער שווערער רומקאָווסקי־גזירה באַקומען נישט די קינדער, ווען זיי שטייען אויף, קיין ביסל וואַרעמס אין מויל אַריין. עס פּאַסירן צוליב דעם טראַגישע און אויך קאָמישע סצענעס, אַזוי, למשל, זעט מען ווי מענטשן לויפן באַלד אין דער פרי אויף די זאַמל־פּונקטן, דאָרט וווּ מען קען אָפּקאָכן דאָס ביסעלע וואַסער. עס פאַרשטייט זיך, אַז יעדער איינער וויל זיין דער ערשטער, איילט מען זיך, יאָגט מען זיך, ביז איינער פאַלט אויפן צווייטן, דאָס ביסעלע וואַרעמע קאַווע ווערט אויסגעגאָסן. פאַרביטערטע גייען די מענטשן אַהיים אָן קאַווע און קילן זייער האַרץ מיט קללות. אַזוי געשעט כמעט יעדן טאָג. יעדן טאָג הערט מען אַ ביטערן אויסגעשריי: אוי, מיין ביסעלע קאַווע, וואָס וועל איך איצט געבן די קינדער צו טרינקען ?

## דעם 29טן אַפּריל.

היינט איז ווידער אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ גרויסע גרופּע יידן קיין דייטשלאַנד. דאָס מאָל זענען אויך מיטגעפאָרן אייניקע פרויען. דער גרעסטער טייל פון די אַרויסגעשיקטע האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן ערשט היינט אַרויס פון שפּיטאָל. אַלע זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ אַזוי ווי שעפּסן צו דער שחיטה. אַלע האָבן געוויינט אויפן קול. אַ שרעקלעך בילד איז דאָס געווען. 400 מענער און פרויען האָבן אויפן קול געוויינט. ווען דער לייטער פון דער אויסזידלונגס־אָפּטיילונג, ה׳ פוקס, האָט געפּרוווט באַרויקן די מענער, זאָגנדיק צו זיי, אַז מענער דאַרפן זיך פעסטער האַלטן און נישט וויינען, האָבן עטלעכע אויסגערופן: קומט מיט אונדז מיט. פאַרוואָס פאָרסטו נישט ? פוקס האָט זיך באַלד אָפּגעטראָגן און דער טראַנספּאָרט איז אָפּגעשיקט געוואָרן.

אַ שטאַרקע בהלה צווישן די באַוווסטזיניקע געטאָ־יידן. זיי שלאָפֿן נישט גאַנצע נעכט, מען זיצט אין גרופּעס און מען טראַכט אַריין אין דער לאַגע. מען האָט מורא, אַז דער דייטשער בלוטיקער שטיוול זאָל חלילה נישט אַריינמאַרשירן קיין ארץ־ישראל. די פֿרומע זאָגן טאָג און נאַכט תהילים און בעטן דעם אַלמעכטיקן, אַז דאָס זאָל נישט געשען, אַז די לעצטע טרייסט אונזערע זאָל נישט פֿאַרלוירן ווערן.

דער פּרעזעס האָט היינט צונויפֿגערופֿן אַן אויסעראָרדנטלעכע זיצונג אויפֿן באַלוטער־מאַרק. גערופֿן צו דער זיצונג זענען געוואָרן בלויז די פֿאָרשטייער פֿון די ווירטשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס. דער פּרעזעס האָט דערקלערט, אַז די היינטיקע זיצונג איז אַ דרינגנדיקע. דער זומער איז שוין דאָ. דאָס געטאָ דראָט אַ גרויסע סכנה פֿון פֿאַרשידענע עפּידעמיעס. אין פֿאַל ווען מיר וועלן נישט אָננעמען תיכף ומיד די ענערגישע פֿאַרהיטונגס־מיטלען וועלן מיר אין דער געטאָ האָבן אַזעלעכע שווערע עפּידעמיעס, אַז מענטשן וועלן פֿאַלן ווי די פֿליגן. עס וועט נישט זיין ווער עס זאָל ראַטעווען. איר ווייסט דאָך — האָט דער פּרעזעס פֿאַרגעזעצט זיין רעדע — אַז אין ווינטער האָבן הפקר־יונגען חדשים־לאַנג גערויבט און פֿונאַנדערגענומען אַלע הילצערנע בית כסאס. זיי האָבן דאָס געטון כדי צו מאַכן געלט. אין אייניקע נעכט זענען אויף קעלבאַך־גאַס צעלייגט געוואָרן דריי הילצערנע הייזלעך. עס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן ביי שכנים טירן, לאָדנס, פֿענצטער און אַלץ וואָס ס האָט נאָר געשטאַמט פֿון האָלץ. בעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, האָב איך באַשלאָסן — זאָגט דער פּרעזעס — זיך אָנטקעגן צו שטעלן דער דערמאָנטער גנבים־באַנדע. איך וועל זיך נישט אָפּשטעלן פֿאַר די האַרבסטע שטראָפֿן. איצטער מוזן מיר אָננעמען די געהעריקע שריט אויפֿצובויען די דעמאָליריטע קלאָזעטן און מיסטקאַסטנס וואָס בילדן דעם הויפּט־מקור פֿון פֿאַרשפּרייטן כלערליי עפּידעמיעס. איך לייג פֿאָר צו שאַפֿן צוויי קאָמיסיעס: 1) אַ סאַניטאַרע קאָמיסיע וואָס דאַרף אויסאַרבעטן אַ געניועם פּלאַן, ווי אַזוי צוריקאויפֿצובויען די קלאָזעטן; 2) אַ יורידישע קאָמיסיע, וואָס זאָל באַשטימען די שטראָפֿן פֿאַר די פֿאַרברעכער, וואָס וועלן געכאַפּט ווערן ביים פֿונאַנדערנעמען די בוי־אָביעקטן.

דערמיט איז די ספּעציעלע זיצונג אויפן באַלוטער־מאַרק אינטערן פּאַרזיץ פון פּרעזעס, געשלאָסן געוואָרן.

כדאי צו פאַרצייכענען, אַז די צוויי קאָמיסיעס זענען אויפן אָרט נישט אויסגעוויילט געוואָרן. דער פּרעזעס האָט זיך אַרומגעזען, אַז עס פעלן אים אַ פּאָר מענטשן, וואָס ער וואָלט געוואָלט האָבן אין די קאָמיסיעס. די מענטשן זענען נישט געקומען צו דער זיצונג. זיי האָבן מיטגעטיילט, אַז זיי פילן זיך נישט גוט נו, וואָס טוט דער פּרעזעס? די זיצונג האָט ער דורכגעפירט, אָבער די קאָמיסיעס וועט ער שפּעטער נאָמינירן.

## דעם 30טן אַפּריל.

דער חודש אַפּריל, וואָס איז שוין געווען פאַרצייכנט ווי אַ לייכטער חודש, האָט, ליידער, אויך געהאַט 804 טויטע אויף 26 געבורטן.

## דעם 1טן מאַי.

1־טער מאַי! דער יום־טוב פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבע־טער־סאָלידאַריטעט! ווו איז היינט די דאָזיקע סאָלידאַריטעט? די יידן געפינען זיך אין אַ געטאָ. כדאי צו דערמאָנען, אַז דער באַפעל צו שאַפן דאָס געטאָ האָט געגעבן דער פּאָליציי־שעף שעפער ימ״ש. דאָס אָרט איז שפּעטער פאַרצוימט געוואָרן מיט אַ שטעכל־דראָט און אַרומגע־שטעלט געוואָרן מיט אַ באַוואָפנטן באַטאַליאָן וואָס גיט ביזן היינטיקן טאָג אַכטונג, אַז די יידן זאָלן נישט אַריין און אַרויס פון געטאָ. אין זעלבן באַפעל האָט דער פּאָליציי־פּרעזידענט געמאָלדן, אַז פון היינט אָן און ווייטער טאָר קיין שום פּריוואַטע פּערזאָן נישט האַנדלען מיט די יידן וואָס באַוווינען דאָס געטאָ. אויך די געטאָ־איינוווינער טאָרן נישט פירן קיין שום האַנדל מיט די, וועלכע וווינען אויסערן געטאָ. פאַר איבערשרייטן דאָס געזעץ דראָט טויט־שטראָף.

עטלעכע טעג איידער די וואַך איז געשטעלט געוואָרן אַרום דער געטאָ האָבן אַלע יידן, וועלכע האָבן באַוווינט די גרענעץ־גאַסן, מאַסנ־ווייז פאַרלאָזט זייערע וווינונגען. אַזוי אַרום האָט זיך געשאַפן אַ דאָפּל־

טע שרעקלעכע ענגשאַפט, וואָס האָט באַלד ביים אָנהייב געבראַכט קרבנות.

אַוועק אַ יאָר מיט 5 חדשים! מיט אַזויפיל טרויעריקע איבער־לעבענישן, מיט אַזויפיל גרויזאַמקייט, געמיינקייט, צער און פיין. אין דער פיצטערער צייט איז נישט אַדורך קיין איין טאָג, אַז דער מלאך־המות זאָל נישט האָבן אַריינגעקומען אין אַ יידישער שטוב. וויפל מיתות־משונות זענען אין דער צייט פאָרגעקומען? וויפל רשעות האָט די צייט באַוויזן צו זען? וויפל ווילדקייט פון פרעמדע און שלעכט־קייט פון אייגענע, רדיפות פון פרעמדע און געמיינקייטן פון ברודער אויסווורפן? וויפל מאַמעס האָבן באַוויינט זייערע געשוואָלענע קינ־דערלעך, וואָס האָבן געהונגערט ביז דער טויט האָט זיי אויסגעלייזט?

אַוועק איז אַ שוידער־צייט. קיין שום געטאָ־מענטש איז ניט אימשטאַנד צו געדענקען אַלץ, וואָס אַרום אים איז ביז היינט געשען. אַ צייט פון מאָרדן, אַ צייט פון אויסערגעוויינלעכעליידן. דער בית־עולם־אויפזעער, ה׳ ביאַלער, האָט אין זיין טויטן־בוך איינגעשריבן 6.164 טויטע. בעפאָר די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט לאָדזש געציילט 250 טויזנט יידן. דעמאָלט איז די שטערבלעכקייט געווען נישט מער ווי 8 ביז 10 טעגלעך. ווען די געטאָ איז פאַרמאַכט געוואָרן, זענען נאָר געבליבן 150 טויזנט יידן. און דאָך האָט די שטערבלעכקייט דערגרייכט אַזעלכע קאָשמאַרע ציפערן.

## דעם 2טן מאַי.

היינט זענען צוריקגעקומען אין געטאָ אַריין פון דייטשלאַנד 91 אַרבעטער. די אַלע צוריקגעקומענע זענען ביי דער אַרבעט קראַנק געוואָרן. אינטערעסאַנט איז, אַז קיין איינער פון די צוריקגעקומענע וויל נישט דערציילן, וו זיי האָבן געאַרבעט און ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען די באַהאַנדלונג. זיי בעטן זיך נאָר, אַז מען זאָל זיי לאָזן צוריק געזונט ווערן און קומען צו די כוחות. מער אויף קיין אַרבעט וועלן זיי שוין נישט פאָרן, אַפילו ווען עס וועט זיי אויסקומען צו שטאַרבן אויפן אָרט. צווישן די צוריקגעקומענע געפינען זיך אויך

אייניקע וואָס זענען אין געטאָ באַשטראָפט געוואָרן פאַר גניבות. זיי זאָגן, אַז ווער עס גנבעט אין געטאָ, דער איז נישט בלויז אַ גנב, נאָר אויך אַ מערדער פון זיין פאַמיליע און פון זיין פאָלק.

האַרץ רייסנדיק איז געווען צו זען ווי די משפחות פון די צוריקגעקומענע האָבן זיך באַגעגנט. איינער איז אַרויפגעפאַלן אויפן צווייטן, געהאַלדזט, געקושט זיך, געוויינט און געלאַכט. די קינדערלעך האָבן פאַר פרייד, ווען זיי האָבן געזען צוריק זייערע פאָטערס, גענומען טאַנצן אויף די גאַסן און געזונגען: „רומקאָווסקי חיים, גיט אונדז קלאַיען, ער גיט אונדז גראָפּן אַזוי ווי מאָן, פאַרצייטנס האָבן יידן געגעסן מן".

## דעם 3טן מאַי.

היינט איז דאָס געטאָ אויפגעטרייסלט געוואָרן. צוויי זעלבסט־מאָרדן אויף איין אָרט! האַלב 9 אין דער פרי האָט זיך פּלוצים דער־הערט אַן אויסגעשריי: ראַטעוועט! איידער דער דערשראָקענער עולם איז צו זיך געקומען האָט מען פון דערווייטנס באַמערקט, ווי דער דייטשער וואַך־פּאָסטן, וואָס שטייט ביי דער בריק אויף לוטאָמיערסקאַ־זגערזשער העלפט אָפּראַטעווען אַ יונגן מענטשן, וואָס איז אַקאָרשט אַראָפּגעשפּרונגען פון דער בריק און האָט אויפן אָרט צעבראָכן הענט און פיס. דער וואַך־פּאָסטן האָט שטאַרק באַדויערט דעם זעלבסטמערדער און האָט דערביי געזאָגט: „אַלץ איז שולדיק דער פאַרשאָלטענער קריג. ווען נישט די קריג, וואָלט איך אַזאַ פאַרצווייפלטן זעלבסטמאָרד נישט געזען". מען האָט דייטלעך געזען, אַז ער האָט עגמת־נפש. מיט צוויי שעה שפּעטער איז, אויף דעם זעלבן אָרט, ווידער פאָרגעקומען אַ זעלבסטמאָרד. אויך דער צווייטער האָט זיך פון דער בריק אַראָפּ־געוואָרפן און אויך געבליבן ליגן אַ צעשמעטערטער אויפן ברוק. ביידע זעלבסטמערדער האָבן איבערגעלאָזן פרויען און קינדער. ביידע האָבן קיינעם נישט באַשולדיקט אין זייער פאַרצווייפלטן שריט. ביי דעם ערשטן האָט מען געפונען אַן אַרבעטס־דאָקומענט, פון שוסטער־רעסאָרט, אויסגעשטעלט אויפן נאָמען, מאיר ווילק, ביי דעם צווייטן האָט מען גאָרנישט געפונען.

**שלמה פראַנק**

## דעם 4טן מאַי.

„טישלער־רעסאָרט“ — אַזוי הייסט די אַרבעטס־אָרגאַניזאַציע וואָס הײַנט איז אַ יאָר ווי זי איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ. דער רעסאָרט איז פּונקט אַזוי אויפגעשטעלט געוואָרן, ווי דער שניידער־רעסאָרט. יעדער טישלער האָט זיין וואַרשטאַט געבראַכט אין דעם אַלגעמיינעם רעסאָרט אַריין און אַזוי אַרום איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ מאָדערנע טישלעריי־פאַבריק. די ריכטיקע טעטיקייט פון דעם רעסאָרט הייבט זיך אָן ערשט פון 20־טן מאַי 1940.

הגם קיין אָפּיציעלער אַרבעטס־רעסאָרט האָט נאָך דעמאָלט נישט עקזיסטירט, האָבן שוין די טישלער זיך צוביסלעך אָרגאַניזירט און געאַרבעט פאַר דער קהילה און פאַר די פאַרשידענע געטאָ־אַמטן. נאָך אייניקע וואָכן האָט די דייטשע שטאָט־פאַרוואַלטונג אָנגעהויבן באַ־שטעלן פאַרשידענע מעבל־שטיק ביי די יידישע טישלערס אין געטאָ. היות די באַשטעלונגען זענען גוט אויסגעפירט געוואָרן, האָט אויך די געסטאַפּאָ און אַנדערע מיליטערישע אינסטיטוציעס אָנגעהויבן צו מאַכן פאַרשידענע באַשטעלונגען. נאָך דעם ווי עס איז געוואָרן אַ סך אַרבעט האָבן זיך די טישלערס פאַראייניקט און געמאַכט פון דעם קליינעם רעסאָרט אַ גרעסערע טישלעריי־פאַבריק. דעם 18־טן יוני 1940 איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון דעם גרויסן מאָדער־נעם טישלער־רעסאָרט אויף דרוקאַרסקאַ 12, אונטער דער אָנפירונג פון באַקאַנטן אַמאָליקן האַנטווערקער־דירעקטאָר ב. פּרווינד. ביים אָנהייב האָט דער רעסאָרט געאַרבעט מיט ווייניק מענטשן. בס״ה זענען געווען באַשעפטיקט 50 אַרבעטער. זייער אַרבעט איז געווען ביוראָ־מעבל. צוליב די גרעסערע באַשטעלונגען איז די צאָל אַרבעטער דריי־פאַכיק פאַרגרעסערט געוואָרן. דער רעסאָרט האָט פאַרנומען דעם גאַנצן דריי שטאָקיקן בנין אויף דרוקאַרסקאַ 12. צוליבן וווקס פון די באַשטעלונגען האָט זיך געעפנט אַ צווייטע טישלער־פאַבריק אויף רייטערס־גאַס. דאָרט איז פאַריכט און באַנייט געוואָרן אַלט מעבל, וואָס איז געבראַכט געוואָרן מחוץ דעם געטאָ און וואָס איז צוגערויבט געוואָרן פון יידישע שטובן.

אינעם ערשטן טראַנספּאָרט אַלט־מעבל, וואָס איז געקומען אין דער געטאָ אַריין האָט מען אין די שופלאָדן נאָך געפונען פאַרשידענע יידישע צייטונגען, בילדער־אַלבומען, סידורים, מחזורים, יידישע בריוו, טליתים, ווי אויך מזוזות.

דעם 1־טן מערץ 1941 איז אין לאָקאַל אויף פּוצקאַ 19, געעפנט געוואָרן אַ דריטע טישלער־פאַבריק.

שפּעטער איז אויך ביי דעם אַלגעמיינעם גרויסן טישלער־רעסאָרט אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קליינע שלאָסעריי און אַ שמידעריי. איין טישלער־אָפּטיילונג האָט אויך אויסגעאַרבעט אַ גרעסערע צאָל אַזויגע־רופענע האָלב־פאַבריקאַטן: הילצערנע זוילן, קלעצער, קאָפּיטעס און שטיפטן. דאָס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן נאָר פאַרן געברויך פון די שוסטער־וואַרשטאַטן אין געטאָ.

אין אַלע דריי טישלער־רעסאָרטן זענען ביזן היינטיקן טאָג באַשעפטיקט 1,800 אַרבעטער, פאַכמענער און געהילפן. די פאַכמענער זענען טישלער, דרעקסלער, פאָלירער, שניצער, צייכענער, מאָלער און לאַקירער. חוץ מזה, זענען אויך באַשעפטיקט יונגטלעכע, וועלכע דער פרעזעס וויל אויסלערנען אַ מלאכה און מאַכן פאַר זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער.

פאַר דער אָנפירונג פון אַלע דריי טישלער־רעסאָרטן איז פאַראַנטוואָרטלעך דער הויפּט־דירעקטאָר ב. פּרווינד; פאַר די אויסאַרבעטונג זענען פאַראַנטוואָרטלעך די מייסטערס מיט זייערע געהילפן.

דאָס אַלץ איז וווּיל און פיין. די דייטשן זענען צופרידן, די פאַבריקן גייען. די רעגירונג לויבט די יידישע אַרבעט. דער פרעזעס פאַרדינט דערביי שטיקער גאָלד. אַ דאַנק די טישלער־אַרבעטער האָט דער פרעזעס אַ סך דערגרייכט, אַפילו לויב־אַרטיקלען אין דער ליצמאַנשטעטער צייטונג. נאָר די אַרבעטער צוזאַמען מיט זייערע מייסטערס, זיי הונגערן, זיי שטאַרבן ביים וואַרשטאַט, זיי ווערן טראַקטירט ווי די ערגסטע שקלאַפן. זיי ווערן מוראַדיק אויסגענוצט. די אַרבעטער באַקומען נישט צו דער צייט זייער געהאַלט, באַקומען נישט די צוגעזאָגטע טאָפּלטע זופּן, באַקומען נישט די מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען, ווערן געהאַלטן און טראַקטירט ווי גנבים. פאַר יעדן פּראָטעסט ווערן

זיי דורך רומקאָווסקין מיט זיינע געהילפן גערודפט עד חרמה. דאָס איז דער טישלער־רעסאָרט, ווו עס אַרבעטן די בעסטע יידישע פאַכ־מענער, וואָס זייערע וואַרשטאַטן זענען געווען פאַרן קריג אַ שיינדל פאַר דער גרויסער שטאָט לאָדזש און איצט אַרבעטן זיי ווי פאַרברע־כער און שטאַרבן ביי זייער אַרבעט.

## דעם 5טן מאַי.

יעדן טאָג מערן זיך טויט־פאַלן, דווקא פון אַזעלכע מענטשן וואָס האָבן נעכטן געחוזקט און געלאַכט פון אַלעמ. די צאָל פון די אָפּטימיסטן אין געטאָ ווערט וואָס אַמאָל קלענער.

גאַנץ אייראָפּע געפינט זיך אונטערן דייטשן שטיוול. וואָס לענגער עס פאַרציט זיך די מלחמה אַלץ טרויעריקער ווערט אונזער גורל. דער־ריבער שפּרינגען מענטשן פון די פענצטער, שפּרינגען פון די בריקן. זיי סמען און הענגען זיך און קיין שום כוח קען די דאָזיקע מענטשן נישט אָפּראַטעווען פון זעלבסטמאָרד.

צווישן די 150 טויזנט יידן געפינען זיך 300 אויסדערוויילטע. אָט די קליקע פירט זיך אויף ווי דער שונא וואָלט זיי נישט געמיינט. די דאָזיקע לייט פרעסן און זויפן מיט צען מיילער. זייערע הערצער זענען פון שטיין, זיי פילן נישט דעם פאָלקס־צער. זיי פאַרברענגען יעדע נאַכט אין הולאַנקעס, זיי רעגירן מיט כוח מיט חוצפה און מיט חניפה. זייערע בעמען זענען דעם אַנגעווייטיקטן פאָלק גוט באַקאַנט. זיי זענען איינגעקריצט אין יעדן יידישן האַרץ. זאָל נאָר די וועלט אויסגעלייזט ווערן וועלן אָט די פאָלקס־פאַררעטער, די ברידער־מערדער, טייער באַצאָלן, הלוואי גאָטעניו, ווי דערלעבט מען שוין דאָס.

## דעם 6טן מאַי.

שוין אַ לענגערע צייט, אַז די קראַנקן־שוועסטער פון אַלע שפּיטאָלן זענען ברוגז מיטן פרעזעס. זיי האָבן שוין אייניקע מאָל געבעטן דעם פרעזעס, אַז ער זאָל זייער לעבן אַ ביסל פאַרלייכטערן. יעדעס מאָל אָבער ווען זיי האָבן גערעדט צום פרעזעס האָט ער זיך

גמאַכט נישט הערן און אויסגעלאַכט זייערע פאָדערונגען. זיי האָבן געבעטן, אַז אַנשטאָט די 12 שעה וואָס זיי אַרבעטן אין טאָג, זאָלן זיי נאָר אַרבעטן 10 שעה. די קינדער זייערע אָדער די עלטערן פון די קראַנקן־שוועסטער זאָלן באַקומען אַ צוגאָב־זופּ, כדי זיי צו דערהאַלטן ביים לעבן, ווייל די שוועסטערס קענען זיך נישט קיין עצה געבן אַזוי ווי אַנדערע אין דער געטאָ, זיי מוזן שטיין אויף דער וואַך און היטן די קראַנקע. אַלע זייערע בקשות זענען דורכן פּרעזעס אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די קראַנקן־שוועסטערס האָבן שוין אויפגעהערט צו בעטן, און האָבן אָנגעהויבן פאָדערן און דראָען, אַז אויב מען וועט זיי נישט נאָכגעבן וועלן זיי וואַרפן די אַרבעט.

איידער זיי האָבן אָנגענומען דעם לעצטן באַשלוס, האָבן זיי געשיקט אַ דעלעגאַציע צום פּרעזעס. די דעלעגאַטן האָבן געבעטן דעם פּרעזעס, אַז ער זאָל נישט זיין איינגעשפּאַרט און זאָל עפּעס באַקומען. אַנשטאָט זיי צו ענטפערן, האָט ער זיי אַרויסגעטריבן און געשאָלטן מיט די ביטערסטע קללות. נאָכדעם ווי די דעלעגאַטן זענען צוריקגעקומען און דערציילט וועגן זייער דורכפאַל, האָבן די קראַנקע־שוועסטער אויסגערופן אויף מיטוואָך דעם 7־טן אַ וואָרענונגס־שטרייק. הערנדיק וועגן דעם, האָט דער פּרעזעס, דורך זיין ברודער יוסף באַפוילן, קורץ און שאַרף: „אויב איר וועט שטרייקן איין שעה, וועל איך אייך דורך דער פּאָליציי צווינגען צו גיין צו דער אַרבעט און דערביי וועט מען אייך גוט די ביינער צעברעכן, חוץ מזה וועל איך אייך האַלטן אין דער תפיסה אַזוי לאַנג, ביז איר וועט אויף די קני זיך בעטן און צוזאָגן, אַז איר וועט שוין גוט און פרום זיין". אָט די תשובה האָבן די קראַנקן־שוועסטער באַקומען פון פּרעזעס, נישט קוקנדיק אויף דעם האָבן זיי דערקלערט אַ שטרייק און זענען נישט געקומען צו דער אַרבעט.

24 שעה האָט דער פּרעזעס געוואָרנט און נישט אָנגענומען קיין דראַסטישע מיטלען. נאָכדעם האָט ער גערופן די דעלעגאַטן און זיי אויפגעקלערט פאַרוואָס עס קומט זיי נישט קיין בעסערע באַהאַנדלונג. אייניקע דעלעגאַטן האָבן דעם פּרעזעס געענטפערט, אַז זיי און

זייערע פאַמיליעס הונגערן, און אַז נישט איינמאָל פאַלן קראַנקן־שוועסטער ביי דער אַרבעט אין חלשות.

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, דער פּרעזעס איז שטאַרק אין כעס געוואָרן און ער האָט די דעלעגאַטן אַרויסגעטריבן און באַפוילן, אַז אַלע שפּיטאָלן זאָלן באַזעצט ווערן דורך דער פּאָליציי. נישט אַריין און נישט אַרויסלאָזן די קראַנקן־שוועסטערס. די וועלכע געפינען זיך אין די שפּיטאָלן נישט אַרויסלאָזן און צווינגען זיי צו אַרבעטן אָן איבעררייס. ביז זיי וועלן פאַלן פון די פיס.

די פּאָליציי, פאַרשטייט זיך, האָט דעם באַפעל אויסגעפירט און דווקא זייער שטרענג, אַזוי אַז צענדליקער קראַנקן־שוועסטערס האָבן געחלשט. אויב דאָס איז נאָך געווען ווייניק איז פּלוצים אין שפּיטאָל אויף וועסאָלאַ אָנגעקומען דער פּרעזעס מיט אייניקע „ווילע־יונגען" און ער האָט באַפוילן, אַז אַלע קראַנקן־שוועסטער זאָלן זיך פאַרזאַמלען אין איין צימער. ווען אַלע זענען שוין געווען פאַרזאַמלט, האָט ער גערעדט צו זיי בזה הלשון: „איר טרעט צו אַרבעטן אָדער נישט? רעדן מיט אייך וועל איך נישט. ווער עס וועט וועלן מיט מיר רעדן וועט באַקומען פּעטש. די קראַנקן־שוועסטער האָבן קיין איין וואָרט זיך נישט אָנגערופן. געשטאַנען און געשוויגן.

פינף מינוט זענען אַריבער. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין זאַל. פּלוצים האָט דער פּרעזעס אַרויסגעכאַפּט ביי איינעם פון זיינע באַגלייטער דעם שטעקן און האָט אָנגעהויבן צו שלאָגן די קראַנקן־שוועסטער. די געוואַלדן זענען דערגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. אויך די „ווילע־יונגען" האָבן מיט די שטיוול ברוטאַל געקאָפּיעט און געשלאָגן די שוועסטערס ביז בלוט. דער פּרעזעס האָט פריער נישט אויפגעהערט צו שלאָגן ביז דער שטעקן איז אים אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט. עס זענען באַלד געקומען צו לויפן פון אַלע אָפּטיילונגען דאָקטוירים און האָבן אָנגעהויבן צו ראַטעווען די אומגליקלעכע קראַנקן־שוועסטער פון די שלעגערס הענט. בסך הכל זענען מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן 18 קראַנקן־שוועסטער, צווישן זיי 6 וואָס האָבן געמוזט פאַרבלייבן אין שפּיטאָל אויף עטלעכע טעג.

נישט קוקנדיק דערויף, זענען די קראַנקן־שוועסטער ווייטער

נישט צוגעטרעטן צו דער אַרבעט, ביז אַ טייל קראַנקע זענען בעשטאָרבן. צוליב דעם איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה. מענטשן, וואָס האָבן געהאַט זייערע משפּחה־מיטגלידער אין די שפּיטאָלן, זענען געקומען צו לויפן און געבעטן, אַז מען זאָל זיי אַרויסגעבן די קראַנקע. זיי ווילן נישט אַז צוליב אַ קאַפּריז פון פּרעזעס זאָלן זייערע נאָענטע שטאַרבן. די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ טאָג ערגער. די קראַנקע האָבן אָנגעהויבן אויפן קול צו בעטן הילף און קיין הילף איז נישט געקומען. טייל קראַנקע האָבן זיך צוגערוקט צו די פענצטער און געשריען: ראַ־טע־וועט יידן! מיר ווילן פון דאַנען אַרויס. די געוואַלדן פון די קראַנקע האָבן אַזוי אָנגעהאַלטן צוויי טעג ביז דאָס האַרץ פון פּרעזעס איז ווייכער געוואָרן. ער האָט אויפגענומען אַ דעלעגאַציע פון דאָקטוירים און זיי געמאָלדן, אַז פון מאָרגן אָן וועלן די קראַנקן־שוועסטער באַקומען אַ גרעסערן געהאַלט און דאָפּלטע זופּן. די דאָקטוירים האָבן דאָס באַלד איבערגעגעבן די קראַנקן־שוועסטער און די לעצטע זענען צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. אַזוי אַרום האָט זיך געענדיקט אַ טרויעריק קאַפּיטל, וואָס האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק אין געטאָ.

### דעם 7טן מאַי.

דער אויפשטאַנד אין איראַק קעגן די ענגלענדער האָט אַ סך פאַרדרוס פאַרשאַפט די געטאָ־יידן, וואָס אַן אמת ווייסן מיר, אַז ענגלאַנד וועט זיך אַן עצה געבן מיט די „העלדישע" איראַקער! און דאָך! רבונו של עולם, טאָמער האָבן מיר ווייניק צרות דערפון וואָס די ענגלענדער כאַפּן קלעפּ אין איראָפּע און אין אַפריקע, איז צוגעקומען אַן אויפשטאַנד אין אַזיע, ביי די טויערן פון ארץ־ישראל.

### דעם 8טן מאַי.

אַ גרויסער טומל אין געטאָ. דער אַפּראָוויזאַציע־לייטער, ה' שטשענ־שליווע, האָט זיך היינט אָנגעגעבן אין דימיסיע. עס קורסירן אַרום פאַרשידענע קלאַנגען: איינער זאָגט, אַז צו דער דימיסיע האָט גורם געווען דער פּאָליציי־קאָמיסאַר ריינגאָלד; אַ צווייטער זאָגט, אַז דער

פרעזעס האָט אים שוין לאַנג געוואָלט באַזייטיקן, נאָר צוליב פאַרשי־דענע אַלטע, פאַרמלחמהדיקע מעשים איז דעם פרעזעס נישט געווען באַקוועם דעם אַמאָליקן האַנדלס־שותף צו באַזייטיקן; אַ דריטער זאָגט, אַז דער ייד האָט דעם קאָפּ אויף דעם ריכטיקן אָרט. ער וועט שוין האָבן צום עסן אַזוי לאַנג ווי דאָס „געטאָלע" וועט זיין, דעריבער צו וואָס איינרייסן מיט דער גאַנצער וועלט? דערווייל איז לעבעדיק אין געטאָ, „מיניסטאָרן" גייען און „מיניסטאָרן" קומען, פּונקט ווי אין אַ נאָרמאַלער מלוכה.

אינטערעסאַנט וועט אָבער זיין איבערצוגעבן, וואָס דער בעל־הדבר אַליין דערציילט וועגן זיין דימיסיע: „איך בין שוין זאַט, איך קען מער ניט איבערטראָגן די אַלע קאַפּריזן פון פרעזעס. ער ווייסט נישט וואָס ער וויל, איז דאָ צופיל עסן, הייסט ער שפּאָרזאַם זיין, נישט טיילן צופיל. איז דאָ ווייניק עסן, הייסט ער טיילן. לאָז אַ צווייטער אויך פאַרזוכן דעם טעם צו זיין אַ לייטער איבער אַ שפּייכלער פון עסן, ווען אַרום דעם שפּייכלער שטייען אויסגעשטעלט טויזנטער הונגעריקע מענטשן און בעטן זיך: גיב אונדז עסן. די הויפּט־צרה איז וואָס דעם פרעזעס כאַפּט אָן יעדעס מאָל אַן אַנדער משוגעת. ער זידלט מיינע מיטאַרבעטער, צי זיי האָבן זיך יאָ פאַרזינדיקט, צי זיי האָבן זיך נישט פאַרזינדיקט. און צום סוף — די אויבער־קאָנטראָל פון פאָלי־צייאישע קאָמיסאַרן. ווער דאַרף דאָס האָבן? הלוואי וואָלט זיך דער פרעזעס נישט אַריינגעמישט, וואָלט פיל בעסער געווען. די פאַרטיילונג וואָלט געווען אַ נאָרמאַלע צו דער צייט. איצט גיי, און ווייס ווער עס איז גערעכט...

היינט האָט דער פאָליציי־פרעזידענט פון ליצמאַנשטאַט פאַראָר־דנט, אַז אַלע יידן וועלכע וווינען אין דעם קוואַרטאַל פון דרעוונאָווער־סקאַ, וואָס נעמט אַרום די גאַסן גענעראַלסקאַ, לעשנאַ, מאַיאָוואַ און אָפּיצערסקאַ, מוזן ביזן 20־טן מאַי פאַרלאָזן די וווין־ערטער. גלייכצייטיק ווערט געמאָלדן, אַז פאַר דעם דאָזיקן קוואַרטאַל ווערט אָפּגעגעבן די יידן אַ צווייטער קוואַרטאַל, פון די גאַסן, לאַגעווניצקאַ, סקאַזשעווער־סקי און די צוויי קליינע נעבן־געסלעך. אַלע וועלכע וווינען אין ערשטן

קוואָרטאַל דאַרפן זיך איבערציִען גאָר אין דעם נײַעם אָנגעוויזענעם אָרט.

## דעם 9טן מאַי.

ווי אַ דונער אין אַ ווינטער־טאָג, האָט געווירקט אין געטאָ די דערהאַל־טענע ידיעה, אַז דער סאָוויעטישער פּרעמיער־מיניסטער מאָלאָטאָוו איז באַזייטיקט געוואָרן פון זײַן אַמט און זײַן אָרט האָט פאַרנומען סטאַלין בכבודו ובעצמו. די צעררודערונג איז געווען זייער גרויס. אַ טייל ײדן האָבן פאַר פרייד פשוט געוויינט. זיי האָבן דערקלערט, אַז איצט וועט רוסלאַנד אַרײַנטרעטן אין קריג און עס וועט אַ סוף זײַן צום דײַטש.

## דעם 10טן מאַי.

דער גאַו־לייטער גרייזער האָט הײַנט באַזוכט די געטאָ. דער פּרעזעס חיים רומקאָווסקי האָט דעם גאַסט איפּגענומען מיט גרויס כבוד אויפן באַלוטער מאַרק. איבער אַ שעה האָט געדויערט דער שמועס צווישן ביידע. שפּעטער האָבן די „הויכגעשעצטע געסט״ צו־זאַמען מיטן פּרעזעס באַזוכט אייניקע אַרבעטס־רעסאָרטן, דערנאָך האָט גרייזער העפלעך געדאַנקט דעם פּרעזעס געדריקט אים די האַנט און דערקלערט, אַז די אַרבעט פון געטאָ־ליצמאַנשטאַט איז ווייט, ווייט באַוווסט אין דײַטשלאַנד. ער האָט געזאָגט: „איך וואָלט נישט געגלויבט ווען איך זע נישט מיט מײַנע אייגן די אויפּריכטיקע און גוטע אַרבעט״. און צוריק געשמועסט — פאַרוואָס זאָל די אַרבעט נישט זײַן גוט? זי קאָסט כמעט גאָרנישט, די אַרבעטער זענען פּשוטע שקלאַפן, וואָס שטאַרבן ביי דער אַרבעט שטיל אַוועק.

הײַנט זענען אָנגעקומען פון אָזאָרקאָוו אין דער געטאָ אַרײַן 600 ײדן. זיי דערציילן אַז די ײדן איז דאָרט ביז הײַנט נישט שלעכט געווען. עסן איז די גאַנצע צייט געווען צו דער זעט. אַ סך האָבן באַקומען ביי דער אַרבעט גוט צו עסן און אַ פּאָר גראָשן אויף ציגאַרן. אַנדערע האָבן ביי דער אַרבעט געקריגן געשלאָגן. אַ טייל פון

דער אָזאָרקאָווער געטאָ־יידן זענען געשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד און אַ טייל אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין.

צוליב דעם גרויסן דוחק אין ברען־מאַטעריאַל זענען טויזנטער מענטשן געוואָרן קוילן־גרעבער. אומעטום, וו נאָר עס איז פאַראַנען אַ שטיקל פרייער פּלאַץ, האַלט מען אין גראָבן, אפשר וועט גאָט העלפן און מען וועט געפונען אַ ביסל שוואַרצע בריליאַנטן. דאָס גראָבן קומט פאָר פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט. דאָס אָרט ווי איינער האָט אַנטדעקט אַ ביסל קוילן ווערט געהיטן פון דעם אַנטדעקער אַ גאַנצע נאַכט, כדי אַ צווייטער זאָל זיך חלילה צו דעם אוצר נישט צוכאַפּן. עס קומען אויך פאָר צווישן די אַנטדעקער קריגערייען און געשלעגן. פאַרשטייט זיך, אַז קיין וואַגאָנען קוילן ווערן אויף די ערטער נישט אַנטדעקט. דערפאַר אָבער ווען עס קומט דער אָוונט, זעט מען ווי די שוואַרצע קוילן־גרעבער טראָגן אין קליינע בייטלען די אָנגעזאַמלטע שוואַרצע בריליאַנטן.

## דעם 11טן מאַי

היינט זענען צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד צוויי הונדערט אַרבעטער. כמעט אַלע צוריקגעקומענע זענען געווען שרעקלעך נידער־געשלאָגן און אויסגעמאַטערט. זיי האָבן מיט קיינעם נישט געוואָלט ריידן. ווען מען האָט איינעם געפרעגט: פאַרוואָס זענט איר אַזוי פאַרביטערט? האָט ער געענטפערט: — פאָרט אַהין, וועט איר זיך אַלץ דערוויסן. מיר דאַנקן גאָט, אויב אַזעלכער איז פאַראַן, אַז מיר געפינען זיך שוין אויפן אָרט.

## דעם 12טן מאַי.

די עוואַקואַציע פון די אַכט טויזנט יידן, וואָס ווינען אין די גאַסן וואָס ליגן נאָענט ביי דער געטאָ־גרענעץ מאַכט אַ שווערן איינ־דרוק. מען זעט ווי לעבעדיקע מתים שלעפּן זיך מיט זייער האָב און גוטס אויף די דאַרע אויסגעקרומטע רוקנס. דאָס אַריבערציען זיך קומט פאָר אַ גאַנצן טאָג און עס וועט אַזוי אָנהאַלטן היינט, מאָרגן

און איבערמאָרגן. פריער, ווען עס איז פאָרגעקומען די גרויסע אַלגע־מיינע עוואַקואַציע, ווען דאָס גאַנצע לאָדזשער יידנטום האָט מיט שרעק און בהלה געמוזט זיך אַריינשטופן אין די ענגע שמוציקע געטאָ־געסלעך, האָבן נאָך די מענטשן אויסגעזען גוט. יעדער איינער האָט נאָך געהאַט צו עסן. אַ גרויסער טייל איז נאָך דעמאָלט געלונגען, מיטצוברענגען אין דער געטאָ אַריין אַ ביסל פאַרמעגן און מיט דעם האָט מען זיך געראַטעוועט. היינט, ווען דער גאַנצער קיבוץ הונגערט, איז פיל ביטערער, פיל טרויעריקער צוצוזען, ווי די טויזנטער אומ־גליקלעכע, באַהאָנגענע מיט זעק און בעטגעוואַנט, קריכן ווי די שקע־לעטן אין אַ טויטן־טאַנץ. אויך קינדער גייען נישט ליידיק. זיי זענען באַהאָנגען מיט פאַרשידענע שמאַטעס, טאָרבעס און אַנדערע קליינ־קייטן. אויך קראַנקע ווערן געשלעפט, אויך זיי ווערן עוואַקואירט. זיי ווערן געטראָגן דורך קרובים. נישט איינער פון זיי גוססט אויפן וועג און באַווייזט שוין נישט צו זען זיין נייע וווינונג. די טרעגער פאַר־בלייבן אין אַ פאַרלעגנהייט, ווייסן נישט וואָס צו טון און ווי זיך נוהג צו זיין מיט דעם עוואַקואירטן פרישן מת. איך האָב געפרעגט אַ מאַמע פון פיר קינדערלעך, וואָס האָבן געשלעפט אַ קינדער־בעטל און אין דעם קינדס־בעטל איז געלעגן אַ ביסל קיכן־געשיר און ביי יעדע פאָר טריט האָבן זיי זיך אָפּגערוט — ווו איז אייער מאַן? פאַרוואָס העלפט ער אייך נישט שלעפן די זאַכן? די פרוי האָט מיט אַ שווערן זיפץ מיר געענטפערט: — מיין מאַן לעבט אַ גוטן טאָג. ער געפינט זיך אין סאָוויעט רוסלאַנד. ער האָט זיך לייכט געמאַכט דאָס לעבן, איך, דאַקעגן מיט מיינע קינדער, גייען אויס פאַר הונגער. איך לעב נאָך פון דעם וואָס איך פאַרקויף אויס מיינע זאַכן. אַריינגעקומען בין איך אין דער געטאָ מיט אַ רייכטום און היינט צו טאָג פאַרמאָג איך אָט דאָס וואָס איר זעט.

## דעם 13טן מאַי

היינט האָט דער פּרעזעס באַפוילן צו אַרעסטירן דעם הויפּט־ריכטער פון שנעל־געריכט ה׳ אַלעקסאַנדער בראַנאָווסקי. דער פּרעזעס האָט געהייסן אים איינזעצן און אים האַלטן צו זיין דיספּאָזיציע אַזוי לאַנג, ווי ער וועט עס געפינען פאַר נייטיק. שווערע אָנקלאַגעס זענען

דערגאַנגען צום פּרעזעס וועגן דעם הויפּט־ריכטער. מענטשן דערציילן אָבער, אַז בראַנאָווסקי זאָל האָבן דעם פּרעזעס צוגענומען זיין געליבטע. דאָס זאָל זיין גרויסער חטא זיין.

## דעם 14טן מאַי.

היינט האַלב 10 אין דער פרי, איז דער פּרעזעס אין דער באַגלייטונג פון דער פריילין שיפּלערוונאַ אָפּגעפאָרן קיין וואַרשע. דער צוועק פון דער רייזע איז צו ברענגען עטלעכע דאָקטוירים אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין.

די גרויסע צאָל קראַנקע, וואָס האַלט אין איין וואַקסן, צווינגט דעם פּרעזעס צו פאָרן און צו פאַרזאָרגן דאָס געטאָ מיט נאָך אייניקע דאָקטוירים.

די געטאָ־פּאָליציי האָט היינט באַקומען אַ באַפעל פון דער ווערמאַכט, אַז די פּאָליציי זאָל איינאָרדענען און אָרגאַניזירן די בייטיקע פייער־לעשער־מכשירים, כדי אויסצומיידן עווענטועלע בראַנד־שאָדנס אַלס רעזולטאַט פון לופט־אַנגריפן. צום באַפעל איז אויך צוגעגעבן אַ גענויע אויפקלערונג, ווי אַזוי זיך צו זיין נוהג צו זיין אין דער צייט ווען דער שונא וועט אָנגרייפן די שטאָט און ווי זיך צו שיצן פון דער געפאַר.

## דעם 15טן מאַי.

די געהיימע געטאָ־ראַדיאָ „שוויט" האָט היינט אויפגעכאַפּט אַ ידיעה, וואָס האָט אין אייניקע סעקונדן עלעקטריזירט דאָס גאַנצע געטאָ. דער ברענגער פון דער ידיעה, ה' וועקסלער, האָט גענוי געהערט, ווי די דייטשע, שפּעטער די ענגלישע און דערנאָך די פּוילישע געהיימע ראַדיאָ־סטאַציעס, האָבן איבערגעגעבן, אַז דער פאַרטרעטער פון היטלערן, מיניסטער העס, האָט געמאַכט ויברח קיין ענגלאַנד. די ידיעה האָט געווירקט, גלייך ווי מען וואָלט אַלע יידן אין דער געטאָ מיט איינמאָל אַריינגעזעצט אַ נייע נשמה. אין אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן האָבן די אַרבעטער אָנגעהויבן פאַמעלעכער צו אַרבעטן און עס איז

געוואָרן אַ שושקעריי: אפשר דאָך, אפשר איז שוין געקומען די צייט באַפֿרייט צו ווערן? עס איז מיר פשוט אוממעגלעך צו באַשרייבן די גרויסע פֿאָלקס־פֿרייד וואָס איז אַנטשטאַנען. טויזנטער ייִדן האָבן שוין געזען, ווי זיי ווערן באַפֿרייט, האָבן זיך געווּנטשן מזל־טובֿ, צעקושט זיך מיט די שכנים, געזונגען פֿרייהייטס־לידער. עס איז געוואָרן אַ גאַנצע איבערקערעניש. טויזנטער, גרויס און קליין, האָבן פֿאַר פֿרייד פֿאַרגעסן אָפּצונעמען די קוכן־זופּ. מען איז געלאָפֿן הערן אָדער זען אַ שטיקל צייטונג און געקוקט אין הימל אַריין צי די ענגלענדער לאָזן זיך שוין נישט אַראָפּ און פֿאַרנעמען נישט די שטאָט מיט דער געטאָ צוזאַמען. מענטשן האָבן פֿאַרגעסן, אַז זיי זענען הונגעריק זיי האָבן פֿאַרגעסן אין זייערע צרות, און זייערע קראַנקע לונגען. מען האָט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דער באַפֿרייאונג, וואָס וועט אַ ליאַדע טאָג קומען.

דעם 16טן מאַי.

אַ געדיכטער שניי איז הייַנט געפֿאַלן פֿון הימל. דער שניי איז געפֿאַלן ביז אין די מיטאָג־שעה׳ן. נאָך מיטיק האָט זיך די זון צוביסלעך אַדורכגעריסן דורך די וואָלקנס און געברענגט אַ ביסל וואַרעמקייט די געפֿרוירענע פֿאַרפֿינצטערטע, אויסגעהונגערטע געטאָ־בריאים.

דעם 17טן מאַי.

אויפֿן בית־עולם ליגן דריי הונדערט טויטע און וואַרטן אויף זייער ריי צו קומען צו קבֿר־ישׂראל. די טויטע ליגן שוין עטלעכע טעג. יעדער איינער איז פֿאַרזען מיט אַ פּירקאַנטיקן ווייסן צעטל. זיי ליגן אַזוי ווי אַמאָל די געשאָכטענע גענדז אויפֿן באַזאַר. עס מאַכט אַ שווערן איינדרוק ווען מען זעט ווי די משפּחות פֿון די מתים וואַרטן אָפּ גאַנצע טעג, כּדי צו זיין ביי דער קבֿורה פֿון זייערע נאָענטסטע, און צום סוף מוזן זיי אַוועקגיין מיט פֿאַרביטערטע הערצער, ווייל אויך די טויטע מוזן וואַרטן אויף זייער ריי.

אַ געלער, גרויסער פּלאַקאַט האָט הייַנט מיטגעטיילט, אַז פֿון

מאָרגן אָן וועט די געטאָ־באַפעלקערונג באַקומען צוגעטיילט צו 6 קילאָ קוילן אויף אַ פּערזאָן, 2 קילאָ האָלץ און 10 דעקאָ פערד־פלייש. די צוטיילונג מוז אָפּגענומען ווערן במשך פון דריי טעג.

צום סעקטעריאַט פון פּרעזעס זענען אָנגעקומען דריי בריוו. דער אינהאַלט פון זיי איז פאָלגנדיקער:

בריוו נומ׳ 1. — פון דער פרוי חיה וויגדעראָוויטש. זי שרייבט: — „איך בעט דעם פּרעזעס, ער זאָל רופן מיין מאַן און אים אויפ־פאָדערן, אַז ער זאָל נישט צונעמען דאָס ברויט פון די קינדער. אַלע מיינע רייד צו אים העלפן נישט. אפשר וועט דער פּרעזעס ביי אים פּועלן״.

בריוו נומ׳ 2. — שרייבט די פרוי לאָלאַ גרינבערג. — „זאָל דער גרויסער פּרעזעס וויסן, ווי אַזוי איך ווער באַהאַנדלט פון מיין מאַן. ער עסט אויף מיין ברויט און ווען איך פרעג אים, „פאַרוואָס עסט דו אויף מיין ברויט?״ שלאָגט ער מיך און שיקט מיך אין דער ערד אַריין. איך קען דאָס מער נישט אויסהאַלטן. זאָל דער פּרעזעס ביי אים פּועלן, אַז ער זאָל נישט צונעמען מיין שטיקל ברויט, ווייל איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן״.

בריוו נומ׳ 3. — שרייבט זיסל פרענקל. — „איך בעט דעם פּרע־זעס, אַז ער זאָל שיקן פּאָליציי צו אַרעסטירן מיין איינציקן זון מלך. ער האָט נישט קיין רחמנות אויף זיינע אַלטע עלטערן. ווען מיר בעטן אים, אַז ער זאָל צוריקגעבן מיין ברויטקאַרטע שלאָגט ער אונדז און שילט אונדז מיט די ערגסטע קללות. ער זאָגט: „איר האָט שוין גענוג געלעבט. סיי ווי וועט איר באַלד שטאַרבן, איז בעסער וואָס פריער, כל זמן עס זענען נאָך דאָ ברעטער און תכריכים״. דער פּרעזעס האָט די אַלע דריי בריוו איבערגעגעבן צו דער פּאָליציי, זי זאָל די זאַך אויספאָרשן און די שולדיקע באַשטראָפן.

8 אַזייגער אין דער פרי האָט זיך דאָס געטאָ־טויער אויף זגערז־שער־לוטאָמיערסקאָ ברייט געעפנט און פיר עלעגאַנטע אויטאָס מיט דייטשע געסט זענען אַריינגעפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט אויפן באַלוּ־טער־מאַרק. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ קורצער געשפרעך מיט דער פריילין פוקס. אַ ביסל שפּעטער איז אָנגעקומען דער וויצע־פּרעזעס

יאַקובאָוויטש און אַלע צוזאַמען זענען אַרומגעפאָרן און באַזוכט אייניקע אַרבעטס־רעסאָרטן.

צום ערשטן האָבן זיי באַזוכט די וועש־קליידער־צענטראַלע אויף דוואָרסקא 14. דאָרט זענען זיי אויפגענומען געוואָרן דורכן הויפּט־לייטער לייבל גלאַזער. מען האָט זיי געוויזן פאַרשידענע מאָדעלן פון דאַמענקליידער, מיליטערישע בלוזעס, רעק, שלאָפּרעק און פאַרשידענע אַנדערע קאָנפעקציע־אַרטיקלען. די געסט האָבן אַלץ שטאַרק באַוווּנ־דערט און אויסגעדריקט אַ דאַנק און אַנערקענונג דעם לייטער גלאַזער און זיינע געהילפן. שפּעטער האָבן זיי באַזוכט די וועשעריי־צענטראַלע אויף דרעוונאָווסקי 75. דער לייטער ה׳ גראַוּוער האָט געגעבן איבער־געגעבן ווי אַזוי די מיליטערישע פאַרבלוטיקטע וועש ווערט געוואַשן, סאָרטירט און צוריק אָפּגעשיקט אויף די געהעריקע ערטער. די וועש ווערט געוואַשן מיט די נייסטע מאָדערנסטע וואַש־מכשירים. אויך דאָרט האָט זיך די קאָמיסיע געגעבן וועגן אַלעם אינפאָרמירט. שפּעטער האָט זי צוגערופן אייניקע אַרבעטער און זיי אויסגעפרעגט צי זיי זענען צופרידן פון דער אַרבעט? דערויף האָבן די אַרבעטער דער־קלערט: „פון דער אַרבעט זענען מיר צופרידן, נאָר פון עסן נישט. מיר הונגערן, מען טיילט אונדז נישט צו דאָס וואָס מיר דאַרפן באַקו־מען פון דער מאַכט". יאַקובאָוויטש, וואָס איז געשטאַנען דערביי, איז, הערנדיק דעם ענטפער, ווייס געוואָרן ווי קרייד און האָט געציטערט. ביים טישלער־רעסאָרט האָבן די קאָמיסיע־מיטגלידער צוגערופן דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר מערקלטויב און אים געדאַנקט פאַר דעם אַלעם, וואָס זיי האָבן אין טישלער־רעסאָרט געזען. פון דאָרט זענען זיי צוריק־געפאָרן צום באַלוטער־מאַרק, דאָרט געווײַלט ביז שפּעט אין אָוונט און שפּעטער פאַרלאָזט דאָס געטאָ.

דעם 18טן מאַי.

דער פּאָליציי־פּרעזידענט פון ליצמאַנשטאַט, שעפער, האָט היינט צוגעשיקט צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג ווי אויך צו דער געטאָ־פּאָליציי אַ גרויסן פראַגע בויגן מיט די פאָלגנדיקע שאלות:

1 — וויפל פאָליציי־לייט געפינען זיך אין דער געטאָ?
2 — וואָס איז די באַדייטונג פון יעדער אָפטיילונג?
3 — וויפל פאָליציי־רעווירן געפינען זיך און וועלכע זענען די אַדרעסן פון די רעווירן?
4 — וויפל אַרעסט־הייזער האָט די פאָליציי?

עס איז כדי צו פאַרצייכענען, אַז דער זעלבער ר. שעפער איז דער וועלכער האָט דעם 8־טן פעברואַר 1940 באַפוילן אַז אַלע יידן זאָלן אין פאַרלויף פון 48 שעה פאַרלאָזן די שטאָט און זיך באַזעצן אין אַ ספעציעלן קוואַרטאַל, וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן פאַר די יידן אין באַלוט. צענדליקער טויזנטער יידן, כמעט בלויז מענער, מורא האָבנ־דיק איינגעשלאָסן צו ווערן אין געטאָ, זענען אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, איבערלאָזנדיק זייערע פרויען און קינדער, זייערע אַלטע טאַטעס און מאַמעס אויף גאָטס־באַראָט.

אין יענעם טאָג זענען אומגעקומען 30 יידן.

ווען די פאָליציי האָט אָנגעהויבן מאַכן אַ רעגיסטראַציע האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער געטאָ זענען אַריינגעשטופט געוואָרן קנאַפע 170 טויזנט נפשות. 20 טויזנט נפשות האָבן אין פאַרלויף פון 3 חדשים פאַרלאָזט די געטאָ און זיך באַזעצט אין פאַרשידענע קלענערע געטאָס אַרום לאָדזש און אויך זיך אַריבערגעכאַפט קיין וואַרשע.

דער קוואַרטאַל וואָס איז צוגעטיילט געוואָרן דורך דעם פאָליציי־שעף, האָט אַרומגענומען די פאָלגנדיקע גאַסן: די לענג פון באַוואַ־מיעיסקאַ פון נומער 30 ביז זגערזשער 96, אַריינגענומענדיק די אַלע נעבן גאַסן, אַלטער־מאַרק, סטאַדאָלניאַנאַ, איזראַעלסקאַ, אַ שטיקל קילינסקיעגאָ, דרעוונאָווסקאַ, לוטאָמיערסקאַ, וועסאָלאַ, ריבנאַ מיטן באַזאַר און אַנדערע. די ברייט האָט זיך געצויגן פון לוטאָמיערסקא 125 ביז בזשעזשינער 108, אַריינגענומענדיק אַ גרויסע צאָל קליינע נעבן־געסלעך, וואָס אייניקע האָבן זיך געצויגן ביז מאַרישין און ביז צום בית־החיים. די הויפּט־גאַסן פון געטאָ זענען: בזשעזשינער, לוטאָמיערסקאַ, זגערזשער און לימאַנאָווסקעגאָ. פון די לעצטע צוויי זענען בלויז די טראָטואַרן פריי, דאַקעגן דער מיטל־וועג איז פאַרצוימט מיט שטעכל־דראָט.

וואָס דערציילן די ליטווישע און לעטישע יידן וואָס זענען דאַמאָלט איבערגעבליבן אין דער שטאָט? זיי דערציילן: „דער פּאָליציי־שעף שעפּער מיט זיין גאַנצער סוויטע האָבן זיך אָנגעזעצט ביים פענצ־טער פון גראַנד־האָטעל און געפילמירט די סצענע ווי מען יאָגט די יידן אין דער געטאָ. די גאַנצע צייט האָבן זיי געהאַלטן אין איין לאַכן און חוזק מאַכן פון די דערשראָקענע יידן. שפּעטער האָט זיך די זעלבע גרופּע פאַראייניקט מיט נאָך אַ צווייטע גרופּע און זיי האָבן אַזוי ווי גאַסן־יונגען געשלאָגן די יידישע מענער, וואָס האָבן זייערע שווערע שליטנס נישט געקענט אַזוי גיך שלעפּן. „יודע, יודע, מאַך דאָס פלינק, ווייל דו באַשמוצט די שטראַסע" — האָבן זיי געשריגן.

## דעם 19טן מאַי.

הייבט 6 אין אָוונט איז פון דייטשלאַנד צוריקגעקומען אַ גרעסערע גרופּע אַרבעטער. דאָס מאָל זענען נישט צוריקגעקומען קיין קראַנקע, נישט קיין שוואַכע, נאָר פעסטע, געזונטע „חבורימלעך" (אַזוי האָט מען זיי גערופן ווען מען האָט זיי געזען) מיט אָנגעפרעסענע פּיסקעס.

וואָס דערציילן די צוריקגעקומענע? — מיר האָבן געאַרבעט 1 קילאָמעטער ווייט פון דער שטאָט דאַנציק, די באַהאַנדלונג איז נישט געווען קיין שלעכטע. עס האָבן אויך מיט אונדז געאַרבעט אייניקע גריכן און יוגאָסלאַוון. פּלוצים האָבן מיר געהערט אַז אין שטאָט איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע פון פרויען און קינדער, וועלכע האָבן געפאָדערט אַז מען זאָל זיי צוריקברענגען זייערע מענער. „די מענער אונזערע מענער גיט אונז צוריק". שפּעטער זענען מיר אויך געוויר אָרט האָט איר יידן אַהערגעבראַכט. נידער מיט די יידן! אַ טויט די יידן! מיר ווילן צוריק אונדזערע מענער! מאַכט וואָס איר ווילט, אונדזערע מענער גיט אונדז צוריק". שפּעטער זענען מיר אויך געוויר געוואָרן, דערציילן די צוריקגעקומענע, אַז ווי באַלד דער מיניסטער העס איז אַנטלאָפן קיין לאַנדאָן, האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן אַרעסטן, דערונטער אויך פון פיל פרויען. דאָס וויכטיקסטע וואָס די אַרבעטער דערציילן איז, אַז אין קורצן וועלן צוריקקומען קיין לאָדזש אַלע

יידישע אַרבעטער, ווייל די דייטשע מאַכט וויל נישט, אַז די פרעמדע, ספּעציעל די יידן, זאָלן וויסן און זען, וואָס עס טוט זיך אין דייטשלאַנד. דאָס פאָרן פון דאַנציק ביז לאָדזש, האָט געדויערט 8 טעג, אויפן גאַנצן וועג, ווו נאָר מיר זענען אָנגעקומען אויף אַ סטאַנציע, זענען מיר מער געשטאַנען ווי געפאָרן, ווייל אַלע וועגן זענען געווען געפּאַקט מיט מיליטער. מען האָט אויך געזען פרישע חורבות פון באָמבאַדי־רונגען.

## דעם 20טן מאַי.

אין געטאָ איז היינט דורך דער פּאָליציי פאַרהאַלטן געוואָרן אַ געוויסער דוד מיטעלמאַן, וועלכער האָט אַ לענגערע צייט, געכאַפּט קעץ, זיי דערהרגעט און דאָס פלייש פאַרקויפט אַלס קאַלבס־פלייש. דאָס געשעפט פון דעם ה׳ מיטעלמאַן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט ביז דאָס שטריקל האָט זיך איבערגעריסן און דער פאַרשווין איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין דער צענטראַלער תפיסה. איצט ווערט ער געפּאָרשט דורך שלום הערצבערג.

## דעם 21טן מאַי.

דער פרעזעס איז היינט צוריקגעקומען פון וואַרשע. ווי נאָר ער האָט דעם פוס געשטעלט אין געטאָ, איז זיין ערשט וואָרט געווען: „וואָס, איר הונגערט? פאָרט קיין וואַרשע, וועט איר זען וואָס עס הייסט הונגער. ביי מיר האָט איר דאָס גן־עדן, אין וואַרשע קענען זיי זיך נישט קיין עצה געבן. יעדער טוט וואָס ער וויל. טויזנטער פאַלן יעדן טאָג פון הונגער. די וואַרשעווער יידן האָבן מיך געבעטן מיט טרערן אין די אויגן, אַז איך זאָל ביי זיי פאַרבלייבן, איך זאָל ווערן זייער עלצטער און איבערנעמען די אָנפירונג פון דער וואַרשעווער קהילה". נאָך די דאָזיקע ווערטער האָט דער פרעזעס געבעטן, אַז מען זאָל אים צו רו לאָזן, ווייל ער איז שטאַרק מיד. וואָס דער פרעזעס האָט אין וואַרשע אויפגעטון ווייסט נאָך קיינער נישט. עטלעכע יידישע דאָקטוירים זאָלן די טעג קומען פון וואַרשע קיין לאָדזש, ווען?

אַרבעטס־קאַרטע פון אַ צען־יעריק קינד אין געטאָ לאָדזש
(פון „יד ושם" אַרכיוו)

ווייסט קיינער נישט. די היגע דאָקטוירים זאָגן: „ווען דער פּרעזעס ברענגט אַריין אַ ביסל מער עסן און פאַרטיילט עס דער באַפעלקערונג וואָלט ער נישט באַדאַרפט האָבן פרישע דאָקטוירים, ווייל די פרישע דאָקטוירים וועלן אויך נישט אויפטון מער ווי מיר".

## דעם 22טן מאַי.

ווידער האָבן זיך היינט צוויי יונגע מענטשן, אַ מאַן און אַ פרוי, גענומען דאָס לעבן. דער גרויזאַמער הונגער וואָס הערשט היינט אין געטאָ איז ממש נישט אויסצוהאַלטן. שוין צוויי וואָכן ווי עס ווערן נישט פאַרטיילט פאַר דער באַפעלקערונג קיין שום שפייז. צוליב דעם טאָקע האָט זיך דער יקרות מוראָדיק צופלאַקערט. דער וואָס וואַרט אויף דער שטיצע און חסד פון רומקאָווסקין, דער הונגערט און גייט אויס פאַר הונגער, וואַרטנדיק אַזוי טאָג איין און טאָג אויס. דעריבער איז קיין וווּנדער נישט וואָס די זעלבסטמאָרדן האָבן זיך אויפסניי אָנגעהויבן צו מערן.

אויף די פעלדער פון מאַרישין האָט מען געפונען ליגן צוויי יונגע מענטשן.ביידע זענען פרעמדע. קיין שום דאָקומענטן האָט מען ביי זיי נישט געפונען. אַ ברויט־קאַרטע אויף דעם נאָמען מענדל עק האָט מען געפונען אַ פאָר טריט ווייטער פון דעם אָרט ווו די קערפּערס זענען געלעגן. זיי זענען באַגראָבן געוואָרן ווי אומבאַקאַנטע.

די געהיימע פּוילישע ראַדיאָ־סטאַנציע „שוויט" האָט היינט מיט־געטיילט, אַז די ענגלענדער מאַרשירן פאָרויס. זיי האָבן שוין באַזעצט צוריק גאַנץ אַביסיניע. דער היילע־סעלאַסיע איז ווידער געוואָרן קעניג איבער זיין אָרעם לאַנד. די איטאַליענער ווערן פון אומעטום אַרויס־געשטויסן.

פון היינט אָן ווערט די געטאָ טאָפּלט באַוואַכט. ביז היינט האָט יעדער וואַך־פּאָסטן געהאַט צו היטן און אַכטונג צו געבן אויף 100 מעטער אַרום דער געטאָ, פון היינט אָן איז דער מרחק פאַרקלענערט געוואָרן אויף 50 מעטער.

די פינפטע אַפּטייק איז היינט געעפנט געוואָרן. דער געדראַנג

נאָך רעצעפּטן איז אויסערגעוויינלעך גרויס. די אַפּטייקן אַרבעטן 16 שעה אָן איבעררייס. ביים עפענען די פינפטע אַפּטייק האָט דער פּרעזעס מיטגעטיילט, אַז אין קורצן וועט ער עפענען נאָך צוויי קלענערע אַפּ־טייקן, איינע פאַר ווענעריש־קראַנקע און די צווייטע, ספּעציעל פאַר קינדער.

## דעם 23טן מאַי.

היינט איז ווידער פאַרשטאַרקט געוואָרן די פאַראָרדענונג פון פאַרטונקלונג אין שטאָט. אין יעדן הויז מוז זיין אַ גרופּן־פירער, וואָס זאָל פאַראַנטוואָרטלעך זיין פאַר זייגע הויז־איינוווינער. עס מוז אויך אויף יעדן בוידעם אַוועקגעשטעלט ווערן אַ באַליע מיט וואַסער, עטלעכע זעק מיט זאַמד און אַלע מכשירים וואָס זענען נייטיק צו אַ באַלדיקער שריפה איינלעשונג. די באַפעלקערונג דאַרף שטרענג אַכטונג געבן, אַז קיין פּיצל ליכט־שיין זאָל זיך נישט אַנזען אויף דער גאַס. ווער עס וועט זיך נישט צופּאַסן צום באַפעל, דער וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן. די שטרענגקייט פון באַפעל בוצן דערוייל אויס די כוליגאַנעס און זיי שיסן יעדע נאַכט אַריין אין די יידישע הייזער.

## דעם 25טן מאַי.

משה קעלנער, אַ דייטשער פּליט, גייט צו דער אַרבעט און באַקומט פון היינטן אַ קויל אין קאָפּ און פאַלט אַוועק אַ טויטער אויפן אָרט. ביי דעם אומגליקלעכן קרבן האָט מען געפונען אַ דאָקומענט, אַז ער שטאַמט פון פראַנקפורט.

אַ גרופּע יידן, צעשלאָגענע, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, זענען היינט צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד. אַזוי ווי די גרופּע האָט זיך באַוויזן אין געטאָ, האָבן זיי אַלע ווי קליינע קינדער אָנגעהויבן צו וויינען. אייניקע פון די גרופּן האָבן אויפגעהויבן די הענט צום הימל און געדאַנקט דעם רבונו־של־עולם, וואָס זיי געפינען זיך שוין צוריק אין געטאָ ביי זייערע פרויען און קינדער.

## דעם 26טן מאַי.

צוויי שרעקלעכע זעלבסטמאָרדן פון צוויי יונגע פרויען: איינע רעניאַ העכט, אַלט 37 יאָר, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דריטן שטאָק, איבערלאָזנדיק אין דער וווינונג אַ דריי־חדשימדיק קינד און אַ מאַן, וואָס אַרבעט אין שניידער־רעסאָרט. די צווייטע, ציפּע סקשעפּיצקאַ, 46 יאָר אַלט, האָט איבערגעלאָזט דריי קליינע קינדער. דער מאַן פון דער פרוי סקשעפּיצקאַ געפינט זיך אין רוסלאַנד. די פרוי האָט איבער־געלאָזט אַ בריוול — „איך האָב מער נישט געקענט פאַרטראָגן די קרעכצן פון מיינע דריי קליינע קינדער". זיי הונגערן און בעטן זיך יעדן טאָג „מאַמע גיב אונדז אַ שטיקל ברויט". און איך, אומגליקלעכע, אָרעמע מאַמע, קען דאָס מער נישט צוזען. מיין מאַן האָט זיך דאָס לעבן לייכט געמאַכט. איך באַשולדיק אים חלילה נישט. ווען ער וואָלט געוווסט מיין לאַגע, וואָלט ער באַלד צוריקגעקומען. ליידער האָט דער גורל אַזוי געוואָלט. איך מוז שטאַרבן ווייל די ליידן מיינע זענען מער נישט אויסצוהאַלטן. זאָל רומקאָווסקי, דער וואָס „זאָרגט" אַזוי שטאַרק פאַר אָרעמע קינדער, אויך מיינע קינדער פאַרזאָרגן".

## דעם 27טן מאַי.

שוין צוויי טעג און צוויי נעכט, ווי עס האַלט אין איין מאַרשירן דורך די צוויי הויפּט־גאַסן פון געטאָ, זגערזשער און לימאַנאָווסקיעגאָ, מיליטער פון אַלע פאָרמאַציעס. דאָס מיליטער זעט אויס שטאַרק אָפּגע־מאַטערט. לויטן אויסזען קומען זיי פון אַ ווייטן וועג. די סאָלדאַטן קוקן אויף די דראָטן ווי אויף אַ בייז ווונדער. אַ סך רופן פון די אויטאָס אַרויס: „ווי העסלעך זעט אויס דער טיר־גאָרטן". אייניקע זעלנער האָבן אויך איבער די דראָטן אַריבערגעוואָרפן שטיקלעך ברויט, סיגאַ־רעטן און שטיקלעך ווורשט. אינטערעסאַנט איז, אַז קיינער פון די אויסגעהונגערטע יידן איז נישט צוגעלאָפן כאַפּן די שטיקלעך ברויט, ווייל מען האָט מורא געהאַט, טאָמער איז דאָס נישט מער ווי אַ פּראָ־וואָקאַציע.

## דעם 29טן מאַי.

היינט אין די מיטאָג־שעהן איז פון דער געהיימער ראַדיאָ־סטאַנציע אָנגעקומען אַ פריילעכע ידיעה, וואָס האָט באַלד געענדערט די שווערע שטימונג אין געטאָ. דער ברענגער פון דער ידיעה, ה׳ ווערקסלער, האָט איבערגעגעבן, אַז דער פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן ה׳ רוזוועלט, האָט דערקלערט קריג דייטשלאַנד.

די ידיעה איז בליץ־שנעל פאַרשפרייט געוואָרן אין אַלע געטאָ־ווינקעלעך און אומעטום האָבן יידן זיך געווונטשן מזל־טוב און פאַר פרייד זיך געקושט.

## דעם 30טן מאַי.

היינט פאַרטאָג זענען פון דער אַרבעט אין דייטשלאַנד צוריקגעקומען די אַזויגערופענע „ווילע־יונגען״, די וועלכע זענען מיט עטלעכע חדשים צוריק אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן באַפעל פון פרעזעס. ביז צום אָוועקפאָרן זענען זיי פאַר פאַרשידענע געטאָ־פאַרברעכנס געזעסן אין דער תפיסה. ווען די גרופע איז צוריקגעקומען זענען זיי צוריק איינגעזעצט געוואָרן אין דער תפיסה, ווי נאָר די פרויען און די קינדער פון די צוריקגעקומענע זענען געוואויר געוואָרן, אַז זייערע מענער און טאַטעס זענען צוריקגעקומען פון דייטשלאַנד, איז געוואָרן אַזאַ בהלהדיקער געלויף צו דער צענטראַלער תפיסה, אַז אַלע פאַרבייגייער, וועלכע זענען געגאַנגען צו זייער אַרבעט אָדער פון דער אַרבעט, האָבן פאַר שרעק אויך אָנגעהויבן לויפן, נישט ווייסנדיק אַפילו פאַר וואָס זיי לויפן. ערשט ווען די גאַנצע לויפנדיקע מאַסע איז צוגעקומען צו דער תפיסה האָבן זיי דערזען וואָס דאָ קומט פאָר. די געוואַלדן, יעלות און קללות פון די פרויען און קינדער, וואָס זענען געשטאַנען פון דרויסן, האָבן פשוט פאַרהילכט אַלע אַרומיקע גאַסן. ווען דער פרעזעס האָט דערקלערט, אַז ער וועט די „ווילע־יונגען נישט באַפרייען איז אַנטשטאַנען דער אמתער טומל. די בהלה איז געווען אַזוי גרויס, אַז קיין שום פאָליצייאישער כוח איז נישט אימשטאַנד געווען זי איינצושטילן.

זעענדיק, אַז די לאַגע ווערט ערנסט און מען הערט נישט וואָס ער רעדט, האָט דער פּרעזעס אַרויסגעכאַפּט פון אַ פּאָליציאַנט זיין פּאַלקע און אָנגעהויבן צו דערלאַנגען אויף רעכטס און אויף לינקס, נישט קוקנדיק וועמען ער טרעפט, פרויען צי קליינע קינדער. ערשט דאַן האָט זיך דער עולם באַרויקט.

דער פּרעזעס האָט געוויזן, אַז וועז מען דאַרף איז ער אויך אַ גוטער שלעגער: „איר, פּאָליציאַנטן, טויגט אויף כפּרות. איר האָט נישט געקענט באַרויקן. נאָר איך איינער אַליין האָב באַוויזן, אַז מען קען „ווילע־יונגען״ אויך שטיל מאַכן״. דערמיט האָט דער פּרעזעס באַוויזן, אַז קיין שטאַרקע ווען ביי אים אין זיין מלוכה׳לע נישט עקזיסטירן. שפּעטער האָט זיך דער פּרעזעס באַרימט, אַז ער האָט גאָרנישט געוווסט, אַז ער איז נאָך אַזוי בכוח צו דערלאַנגען און אויב מען וועט דאַרפן, וועט ער אָנלערנען די וועלכע שעדיקן די געטאָ־אינטערעסן.

## דעם 31טן מאַי.

דער בית־עולם איז נישט מער דערזעלבער ווי אַמאָל אין די גוטע פאַרמלחמה־דיקע צייטן, ווען דאָס יידישע לאָדזש איז געגאַנגען אויף קבר־אָבות און אויפן וועג געטיילט נדבות. היינט איז עס נישט מער דער זעלבער בית־החיים, ווו געוואַלדן און געשרייען האָבן זיך געהערט בעת אַ לויה אָדער בעת אַ יאָרצייט, ווו מען האָט מיט גרויס דרך־ארץ יעדן מת אַן אונטערשיד פון רייך צי אָרעם קובר געווען. היינט איז נישטאָ מער די שרעק, אַז די מתים וועלן נישט מוחל זיין, ווייל אַלץ איז געוואָרן הפקר. די גרויסע צאָל מתים וואָס ווערן באַגראָבן אָן ברעטער, אָן תכריכים און אָן געשרייען, האָט צוגענומען דעם ציטער פאַרן טויט און דעם דרך־ארץ פאַרן מת.

אַ באַזונדערער שטח אויפן בית־עולם איז אָפּגעטיילט געוואָרן פאַר די וועלכע ווערן געבראַכט צו קבורה אָן אַ נאָמען. דער שטח איז אויך נישט קיין קליינער. ער האַלט 60 קוואַדראַט מעטער. אויף דעם שטח ווערן באַגראָבן די אַלע וועלכע די דייטשן ברענגען אין געטאָ

אַריין און פירן איבער זיי דאָ אויס די עקזעקוציע. עס ליגן דאָ אַ סך גישט יידן, איינמאָל האָט מען אַראָפּגעבראַכט 8 מאַן, אין דייטשע מונ־דירן און זיי דאָ דערשאָסן. זיי ליגן אויך אויף אָט דעם שטח. איידער מען האָט זיי דערשאָסן זענען זיי מיליטעריש דעגראַדירט געוואָרן. ווער זיי זענען געווען און פאַרוואָס זיי זענען דערשאָסן געוואָרן, ווייסט נאָר די געסטאַפּאָ אַליין. אַלע 8 זענען דעמאָלסט באַגראָבן געוואָרן אין איין קבר, דאָקומענטן, בריוו און פאַרשידענע אַנדערע ווערטזאַכן, וואָס זענען געפונען געוואָרן אין די מונדירן פון די דער־שאָסענע, האָבן צוגענומען די צוויי געסטאַפּאָוצעס וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אויף דער קבורה ביזן סוף.

## דעם 1טן יוני.

הייגט איז צום ערשטן מאָל דערלויבט געוואָרן אַז יידישע אַרבע־טער זאָלן אַרבעטן אויסער דער געטאָ. דריי גרופּן אַרבעטער זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פונאַנדערצונעמען די הייזער וועלכע גרענעצן זיך מיט דער געטאָ. די אַרבעטער ווערן געהיטן דורך דער יידישער פּאָליציי און פון צייט צו צייט באַווייזט זיך אויך אַ דייטשער וואַך־פּאָסטן, וואָס מאַכט אייניקע באַמערקונגען און גייט זיך ווייטער זיין וועג.

## דעם 2טן יוני.

גרויסע און שטורמישע רייען ביי אַלע קאָאָפּעראַטיוון. די בייע שפּייז־צוטיילונג האָט נישט קיין קאַרטאָפל. צוליב דעם גייען די מענטשן אַרום פאַרזאָרגט. אַ קילאָ קאַרטאָפל אויפן „שוואַרצן מאַרק" קאָסט 22 מאַרק. די אָרדענונג־האַלטער ביי די קאָאָפּעראַטיוון פאַר־שעלטן זיך די יאָרן. פון איין זייט מוזן זיי אויספירן דעם באַפעל פון זייערע עלצטע און פון דער צווייטער זייט באַקומען זיי קללות פון דער אויסגעהונגערטע מאַסע. דער פּרעזעס האָט באַפוילן, אַז אַלע קאָאָפּעראַטיוון זאָלן זיין טעטיק אָן איבעררייס אַ גאַנצן טאָג, כדי די באַפעלקערונג זאָל אָפּנעמען די צוטיילונג.

דער לייטער פון דער באַהייצונגס־אָפּטיילונג, ה׳ לייזער ביימאַן, האָט מיטגעטיילט, אַז אין געטאָ וועט די טעג אַריינקומען אַ גרויסער סכום פון שטיין־קוילן, ברוקעטן, האָלץ־קוילן און טאָרף. צו דעם צוועק וועט מען מוזן צונעמען נאָך אַ קוילן־פּלאַץ. דער פּלאַץ אויף דוואָרסקאַ נומ׳ 4 וועט זיין צו קליין.

## דעם 8טן יוני.

היינט האָבן די געטאָ־יידן איבערגעלעבט אַ מוראַדיקע שרעק.

וואָס האָט געטראָפן?

קינדער פון צוויי הייזער האָבן זיך געשפּילט אין מלחמה. די מלחמה איז געפירט געוואָרן מיט שטיינער. זיי האָבן אַזוי לאַנג זיך געוואָרפן מיט שטיינער ביז אַ שטיין האָט פאַרבלאָנדזשעט איז אַ פענצטער פון אַ דורכפאָרנדיקן טראַמוויי און געטראָפן אין ערשטן וואַגאָן אין וועלכן עס פאָרן די „איבער־הערן" און אויסגעהאַקט אַ שויב. דער מאַשיניסט, צוזאַמען מיט אייניקע פּאַסאַזשירן, האָבן אָנגעהויבן צו שרייען, אַז די יידן וואַרפן שטיינער אויף די דייטשן וואָס פאָרן אַדורך דאָס געטאָ.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אַ גרעסערע גרופּע געסטאַ־פּאָוצעס, מיט רעוואָלווערן אין די הענט, זענען אָנגעקומען אויפן אָרט און באַפוילן תיכף אַפּצורוימען אַלע יידן פון די צוויי גאַסן, זגערזשער און לימאַנאָווסקיעגאָ, דאָרט ווו די טראַמווייען פאָרן אַדורך. זיי האָבן געגעבן אַ שעה צייט צוצושטעלן דעם שטיינער־וואַרפער אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, ווען נישט וועלן הונדערטער יידן פון דעם טייל געטאָ באַצאָלן מיטן לעבן.

דערהערנדיק דעם באַפעל איז געוואָרן אַ שרעקלעכע בהלה. די יידישע פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון קאָמיסאַר קאָל, האָט גענומען ענערגיש אויסצופאָרשן דעם ענין און גלייכצייטיק זוכן דעם שטיינער־וואַרפער. חוץ־מזה האָט זי געהייסן אָפּשטעלן דעם פוס־פאַרקער אויף די צוויי גאַסן. שפּעטער אַ ביסל, ווען די זאַך איז גענוי אויסגעפאָרשט געוואָרן, איז דעם געסטאַפּאָ־שעף מיטגעטיילט געוואָרן אַ גענויער־באַריכט וועגן דעם פאָרפאַל און עס איז אויך צוגעשטעלט

געוואָרן דער 11־יעריקער שטיין־וואַרפער. די געסטאַפּאָ האָט גענומען צו קענטעניש די אויספאָרשונג און דערביי דערקלערט, אַז די הונדערט יידן וואָס האָבן געזאָלט באַשטראָפט ווערן וועלן קיין שטראָף נישט באַקומען. אָבער אַ קליינע שטראָף וועט די יידן פאָרט נישט מיידן. דערווייל האָבן יידן געהאַט אייניקע שעה׳ן טויט־שרעק. מאַמעס האָבן אָנגעהויבן צו באַהאַלטן זייערע קינדער און מיט געבראָכענע הענט געבעטן גאָט, אַז ער זאָל באַווייזן אַ נס.

## דעם 10טן יוני.

היינט איז אויף אַלע געטאָ־ווענט אויסגעקלעפּט געוואָרן אַ גרויסער געלער פּלאַקאַט מיט אַ באַקאַנטמאַכונג וואָס האָט ווידער פאַרשאַפט יסורים די געטאָ־איינוווינער.

באַקאַנטמאַכונג נומ׳ 278.

אין דער נאַכט פון 27־טן מאַי 1941, איז אויף עק פיוונע־לוטאָ־מיערסקאַ, אויסגעשאָסן געוואָרן פון געטאָ אַרויס אַ קויל, וואָס האָט געטראָפן דעם דייטשן וואַך־פּאָסטן. ווער דער שיסער איז געווען איז ביזן היינטיקן טאָג נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. פאַר דער דאָזיקער טאַט האָט אַ טייל פון דער געטאָ־באַפעלקערונג געזאָלט שווער־באַשטראָפט ווערן. אין רעזולטאַט פון מיינע אָנגעשטרענגטע באַמיונ־גען און אינטערווענצן ביי דער מאַכט איז די שווערע שטראָף אַנולירט געוואָרן. דאַקעגן ווערט די שטראָף פאַרביטן אויף אַן אַלגעמיינעם שפּערע־טאָג, וואָס וועט פאָרקומען פון פרייטיק דעם 13־טן יוני 9 אָוונט, ביז שבת דעם 14־טן יוני 8 אַזייגער אין אָוונט.

במשך פון דער דאָזיקער צייט, טאָר קיין אייניצקער געטאָ־איינוווינער נישט פאַרלאָזן זיין וווינונג. די עפנטלעכע קיכן וועלן נישט טעטיק זיין. אויף די נישט אַרומגעצוימטע הויפן טאָר קיינער זיך נישט באַווייזן. מען מוז שטרענג אַכטונג געבן, אַז אויך די קינדער זאָלן פאַר קיין שום פאַל נישט פאַרלאָזן די וווינונג. די הויז־וועכטער מוזן פאַרבלייבן אַ גאַנצן טאָג אויפן אָרט, כדי צו קאָנטראָלירן אויב עמעצער פאַרלאָזט נישט די וווינונג אָדער דרייט זיך נישט סתם אַרום. די טויערן פון אלע געטאָ־הייזער מוזן דעם טאָג זיין געשלאָסן.

דער דערמאָנטער פאַראָרדענונג אינטערליגט נישט: 1 — פאָליציי; 2 — פייערלעשער; 3 — קוימענקערער; 4 — דאָקטוירים; 5 — הילפס־פערסאָנאַל. איך האָב פאַראָרדנט, אַז די דאָקטוירים זאָלן זיין טעטיק אין אַלע געטאָ־טיילן. איך פאָדער אויף די געטאָ־באַפעלקערונג, אַז זי זאָל אין איר אייגענעם אינטערעס זיך צופאַסן שטרענג צו דער פאַראָרדענונג. איך וואָרן נאָכאַמאָל אויסדריקלעך פאַר וועלכע עס איז איבערשטרייטונגען. די וואָס וועלן עובר זיין אויף דער פאַראָרדענונג, וועלן דורך מיר שטרענג באַשטראָפט ווערן.

(—) מרדכי חיים רומקאָווסקי

דער עלצטער פון די יידן אין ליצמאַנשטאַט־געטאָ.

## דעם 11טן יוני.

זייער אַ גרויסע טייל יידן פאַרנעמען זיך אין דער געטאָ מיט אַרויספירן דאָס מיסט. דאָס מיסט פירן קומט פאָר אויף אַ פרימיטיוון אופן. די וועגעלעך זענען צוזאַמענגעשטעלט פון איינפאַכע בלעכענע באַליעס, אָנגעשרויפט אָדער צוגעקלאַפט צו אַ וואָגן פון פיר רעדער. פון פאָרנט זענען איינגעשפאַנט צוויי מענטשן און פון הינטן שטופן צוויי מענטשן אונטער דעם וואָגן. דאָס מיסט ווערט אַרויסגעפירט אויף ספעציעל־אָנגעוויזענע ערטער. די אַרבעט פון דעם מיסט־רעסאָרט גייט אָן אַ גאַנצן טאָג, פון 7 אין דער פרי ביז שפעט אין אָוונט. די אַרבעט איז נישט בלויז קיין שווערע, זי איז אויך אַ שמוציקע. אַלץ ווערט געטון מיט די הוילע הענט. די אַרבעט גייט אָן ווינטער און זומער. ווען עס קומען די אָוונט־שעה'ן קומען די מיסט־אַרבעטער אַהיים. ווי נאָר זיי באַווייזן זיך, שפירט מען שוין אויף צענדליקער מעטער ווייט פון זיי אַ ריח. די שכנים וועלכע וווינען מיט די דאָזיקע אַרבעטער באַקלאָגן זיך זייער שטאַרק אויף דעם מיאוסן גערוך. זיי האָבן אָבער נישט קיין אַנדערער ברירה, ווייל זיי ווייסן, אַז ווען נישט די מיסט־אַרבעטער, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געווען. די מיסט־אַרבעטער באַקומען פאַר זייער מיאוסער געטאָ־אַרבעט טאָפּלטע זופּן. יעדע וואָך אַ צוטיילונג פון פאַרשידענע פּראָדוקטן אין גרינצייג, ווי אויך צוויי מאָל אין חודש אַ ספעציעלן פלייש־צוגאָב. טאָקע צוליב



די ערשטע פּאַרטיע קינדער אויסזידלונג (פון יד ושם אַרכיוו)

פירן מיסט אין געטאָ, אַבי נישט צו הונגערן. דער לייטער פון דער אָפּטיילונג, ה׳ זייבערט, גיט שטאַרק אַכטונג אַז די אַרבעטער זאָלן באַקומען עסן צו דער זעט. ער האָט אייניקע מאָל אינטערוועגירט ביים פּרעזעס, אַז ער זאָל האַלטן זיין צוזאָג לגבי דעם סאָרט אַרבעטער. ער האָט זיך אויך באַמיט, אַז די וועלכע ווערן קראַנק זאָלן ווי געהעריק געהיילט ווערן.

## דעם 12טן יוני.

דייטשע פילם־אָפּעראַטאָרן זענען היינט אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. זיי זענען אַרומגעפאָרן איבער אייניקע גאַסן, געהייסן די יידישע פּאָליציאַנטן, אַז זיי זאָלן לאַכן. געבן דורכגיי־צייכנס צו די אָנגעזאַמלטע דורכגייער ביי די געטאָ־טויערן. זיי האָבן אָפּגעשטעלט אייניקע דורכגייער און זיי געהייסן פאַרלאַנגזאַמערן זייערע טריט, געהייסן קינדער לאַכן און אַרומלויפן. ביים טויער לימאַנאָווסקיעגאָ־ריבנאָ האָבן זיי זיך לענגער אָפּגעשטעלט און פילמירט יעדן דורכ־פאָרנדיקן וואָגן. שפּעטער באַזוכט דעם צווייטן פּאָליציי־רעוויר און געפילמירט דאָס הויז, די פּאָליציי און די דראָטן וואָס טיילן אָפּ די שטאָט פון געטאָ.

היינט 5 אַזייגער אין אָוונט האָט די געטאָ־ביוראָ באַקומען אַ טעלעפאָנישע מיטטיילונג אַז מאָרגן 5 אַזייגער נאָכמיטיק. וועט די געטאָ באַזוכט ווערן דורך דעם מיניסטער הימלער. די געטאָ־פאַרוואַל־טונג האָט מאָמענטאַל זיך פאַרבונדן מיטן פּרעזעס און מיט דער אָנפירערשאַפט פון דער זאָנדער־פּאָליציי. שפּעטער האָבן אַלע פּאָליציי־רעווירן באַקומען גענויע אינסטרוקציעס, ווי אַזוי זיך אויפ־צופירן אין דער צייט ווען הימלער וועט זיין אין געטאָ. די גאַסן מוזן זיין ריין. אויך אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן האָבן באַקומען גענויע אָנווייזונגען וועגן זייער האַלטונג אין דער צייט ווען הימלער וועט זיי באַזוכן. הערנדיק, אַז דאָס געטאָ וועט באַזוכט פון אַזאַ הויכן גאַסט, האָט דער פּרעזעס באַזאָרגט זיין קוטשער מיט אַ ווייסן כאַלאַט און געהייסן איבערלאַקירן זיין דראָזשקע.

צומאָרגנס פּינקטלעך 5 אַזייגער האָבן 6 עלעגאַנטע אויטאָס

זיך אָפּגעשטעלט אויפן באַלוטער־מאַרק. דער פּרעזעס רומקאָווסקי, זיין געהילף, יאַקובאָוויטש, די צוויי פרייליַנס פוקס און אייבעשיץ זענען שוין געווען פון פריער, זיי זענען געווען אויסגעפּוצט ווי אויף אַ באַל. די גאַנצע געטאָ־פּאָליציי איז געשטאַנען אויף די פיס און אַכטונג געגעבן, אַז עס זאָל חלילה נישט זיין קיין שטערונג. עס האָט לאַנג נישט גענומען און דער פּאָליציי־פּרעזידענט שעפער האָט צו זיך צוגערופן דעם פּרעזעס און אים געזאָגט: „הערן עלטסטער פון די יודן, קומט בענטער וועל איך אייך פאָרשטעלן פאַרן מיניסטער הימלער".

אין דעם זעלבן מאָמענט זענען צוויי אָפּיצירן צוגעגאַנגען צום פּרעזעס רומקאָווסקי און אים צוגעפירט צו דעם אויטאָ אין וועלכן עס איז געזעסן הימלער. רומקאָווסקי האָט אַראָפּגענומען זיין פּאַנאַמע־הוט, אויסגעטון די ווייסע האַנטשך און טיף זיך פאַרנייגט און געזאָגט:

— איך בין רומקאָווסקי, דער עלצטער פון די יידן אין דער געטאָ פון ליצמאַנשטאַט.

הימלער פרעגט: — ווי גייט עס אייך אין געטאָ?

— אַלץ אין דער בעסטער אָרדענונג הערן מיניסטער.

— ווי זעט אויס מיטן עסן? — פרעגט הימלער.

— די אַרבעטער האָבן גענוג צום עסן.

— ווי פילט איר זיך מיטן געזונט?

— אַ דאַנק.

מיט דעם האָט זיך געענדיקט דאָס געשפּרעך אויפן באַלוטער־מאַרק. באַלד האָבן די אויטאָס געריירט פון אָרט און זענען געפאָרן צו די אַרבעטס־רעסאָרטן.

דער ערשטער באַזוך איז פאָרגעקומען אין שניידער־רעסאָרט, אויף לאַגעוויניצקאַ נומ׳ 45. דאָרט איז פאַר הימלערן פאָרגעשטעלט געוואָרן דער לייטער פון רעסאָרט דוד וואַרשאַווסקי. איין אָפיציר האָט געפרעגט וואַרשאַווסקין צי עס איז פאַראַן אַ סך אַרבעט? האָט וואַרשאַווסקי געענטפערט: „מיר האָבן נישט אַזוי פיל הענט וויפל אַרבעט עס איז פאַראַן".

דער אָפיציר האָט ווייטער געפרעגט: „וויפל מאַכט דער שניידער־רעסאָרט אַ געלט־אומזאַץ חודש'לעך?"

— איך גלויב — ענטפערט וואַרשאַווסקי — אַז פון 80 ביז 100 טויזנט מאַרק.

די אָפּיצירן צוזאַמען מיט הימלערן זענען אַריין אין פאַבריקס־לאָקאַל, זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט און דערנאָך געקלאַפּט ביבאָוון אין דער פּלייצע. שפּעטער האָט די גאַנצע געזעלשאַפט באַזוכט דעם טישלער־רעסאָרט אויף דרוקאַרסקאַ 12 און אויף פּוצקאַ 9. דאָרט אין די צוויי רעסאָרטן זענען פאַר די געסט פאָרגעשטעלט געוואָרן ב. פרוינד, ראָזן און שוואַרצאָווסקי. אויך פון דעם באַזוך זענען די געסט געווען שטאַרק צופרידן. די גאַנצע צייט האָבן די געסט מער זיך נישט אומגעקוקט אויפן פּרעזעס. געוויצלט זיך מיט ביבאָוון און געהאַלטן אין איין לאַכן. ווען זיי זענען צוריקגעפאָרן צום באַלוטער מאַרק איז דער פּרעזעס נאָכגעפאָרן אויף זיין דראָשקע. עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן אין אים אינגאַנצן פאַרגעסן, ווייל די אויטאָס זענען פון דאָרט אַרויסגעפאָרן אָן אַ „זיי־געזונט".

## דעם 13טן יוני.

דער פּרעזעס האָט היינט גערופן דעם לייטער פון דער בוכהאַל־טעריע־אָפּטיילונג ביי דער אַפּראָוויזאַציע, ה׳ ליבראַך. נאָך אַ שטור־מישן שמועס האָט ליבראַך פאַרלאָזט דעם פּרעזעס. ער איז באַלד באַזייטיקט געוואָרן פון זיין שטעלע. מיט צוויי שעה שפּעטער האָט דער פּרעזעס גערופן דעם קאָמענדאַנט פון דער זאָנדער־קאָמאַנדע, ה׳ דאַנציקער. אויך אים האָט דער פּרעזעס שטאַרק אויסגעזידלט און אים געהייסן מער נישט קומען צו דער אַרבעט. אין אַ פּריוואַטן שמועס האָט דער פּרעזעס איבערגעגעבן פאַר אייניקע זיינע נאָענטסטע, אַז די צוויי הערן שפּילן גאַנצע נעכט אין פּאָקער און פירן זיך בכלל אויף ווי דאָס געטאָ וואָלט געווען זייערס אַ פּריוואַטער ענין. איך האָב אין אָנהייב דאָס נישט געוואָלט גלויבן, אָבער שפּעטער ווען איך האָב די זאַך גענוי אויסגעפאָרשט איז מיר פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. איך האָב די לייט באַזייטיקט. זיי קומט אַ שווערע שטראָף, נאָר איך האַנדל לגבי זיי מיט רחמנות. איך וויל פון זיי מער נישט הערן. זיי האָבן אָפּגעשפּילט. ווען איך האָב געפרעגט דעם

לייטער פון דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג ה׳ זשאַזשוער, וואָס ער זאָגט דערצו? האָט זשאַזשוער דערקלערט — יעדן ער זאָל וועלן אַלע איינזעצן, דאַרף ער אָנהייבן ביי זיך אַליין און ענדיקן ביי די פעקאַליסטן. אַלע זוכן מיט עפעס זיך צו פאַרווײַלן און יעדער טוט דאָס לויט זיינע מעגלעכקייטן. דער פּרעזעס אַליין טוט מער פאַרברעכנס וויפל 10 מיטגלידער פון דעם אַזוי גערופענעם בייראַט צוזאַמען.

## דעם 15טן יוני.

אין דער געטאָ איז נישטאָ וואָס צו עסן. שוין אַ לענגערע צייט ווי עס ווערט נישט צוגעטיילט קיין שום שפּייז־ראַציע. דער פּרעזעס מאַכט זיך געפּגרט. דער יקרות דערגרייכט שוין די העכסטע שטופע. די שטימונג איז אַ געדריקטע. מען פאַרשעלט זיך די יאָרן און דעם טאָג פון געבוירן. אַנשטאָט צו זען, אַז די אומגליקלעכע געטאָ־שקלאַפן זאָלן האָבן מער צו עסן, זאָלן נישט שטאַרבן טאָג־טעגלעך פאַר הונגער, פאָרט זיך דער פּרעזעס אַרום אויף זיין אויסגעפּוצטער דראָשקע, פון איין אַרבעטער־רעסאָרט צום צווייטן און האַלט פייערדיקע דרשות. ער, רומקאָווסקי, איז, זאָגט ער, נישט שולדיק, וואָס דער עולם הונגערט, שולדיק זענען די גנבים. ער קען זיי נישט עוקר זיין. אָט ערשט נישט לאַנג, דערקלערט ער, האָב איך באַזייטיקט צוויי הויכע באַאַמטע, פון זייערע פּאָסטנס און היינט זענען שוין צו מיר דערגאַנגען פאַרטרויליכע ידיעות וועגן צוויי אַנדערע הויכע באַאַמטע, וואָס באַגנבענען מיך. די באַאַמטע זענען: דער קאָמיסאַר זעליקמאַן און דער לייטער פּאָמעראַנץ. זיי זענען גנבים. מענטשן וואָס איך האָב צו זיי געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי האָבן אויסגענוצט די פּאָסטנס פאַר זייער אייגענער קעשענע. מענטשן וואָס עס האָט זיי גאָרנישט געפעלט, אַפילו קיין פויגל־מילך, האָבן זיך געלאָזט אויף גליטשיקע וועגן און געגנבעט אויף וואָס די וועלט שטייט. אַרום מיר האָב איך מער גנבים ווי אָרנטלעכע מענטשן. זיי האָבן אָבער אַ טעות ווען זיי מיינען, אַז זיי וועלן מיך מיד מאַכן. איך וועל די גנבים עוקר מן השורש זיין און מיט אַלע מיינע כוחות וועל איך זען, אַז אַלץ זאָל קלאַפּן אין דער געטאָ ווי אַ זייגער.

ווער ווייסט, אפשר איז דער פרעזעס גערעכט?

אפשר איז ער אייגער פון די ערלעכסטע מענטשן און די אַלע אַרום אים זענען, פון גרעסטן ביזן קלענסטן גנבים, זשוליקעס און ברידער־מערדער?

## דעם 16טן יוני.

די געטאָ־יידן האָבן אַ ביסל אויפגעלעבט. שוין צוויי טעג ווי די געהיימע ראַדיאָ־סטאַנציע „שוויט" טיילט מיט, אַז ענגלאַנד האָט ענדלעך זיך דעצידירט צו מאַכן אַ שטאַרקע אָפענסיווע אויף סיריע. דאָרט ווו עס איז באַדראָעט אונדזער לעצטע האָפענונג, אונדזער לעצטע טרייסט. די געטאָ־יידן זענען שוין אַרומגעגאַנגען ווי געשאָכטענע און דערשלאָגענע פון די ידיעות, אַז די דייטשע אַרמיי מאַרשירט אויף סיריע און געפינט זיך שוין ביי די טויערן פון פּאַלעסטינע. עס האָבן זיך שוין געפונען אַזעלכע פּעסימיסטן, וואָס האָבן געזען דעם סוף פון גאַנצן וועלט־יידנטום. אַ צווייטע, נאָך מער אַ פּאַרטרויירלעכע ידיעה, האָט מיטגעטיילט, אַז די ענגלענדער, צוזאַמען מיט גענעראַל דאָ־גאָלס אַרמיי, מאַרשירן פאָרויס און פאַרנעמען איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער, איין שטאָט נאָך דער אַנדערער און דאָס דאָרטיקע מיליטער פון דעם ווידערשפּעניקן גענעראַל וויגאַן אַנטלויפט ווי דער פּעפער וואַקסט. אַזוי אַרום האָט ארץ־ישראל אויפגעהערט צו זיין באַדראָעט און די אומגליקלעכע געטאָ־יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט.

## דעם 17טן יוני.

דער פרעזעס האָט היינט מיטגעטיילט, אַז צוליב דעם וואָס די באַפעלקערונג באַקומט שוין נישט אייניקע וואָכן קיין שפּייז־צוטיילונג, וועט ער אָפּשטעלן די טאַלאָן־צוטיילונג פאָרן ביירעאָט. אַ טאַלאָן־דיעטע פון אַ ביירעאָט־מיטגליד איז ביזן היינטיקן טאָג באַשטאַנען פון 4 קילאָ פלייש, 1 קילאָ פּוטער, 4 קילאָ מעל, 1 קילאָ רייז, 10 קילאָ קאַרטאָפל, 10 קילאָ פאַרשידענע גרינוואַרג, 2 קילאָ צוקער און אַנדערע פאַרשידענע צוגאַבן. דאָס אַלץ איז פאַרטיילט געוואָרן יעדן



די גרויסע רעדע וואָס דער פּרעזעס האָלט אויף לוטאָמיערסקאַ־גאַס
אין הויף פון די פייערלעשער־קאָמאַנדע.
די וועלכע האַלטן די אָרדנונג זענען די איבערפּאַל־פּאָליציי.

חודש. איצט האָט דער פּרעזעס דערקלערט, אַז ער שטעלט צייטווייליק אָפּ די דאָזיקע צוטיילונג.

וואָס זאָגן דערויף די ביירעט־מיטגלידער?

מיט אַלע איז מיר נישט אויסגעקומען צו רעדן. אָבער מיט אייניקע מיטגלידער ווי, למשל, מיט גערשאָווסקי, שטשענשליווע, ד״ר שיקער, זשאַזשוער, ביימאַן, ליטווין, וואַרשאַווסקי, בלאַוגרונד, פּאָדאָלסקי, ליפּנאָווסקי און אינזשיניער ווייגבערג האָב איך וועגן דעם ענין גערעדט. און וואָס האָבן זיי געזאָגט?

„דער אַלטער איז משוגע. ער מיינט אַז די נייע רעקלאַמע וועט אים העלפן. ער כאַפּט זיך אָן אין אַלעם וואָס קען אים ברענגען רעקלאַמע. דאָס מיטל איז אין געטאָ שוין גוט באַקאַנט. עס וואָלט פיל בעסער געווען ווען ער זאָל אַכטונג געבן אויף זיינע אונטערוועלט מענטשן, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפּט. אייניקע פון אונדז האָבן אים שוין אַ פּאָר מאָל אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז זיין עפנטלעכע אויפפירונג רייסט אַרונטער זיין פּרעסטיזש און דעם פּרעסטיזש פון ביירעט. צוליב דעם טאַקע איז געקומען זיין עפנטלעכער עגטפער: אָפּצושטעלן די עקסטרע צוטיילונג פאַר די ביירעט־מיטגלידער. אויב דאָס וועט העלפן זעטיקן דעם אויסגעהונגערטן עולם זענען מיר אַלע מסכים צו שענקען אונדזער צוטיילונג. ליידער וועט עס גאָרנישט העלפן. ער אָבער דאַרף רעקלאַמע און דאָס איז זיין הויפּט־קרענק. ער רעכנט זיך נישט מיט קיינעם פון אונדז. מיר האָבן שוין פון לאַנג אויפגעהערט צו עקזיסטירן ווי ראַט־געבער, מיר עקזיסטירן נאָר אויפן פּאַפּיר אַלס אַזעלכע. מיר דערווייסן זיך פון אַלע געטאָ־נייעסן צוזאַמען מיט דעם פּשוטן רעסאָרט־אַרבעטער. דאָס איז ליידער דער גאַנצער אמת. איך זאָג נישט אַז מיר זענען צדיקים, זאָגט ליפּנאָווסקי, מיר זענען שוין לאַנג נישט קיין צדיקים, אָבער אַזאַ צדיק ווי רומקאָווסקי, איז דער מינדסטער און דער געמיינסטער רוויער־יונג אין דער געטאָ.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט היינט פּלוצים באַפוילן, אַז אַלע יידישע אַרבעטער וואָס אַרבעטן אויסער דער געטאָ זאָלן מער נישט קומען צו דער אַרבעט. זיי דאַרפן וואַרטן ביז מען וועט זיי נאָכאַמאָל רופן.

די געסטאַפּאָ האָט היינט באַפוילן, אַז אין די טישלער־רעסאָרטן זאָל מען די „טראָטשינעס״ (האָלץ־אָפּפאַל) באַזייטיקן פון די פאַבריקן. יעדן טאָג מוזן די „טראָטשינעס״ באַזייטיקט ווערן. מען רעכנט אַז אין קורצן דאַרפן פאָרקומען לופט־אָנגריפן, דעריבער מוז מען פון די פאַבריקן באַזייטיקן דאָס לייכטסטע ברען־מאַטעריאַל. די זעלבע פאַראָרדענונג איז אויך געגעבן געוואָרן צו אַלע שטאָטישע פאַבריקן. צו דער פאַראָרדענונג איז אויך צוגעגעבן אַ גאַנצער בריוו מיט אָנווייזונגען, ווי אַזוי די פאַבריק־אַרבעטער דאַרפן זיך אויפפירן אויב דער אָנגריף קומט פאָר בשעת די פאַבריק איז טעטיק. דאָס ליכט מוז תיכף ווערן אויסגעלאָשן, די מאָטאָרן — אָפּגעשטעלט. אויף יעדן שטאָק מוז זיין אַוועקגעשטעלט אַ גרויסע כלי מיט וואַסער און אייניקע וואָסער־שעפער ווי אויך ספּעציעלע זעק מיט לייכטן זאַמד. צו יעדער פאַבריק מוזן צוגעטיילט ווערן אייניקע פייערלעשער. פאַר נישט אויספירן דעם באַפעל וועלן די פאַבריק־מייסטערס זיין פאַראַנט־וואָרטלעך.

## דעם 18טן יוני.

דער פרעזעס איז היינט שטאַרק ברוגז געוואָרן. ער נעמט קיינעם נישט אויף. זיין יונג ווייבל ענטפערט יעדן, אַז דער פרעזעס פילט זיך נישט גוט. אויף מיטיק האָט ער צו זיך גערופן די פריילין וואָלק, אַ דערציִיִגלינג פון זיין אַמאָליקן יתומים־הויז. ער האָט מיט איר גערעדט וועגן דעם אינטערשטיצונגס־אַמט און געהייסן אויסצאָלן יעדן אָרימאַן, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן צו נעמען שטיצע, צו 9 מאַרק אַ חודש. ווען איך האָב שפּעטער געהאַט אַ געשפּרעך מיט דער פריילין וואָלק האָט זי מיר געזאָגט: „דער פרעזעס איז געזונט. עס פעלט אים גאָרנישט. ער איז ברוגז אויפן בייראַט, דעריבער האָט ער זיך היינט פאַרשלאָסן״.

## דעם 19טן יוני.

צוליב דעם וואָס די געטאָ־פּאָליצײַ האָט אַנטדעקט פאַלשע צוויי־מאַרק־באַנקנאָטן, האָט דער פרעזעס היינט בטל געמאַכט די צוויי־

מאַרק־באַנקנאָטן, און זיי דערקלערט פאַר אומגילטיק. גלייכצייטיק האָט ער מיטגעטיילט, אַז ווער עס וועט געכאַפּט ווערן מיט פאַלש געלט וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט היינט אַרויסגעגעבן אייניקע באַפעלן צו דער באַפעלקערונג, ווי אַזוי זיך אויפצופירן בשעת אַן אַנגריף פון שונא ; ווי אַזוי די דייטשן דאַרפן האַנדלען, ווען זיי ווען זיי וועלן באַמער־קן, אַז אין זייערע רייען געפינט זיך אַ פייגט. יעדער פרייער פלאַץ דאַרף אויסגענוצט ווערן צו מאַכן לופט־שוץ־גראַבנס. ווי נאָר דער באַפעל איז אויסגעקלעפּט געוואָרן, האָט מען געזען ווי די היטלער־יוגנט מאַרשירט אין רייען מיט לאָפּאַטעס, העק און אַנדערע מכשי־רים. אויך פאָליאַקן האָבן גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין גראָבן די גריבער.

די געטאָ־יידן האָבן נישט באַקומען קיין שום באַפעל צו מאַכן שוץ־גראַבנס קעגן לופט־אַנגריף. אין דער געטאָ איז אַ ביסל היימלע־כער געוואָרן. יידן האָבן אויפגעהערט זיך צו פאַרגעמען מיטן הונגער. מען גייט אויף די גאַסן, מען קוקט אַרויף צום הימל און מען פרעגט :
— אפשר וועט באַלד קומען די ישועה ? ווי זייט איר רעטער, קעמפער פון אַלע פרייע פעלקער ? קומט און נעמט אונדז אַרויס פון דעם מוראדיקן גהינום, כל זמן עס איז נאָך נישט צו שפּעט.

## דעם 20טן יוני.

דער פרעזעס האָט היינט מיטגעטיילט, אַז דעם קומענדיקן מאָנ־טיק, וועט ער צום צווייטן מאָל פאָרן קיין וואַרשע. אַלס באַגלייטערין וועט ער ווידער מיטנעמען די פריילין שיפער. ווי לאַנג די צווייטע רייזע וועט דויערן ווייסט קיינער נישט. לויט ווי מיר איז געלונגען זיך צו דערוויסן, פאָרט דער פרעזעס צום צווייטן מאָל, כדי צו בעטן די דאָקטוירים, זיי זאָלן האַלטן וואָרט און קומען אויף דעם 1־טן יולי קיין לאָדזש. עס איז באַוווסט געוואָרן, אַז איינער פון די היגע דאָק־טוירים האָט אַרויסגעשיקט אַ בריוו צו די וואַרשעווער דאָקטוירים וועגן דעם ווי אַזוי דער פרעזעס רומקאָווסקי פירט זיך אויף, און ווי

אַזוי ער באַהאַנדלט דאָקטוירים בכלל, דעריבער ראַט ער די וואַרשעווער קאָלעגן, אַז זיי זאָלן זיצן אויף אַן אָרט.

היינט 3 אַזייגער ביינאַכט, האָבן מיר צום ערשטן מאָל געהערט די אַלאַרם־רופן. סירענעס, פייפערייען און ראַדיאָ־הילכערס האָבן דאָס גאַנצע געטאָלע אויפגעוועקט און יעדן געשטעלט אויף זיינע פיס. דער שונא איז נאָענט. עס איז באַלד געוואָרן אַ שטאַרקע באַוועגונג. מען האָט געזען פון יענע זייט דראָטן ווי מענטשן לויפן אין פאַרשיידענע ריכטונגען. הונדערטער דייטשע פרויען מיט זייערע קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אין די נייע אויסגעגראָבענע לופט־שוץ־גריבער. די דייטשן האָבן צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן צו שפירן דעם טעם פון מלחמה. דערווייל איז דער אַלאַרם אַדורך מיט גאָרנישט. דאָס הייסט, דער שונא האָט קיין באָמבעס נישט געוואָרפן און קיין אויפרייסונגען זענען נישט פאָרגעקומען.

## דעם 21טן יוני.

4 אַזייגער פאַרטאָג האָבן זיך געהערט צוויי שאָסן און אַ געשריי פון אַ פרוי: „אוי, מיין גאָט!" שפעטער, ווען עס איז טאָג געוואָרן, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, ווער די פרוי איז און ביי וועלכע אומשטענדן זי איז דערשאָסן געוואָרן, די פרוי קעטי ניימאַן, 46 יאָר אַלט, פאַרטאָג איז זי צוגעלאָפן צו די דראָטן און געבעטן דעם וואַך־פאָסטן, אַז ער זאָל זי שיסן, ווייל זי וויל מער נישט לעבן. דער וואַך־פאָסטן האָט זי פון די דראָטן אַוועקגעטריבן, געהייסן זי אַהיימגיין צו איר מאַן און קינדער. זי איז אַוועקגעגאַנגען. אָבער אין אַ פאָר מינוט אַרום איז זי ווידער געקומען און געפרווט אַריבער די דראָטן, דאָס האָט באַמערקט דער צווייטער וואַך־פאָסטן און ער האָט די פרוי קעטי געטויט מיט צוויי שאָסן.

אַזוי האָט די געסטאַפאָ מיטגעטיילט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. וואָס דערציילט דער מאַן און די שכנים?

די פאַמיליע ניימאַן איז מיט צוויי חדשים פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין פוילן. זיי האָבן געוווינט אין זאַקסן און געווען זייער רייך. די פרוי איז געווען

פון אָפּשטאַם אַ קריסטלעכע דייטשקע. דער מאַן האָט געבעטן די פרוי, אַז זי מיט די קינדער זאָלן פאַרבלייבן אין דייטשלאַנד, אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט ער זיך צוריקקערן צו איר און צו די קינדער. די פרוי האָט נישט געוואָלט הערן די ווערטער פון איר מאַן. זי האָט געזאָגט: „דאָרט ווו דו וועסט זיין, וועל איך זיין, דיין גאָט איז מיין גאָט".

אויף דער גרענעץ צווישן פוילן און דייטשלאַנד האָבן צוויי געסטאַפּאָווצעס אים באַפוילן זיך אויסצוטאָן מוטער־נאַקעט. מען האָט אים רעווידירט און פאַר די אויגן פון זיין פרוי און קינדער מערדער־לעך צעשלאָגן. אַלע וואַליזעס און ווערט־זאַכן, וואָס ער האָט געהאַט האָט מען ביי אים צוגענומען. די משפחה איז אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אויף דער פוילישער זייט. ער איז אָנגעקומען קיין לאָדזש מיט ליידיקע הענט און קוים זיך פאַרשאַפט אַ שטיקל וווינונג און צו ביסלעך זיך איינגעאָרדנט. דאַן איז אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פוילן און דייטשלאַנד. די דייטשן זענען אָנגעקומען קיין לאָדזש. דאָ הייבט זיך אָן דער צווייטער אַקט פון דער טראַגעדיע. אין אַן אָוונט זענען פלוצים צו אים אַריין פיר געסטאַפּאָווצעס און געהייסן תיכף פאַרלאָזן די וווינונג, איינער פון די געסטאַפּאָווצעס האָט אַרויסגענומען זיין זייגער און געזאָגט, אויב איר שווינען וועט אין 5 מינוט זיך נאָך געפינען אויפן אָרט, ווערט איר אַלע דערשאָסן. עס פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן די וווינונג פאַרלאָזט און אויפסניי געבליבן אָן שום מיטל צום לעבן. די איבערלעבענישן האָבן שטאַרק געווירקט אויף דער פרוי. זי איז כסדר אַרומגעגאַנגען אַפּאַטיש און אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיט די קינדער. ביז אין אַ געוויסן טאָג — אַ געוואַלד. וואָס איז געשען? די פרוי ביימאַן האָט זיך אין איר צימער אויפגע־האַנגען. די שכנים האָבן זי געראַטעוועט און זי איז אָפּגעפירט געוואָרן אין שפּיטאָל אַריין.

נאָך צוויי חדשים צייט איז זי צוריקגעשיקט געוואָרן אַהיים. די ערשטע טעג האָבן אַלע, דער מאַן און די קינדער, זיך שטאַרק געפרייט. זיי האָבן געמיינט, אַז זי איז שוין אויסגעהיילט פון דער שווערער דעפּרעסיע. זי האָט אויך אָנגעהויבן צו רעדן מיט די שכנים, געקלאָגט

זיך, אַז זי קען נישט צוזען ווי אירע קינדער הונגערן און זי שעמט זיך מיטן נאָמען דייטש. זי שילט דאָס דייטשע פאָלק, אַז דער ליבער גאָט זאָל עס אָפּמעקן פון דער וועלט. אַ שאַנדע איז צו זיין אַ דייטש.

אַזוי האָט זי כמעט יעדן טאָג גערעדט צו די שכנים און גלייכ־צייטיק זייי געטרייסט, אַז דער ליבער גאָט וועט זיי נישט פאַרלאָזן. זי האָט אויסגעזען צו זיין גאַנץ באָרמאַל און די קינדער האָבן זי אויפגעהערט צו היטן. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז היינט. 4 אַזייגער פאַרטאָג האָט די פרוי ביימאַן גענומען אויף זיך אַ וואַרעמען טוך, פאַמעלעך געעפנט די טיר, כדי נישט אויפצוּוועקן די קינדער, און ווען זי איז שוין געווען אונטן איז זי שנעל צוגעלאָפן צו די דראָטן און געבעטן ביי דעם וואַך־פּאָסטן, אַז ער זאָל זי שיסן, ווייל זי קען נישט מער זיין אין געטאָ. ווייל זי קען נישט צוזען ווי אירע קינדער הונגערן. זי וויל בעסער שטאַרבן איידער אַזאַ אוממענטשלעך לעבן. דער ערשטער וואַך־פּאָסטן האָט זי אָוועקגעטריבן פון די דראָטן און איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל מער זיך דאָ נישט באַווייזן. ביי דעם צווייטן וואַך־פּאָסטן האָט זי געפּועלט. צוויי קוילן האָבן דער פרוי געטויט. מיטן אויסגעשריי: „מיין גאָט" איז זי געפאַלן אויף די דראָטן און געבליבן הענגען ביז די יידישע פּאָליציי האָט זי פון דאָרט אַראָפּ־גענומען.

## דעם 22טן יוני.

די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג איז היינט אויפגעציטערט געוואָרן דערהערנדיק, אַז די אַפּראָוויזאַציע־מושלים האָבן פאַרברענט אַכט טויזנט פאַרשימלטע ברייטלעך. מען האָט אָנגעהויבן חוקר ודורש צו זיין, ווי אַזוי דאָס איז געשען, ווי אַזוי עס איז מעגלעך געווען, אַז אין אַזאַ שווערער פּיצטערער צייט, ווען טויזנטער יידן שטאַרבן טאָג־טעגלעך פון הונגער און גייען אויס פאַר אַ שטיקל ברויט, זאָל געשען אַזאַ הימל־שרייענדיקע זאַך?

דער סקאַנדאַל איז שפּעטער נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן, ווען מען האָט אַנטדעקט, אַז דאָס פאַרברענען ברויט געשעט גאַנץ אָפט.

די סדום־חברה וואָס פירט אָן מיט דער אַפּראָוויזאַציע, שטשעג־

שליווע, רייכגאָלד, מאַשענזשניק, ראָזענזאַן און אַנדערע פאַרברעכער כמעט יעדע וואָך הונדערטער קילאָ פּראָדוקטן, קאַרטאָפל, מייערן, מעל און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען. כמעט יעדע וואָך ווערט אַרויס־געפירט אויף די מאַרישינער פעלדער שפּייז און דאָרט ווערט עס אין געהיים באַגראָבן.

ווער איז שולדיק אין דעם גרויסן געזעלשאַפטלעכן פאַרברעכן?

שולדיק אין דעם זענען קודם כל די וועלכע שטייען אין דער שפּיץ פון דער אַפּראָוויזאַציע. דאָס זענען מענטשן וואָס האָבן קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איצט אין דער מלוכה פון חיים רומקאָווסקי, זענען זיי געוואָרן עסקנים. זיי מאַכן פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס. פאַרשיידענע שווינדלערייען. בכיוון לאָזן זיי פוילן הונדערטער קילאָ פּראָדוקטן, בכדי שפּעטער צו קענען זאָגן, (אויב מען וועט זיי כאַפּן), אַז די פּראָדוקטן זענען ליגנדיק קאַליע געוואָרן און צוליב סאַניטאַרע טעמים האָבן זיי געמוזט די פּראָדוקטן פאַרניכטן.

באַלד ווי דער סקאַנדאַל איז באַוווּסט געוואָרן אין געטאָ, האָב איך זיך געטראָפן מיט די צוויי אָנפירערס פון בעקער־רעסאָרט, ה׳ לייזעראָוויטש און ה׳ רעמבאַלינסקי און איך האָב זיי געפרעגט: היתכן? ווי איז דאָס געהערט געוואָרן צו טון אַזאַ זאַך? דערויף האָט מיר רעמבאַלינסקי געענטפערט: פון דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג האָבן מיר מיט אַ צייט צוריק באַקומען אַ פאַרטרוילעכן בריוו, אַז יעדע וואָך מוז פון אונדזער זייט אָוועקגעלייגט ווערן 100 ברויטן אויף רעזערוו. די רעזערוו־ברייטלעך ווערט געהאַלטן ספּעציעל פאַר סעו־דה׳לעך וואָס ווערן פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט אין געטאָ דורכן פּרעזעס און דורך אַנדערע מושלים.

נו, מאַכט זיך אויך אַמאָל, אַז צווישן די אָנגעזאַמלטע רעזערוו־ברייטלעך הייבט אָן שימלען אַ טייל ברויט, וואָס ליגט פון אונטן און ווען די ברייטלעך ווערן איבערגעקליבן, ווערן די פאַרשימלטע אָוועק־געלייגט אין אַ זייט, ביז עס זאַמלט זיך אָן אַ גרעסערע צאָל, דאַן ווערט דאָס איינפאַך באַגראָבן.

דעם 23טן יוני.

היינט 8 אַזייגער אין דער פרי זענען פון דער שטאָט צוריקגעשיקט געוואָרן אַלע יידישע אַרבעטער, ווי אויך אַלע אָפּפאַל־הענדלער, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט אין דער שטאָט אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון דער „געסטאַפּאָ".

די יידן וועלכע האָבן די גאַנצע צייט געוווינט אין דער שטאָט, האָבן נישט שלעכט געלעבט. זיי האָבן געהאַט צו עסן צו דער זעט. עס האָט זיי גאָרנישט געפעלט. מיט איין זאַך איז יאָ געווען שלעכט: דאָס וואָס זיי האָבן נישט געטאָרט פאַרלאָזן זייערע וווינונגען. כדי אַרויסצוגיין אויף דער גאַס האָבן זיי געמוזט האָבן אַ ספּעציעלן געס־טאַפּאָ־שיין.

וועלכע יידן זענען פאַרבליבן אין דער שטאָט?

— עטלעכע דאַמען־שניידער, עטלעכע מענער־שניידער, עטלעכע



אַ בילד פון געטאָ געמאָלן פון באַקאַנטן געטאָ־מאָלער שיליץ

שוסטערס, עטלעכע שטובן־מאָלער און שלאָסער, און אַ קליינע צאָל אָפּפאַל־הענדלער. צוזאַמען האָט די גרופּע געציילט 150 מאַן.

## דעם 24טן יוני.

היינט איז די געטאָ באַזוכט געוואָרן דורך אַ גרופּע דייטשע דאָקטוירים. דאָס וויכטיקסטע פון דעם באַזוך איז, וואָס די דאָקטוירים האָבן אויך באַזוכט דעם יידישן שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע און האָבן אויפן אָרט באַשלאָסן אַ גרויסן טייל קראַנקע אויסצושיסן. ווען די עקזעקוציע וועט פאָרקומען איז דערווייל נאָך נישט באַוווסט.

## דעם 25טן יוני.

די געטאָ־פּאָסט האָט היינט פון דער צענטראַלער שטאָטישער־פּאָסט באַקומען אַ מיטטיילונג, אַז די יידן אין געטאָ איז דערלויבט אַרויסצושיקן בריוו אין די פאָלגנדיקע לענדער: האָלאַנד, בעלגיע, פראַנקרייך און אין איניקע טעג אַרום, שרייבט זיך אין דער מיט־טיילונג, וועלן די געטאָ־יידן אויך קענען שיקן בריוו קיין דרום־אַמעריקע. ווי נאָר די ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט האָבן יידן אָנגעהויבן צו זאָגן, אַז עס דערנענטערט זיך די ישועה און פלאָטקעס זענען געלאָפן ווי ווילדע פערד אויפן סטעפּ. איין פלאָטקע: די ענגלענדער האָבן שוין געמאַכט אַ דעסאַנט אויף האָלאַנד און בעלגיע. אַ צווייטע פלאָטקע: פראַנקרייך האָט אָנגעהויבן צו שטעלן אַ שטאַרקן ווידער־שטאַנד. יעדנפאַלס שפּירט מען, אַז עס ווערט אַרום אונדז שיטערער דער חושך.

## דעם 26טן יוני.

די דייטשע מאַכט האָט היינט צוגעשיקט צו דער געטאָ־פאַרוואַל־טונג אַ בריוו, אַז אין פאַרלויף פון 5 טעג זאָל די געטאָ־פאַרוואַלטונג מאַכן אַ רשימה פון אַלע דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער און סאַניטאַרן, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ. פון היינט אָן מעלדעט די פאַראָרדענונג געפינען זיך די אַלע צו דער דיספּאָזיציע פון דער דייטשער ווער־מאַכט, דעריבער מוזן זיי זיין גרייט צו יעדער צייט, ווען מען וועט



אַן ענטדעקטער בונקער איז געטאָ (פון יד ושם אַרכיוו)

זיי דאַרפן. אַז מען דאַרף דעם ייד איז ער ריין, פיין, ערלעך און אַרבעטסזאַם, און אַלע זיינע חטאים ווערן פאַרגעסן.

## דעם 27טן יוני.

פינקטלעך 2 אַזייגער ביינאַכט איז היינט געהערט געוואָרן אַן אַלאַרם. אין אָנהייב האָבן געקלונגען די גלאָקן פון די קלויסטערס. אַ מינוט שפּעטער האָבן אויך אַלע פאַבריק־סירענעס אָנגעהויבן צו פייפן. דער אַליאַרם האָט געדויערט אַ האַלבע שעה צייט. קיין פיינט־לעכע עראָפּלאַנען האָבן מיר נישט געזען און קיין באָמבעס זענען, ליידער, נישט געוואָרפן געוואָרן. אַזוי, אַז אַלץ איז אַדורך בשלום, אָן שום שאָדן.

עס איז געפונען געוואָרן אַ טויט יינגעלע אין עלטער פון 5 יאָר. דאָס קינד איז געלעגן איינגעוויקלט אין אַ שטרויענעם זאַק, אין איינעם פון די מאַרישינער גריבער. די פּאָליציי גלויבט, אַז דאָס האָבן אים די עלטערן אַוועקגעלייגט, כדי נישט אָפּצוגעבן די ברויט־קאַרטע פון דעם טויטן קינד.

## דעם 28טן יוני.

די לאַגע איז אַזוי שווער, אַז עס איז פשוט נישט צו פאַרשטיין, פאַרוואָס עס קומט נישט פאָר אַ מאַסן־זעלבסטמאָרד פון די געטאָ־יידן. דער הונגער דערגרייכט שוין דעם העכסטן גראַד און עס איז ממש נישטאָ קיין כוח אויסצוהאַלטן.

אין אַזאַ שווערער און טראַגישער צייט האָט דער „חשובער" פּרעזעס חיים רומקאָווסקי געפונען פאַר נייטיק איינצואָרדענען אויף מאַרישין אַ פּענסיאָן פאַר זיינע אויסדערוויילטע מיטהעלפער, וואָס פרעסן אַזוי אויך איבערגענוג. אַ פּענסיאָן מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיט אַלדאָס גוטס, מיט פלעשער וויין, מיט אַ ספּעציעלן פּלאַץ פאַר טעניס־שפּיל, מיט טענץ און מיט מוזיק און אויך מיט שאַנסאָנעטקעס. געוואַלד יידן, שרייט דאָס גאַנצע געטאָ, ווי איז דאָס געהערט געוואָרן?

ווען די „עגלה" פאָרט הונדערט מאָל אין טאָג און שלעפּט די מתים פון הונדערטער שטובן אַרויס, בעמען די געטאָ־מושלים, מיטן

**פרעזעס אין דער שפיץ, און שאַפן פאַר זיך אַ „פריילעך הייזל" און האָבן קיין שום מורא נישט, קיין שום בושה נישט, קיין ביסל מענטשלעכקייט נישט.**

דעם 29טן יוני.

היינט איז ווידער אָנגעקומען אין דער געטאָ אַ גרויסע מיליטערישע אינספעקציע. די דעלעגאַציע האָט זיך געלאָזט גענוי אינפאָרמירן וועגן אַלעם וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ. ווי עס זעט אויס די באַשפייזונג, וויפל קראַנקע עס זענען פאַראַנען אין די שפיטאָלן, וויפל מענטשן עס שטאַרבן טעגלעך. עס פאַרשטייט זיך, אַז די וועלכע האָבן די קאָמיסיע אַרומגעפירט האָבן געענטפערט אַז די אַרבעטער ווערן גוט באַהאַנדלט, האָבן צום עסן און אַזוי ווייטער. די אַרבעטער גופא האָבן די קאָמיסיע־מיטגלידער נישט געפרעגט. ווי וואָלט געווען צו די אַלע ברודער־מערדער, ווען דער אַרבעטער־עולם וואָלט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו ריידן. מעג עס אַפילו זיין פאַר אַ היטלעריסטישער קאָמיסיע.

דעם 30טן יוני.

אַ שרעקלעכע טראַגעדיע האָט היינט פּאַסירט אין געטאָ. קינד און קייט, גרויס און קליין, גייען אַרום פאַרטרויערט און האַלטן אין איין דערציילן וועגן דעם שווערן אומגליק.

וואָס האָט פּאַסירט?

אויף וועסאָלאַ־גאַס געפינט זיך דאָס שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע. אַ טייל פון די דאָזיקע קראַנקע געפינען זיך שוין דאָרט פון פאַר דער מלחמה. דער איבעריקער טייל זענען מלחמה־קרבנות. זיי זענען פון זינען אַראָפּ צוליב די איבערמענטשלעכע איבערלעבענישן אין דער מלחמה צייט. צוזאַמען געפינען זיך אין שפּיטאָל 62 קראַנקע. 46 מענער און 16 פרויען. פּלוצים איז היינט אָנגעקומען אַ באַפעל דירעקט פון בערלין, אַז אַלע גייסטיק־קראַנקע יידן, וועלכע געפינען זיך אין געטאָ־ליצמאַנשטאַט, מוזן אומגעבראַכט ווערן אין פאַרלויף פון 24 שעה.

ווי נאָר די מיטאַרבעטער פון דעם שפּיטאָל האָבן באַקומען דעם באַפעל האָבן זיי געוואָלט די עטלעכע פּאַציענטן וואָס זענען שוין געווען אויסגעהיילט, אַהיימשיקן צו זייערע משפּחות. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון דער געטאָ־פּאָליציי, אַז די שפּיטאָל־פאַרוואַלטונג וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן מענטש וואָס וועט פעלן. די רשימה פון די קראַנקע געפינט זיך אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. אַזוי אַרום זענען צו דער עקזעקוציע מיטגעשיקט געוואָרן 4 געזונטע מענטשן, וואָס האָבן צוליב דער נאַכלעסיקייט פון דער שפּיטאָל־פאַרוואַלטונג געדאַרפט מיט אייניקע טעג צוריק שוין אויס־געשריבן ווערן.

צוזאַמענגנס אין דער פרי זענען פאַרן טויער פון שפּיטאָל שוין געשטאַנען צוויי פאַרמאַכטע לאַסט־אויטאָס. די שרעקלעכע ידיעה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט אין דער געטאָ. עס זענען באַלד געקומען צו לויפן טויזנטער מענטשן, באַקאַנטע און משפּחה־מיטגלידער פון די אומגליקלעכע, זיי האָבן אָנגעהויבן ברעכן די הענט, שרייען און וויינען אויף דעם אומגליק וואָס עס האָט זיי געטראָפן. נישט געקוקט אויף די אַלע געשרייען און געוויינען, איז די גזירה אַדורכגעפירט געוואָרן שטרענג און ברוטאַל.

7 אַזייגער אין דער פרי זענען אָנגעקומען אויפן פּלאַץ 3 אָפיצירן. איינער פון די מערדער האָט אַרויסגענומען אַ ליסטע און אָנגעהויבן רופן יעדן קראַנקן ביים נאָמען. דער אַרויסגערופענער איז דורך דער שפּיטאָל־דינערשאַפט אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף דעם אויטאָ.

אַזוי האָט מען אַרויפגעזעצט אויף די צוויי אויטאָס אַ קרבן נאָך אַ קרבן און אַלע, אַזוי ווי זיי וואָלטן פון עפּעס געוווסט, האָבן זיי טרויעריק געפרעגט: וווהין פירט מען אונדז?

צוויי יונגע פריילינס האָבן געוויינט אויפן קול. געכליפּעט ווי קליינע קינדער און געגאַנגען געאָרעמט, נישט אַרומגעקוקט זיך, נישט אויפגעהויבן די קעפּ, אַזוי ווי כּלות וואָס גייען צו דער חופּה, פאַר־וויינטע, אַזוי זענען זיי, די צוויי אומגליקלעכע כּלות, געגאַנגען צו זייער טויטער חופּה.

איינער, אַ געוויסער זיסמאַן, האָט בשעת מען האָט אים געפירט

צו דעם אויטאָ געזונגען „וטהר לבנו לעבדך באמת״. דאָס איז געווען אַ הייליק געזאַנג. אַ צווייטער האָט געקלאַפּט זיך על־חטא און געהאַלטן אין איין דאַווענען.

איין פרוי איז געווען וואָס האָט קענטיק נישט געהאַט קיין צייט, זי איז נישט געגאַנגען נאָר געלאָפן. זי האָט געהאַלטן אין איין לאַכן: — „פּטור, פּטור, טפו זאָלט איר ווערן, איר אויסוואורפן״. ווערמען זי האָט געמיינט, ווייסט איין גאָט אין הימל. אַזוי האָט מען אַרויסגעפירט 62 אומגליקלעכע מענטשן.

ווי פאַרגליווערטע זענען מיר געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו דעם שוידערלעכן בילד.

## דעם 2טן יולי.

היינט זענען די יידישע אַרבעטער געראָפן געוואָרן צו זייער נאָרמאַלער אַרבעט אין דער שטאָט אַריין. דאָס איז געשען אין דער פרי. אין די מיטאָג־שעה׳ן זענען די אַרבעטער צוריקגעשיקט געוואָרן. די סיבה דערפון איז, וואָס די מיליטערישע מאַכט האָט היינט אָנגעהויבן איבערצופירן גרויסע מענגעס פאַרוווּנדעטע זעלנער פון איין אָרט אויף אַ צווייטן אָרט, און אַזוי ווי זיי האָבן נישט געוואָלט אַז די יידן זאָלן זען די גרויסע צאָל דייטשע פאַרוווּנדעטע, האָט מען באַפוילן, אַז אַלע יידן זאָלן צוריקגעשיקט ווערן אין דער געטאָ אַריין.

אין די שעה׳ן צווישן 10—12 בייַנאַכט זענען היינט אַרומגערינגלט געוואָרן עטלעכע גאַסן, וווּ עס וווינען לויטער פּאָליאַקן. דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבן צו עוואַקויִרן אַ הויז נאָך אַ הויז. אין פאַרלויף פון דריי שעה זענען די אַלע אַרומגערינגלטע הייזער שוין געווען ליידיק. אַן ערך 30 טויזנט מענטשן זענען אַרויסגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. צווישן די עוואַקויִרטע האָט מען געזען בלויז פרויען און קינדער און אַ קליינע צאָל עלטערע מענער.

## דעם 3טן יולי.

שוין עטלעכע טעג ווי מען זעט דעם דורכמאַרש פון מענגעס מיליטער. דאָסמאָל האָט זיך דער מאַרש געצויגן אַ גאַנצע נאַכט. אויף

צענדליקער שווערע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען זענען אָפּגעפלויגן אין דער ריכטונג צו רוסלאַנד. דאָס מאַכט אַ שווערן איינדרוק אויף די געטאָ־יידן, מען זעט די גרויסקייט און שטאַרקייט פון דייטשן מיליטער און מען איז זיכער, אַז אַזאַ שטאַרקע מאַכט וועט שווער זיין איינצו־ברעכן. ווער ווייסט צי רוסלאַנד, צוזאַמען מיט דער גאַנצער דעמאָ־קראַטישער וועלט וועט קענען עפּעס אויפטון קעגן אַזאַ ריזן־מאַכט?

אין חודש יוני, זענען אויף 75 געבורטן געשטאָרבן 996 נפשות. די שפּיטאָלן האָבן געגעבן 500 טויטע, זעלבסטמאָרדן — 81, מאָרד דורך דער דייטשער וואַך־פּאָליציי —5, די איבעריקע 473 זענען געשטאָרבן אויף זייערע בעטן, פון הונגער און פון שווינדזוכט.

## דעם 4טן יולי.

היינט איז געטויִשט געוואָרן די וואַך אַרום דער געטאָ. די וואַך־פּאָסטנס זענען ווינער, זאַקסן און בייערן, צווישן זיי — אויך אייניקע פּרויסן, וועלכע פירן אויס די זעלבע פונקציעס וואָס די מענער. זיי טראָגן העלמען אויף די קעפּ און גייען אָנגעטאָן אין מונדירן. צי די פּרויסן וועלן אויך זיין אַזוי ברוטאַל ווי די מענער, דאָס וועלן מיר שפּעטער זען. דערווייל זענען זיי שטייף און גיבן נישט קיין שמייכל.

2 אַזייגער ביינאַכט איז היינט צום דריטן מאָל פאָרגעקומען אַן אַליאַרם. די נאַכט איז דווקא געווען אַ שיינע, אַן אויסגעשטערנטע, מיט אַ ליכטיקער לבנה, אַזוי אַז מען האָט געגוי געקענט אָבסערווירן אַלץ וואָס עס טוט זיך אויפן הימל.

די געטאָ־מענטשן, וואָס ווינען נאָענט ביי דער דראָטן־פּאַרצוי־מונג האָבן אין דער צייט פון אַליאַרם געזען דעם גרויסן פּחד פון די דייטשן פאַרן פליענדיקן שונא. אַזוי ווי די שאָטנס זענען די דייטשן געלאָפן אַהין און צוריק, געזוכט עפּעס אַ לאָך וווּ זיך צו באַהאַלטן. אויך דאָס מאָל איז דער שונא נישט געקומען. מען איז אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. אַ שאָד!

## דעם 5טן יולי.

דער טישלער־רעסאָרט אויף דרוקאַרסקאַ 12 האָט היינט באַקומען

צוגעשיקט פון דער מיליטערישער־מאַכט אַ באַשטעלונג אויף אַ מיליאָן הילצערנע קוליעס. אויסער דעם איז היינט אָנגעקומען פאַר אייניקע רעסאָרטן אַ מאַסע ווינטער־אַרבעט. די קירזשנער־ און שניידער־רעסאָרטן האָבן באַקומען גרויסע באַשטעלונגען. אַלע פרייע שפּייכלערס און פרייע פּלעצער זענען פול געוואָרן מיט רוישטאָף.

צום ערשטן מאָל איז אויך אָנגעקומען אַ באַשטעלונג אויף 5 מיליאָן אויערן־שיצער. מיט איין וואָרט: די אַרבעט ברענט אונטער די הענט. די הענט אָבער זענען שוואַך און האָבן נישט קיין כוח צו אַרבעטן. די הערן פון דער אַפּראָוויזאַציע האָבן נאָך נישט געפונען פאַר נייטיק אַ ביסל צו פאַרלייכטערן די לאַגע פון דעם אָפּגעשוואַכטן רעסאָרט־אַרבעטער. זיי ווערן ווייטער באַהאַנדלט ווי נידעריקע ברו־אים. דאַקעגן די רעדל־פירער פרעסן און זויפן אויף וואָס די וועלט שטייט, אויפן חשבון פון דעם אויסגעדאַרטן אַרבעטער־מענטש. דאָס פּשוטע פאָלק ווערט שוואַכער פון טאָג צו טאָג. זיי באַוועגן זיך קוים אונטער דער שווערער לאַסט פון זייער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט און די ה"ה שטשענשליווע, ריינגאָלד, מאַשעגזשניק, גוטמאַן, ראָזענזאַן און אַנדערע, מאַכן זיך נישט וויסן וואָס עס טוט זיך ביי דעם שקלאַפן־פאָלק.

## דעם 6טן יולי.

דער באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער און ציוניסטישער עסקן יהושע האַמבורסקי, האָט זיך היינט גענומען דאָס לעבן.

די געשיכטע פאַרוואָס האַמבורסקי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד איז פאָלגנדיקע:

מיט צוויי וואָכן צוריק האָט די קריפאָ (דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי) גערופן האַמבורסקין צו זיך און פון אים געפאָדערט, אַז ער זאָל אָנווייזן דאָס אָרט וווּ ער האָט באַהאַלטן זיין פאַרמעגן. עס פאַרשטייט זיך, אַז צווישן פרעגן ביזן ענטפערן האָט דערווייל האַמבורסקי באַקומען עטלעכע פייערדיקע פּעטש. האַמבורסקי, זעענדיק אַז ער איז מיאוס אַריינגעפאַלן און וואָס לענגער ער וועט פאַרציען מיטן ענטפער, אַלץ ערגער וועט ער אָפּשניידן, האָט גענומען

בעטן, אַז מען זאָל אים לאָזן צו זיך קומען, דאַן וועט ער זיך דערמאָנען ווו ער האָט באַהאַלטן זיין פאַרמעגן. דאָס האָט מען אים דווקא צוליב געטון. ער האָט טאַקע פאַמעלעך אָנגעהויבן צו דער־ציילן ווו ער האָט באַהאַלטן זיין פאַרמעגן. באַלד נאָכדעם האָט מען אים געהייסן אַהיימגיין. אויף צומאָרגנס האָט מען אים נאָכאַמאָל גערופן און צזאַמען מיט עטלעכע קריפּאָ־אַגענטן, דערונטער אויך צוויי יידן, איז האַמבורסקי אָפּגעפאָרן אין דער שטאָט אַריין צו דעם אָרט ווו זיין פאַרמעגן איז געלעגן באַהאַלטן. נאָכדעם ווי דאָס פאַרמעגן איז פון דאָרט אַרויסגענומען געוואָרן, האָט מען נאָך אַלץ דעם „יודע האַמבורסקי" נישט באַפרייט. מען האָט אויפסניי גענומען אים מאָרדעווען און פייניקן, אַז ער זאָל אויסגעבן די אַנדערע באַהעלטענישן. האַמבורסקי האָט אָנגעהויבן צו וויינען ווי אַ קליין קינד און געבעטן רחמים, אַז דאָס וואָס ער האָט איבערגעגעבן איז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט. אָפּהאַלטנדיק אים נאָך עטלעכע שעה האָט מען אים אַ שטאַרק־צעשלאָגענעם אַ צעבראָכענעם, אַהיימגע־לאָזט און ווען ער האָט נאָר אַריבערגעטראָטן די שוועל פון זיין הויז, האָט ער געזאָגט:

— קינדערלעך איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן, איך וועל נאָך פּרווון דעם לעצטן וועג, רעדן מיט רומקאָווסקין. וועט ער מיך וועלן פאַרשטיין און מיר אַרויסהעלפן אין מיין שווערער לאַגע, כדי איך זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו בעטל־בריט, וועט זיין גוט. אויב חלילה, נישט, ווער ווייסט צי איך וועל דאָס קענען איבערטראָגן. ער האָט עטלעכע מאָל געבעטן דעם פּרעזעס, סיי דורך בריוו און סיי פּערזענלעך, דער פּרעזעס האָט אים קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט יעדע שטיצע. דאָס האָט אויף האַמבורסקין אַזוי שלעכט געווירקט, אַז דער אַמאָליקער גרויסער גביר, געזעלשאַפטלעכער טוער און ציו־ניסטישער עסקן האָט זיך גענומען דאָס לעבן.

ביי דער לויה האָב איך געפרעגט דעם ה' פּרוינד: פאַרוואָס האָט דער פּרעזעס אים נישט געוואָלט העלפן? זיי זענען דאָך געווען גוטע פריינט? דערויף האָט פּרוינד מיר דערקלערט: דער פּרעזעס האָט האַמבורסקין איינימאָל פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל איבערנעמען

אַ געזעלשאַפטלעכן, פּאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, האָט זיך האַמבור־סקי דערפון אָפּגעזאָגט. דערנאָך האָט דער פּרעזעס אים געבעטן, אַז ער זאָל צו דער דיספּאָזיציע פון דער קהילה איבערגעבן זיין פּאַר־מעגן. דערפאַר, האָט דער פּרעזעס צו אים געזאָגט, וועסטו און דיין משפחה האָבן צו עסן אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין אַ געטאָ. דערויף האָט האַמבורסקי געענטפערט, אַז ער האָט פון דער שטאָט אין געטאָ אַריין גאָרנישט מיטגעבראַכט. צוליב דעם איז דער פּרעזעס אויף אים שטאַרק אין כעס און אַז דער פּרעזעס ווערט אויף איינעם אין כעס, זאָל גאָט שומר ומציל זיין.

## דעם 7טן יולי.

היינט איז ווידער צוריקגעקומען אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבע־טער אין דער געטאָ אַריין. ווי מען קוקט זיי אָן דאַרף מען זיי שוין מער גאָרנישט פרעגן. זייער הולך, זייער אַרט האַלטן זיך, זייער אַפּאַטישער אויסדרוק, דאָס אַלץ צוזאַמען דערציילט שוין אַלץ. אַלע זענען געוואַלדיק פאַרביטערט און אַלע ווען דאַרפן ליגן צו עטלעכע וואָכן ביז זיי וועלן קענען קומען צו זיך. זיי האָבן באַקומען מער קלעפּ ווי אַרבעט. יעדן טאָג האָט מען זיי פאַרגעוואָרפן, אַז די יידן האָבן געוואָלט די מלחמה און צוליב די יידן קומען אום דייטשע סאָלדאַטן אויף די רוסישע פראָנטן.

## דעם 8טן יולי.

איבער אויסגעקרומטע וועגן, פול מיט געפאַר, לויפן די געטאָ־יידן יעדן פרימאָרגן צו זייער שקלאַפן־אַרבעט. ווען דער זייגער ווייזט נאָר אויף 6 פאַרטאָג, שטייען שוין גרייט צענדליקער טויזנטער אָפּגעריסענע, אויסגעדאַרטע, איינגעהויקערטע, האַלב־פאַרחלשטע, הונגעריקע ברואים און וואַרטן ביי די פאַרשלאָסענע געטאָ־טויערן. כמעט די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג איילט זיך מיט אַזאַ מורא, מיט אַזאַ שרעק צו דער אַרבעט, אַזוי ווי זי וואָלט געטריבן געוואָרן פון אַ שרעקלעכע בהלה. עס איז אויך קיין וונדער בישט. פאַרשפּע־טיקט אַן אַרבעטער מיט איין מינוט, באַקומט ער שוין נישט דעם טאָג

זייַנע 20 דעקאָ ברויט און ער גייט אַרויף אויף דער „שוואַרצער ליסטע" און ווען חלילה, אַזאַ איינער גייט אַרויף אויף אַזאַ ליסטע דריי מאָל איז אים שוין גישטאָ וואָס מקנא צו זיין. ער ווערט שוין גערודפט דורך אַלעמען. אַזוי לויפן טאָג־טעגלעך צענדליקער טויזנטער אַרבעטער, נאַקעטע, באָרוועסע, אויסגעהונגערטע, ווי היימלאָזע הינט, איבער די אויסגעקרומטע הינטער־גאַסן און פרעגן: ווי לאַנג נאָך?

ווי לאַנג נאָך וועלן מיר לעבן אַזאַ הינטיש לעבן? ווי לאַנג נאָך וועלן מיר זיך אַזוי פייניקן?

## דעם 9טן יולי.

אַ שרעקלעכע עפּידעמיע בושעוועט אין געטאָ. מען רופט זי די „טשערוואָנקאָ". זי נעמט צו יעדן טאָג הונדערטער קרבנות. אין יעדן הויף הערן זיך געוויינען און געוואַלדן — טאַטע זיסער אין הימל, איין פּלאָג קומט נאָך אַ צווייטער.

שוין עטלעכע טעג ווי די דאָקטוירים ברעכן זיך די קעפּ, ווי אַזוי אָפּצושטעלן די עפּידעמיע. טאָמער פאַלט איינער אַריין אין אַזאַ קרענק איז ער שוין ביים מלאך־המות אין די הענט. די דאָקטוירים קענען נישט ראַטעווען, ווייל זיי האָבן פּשוט נישט מיט וואָס. די רעצעפּטן ווערן באַהאַלטן פאַר דער בעסערער געזעלשאַפט, זיי ליגן הינטער שלעסער אויף דריי ערטער, אונטער דער אויפזיכט פון דריי פּערזאָן: יוזעף רומקאָווסקי, צדוק טשאַרנאָבראָדאַ און מ. קליגער יע־דער איינער אַרבעט אויף זיין אייגענעם חשבון באַזונדער. אויב עמיצער דאַרף נייטיק האָבן וויגאַנטאָל אָדער אַן איינשפּריצונג פון סטריכ־נין אָדער קאַלציום, ווערט עס דורך פּראָטעקציע דערליידיקט נאָר דורך די דריי הערן. אָן פּראָטעקציע קען מען אויף דער שוועל פון די אויבנדערמאָנטע הערן שטאַרבן.

## דעם 10טן יולי.

די געסטאַפּאָ האָט היינט צוגעשיקט אַן אויפפאָדערונגס־בריוו צום יידישן געריכט. אין בריוו ווערט געשריבן, אַז שוין אַ לענגערע צייט ווי די געסטאַפּאָ אָבסערווירט די געטאָ־געריכטן, ווי אויך



ניט קוקנדיק אויף הונגער, נויט און אומקום פייערט די ציוניסטישע יוגנד אין געטאָ דעם נאַציאָנאַלן פרייהייטס יום־טוב חנוכה.
(פון יד ושם אַרכיוו)

די אַרויסגעטראָגענע משפּטים. אין רעזולטאַט פון אונדזער אָבסער־וואַציע האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז איייניקע אורטיילן זענען צו לייכט. דעריבער „זאָלט איר אויך אָנהייבן אַרויסצוגעבן טויט־שטראָף אורטיילן".

עס פאַרשטייט זיך, אַז די מיטטיילונג האָט געמאַכט אַ שווערן איינדרוק און אַרויסגערופן אַ שטאַרקע פאַרביטערונג. נישט גענוג וואָס טויזנטער יידן פאַלן טאָג־טעגלעך אַוועק פון הונגער, נישט גענוג וואָס דער טויט ליגט יעדן איינעם אויפן פּנים, דאַרף נאָך אַ יידישער ריכטער אַרויסגעבן אַ טויט־שטראָף אורטייל?

באַלד ווי די מיטטיילונג איז באַקאַנט געוואָרן, האָט דער פּרעזעס צו זיך גערופן אַלע ריכטער און מיט זיי אַרומגערעדט דעם

ענין. צום סוף האָט דער פּרעזעס זיי מיטגעטיילט, אַז ער גיט זיי אַ טערמין פון דריי טעג כדי זיי, די ריכטער, זאָלן זיך באַראַטן געמיינזאַם אונטערצושרייבן דאָס וואָס די געסטאַפּאָ וויל.

נאָכדעם ווי די ריכטער זענען זיך צעגאַנגען האָט דער גרעסטער טייל דערקלערט: „מיר וועלן בישט טויטן אונזערע ברידער. מיר זענען אויפגעציטערט געוואָרן הערנדיק, אַז דער פּרעזעס איז מסכים מיט דער געסטאַפּאָ, אַז מיר זאָלן פאַרמשפּטן אונזערע גערודפטע ברידער צום טויט". אין זעלבן טאָג האָט דער ריכטער בן־ציון ווייסקאָפּ צונויפגערופן אַ דרינגנדיקע זיצונג פון אַלע ריכטערס, די זיצונג איז געווען אַ געשלאָסענע. דריי מאָל האָב איך געפּרוּווט צוקומען צו די ריכטערס און עס איז מיר נישט געלונגען. עס איז מיר אויך נישט געלונגען צו רעדן וועגן דעם ענין מיט יעקב ראַטנער, וואָס איז געווען אַ לענגערע צייט סעקרעטאַר פון געריכטס־וועזן אין געטאָ. די זיצונג פון די ריכטערס איז פאַרגעקומען מיט אייניקע איבערייסן. אויף צו מאָרגנס האָבן די ריכטער געגעבן אַ בשותּפות־דיקן ענטפער:

— אַזוי ווי מיר יידן געפינען זיך אין אַ זייער שווערער לאַגע, וואָס מאַכט נישט קיין אונטערשייד צווישן אַ בעסערן און אַן ערגערן ייד, אַלע יידן זענען דאָך איצט אַ „מינדערווערטיק" פאָלק, אָן רעכטן, געסטעמפּלט מיט געלע שאַנד־לאַטעס, אַריינגעוואָרפענע אין געטאָ, מיט פאַרשיידענע שווערע גזירות, קענען מיר נישט פאַראורטיילן אַ צווייטן יידן צום טויט, דעריבער זאָגן מיר זיך אָפּ פון אונדזערע פאָסטנס אַלס ריכטער פון ליצמאַנשטאַט־געטאָ:

— אונטערגעשריבן האָבן די פאָלגנדיקע ריכטער: מערלענדער אַלבערט, בינשטאָק אַלעקסאַנדער, נוימאַן יעקב, ביטענסקי נתן, ביטענסקי ראָמאַן, ווייסקאָפּ בן־ציון, איידיך יוסף, מרובקאַ ווילהעלם, ראַטנער יעקב און וואָלק אַלעקסאַנדער.

דאַקעגן האָבן נישט אונטערגעשריבן דעם ענטפער צום פּרעזעס, די פאָלגנדיקע ריכטער:

שפּאַרן איזאַק שוועבל אברהם, מאָטיל העלאַ, פּראָכאָווניק משה און פלאַטאָ יעקב.

איצט גלייבט מען וועט דער פּרעזעס אויסגעפינען אַנדערע ריכטער אויף דעם אָרט פון די ווידער־שפּעניקע, וואָס וועלן מיט אַ לייכט געמיט יאָ אונטערשרייבן טויט־שטראָף אורטיילן פאַר זייערע אויסגעמוטשעטע אומגליקלעכע ברידער.



ביי 18 גראַד פראָסט איז די ערשטע גרופּע פון די 10 טויזנט פרויען מענער און קינדער אויסגעזידלט געוואָרן פון געטאָ.

## דעם 14טן יולי.

דער קליינער מאַריאַוויטן קלויסטער, וואָס שטייט אַריינגעפּרעסט צווישן קליינע אַרבעטער־הייזער, איז איצט פאַרלאָזט פון זיינע גלוֹיביקע. דער קליינער קלויסטער ווערט געהיט טאָג און נאַכט פון יידישע נאַכט־וועכטער און אויך דורך פּאָליציי און פייערלעשער. ער ווערט געהיטן, עס זאָל אים חלילה קיין שלעכטס נישט געשען. די גרויסע טירן פון קלויסטער זענען פאַרשלאָסן, בלויז די

אייזערנע פורטקע וואָס טיילט אָפּ דאָס קליינע געסל פון קלויסטער איז אָפן. דער רעגן האָט נאָר־וואָס אויפגעהערט. פון די דעכער רינען נאָך די טראָפּנס. ווען דער שוואַרצער הימל האָט צו ביסלעך אָנגעהויבן גרויער ווערן האָבן אויפן הויף פון דעם קליינעם קלויס־טער זיך געגומען פאַרזאַמלען צענדליקער קעץ.

וואָס אייגנטלעך זוכן קעץ אין דער איצטיקער שפּעטער שעה אין דעם פאַרלאָזענעם קלויסטער?

אָבסערווירנדיק זיי אַזוי אַ שעה צייט איז מיר קלאָר געוואָרן די סיבה פון דעם קעצישן צוזאַמענטרעף. אויפן טורעם פון דעם קלויסטער געפינען זיך אייניקע נעסטן פון שוואַרצע קראָען, צווישן די קראָען איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע, אפשר אויך צוליב די שלעכטע אָרעמע געטאָ־מאכלים, וואָס די קראָען קלויבן און דאָס האָט גורם געווען, אַז די שוואַרצע פייגל זאָלן פגרן מאַסנווייז. די קעץ זענען דעריבער געקומען צולויפן פון אַלע עקן געטאָ כדי צו פראַוון די אמתע סעודה פון קראָען־פלייש.

## דעם 15טן יולי.

די זעלבסטמאָרד־עפּידעמיע האָט היינט אַריינגעכאַפּט נאָך אַ קרבן. אַ 20־יעריקער בחור נעמט איין סם און ווען דער סם ווירקט נישט אַזוי שנעל שפּרינגט ער אַראָפּ פון דריטן שטאָק און ווערט צעשמעטערט פאַר די אויגן פון הונדערטער דורכגייער.

פּאַסירט האָט דאָס האַלב 10 אַזייגער אין דער פרי. אַלס סובלאָקאַטאָר ביי אַ שניידער האָט געוווינט דער 20־יעריקער שיע, אַ בחור וועלכער האָט פאַר דער מלחמה געאַרבעט ביי אַן אָנגעזעע־נעם לאָדזשער פאַבריקאַנט, פאַרדינט אויף אויסצוהאַלטן זיך אין זיין גאַנצע משפחה. דער בחור מיט זיין פאַמיליע האָט אין דער געטאָ באַלד פון ערשטן טאָג אַן גענומען הונגערן און ליידן. אַ טאָג פאַר פסח איז אים די מוטער געשטאָרבן. 6 וואָכן נאָך פסח איז אים זיין איינציקע שוועסטער דערשאָסן געוואָרן און צום סוף איז אים דער פאָטער אַזוי שווער קראַנק געוואָרן, אַז די דאָקטוירים האָבן מער קיין האָפענונג נישט געגעבן. אַ צעבראָכענער און אַ

דערשלאָגענער האָט ער זיך גענומען אַרומטראָגן מיט דעם געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד.

אַרום האַלב 10 אַזייגער אין דער פרי האָט ער ביי אַ שכן געבאָרגט 50 פעניג, געקויפט עסיק־עסענץ און אין אַ האַלבע שעה אַרום האָט מען פלוצים דערהערט אויפן הויף אַ שווערן קלאַפּ, דער דאָקטער פון דער גיכער הילף האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער זעלבסט־מערדער איז שוין אַ געסמטער אַראָפּגעשפּרונגען פון פענצטער. אין שטוב ביי אים האָט מען געפונען אַ בריוו, געשריבן אין פויליש. ער שילדערט דאָס גרויסע אומגליק פון זיין משפחה און דאָס גרויסע אומרעכט פון די קהילה־מושלים, וואָס האָבן אים נישט געוואָלט העלפן, בעת ער האָט געבעטן אַ קראַנקן־שטיצע פאַר זיין פאָטער. ער רעכנט אויס אין דעם בריוו ביי וועמען ער איז אַלץ געווען און געבעטן שטיצע און אייגער האָט אים געשיקט צום צווייטן. ער איז אַזוי אַרומגעלאָפן אַ צעבראָכענער, אַ הונגעריקער און אַ פאַרצווייפלטער. דעריבער האָב איך, שרייבט ער, באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו אַזאַ לעבן.

די מענטשן צו וועלכע ער האָט זיך געווענדעט נאָך הילף זענען: קליגער פון דער זאַנדער־פּאָליציי, טשאַרנאָבראָדאָ פון דער געזונט־הייטס־אָפּטיילונג, גוטמאַן דער קאָמיסאַר פון די בעקערס, זבאַר דער לייטער פון טריקאָטאַזש־רעסאָרט און געטריימאַן, לייטער פון שוסטער רעסאָרט אויף מאַרישין.

די אַלע — שרייבט ער — האָב איך גוט געקענט פון פאַרן קריג. ליידער בין איך פאַר זיי איצט גאָרנישט. דעריבער האָבן זיי פון מיר חוזק געמאַכט און מיך געטריבן צו דעם פאַרצווייפלטן שריט.

איך בעט די שכנים וועלכע קענען גוט מיין פאָטער, אַז זיי זאָלן זיך אויף אים דערבאַרעמען און אים העלפן אין זיין שווערער לאַגע.

## דעם 16טן יולי.

היינט 4 פאַרטאָג איז אין געטאָ צוריקגעקומען אַ גרויסער טראַנס־פּאָרט אַרבעטער. כמעט אַלע זענען מוראַדיק צעשלאָגן. יעדער צוריקגעקומענער האָט באַקומען אַזויפיל קלעפּ וויפל ער האָט נאָר

געקענט אויסהאַלטן. געשלאָגן האָט מען זיי ביים גיין צו דער אַרבעט, ביים עסן און ביי דעם אויפשטיין. געשלאָגן האָבן אַלע אויפזעערס צוזאַמען; ווער מיט אַ רימען, ווער מיט אַ שטעקן און ווער מיט די הענט. די מערדערלעכע שלעגערייען זענען פאָרגעקומען יעדן טאָג פאַר די אויגן פון די דייטשע פרויען און קינדער. די צוריקגעקומענע דערציילן נאָך אַ מעשה, וואָס נאָר ביי אַזאַ מערדער־פאָלק, קענען אַזעלכע זאַכן פאַסירן: אַ פאַרחלשטער האָט, נאָכן קומען צו זיך, געבעטן אַ דייטשע פרוי וואָס איז געשטאַנען נישט ווייט פון אים, אַז זי זאָל אים ברענגען אַ ביסל וואַסער, האָט זי געבראַכט השתנה פון אירע קינדער און ווען דער פאַרחלשטער האָט דאָס אָנגעהויבן טרינקען, האָבן די קינדער אָנגעהויבן צו לאַכן און צוזאַמענגערופן דאָס גאַנצע דאָרף: — „קומט, קאַמעראַדן, וועט איר זען ווי דער יודע טרינקט פאַלעסטינאַ־ווײַן".

## דעם 17טן יולי.

ווידער האָט היינט אַ מערדערישע האַנט דערשאָסן אַן אומשול־דיקן מענטשן. הערשל אַבראַמאָוויטש, 30 יאָר אַלט, האָט איבערגעלאָזט אַ פרוי און אַ קליין קינד. ער איז, ווי שטענדיק, געגאַנגען צו זיין אַרבעט. דער וואַך־פּאָסטן האָט אויף אים געשאָסן און אים אַוועק־געלייגט טויט אויפן אָרט. דער שיסער האָט זיך פאַרענטפערט: „דער יודע האָט זיך נישט געמאַכט הערן, ווען איך האָב אים אייניקע מאָל גערופן. ער האָט געקוקט אויף מיר און מיינע באַפעלן נישט אויס־געפירט. דעריבער האָב איך אים דערשאָסן".

## דעם 18טן יולי.

אַ מהומה, אַ געשריי, אַ געלויף, געוואַלד יידן עס ברענט. מענטשן ראַטעוועט... וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? אויף בזשעזשינער 58 אין דער פאַבריק פון די ברידער ציטרין, איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה. די יידישע פייערלעשער, צוזאַמען מיט די דייטשע פייערלעשער, האָבן אין פאַרלויף פון פיר שעה דאָס פייער קוים פאַרלאָשן.



אַזוי האָבן אויסגעזען די געטאָ מענטשן אין ערשטן יאָר, פון דעם אַרומגעצוימטן געטאָ.

פאַרברענט איז געוואָרן דער גאַנצער לאַגער פון פריש־געריסענער וואָל, וואָס האָט געזאָלט אין צוויי טעג אַרום אָפּטראַנספּאָרטירט ווערן אין דער שטאָט אַריין. לויט ווי דער פּרעזעס גיט איבער, זאָל אין דעם שטעקן די האַנט פון איינעם פון די ברידער. ער זאָל האָבן גורם געווען די שריפה. דער אַמאָליקער גרויסער גביר קען נישט צוקוקן ווי זיין פאַבריק אַרבעט טאָג־און־נאַכט און הונדערטער אַרבעטער גייען טאָג־טעגלעך אַריין און אַרויס, ווער מיט זופּ און ווער מיט ברויט און ער, דער אַלטער אַמאָליקער פאַבריקאַנט, הונגערט און שטאַרבט דריי מאָל אין טאָג פאַר אַ שטיקל ברויט. דער פּרעזעס האָט צוגעגעבן, אַז אויב די אויספאָרשונג וועט אַרויסווייזן, אַז זיין פאַר־דאַכט איז אַ ריכטיקער, וועט אַך־און־ווי זיין צו זיין לעבן.

שלמה פראַנק

# דעם 19טן יולי.

עס איז כדאי צו פאַרצייכענען, פאַר די שפּעטערע, וואָס וועלן יאָ לעבן בלייבן, ווי אַזוי רומקאָווסקי מיט זיינע מענטשן, באַשפּייזן די טויזנטער אויסגעהונגערטע און אויסגעפּרוירענע שול־קינדער. וואָס אַן אמת, קען מען די גאַנצע שולד אויפן פּרעזעס דאָס מאָל נישט אַרויפלייגן, ווייל ער קען בשום אופן נישט זיין אומעטום און זען וואָס עס ווערט אַרייננעלייגט אין קעסל. די שטענדיק־אויסגעהונגערטע קינדער, הערנדיק אַז די שולע וועט פאַר זיי האָבן יעדן טאָג אַ וואַרעמע זופּ, האָבן פאַר פרייד געגומען טאַנצן אויף די גאָסן. נישט קוקנדיק דערויף וואָס אַזאַ זופּ וועט דאַרפן קאָסטן יעדן קינד 15 פעניג, האָבן די קינדער גענומען טעפּלעך, אָנגעבונדן זיי ביי די אויערן מיט בענדלעך און אָנגעהאַנגען זיך אויפן אַקסל און אַזוי מיט געזאַנג און פרייד געלאָפן אין דער שול אַריין.

וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן די 15 פעניג פון די קינדער זענען טאַקע צוגענומען געוואָרן, אָבער די צוגעזאָגטע גוטע, געדיכטע זופּ האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אַ ביסל ריין וואַסער. אַנשטאָט עסן האָבן די קינדער באַקומען צו טרינקען. דאַקעגן, די וועלכע דרייען זיך אַרום ביים קעסל מאַכן אַ לעבן. איידער די קינדער קומען, איז שוין דאָס געדיכטע אַראָפּגענומען געוואָרן. עס עסן נישט בלויז די קיכן־אַרבעטער, מיט אַלע קליינע און גרויסע געהילפן, נאָר אויך פריינט און באַקאַנטע פון די קיכן־לייטערס. יעדער קומט בלויז פאַר־זוכן און ביי אַזאַ פאַרזוך ווערט דאָס געדיכטע אויפגעגעסן און ווען די קינדער קומען פאַרבלייבט זיי שוין נישט מער ווי בלויז וואַסער. אַזוי אַרום איז אויסגערונען געוואָרן די קינדערישע פרייד. איצט ווינצלען זיך די קינדער: — „האָסט שוין היינט געטרונקען די געדיכטע זופּ? — וואָס האָסטו אין דער שול מיטגעבראַכט, אַ טעפּל אָדער אַ פלעשל? — ווער עס וועט היינט געפינען אַ קאַרטאָפל אין דער זופּ, דער באַקומט 5 פעניג, — מיין זופּ האָט אויפגעגעסן דער קיך־לייטער און מיר האָט ער געגעבן דאָס וואַסער". און נאָך פאַר־שידענע אַנדערע קינדערישע וויצן אויפן חשבון פון די נאַרהאַפּטיקע,

געשמאַקע, געדיכטע זופּן, וואָס דער פּרעזעס מיט זיינע משרתים האָבן צוגעזאָגט און דאָס צוזאָגעניש אַזוי שטאַרק צעפּויקט.

## דעם 20טן יולי.

אין געטאָ האָט זיך פאַרשפּרייט אַ נייע פּלאָג: גניבות, אויסגעפירט דווקא דורך מינדעריעריקע. עס גייט נישט אַדורך קיין איין טאָג, אַז קינדער זאָלן נישט געשלעפּט ווערן פון דער פּאָליציי אין די רעווירן אַריין. אַממיינסטן ווערט געגנבעט עסנוואַרג: ברויט־קאַרטן, פּראָדוקטן פון די גרינצייג־פּלעצער, פון בעקערייען און פון קאָאָפּעראַטיוון. די קינדער ווערן געשיקט גנבענען פון זייערע עלטערן. די אַלע פאַרברעכער זענען צופּעליקע. זיי ווערן צום פאַרברעכן געטריבן דורכן הונגער, מען זעט ווי אויסגעהונגערטע קינדערלעך קריכן אַרום פון הויף צו הויף, פון מיסטקאַסטן צו מיסטקאַסטן און זוכן עפּעס וואָס טויג צום עסן. דאָס וואָס ווערט געפונען, ווערט אָפּגעוואַשן און אַהיימגעטראָגן. צוליב די קינדער־פאַרברעכנס האָט דער פּרעזעס היינט געשאַפן אַ קוראַטאָרן־קרייז צום שוץ פאַר די מינדעריעריקע. ביים קרייז איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ געריכט, וואָס וועט משפּטן די קליינע פאַרברעכער. אין דעם קוראַטאָרן־קרייז זענען דורכן פּרעזעס נאָמינירט געוואָרן די פּאָלגנדיקע פּערזאָנען: די פרויען קראַקאָווסקי גיטל, מאַסאַרסקאַ צפּורה, טאַבקסבלאַט בערטאַ, אורימאַן דאָראַ, בריטשקאָווסקאַ אַננאַ, דאַווידאָוויטש שרה, וואַסערצוג דאָראַ, מילאַוסקאַ בתיה, לובעק איידל און די ה"ה: שוועגפינגער ישראל, מעלניק ברוך, קאַרמיאל וואָלף, גראָספעלד מאיר־בער, קראָנענבערג יוסף, לעווי מיכל און בערלינער נאָטע. דער הויפּט־ציל פון דעם נייעם באַשעפעניש, וואָס רופט זיך „קוראַטאָרן־קרייז" וועט זיין אויסצוברייטערן די השגחה איבער די מינדעריעריקע.

ווען איך האָב געפרעגט אייניקע מיטגלידער פון דעם קוראַטאָריום, צי זיי גלויבן מיטן גאַנצן האַרצן, אַז זייער נייע אויפגאַבע וועט די הונגעריקע קינדער אַ ביסל זעטיקן, האָבן זיי מיר געענטפערט:
— מיר וועלן זען. דער פּרעזעס וויל אַזוי, זאָל זיין אַזוי.

## דעם 21טן יולי.

שוין אייניקע מאָל ווי ביי די דראָטן געפינט מען ליגן דער־שאָסענע מענער אָן שום דאָקומענטן. אַזוי אַרום קען מען בשום אופן נישט וויסן ווער דער דערשאָסענער איז און פון וואַנען ער איז געקומען. דער געפונענער ווערט באַגראָבן אָן דאָקומענטן אַלס אַן אומבאַקאַנטער און די צאָל פון אַזעלכע אומבאַקאַנטע איז שוין אַ גאַר היפשע.

עס זענען אויך שוין געווען פאַלן ווען מען האָט אַרויסגערופן די יידישע פאָליציי, אַז זי זאָל אוועקנעמען דעם טויטן פון יענער זייט דראָטן. דאָס הייסט, אַז דער מענטש איז דערשאָסן געוואָרן אויף דער אַרישער זייט. און ווען מען האָט אַזאַ מת אַריינגעבראַכט אין דער געטאָ האָט מען ביי אים שוין נישט געפונען קיין שום סימנים, ווער ער איז און פון וואַנען ער שטאַמט.

היינט פאַרטאָג האָט אַ פאַטרול פון דער געטאָ־פאָליציי זיך אָנגע־שטויסן אויף אַ דערשאָסענעם מאַן, וואָס איז געלעגן נישט ווייט פון די דראָטן. אַלע באַמיאונגען פעסטצושטעלן ווער דער דערשאָסענער איז, זענען געבליבן אָן רעזולטאַטן. די פאָטאָגראַפישע אויפנאַמע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, האָט באַוויזן, אַז דער אומגעקומענער האָט געקענט אַלט זיין אַן ערך 55—60 יאָר. אָט אַזוי קומען אום יידן. (און אפשר זענען עס גאָרנישט קיין יידן?).

## דעם 22טן יולי.

דער פּרעזעס רעדט, און אַז דער פּרעזעס רעדט דאַרפן יידן הערן.

איידער דער פרעזעס האָט אָנגעהויבן רעדן האָט ער צווויסן געגעבן, אַז ווער עס וועט אים אין מיטן רעדן שטערן, דער וועט אויפן אָרט אַרעסטירט ווערן. — אַ קליינינקייט! דער קעניג פון ליצמאַנשטאַט־געטאָ, דער קעניג וואָס געוועלטיקט איבער הונדערט און פופציק טויזנט יידן, זאָל געשטערט ווערן בעת ער האַלט זיין טראָן־רעדע!

אויפן אָרט ווו די רעדע האָט געזאָלט פאָרקומען האָט מען שוין

פון פריער אַוועקגעשטעלט די בעסטע פּאָליצייאישע קרעפטן, די אַזוי גערופענע, איבערפאַל־קאָמאַנדע.

דער גאַנצער שטח איז אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ שטאַרקער וואַך פון פּאָליציי און פייערלעשער. אַ טריבונע איז געמאַכט געוואָרן און אויף איר איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ פאָטעל, כדי דער פּרעזעס זאָל אַלעמען זען און יעדן קענען אָריינזאָגן, אויב עמעצער וועט שטעלן פראַגן. דער פּרעזעס האָט זיך באַוויזן אויף דער טריבונע, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און אָנגעהויבן רעדן:

— מיינע ליבע יידן, ברידער און שוועסטער! די געטאָ איז נישט געמאַכט געוואָרן פאַר ליידיקגייערס, פאַר שווינדלערס אָדער פאַר שאַכער־מאַכערס. די געטאָ איז באַשאַפן געוואָרן, כדי איר זאָלט אַרבעטן און אויספירן געהאָרכזאַם אַלע מיינע באַפעלן. זיך צוגעוווינען צו הונגערן. נישט פיל רעדן אָדער דערציילן באָבע־מעשיות; דער וואָס וועט אַ סך רעדן, דער וועט פוילן אין דער תפיסה. איר מוזט צו אָפּעלירן. דערויף איז דאָ אַ פּרעזעס, וואָס איז גלייכצייטיק אַ פאָטער, אַ טאַטע וואָס פאַרזאָרגט אַלע מענטשן אין געטאָ. מענטשן וויסן, אַז געטאָ־מענטשן האָבן נישט קיין רעכט צו דיסקוטירן, אָדער אַליין שפּילן קיין ראָל נישט. מענטשן האָב איך גענוג און איבערגענוג. איך וויל נישט אַזויפיל אַריינגעמען, וויפל די מאַכט וויל מיר שיקן. געדענקט דאָס וואָס איך זאָג אייך: דאָס ווילן זיי... די וועלכע פאַר־זאָרגן אונדז מיט אַרבעט און עסן. איך האָב פאַר אייך ביז היינט זייער אַ סך געטון. איך בין שוין קראַנק און שוואַך פון אייערע צרות; איך שלאָף נישט קיין איין נאַכט אַדורך רואיק; איך טראַכט נאָר וועגן אייך, ווי אַזוי אייך זאָט צו מאַכן. ליידער קען איך נישט אַלע פאַר־זאָרגן. און צווישן אונדז גערעדט, זענט איר אויך נישט ווערט, אַז איך זאָל פאַר אייך אַזויפיל זאָרגן.

דער פּרעזעס האָט אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַסער וואָס איז אים צוגעטראָגן געוואָרן פון קאָמיסאַר יוטקע און ער האָט ווידער אָנגע־הויבן:

— גנבים זענט איר! ווו איך קער זיך און ווו איך ווענד זיך זענען פאַראַן גניבות. איך וואָרן אייך היינט צום לעצטן מאָל, אַז

איך וועל האַנדלען לגבי אייך פיל שטרענגער ווי ביז איצט. איך אַליין וועל די מאָרדעס צעהאַקן. איך ראָט אייך, אַז איר זאָלט זיך בעסער אויפפירן און מיט געדולד וואַרטן ביז דאָס בעסערע וועט קומען.

דעם 25טן יולי.

די צענטראַלע תפיסה געפינט זיך אונטער דער אויפזיכט פון שלום הערצבערג, וועלכער איז אויך גלייכצייטיק דער פּאַקטישער באַלעבאָס איבער די, וועלכע פאַלן אַריין אין זיין האַנט. ער דעצידירט וועגן זייער לעבן און טויט. לויט זיינע אָנווייזונגען ווערט די אויס־פאָרשונג נאָך אַמאָל געפירט. נישט קוקנדיק דערויף וואָס דער באַשול־דיקטער האָט שוין זיין שטראָף פאַרענדיק.

הערצבערג האָט די טעג געפייערט אַ שמחה׳לע. אַ קליינקייט עפּעס, די תפיסה האָט באַקומען פון דער דייטשער מאַכט אַנערקענונג. ער האָט צו דער שמחה, אין זיין פריוואַטער וווינונג, פאַרבעטן אייניקע געסטאַפּאָווצעס, דערונטער אויך די צוויי באַקאַנטע יידישע געסטאַ־פּאָווצעס, די ברידער קאָהן, ווי אויך אייניקע באַקאַנטע אונטערוועלט־פרויען און מען האָט געטרונקען אויף וואָס די וועלט שטייט. איינער פון די געסטאַפּאָווצעס, שוין שטאַרק שיכור, מיט אַ פּראָסטיטוטקע אויף דער קני, האָט געשריגן: — „אַך, ווי שיין דו ביסט! ווען נישט היטלער וואָלטן מיר מיט אייך געקענט גוט לעבן”. די הוליאַנקע האָט זיך אַזוי געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אין מיטן דער נאַכט זענען אָנגעקומען נאָך אייניקע געסטאַפּאָווצעס, וואָס האָבן זיך גענומען צו די פלעשלעך און צו די יידישע פּראָסטיטוטקעס.

ווי אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די צענטראַלע תפיסה אויף טשאַר־ניעצקיעגאָ? נאָך אייניקע חדשים פון זיין הערשן אין געטאָ האָט דער פּרעזעס זיך אַרומגעזען, אַז די אַרעסט־הייזער, וועלכע געפינען זיך ביי די פּאָליציי־רעווירן זענען צו קליין. ער האָט דאַן גערופן צו זיך דעם פּאָליציי־קאָמיסאַר הערצבערג און אים געהייסן שאַפן אַ צענטראַלע תפיסה, לויטן מוסטער פון דער תפיסה אויף קאָפּערניק־גאַס. הערצבערג האָט זיך געווענדעט צו דער דייטשער קרימינאַל־

פּאָליציי און געבעטן, אַז זיי זאָלן אים צושיקן אַ מענטש, וואָס זאָל געבן עצות ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן אַזאַ תּפיסה. די דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי האָט באַלד צוגעשיקט איר'ע אַגענטן און מען האָט אויף טשאַרניעצקי־גאַס אויפגעשטעלט אַ תּפיסה.

שלום הערצבערג אַליין, האָט זיך אויסגעזוכט אייניקע פּאָליציי־לייט פון פאַרשידענע פּאָליציי־רעווירן, געגעבן זיי אינסטרוקציעס און אויפקלערונגען וועגן זייער אַרבעט.

ווען עס איז אַריינגעקומען דער ערשטער אַרעסטאַנט, האָט מען זיך באַגאַסן מיט קאָניאַק. דער אַרעסטאַנט גופאָ האָט אויך באַקומען אַנשטאָט קלעפּ — גוט אָפּצועסן און צו טרינקען. ווען די צאָל אַרעס־טאַנטן איז געוואַקסן איז די תּפיסה געוואָרן אַ שעכט־הויז. ווער עס איז דאָרט אַריין איז שוין מער קיין געזונטער נישט אַרויס. יאָ פאַרשולדיקט זיך, אָדער נישט פאַרשולדיקט זיך — ביסטו אין דער תּפיסה, דאַרפסטו באַקומען קלעפּ. און געשלאָגן האָט מען מיט ספּעצי־יעלע מכשירים, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פון דער דייטשער קרימינאַל־אָפּטיילונג. מען האָט דעם אַרעסטאַנט נישט געלאָזט לעבן און נישט שטאַרבן. די תּפיסה אויף טשאַרניעצקי־גאַס איז געוואָרן אַ שם־דבר, אַ שרעק פאַרן געטאָ.

געמיין, ברוטאַל און נידעריק פירט זיך אויף שלום הערצבערג. עס איז נישט פאַראַן קיין איין מענטש אין געטאָ, וואָס זאָל וועגן הערצבערגן זאָגן איין גוט וואָרט. ער איז דער מלאך־המות נומ׳ 2. די שרעק פון טויזנטער געטאָ־יידן.

מוראָדיק איז צו זען, ווי הערצבערג אַליין נעמט זיך אויסצו־פאָרשן קליינע קינדער. דאָס קינד ווערט אַוועקגעשטעלט אין מיטן צימער. הערצבערג מיט אַ בייטש אין דער האַנט שטייט מיט איין פוס אויף אַ בענקל און שטעלט דעם קינד שאַלות. ביי יעדער שאַלה — אַ שמיץ מיט דער בייטש איבערן קינדס קערפּער. און ווען דאָס קינד הייבט אָן פאַר שרעק שטאַמלען און וואַרפט זיך אויף דער ערד פאַר יסורים, שטייט דער גזלן און לאַכט. דערביי ברומט ער אונטער: „ביי מיר וועסטו קיינע קונצן נישט מאַכן“.

**שלמה פראַנק**

## דעם 21טן אויגוסט.

היינט זענען פון דייטשלאַנד צוריקגעקומען אַ גרעסערע צאָל אַרבעטער. באַלד ווי די מענטשן האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אויפן געטאָ־באָדן, איז אָנגעקומען דער פּרעזעס רומקאָווסקי, דער וויצע־פּרעזעס יאַקובאָוויטש, די פריילין פוקס מיט איר ברודער, און נאָך אייניקע קאָמיסאַרן מיטן קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט אין דער שפּיץ. דער פּרעזעס האָט זיי געפרעגט: ווער האָט אייך צוריקגעשיקט אין דער געטאָ? אַלע וועט איר איינגעזעצט ווערן אין דער צענטראַלער תפיסה. דאָרט וועל איך אויספאָרשן ווער פון אייך עס איז ווירקלעך קראַנק און ווער עס איז געזונט. באַלד זענען אין דער תפיסה אַראָפּ־געקומען אייניקע דאָקטוירים מיטן ברודער פונעם פּרעזעס, יוזעף רומקאָווסקי אין דער שפּיץ, און מען האָט אויסגעפאָרשט ווער עס איז געזונט און ווער עס איז קראַנק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ גרויסער טייל פון די צוריקגעקומענע איז פיזיש געזונט און קאָן אַרבעטן ביי אַלערליי שווערע אַרבעטן. דער פּרעזעס האָט טאַקע באַלד באַפוילן אַלע געזונטע איינצוזעצן און האַלטן זיי אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן ווידער געפאָדערט ווערן פון דער דייטשער מאַכט. די קראַנקע האָט ער באַפוילן אַהיים צולאָזן צו זייערע פאַמיליעס. די געזונטע האָט די פּאָליציי אַרומגערינגלט און געהייסן אַריינגיין אין די תפיסה־קאַמערן צווישן די צוריקגעקומענע זענען געווען עטלעכע „ווילע־יונגען”, וואָס האָבן בשום אופן נישט געוואָלט אַריין אין דער תפיסה. זיי האָבן געזאָגט: „אויב די דייטשן האָבן אונדז אַהיים געלאָזט, דאַרף רומקאָווסקי נישט זיין צו אונדז אַזוי ביטער. מיר האָבן פרויען און קינדער און מיר ווילן זיך מיט זיי זען”. עס האָבן נישט געהאָלפן אַלע זייערע טענות, אַלע זייערע געשרייען. מיט געוואַלד זענען די צוריקגעקומענע אַריינגעשטופּט געוואָרן אין די תפיסה־קאַמערן. די פּראָטעסטן האָבן זיך צומאָרגנס נאָכאַמאָל איבערגעחזרט. אַזוי יעדן טאָג, ביז אין אַ געוויסן טאָג איז פּלוצים אָנגעקומען אַ באַפעל פון ליצמאַנשטעטער פּראָקוראָר, אַז 11 מאַן פון די פריש־צוריקגעקומענע, אויסגערעכנט יעדן איינעם ביים נאָמען, זאָלן תיכף אָפּגעשיקט ווערן אין דער תפיסה אויף קאָפּערניק־גאַס צו אַן אויספאָרשונג. עס האָט

לאַנג נישט געדויערט. די עלף מאַן האָבן זיך אַפילו נישט געזעגנט מיט זייערע פרויען און קינדער און זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויף אייביק. אַלע עלף מאַן זענען דערשאָסן געוואָרן דעם זעלבן טאָג, ווען זיי זענען אָנגעקומען אין דער תפיסה, אויף קאָפּערניק־גאַס. ווען עס איז באַוווּסט געוואָרן אין דער געטאָ, אַז די עלף צוריקגעשיקטע האָט מען אין ליצמאַנשטאַט דערשאָסן, האָט זיך אויפגעהויבן אַ מוראָ־דיקער טומל. איינער דעם אַנדערן האָט געפרעגט: — איז דאָס אמת? מיט וואָס האָבן זיי זיך פאַרזינדיקט? פאַרוואָס האָט מען זיי, פאָטערס פון קינדער, דערשאָסן? קיינער האָט נישט געענטפערט. מען האָט מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן דאָס וואָרט, אַז דאָס האָט געטון ער אַליין, דער וואָס רופט זיך דער פאָטער פון דער געטאָ. ער איז געווען דער מסור, ווייל ער האָט נישט געוואָלט ביי זיך אין געטאָ האָבן מענטשן, וואָס קענען זיך אַנטקעגנשטעלן.

אַזוי צי אַזוי — אָך־און־וויי איז צו אונדז.

## דעם 22טן אויגוסט.

שוין אַוועק עטלעכע טעג ווי דאָס „געטאָלע" האָט נישט געהאַט קיין באַזוך פון עפּעס אַ דייטשער קאָמיסיע. שטיל, רואיק, נאָרמאַל אַרבעטן די אַרבעטס־רעסאָרטן. די באַפעלן ווערן אויסגעפירט און דער הונגער וואַקסט פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. עס זעט אויס, אַז די געטאָ־יידן וועלן אייביק אַרבעטן ווי די שקלאַפן און הונגערן ביז צום שטאַרבן.

מיליטער און מיליטער. איין טראַנספּאָרט גייט אַוועק, באַווייזט זיך באַלד אַ צווייטער טראַנספּאָרט. אַלע וועגן זענען פול מיט פאַר־שידענע מיליטער־פאָרמאַציעס, מען האַלט אין איין מאַרשירן, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. די מאַרשן קומען פאָר מיטן געזאַנג — „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס". צווישן די גרויסע מיליטע־רישע טראַנספּאָרטן זעט מען היינט אויך אַ סך ציווילע מענטשן. ווער זיי זענען, איז שווער פעסטצושטעלן.

צענדליקער מאָל אין טאָג לויפן פאַרביי צוגעמאַכטע אויטאָס מיט

פאַרווונדעטע, וואָס ווערן איבערגעשיקט פון איין שפּיטאָל אין אַ צווייטן שפּיטאָל. די צוגעמאַכטע אויטאָס פאָרן אויף גאַנצע נעכט. די צוויי געטאָ־שאָסייען, זגערזשער און לימאַנאָווסקיעגאָ זענען שטאַרק באַלעבט. די פאַרווונדעטע ווערן אויך איבערגעפירט אין ספּעציעלע טראַמווייען.

אייניקע קריפּאָ־אַגענטן האָבן זיך היינט אַ ביסל פריילעך געמאַכט: געגומען שווערע שטעקנס אין זייערע הענט און געמאַכט אַ שפּאַציר אויף אייניקע באַלעבטע גאַסן פון געטאָ און וועמען זיי האָבן גטראָפן האָבן זיי געפרעגט: — וואָרום אַרבייטסט דו ניכט, פאַרפלוכטער הונד? דער־ביי, נישט קוקנדיק ווער עס איז, אַ פרוי צי אַ מאַן, דערלאַנגט מיט די שווערע שטעקנס איבערן קאָפּ. צענדליקער מענטשן זענען אַזוי אַרום שווער צעשלאָגן געוואָרן און געמוזט אָנקומען אין די שפּיטאָלן נאָך הילף. ווען רומקאָווסקי איז געוווירן געוואָרן, אַז די קריפּאָ־אַגענטן שלאָגן יידן אויף די גאַסן, האָט ער זיך אויסגעדריקט:
— גוט אַזוי, זאָלן זיי אַרבעטן און נישט קריכן אויף די גאַסן און פּלאַפּלען פּאָליטיק.

## דעם 24טן אויגוסט.

דער פּרעזעס האָט ווידער היינט געגומען רעדן. ער האָלט די לעצטע צייט פון אַ סך ריידן און ווייניק טון. ער זאָגט צו פון אַלעם בעסטן. ער וועט אויסבעסערן די שווערע לאַגע. ער וועט אַריינברענגען מער עסן פאַר דער געטאָ. וואָס קומט אָבער אַרויס? ער האָלט שוין אַזעלכע רעדעס צום הונדערסטן מאָל און יעדעס מאָל, אַנשטאָט עס זאָל ווערן די געטאָ־מענטשן לייכטער, ווערט זיי שווערער און פינצ־טערער. דאָס מאָל האָט ער זיך שוין אין זיין רעדע אַ ביסל פאַרגאַלאָ־פּירט, ער האָט נישט מער און נישט ווייניקער געזאָגט: „איך האָב די מעגלעכקייט אייך צו העלפן, און העלפן וועל איך נאָר די מענטשן וועלכע פאַרדינען מיין הילף. דאַקעגן די ווידערשפּעניקע, די שעדיקער, די לאָבוזעס, די גנבים, די וועל איך קיינמאָל נישט העלפן. פאַר די זאָג איך זיך אָפּ עפּעס צו טון". אָט אַזוי פירט רומקאָווסקי אַרום

הונדערט און פופציק טויזנט יידן, האַלט גרויסע רעדעס, מאַכט אַ ליאַרעם אַרום זיך, אַז דער עולם זאָל פון אים וואָס מער ריידן. ליידער איז ער בלויז משוגע פאַר די אומגליקלעכע געטאָ־יידן. פאַר זיך אַליין איז ער שוין נישט משוגע. ווען עס פאַלט צו די נאַכט, אַזוי זעט מען אים, דעם פאָטער פון דער געטאָ, פאָרן געאָרעמט מיט עפעס אַ נאַכט־פייגעלע. יעדן אָוונט מיט אַ צווייטער. יעדן אָוונט אויף אַ צווייט אָרט. „אויב אייך געפעלט דאָס נישט, קענט איר זיך נישט מער ווי אויפ־הענגען. איך בין דער פרעזעס. איך בין דער יידישער דיקטאַטאָר אין דער לאָדזשער געטאָ. איך בין דער וואָס זאָג צו אַ סך און געבן גיב איך אַ פייג".

## דעם 25טן אויגוסט.

צום ערשטן מאָל, זייט די געטאָ עקזיסטירט, האָבן זיך היינט אין די פרימאָרגן שעה'ן אויף די געטאָ־גאַסן באַוויזן דייטשע זשורנאַליסטן. זיי האָבן באַשריבן דאָס לעבן פון די יידן אין דער ליצמאַנשטעטער געטאָ. זיי האָבן אויך באַזוכט אַלע וויכטיקע געטאָ־אָביעקטן. די יידי־שע פּאָליציי־קאָמאַנדע, די פייערלעשער־קאָמאַנדע, די פּאָסט־אָפּטיילונג, אייניקע קיכן, אין דער צייט ווען די מיטיקן ווערן אַרויס־געגעבן, און אַנדערע פאַרשיידענע זאַמל־פונקטן. זיי האָבן זיך אַזוי אַרומגעדרייט דריי און אַ האַלבע שעה. זיי האָבן צום סוף געמאַכט אַ באַזוך ביים פרעזעס, געהאַט אַ געשפּרעך מיט אים. דערנאָך זענען זיי פון דער געטאָ פאַרשוווּנדן.

## דעם 26טן אויגוסט.

לעבעדיק יידן! די געטאָ האָט באַקומען אַ טראַמוויי. קינדער האָבן איצטער וואָס צו טון. מיט געפילדער און געשרייען לויפן זיי נאָך יעדן דורכפאָרנדיקן טראַמוויי, וואָס פאָרט דערווייל נאָר אויף דער שטרעקע: בזשעזשינער־באַלוטער מאַרק און פון דאָרט צוריק. דער מאָטאָרמאַן איז דערווייל אַ קריסט, אַ האַלבער פּאָליאַק און אַ האַלבער

דייטש. ער לערנט גלייכצייטיק אַ יידישן יונגערמאַן די מלאָכה פון פירן אַ טראַמוויי.

דער פרעזעס האָט אַמאָל אין זיינס אַ רעדע דערקלערט, אַז אין אייניקע חדשים אַרום וועט די געטאָ גיין ווי אַ זייגערל. „אַלע שטערער האָב איך שוין באַזייטיקט, און מיט די וועלכע וועלן וויטער פּרווון מיר שטערן, וועל איך מאַכן דאָס זעלבע וואָס מיט די ערשטע — אָפּשיקן זיי דאָרט וווּ דער מלאך־המות רעגירט. מיין פּלאַן איז — אַז אַלע יידן אין דער געטאָ זאָלן האָבן אַרבעט און אַלע יידן וועלן מוזן אַרבעטן. קיין בעטלעריי און שנאָרעריי וועל איך נישט דערלאָזן. אויב עס וועט זיך מיר דאָס איינגעבן, וועט אין געטאָ אַזוי גוט זיין ווי אין דער שטאָט. די אַפּראָוויזאַציע וועט פאַרלייכטערט ווערן. מעדיקאַמענטן וועלן פאַרטיילט ווערן מער. אַ טראַמוויי וועט קורסירן פון מאַרישין ביז צום באַלוטער־מאַרק. דער ערשטער טראַמוויי וועט דערווייל נאָר זיין צו ברענגען פון מאַרישין די קאַרטאָפל, ברעטער און אַנדערע נייטיקע פּראָדוקטן פאַר דער געטאָ. שפּעטער אַ ביסל וועלן די שינעס וועלן פאַרטאָפּלט ווערן, וועט מען קענען אויך באַנוצן דעם טראַמוויי צו פאָרן צו דער אַרבעט". אָט די אַלע גוטע רייד האָט ער גערעדט ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די הויפּט־לייטערס און מיטאַרבעטער זיינע אויף דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך געפונען די ה"ה פּאָדלאָסקי, שטשעגשליווע, לייזעראָוויטש, ראָזענשטיין, ראָזענטאַל, טשאַרנאָבראָדאַ, זאַזשוער, פישמאַן, פּאָמעראַנץ, ביאַלער, טאַבאַקסבלאַט, קליינמאַן, ניימאַן און פיל אַנדערע. ביים סוף פון דער פאַרזאַמלונג האָט קליינמאַן געפרעגט דעם פּרעזעס, צי מען קען אַלע גוטע רייד איבערגעבן די באַפעלקערונג. אַוודאי — האָט דער פּרעזעס געענטפערט — נישט בלויז איבערגעבן, נאָר דייטלעך זאָגן, אַז איך, חיים רומקאָווסקי, באַמי זיך מיט אַלע מיינע כוחות צו העלפן מיינע געטאָ־יידן.

## דעם 27טן אויגוסט.

היינט איז אין געטאָ אָנגעקומען אַ דייטשע אינזשעניערן־קאָמיסיע. זיי האָבן אויסגעפאָרשט די וואַסער־קאַנאַלן און די גריבער וואָס זענען

געמאַכט געוואָרן פאַר וואַסער־זאַמלונג. די קאָמיסיע איז אַרומגעפאָרן פון איין אָרט צום צווייטן, דאָרט ווו די גריבער זענען שוין געווען פאַרטיק האָבן זיי גענוי אויסגעמאָסטן זייער ברייט און זייער לענג, איבערגעבנדיק נייע אינסטרוקציעס וואָס צו טון, און צוגעזאָגט אַהער־צושיקן ווי אַמשנעלסטן די נייטיקע מאַטעריאַלן, כדי די אַלע גריבער אויסצופאַרטיקן. עס קען זיין — האָבן די דייטשע אינזשעניערן געזאָגט — אַז די גריבער, די וואַסער־זאַמלער וועלן באַלד געברויכט ווערן, דעריבער טאָרן זיי נישט זיין ליידיק, אָן וואַסער, און מוזן וואָס גיכער פאַרטיק ווערן.

## דעם 28טן אויגוסט.

אייניקע פייערלעשער־וואַגנס זענען היינט אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. אויף די וואָגנס זענען אויך געלעגן פייערלעשער־מכשירים. די וואָגנס זענען איבערגעפאַרבטע, דעריבער זעען זיי אויס ווי נײַ. די געטאָ־פייערלעשער זענען געוואָרן אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון דעם געטאָ־לעבן. די פייערלעשער ווערן באַנוצט אומעטום, אַפילו צו האַלטן אָרדענונג אין געטאָ. זיי זענען בראַווע יונגען און בעת אַ שריפה באַווייזן זיי אויך העלדישקייט.

## דעם 29טן אויגוסט.

היינט איז צוריקגעקומען אין געטאָ אַריין אַ גרעסערע צאָל יידישע אַרבעטער פון דייטשלאַנד. דאָס מאָל זענען אַלע צוריקגע־קומענע געזונטע מענטשן. די צוריקגעקומענע האָבן דערציילט, אַז זיי זענען נישט שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן. בכלל האָבן זיי די גאַנצע צייט נישט געפילט, אַז דייטשלאַנד פירט מלחמה. ווען נישט די פאַר־טונקלונג וואָלט מען געקענט מיינען, אַז אַלץ איז נאָרמאַל. נאָך האָבן די אַרבעטער דערציילט, אַז מענער האָט מען זייער ווייניק געזען. אַלע לייכטערע אַרבעטן ווערן אויסגעפירט דורך פרויען. עסן און טרינקען האָט נישט געפעלט. דעם האָס צו יידן האָט מען אויף יעדן טריט געפילט. די דייטשע פרויען האָבן אויך נישט געזשאַלעוועט קיין

גראַבע זידל־ווערטער אויפֿן יידס חשבון. קיין קלעפּ האָט קיינער נישט באַקומען. אייניקע האָבן אויך ריזיקירט און מיטגעבראַכט ווורשט און עפּל פֿאַר זייערע קינדער.

## דעם 30סטן אויגוסט.

היינט נאָכמיטאָג ווען די אַרבעטס־ביוראָען אויפֿן באַלוטער־מאַרק זענען שוין געווען געשלאָסן איז אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז אַ גרויסע גרופּע פֿון יידישע אַרבעטער געפֿינט זיך אויף מאַרישין און די יידישע פּאָליציי וועט זיי אַהערברענגען אויפֿן באַלוטער־מאַרק. ווען די אַרבעטער זענען שוין געווען אויפֿן אָרט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער גרעסטער טייל פֿון די צוריקגעקומענע זענען אָזאָרקאָווער יידן און זיי ווערן נאָך היינט צוריקגעשיקט קיין אָזאָרקאָוו. דער פּרעזעס האָט זיך נישט געפֿוילט און איז באַלד געקומען אויפֿן באַלוטער־מאַרק און געהייסן געבן יעדן איינעם ברויט מיט ווורשט. אַ טייל האָבן אויך באַקומען צו צען מאַרק־שיינען, כדי זיי זאָלן אַהיימפֿאָרן מיט אַ ביסל געלט. ער האָט אַרויסגעוויזן זיין גוט האַרץ, זיין מסירת־נפש פֿאַר יידן, זיין איבערגעבנקייט צום געדריקטן. ער האָט געהאַלטן אין איין שמייכלען און יעדן אָזאָרקאָווער ייד געווונטשן אַ גליקלעכע רייזע. אַזוי ווי די אָזאָרקאָווער גרופּע איז אָפּגעפֿאָרן, זיי זענען אַפֿילו נאָך נישט געווען אויף יענער זייט געטאָ, איז זיין האַרץ געוואָרן ווי אַ שטיין. אין איין מינוט איז ער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שרעקלעכע חיה. ער האָט געשריגן, געטופּעט מיט די פֿיס, געוואָרפֿן זיך ווי אַ שלאַנג און באַפֿוילן, אַז אַלע לאָדזשער צוריקגעקומענע יידן זאָל מען תיכף איינזעצן אין דער צענטראַלער תפיסה. אויף זיי האָט ער נישט קיין רחמנות. „זיי וועל איך מיט אַ קאָפּ נידעריקער מאַכן״ — האָט ער געשריגן — „זיי ווועלן ביי מיר פּגרן ווי די הינט. זיי וועל איך אויסלערנען אַרבעטן. זיי וועלן אַזוי לאַנג זיצן אין דער תפיסה ביז זיי וועלן פֿוילן״. אָט אַזוי האָט אויסגעזען דאָס היינטיקע שפּיל פֿון פּרעזעס. צו די אָזאָרקאָווער האָט ער אַרויסגעוויזן לייטזעליקייט, גוטהאַרציקייט און צו די לאָדזשער ייִדן איז ער אין איין מינוט שפּעטער געוואָרן אַ שרעקלעכער אַכזר.

פאַרוואָס? — ווייל אַזוי טויג אים און אַזוי פּאַסט אים. ער דאַרף, אַז מען זאָל פון אים ריידן דאָרט ווו מען קען אים נאָך נישט, בלויז גוטס. געגנוג זיך פאַרשאַפט שונאים אין זיין שטאָט, ווו ער איז פּרעזעס. פאַרוואָס נישט האָבן אַ פּאָר גוטע פריינט אין אַן אַנדערע שטאָט? אומעטום האָבן אַ שלעכטן נאָמען טויג נישט. דאָס קען אַמאָל טייער קאָסטן, ווען די צייט וועט קומען, ווען מען וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ שטיקל דין־וחשבון דער נייער וועלט. די וועלכע וועלן איבערבלייבן, ווייל סוף כל סוף וועלן דאָך נישט אַלע אומקומען.

אַ טייל וועט דאָך בלייבן לעבן, דער טייל קען דאָך שפּעטער פאַרלאַנגען אַ שטיקל חשבון פון די מעשים אין זיין מלוכהלע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „לאָדזשער געטאָ".

אין דעם חודש זענען אויף 77 געבוירטן געשטאָרבן 601 יידן.

## דעם 1טן סעפּטעמבער.

היינט איז געוואָרן צוויי יאָר ווי פּוילן איז באַפאַלן געוואָרן פון איר ליבן שכן.

אַ גרויל גייט דורך, ווען מען דערמאָנט זיך די ערשטע טעג פון דער מלחמה בשעת דער אָקופּאַנט האָט באַטראָטן די פּוילישע ערד און ווי גרויזאַם און מערדערלעך עס זענען אומגעקומען די אומבאַ־האָלפענע, שוצלאָזע יידן.

צוויי יאָר אַוועק, מיט שווערע, הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע קרבנות. קרבנות פון דער שווערד, קרבנות פון דעם גרויזאַמען הונ־גער, דורך די צוויי יאָר איז שוין אָפּגעגאַנגען אַ ים מיט בלוט פון דעם פּוילישן יידנטום.

## דעם 2טן סעפּטעמבער.

היינט האָט זיך ווידער באַוויזן אַ גרויסע צאָל מיליטערישע טראַנספּאָרטן. נישט בלויז פּוסגייער האָט מען באַמערקט, נאָר אויך אייניקע עסקאַדרעס אַעראָפּלאַנען. טאָג און נאַכט האַלט אין איין מאַרשירן מיליטער. אַלע וועגן זענען פול מיט פאַרשיידענע מיליטע־רישע פאָרמאַציעס. די פריילעכקייט און די פאַריסנקייט פון די

סאָלדאַטן איז נישט צובאַשרייבן. מען לאַכט פון ענגלאַנד, פון אַמעריקע און פון די יידן. די גאַנצע וועלט וועט אין גיכן ליגן פאַר דייטשלאַנדס פיס. אַלע פעלקער וועלן זיך בעטן שלום. מיר וועלן זיין די הערשער. מיר וועלן זיין די באַצווינגער. ענגלאַנד, ענגלאַנד גייט קאַפוט. דער וועלט־מערדער רוזוועלט וועט הענגען מיט סטאַלי־נען. אַלע וועלן פאַר דייטשלאַנד קאַפּיטולירן. אַט דאָס זענען די לידער פון די דייטשע סאָלדאַטן.

## דעם 3טן סעפטעמבער.

צוויי אַזייגער ביינאַכט איז די גאַנצע געטאָ אויפגעשטאַנען. די פייפערייען פון די פאַבריקן האָבן וואַכיק־געמאַכט יעדן געטאָ־איינוווינער. וואָס עס איז פאָרגעקומען איז ליצמאַנשטאַט קען מען, פאַרשטייט זיך, נישט וויסן. דאַקעגן די געטאָ־יידן האָבן זיך כמעט אַלע אויפגעכאַפּט, זיך אָנגעטאָן און אַרויסגעשאַרט זיך אויף די פינצטערע הייף, כדי צו זען — אפשר דאָך, רבונו־של־עולם! — צי עס קומען נישט אָן די אויף ווערמען מיר וואַרטן, אַז זאָלן מכבד זיין די היגע דייטשן מיט אַ פּאָר באָמבעס, זאָלן זיי אויך וויסן דעם טעם פון אַ מלחמה. דער טעם פון „קניידלעך אָן יויך”. אַרויסגעוויזן האָט זיך אָבער, אַז אויך דאָס מאָל איז גאָרנישט פאָרגעקומען. דער שונא האָט די שטאָט ליצמאַנשטאַט נישט באַוואָרפן מיט קיין באָמבעס. זיינע אַעראָפּלאַנען זענען דורכגעפלויגן מיט גאָרנישט.

## דעם 4טן סעפטעמבער.

היינט איז אָנגעקומען אין דער געטאָ אַ גרויסער טראַנספּאָרט קאַרטאָפל. דער יקרות איז געפאַלן. אַ ברויט וואָס האָט פריער געקאָסט 12 מאַרק, קאָסט שוין היינט 7 מאַרק. אַ קילאָ קאַרטאָפל — 60 פעניג. דער עולם האָט אָנגעהויבן אַ ביסל פרייער צו אָטעמען. דאָס איז דערפאַר וואָס די געטאָ איז געוואָרן אַן אַרבעטס־לאַגער.

דער ביטרער ביבאָוו, ימח־שמו, האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו שיקן אין דער געטאָ אַריין קאַרטאָפל, אוגערקעס, קרויט, מייערן און

מעל. ער האָט דערקלערט: „יידעלעך, אַז איר וועט אַרבעטן, וועט אייך נישט פעלן קיין עסן".

ביבאָווס דערקלערונג האָט אין דער געטאָ אַריינגעבראַכט אַ הייטערע שטימונג.

דעם פּרעזעס, מיט זיינע מענטשן, האָבן די געטאָ־איינוווינער שוין לאַנג אויפגעהערט צו גלייבן, ווייל פון אַלע צוזאָגענישן האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם. דאַקעגן דעם גוי ביבאָוו גלייבן יידן יאָ, ווייל דאָס וואָס ער האָט צוגעזאָגט האָט ער מקיים געווען און דאָס איז גענוג, אַז מען זאָל צו אים האָבן מער צוטרוי. איי, וואָס דער כיטרער גוי האָט אין זינען? דאָס גייט קיינעם נישט אָן. דערווייל לעבט מען. מיט יעדן איבערגעלעבטן טאָג איז מען נענטער צום סוף פון דער מלחמה.

## דעם 5טן סעפּטעמבער.

פּלוצים אַ געלויף איבער אַלע געטאָ־גאַסן. קינד און קייט לויפט.

וואָס איז געשען?

וואָס איז דאָס לויפעניש?

געשען איז אייגנטלעך נישט קיין שלעכטס. די דייטשן האָבן היינט צו די געטאָ־יידן געלאַכט און אַז דייטשן לאַכן איז אַ סימן, אַז עפּעס וועט היינט יאָ געשען. דערווייל פּרווון יידן טרעפן: אפשר אַ פרישער זיג? אפשר אַ געשאַנק פאַר די געטאָ־יידן און אפשר גאָר אַ פרישער אומגליק? ווער ווייסט? פּטור בלא כלום וועט מען היינט שוין נישט זיין. און עס איז טאַקע געשען. פון דערווייטנס האָט מען געזען, ווי טראַמווייען מיט אַ סך וואַגאָנען קומען אין דער געטאָ אַריין. זיי פאָרן פּאַמעלעכער און וואָס מער זיי דערנענטערן זיך צום געטאָ, אַלץ פּאַמעלעכער פאָרן זיי און אָט אַזוי פאָרן זיי איבער דער גאַנצער לענג פון געטאָ אַדורך.

באַלד איז די סיבה פון דייטשן געלעכטער קלאָר געוואָרן. אין די וואַגאָנעס האָט מען געפירט רוסישע געפאַנגענע. געפירט זיי אַזוי ווי מען פירט הערינג אין אַ פעסל. אינטערעסאַנט איז, אַז אַלע האָבן גוט אויסגעזען. אַלע מיט אויסגעפּרעסענע פּיסקעס, לייטיש אָנגעטאָן. צו די יידן האָבן זיי זיך העפלעך באַגריסט און געלאַכט. פאַר די געטאָ־

יידן איז דאָס באמת געווען אַ נייעס, ווייל אויף די רוסישע זעלנער וואַרט און האָפט דאָס גאַנצע געטאָ. מען רעדט זיך איין, אַז זיי, די רוסן, וועלן זיין די אויסלייזער. און אָט ווערן זיי גאָר געפירט געפאַנ־גענע און דווקא דורך דער געטאָ, אַז יידן זאָלן זען, ווי זייערע אויס־לייזער זעען אויס.

עס זענען שוין געווען יידן וואָס האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען, ווי מען פירט, אַ געפאַנגענעם, דעם הויפט־גענעראַל וואָראָשי־לאָוו. אַ טייל יידן האָבן שוין אַפילו „מיט זייערע אייגענע אויגן" געזען דעם גאַנצן רוסישן גענעראַל־שטאַב, מיט סטאַלינס זון בראש, ווי געפאַנגענע. אַזוי צי אַזוי, יידן האָבן געהאַט וואָס צו ריידן ביי דער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן, ביים נעמען די זופּ אין די קיכן, ביים פירן דאָס מיסט... אַלע, יונג און אַלט, גרויס און קליין, האָבן שוין מיט זייערע אויגן געזען די גאַנצע רוסישע אַרמיי אַ געפאַנגענע און גיי, רייס זיך איין מיט אַ וועלט מענטשן און פּרווו דאָס אָפּצולייקענען.

דעם 6טן סעפּטעמבער.

היינט האָבן זיך אין געטאָ באַוויזן 200 רומענישע האַנט־וועגעלעך, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן ספּעציעל כדי צו פירן די אָנגעקומענע פּראָדוקטן פון מאַרישין צו די באַשטימטע זאַמל־פּונקטן. די וועגעלעך זענען אַלע פון איין מין און פון איין קאַליר. אויף אַ טייל שטייט נאָך די רומענישע אויפשריפט און אויך די נעמען פון די אָרטשאַפטן פון וואַנען זיי שטאַמען.

ווי נאָר די וועגעלעך האָבן זיך באַוויזן האָט דער פּרעזעס באַפוילן, אַז ער וועט דאַרפן האָבן 600 מאַן צו באַדינען די וועגעלעך. דאָס, האָט ער געזאָגט, איז דער אָנהייב. שפּעטער וועל איך דאַרפן נאָך 600 מאַן צו דעם צוועק. 5 מאַן וועלן באַדינען איין וואָגן. אַלע 5 מאַן וועלן פאַראַנטוואָרטלעך זיין פאַר אַלעם וואָס עס וועט געפירט ווערן אויף דעם וואָגן. יעדן טאָג וועט דער וואָגן מוזן זיין אָפּגעוואַשן און קומען אויף זיין זאַמל־פּונקט (באַלוטער־מאַרק). די וואָגנס, האָט דער פּרעזעס געזאָגט, זענען אויסגעבאָרגטע, דעריבער דאַרף מען זיי שאָנעווען.

## דעם 7טן סעפטעמבער.

היינט זענען אין דער געטאָ אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות פון די קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש. ידיעות וועלכע מאַכן גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. איין ידיעה איז טרויעריקער פון דער אַנדע־רער. אַ קריסט האָט אַריבערגעוואָרפן אַ בריוול אין דער געטאָ אַריין. אין דעם בריוול ווערט געשריבן: „לאָדזשער יידן, צי ווייסט איר אַז אין דער פּראָווינץ איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכער פּאָגראָם? אין פּאָגראָם האָבן אויך אָנטייל גענומען לאָבוזעס פון דער פּוילישער אונטערוועלט, מען האָט צוראַבירט יידיש פאַרמעגן. עס זענען אויך פאַראַן הונדערטער טויטע און פאַרוווּנדעטע. די יידן פאַרשליסן זיך און לאָזן צו זיך קיינעם נישט אַריין. אויב איר קענט עפּעס העלפן אייערע ברידער, דאַן שלאָפט נישט, — שרייבט זיך אין דעם בריוול, — העלפט, אויב נישט וועלן אַלע אומקומען".

דער גוטער קריסט און בירוול־שרייבער ווייסט נישט, אַז די לאָדזשער יידן זענען אַליין געפאַנגענע שקלאַפן און קענען זיך גופא נישט העלפן. לאָדזשער געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַר־בעטס־לאַגער און יידן ווערן טראַקטירט ווי געפאַנגענע שקלאַפן. דאָס האָבן מיר, לאָדזשער געטאָ־יידן, דערלעבט. וואָס שפּעטער וועט מיט אונדז זיין ווייסט קיינער נישט.

## דעם 8טן סעפטעמבער.

הערט יידן, וואָס אונדזער פּרעזעס, מרדכי חיים רומקאָווסקי, האָט באַוויזן אויפצוטון. ער האָט, נישט מער און נישט ווייניקער אונ־טערגעשריבן אַן אָפּמאַך מיט ביבאָוון, אַז פון היינט אָן, אויב אַ ייד אין דער געטאָ וועט זיך פאַרזינדיקן, וועט ער באַקומען עפּנטלעך געשלאָגן (מלקות) און שלאָגן וועט דווקא נישט קיין ייד, נאָר אַ ריינער אַריער. אויף אַ יידן קען זיך דער פּרעזעס נישט פאַרלאָזן, ווייל אַ ייד איז דאָך נישט קיין גאַנצער גזלן און ער, דער פּרעזעס, דאַרף איצט האָבן גאַנצע גזלנים. דעריבער האָט ער פאַרבעטן צו דער מלאָכה אַ גוי. דאָס איז נישט קיין געלעכטער. דער פּרעזעס האָט

אונטערגעשריבן די באַפעלן און זיי װעלן מיט דער גרעסטער שטרענג־קייט אויסגעפירט װערן. אינטערעסאַנט איז צו פאַרצייכענען דעם פּאַגנדיקן זאַץ, אין דער דערקלערונג פון פרעזעס: „איך האָב דאָס געטון װײַל שוין אַ לענגערע צייט זע איך, אַז אַלע מײַנע תּפיסות העלפן נישט. דער עולם גנבעט װײַטער און װאָס אַמאָל מער. אַלע מײַנע שטראָפן און משפּטים ברענגען נישט קיין שום פאַרבעסערונג אין דער געטאָ. דעריבער בין איך געפאַלן אויף אַ המצאה, עפּנטלעך צו שמײַסן דעם שולדיקן און דאָס װעט מער העלפן, װי די אַלע תּפיסות".

דעם רושם װאָס די דערקלערונג האָט געמאַכט אויף די געטאָ־אײַנװוינער, קען מען זיך לײַכט פאָרשטעלן.

## דעם 9טן סעפּטעמבער.

הײַנט, 10 אַזייגער פאַרמיטאָג, זענען אויפן באַלוטער־מאַרק אָנגעקומען צװיי עלעגאַנטע שװאַרצע לימוזינען. עס איז געקומען אַ קאָמיסיע פון דײַטשע יוריסטן אויספאָרשן דאָס געריכט־װעזן אין געטאָ. די קאָמיסיע האָט באַזוכט דאָס געריכט. גענוי אויסגעפאָרשט אַלע אײנצלהײטן, דורכגעשמועסט זיך מיט די ריכטער, בײַגעװוינט אַ משפּט, נאָכגעקאָנטראָלירט די פּראָטאָקאָלן און צום סוף מיט צופרידנקײט דערקלערט: „אַלץ קלאַפּט אין דער בעסטער אָרדענונג". די ײדישע ריכטער האָבן זיך אַזש באַלעקט הערנדיק, אַז די דײַטשע יורי־קאָמיסיע דערקלערט עפּנטלעך, אַז אַלץ קלאַפּט. אײניקע ריכ־טער, װעלכע זענען געקומען אין דער געטאָ אַריין פון דײַטשלאַנד, האָבן אַפילו געזאָגט: „נאָר בײַ אונדז דײַטשע ײדן איז פאַראַן אָרדע־נונג. װען דאָ װאָלטן געזעסן בלויז פּוילישע ײדן, װאָלט זיכער אַזאַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג נישט געװען". די יאַהודים האָבן פאַרגעסן אַז אײַנגעפירט די פּינקטלעכע אָרגאַניזאַציע פון געריכט האָבן דװקא פּוילישע ײדן מיט אַדװאָקאַט יאַקובסאָן בראש. צוליב דעם װאָס די פּוילישע ײדן האָבן נישט געװאָלט אונטערשרײַבן קיין טויט־אורטייל פאַר זײערע ברידער אין געטאָ האָבן זיי פאַרלאָזן די ריכטער־אַמטן און זיי פרײַ געמאַכט פאַר די דײַטשע ײדן.

## דעם 10טן סעפטעמבער.

עס איז באַוווסט געוואָרן, אַז דער דייטשער גאַרניזאָן וואָס באַוואַכט דאָס געטאָ ווערט די טעג אָפּגעשיקט אויפן קיעווער פראָנט. די וואַך־סאָלדאַטן זענען דערפון שטאַרק אויפגערעגט. זיי לאָזן אויס דעם כעס צו די יידישע אומשולדיקע דורכגייער. אייניקע וואַך־פּאָסטנס דערציילן, אַז זיי קומט שוין איצט אויס צו זיין דאָס דריטע מאָל אויפן פראָנט. דער „אָסט־פראָנט" איז פאַר זיי דער שווערסטער. פון דאָרט קומט מען אַזוי גיך נישט צוריק. די רוסן טרעפן גוט אין ציל און דאָס ביטערסטע איז, וואָס עס איז פאַראַנען אַ קאַמף אויך הינטערן פראָנט. פאַר דעם פּאַרטיזאַנער־קאַמף האָבן, ווייזט אויס, די דייטשן שטאַרק מורא.

## דעם 11טן סעפטעמבער.

דער פּרעזעס האָט היינט גערופן די ה"ה לעאָן ראָזענבלאַט (קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי) און אהרן יאַקובאָוויטש (לייטער פון אַרבעטס־רעסאָרט) און זיי דערקלערט: „צו אייך האָב איך מיין גרעסטן צוטרוי. דעריבער נאָמינירט איך אייך ביידן אַלס מיינע שטענדיקע פאַרטרעטער. איך לייג מיינע הענט אַרויף אויף אייך און בענטש אייך, אַז איר זאָלט נישט געשטרויכלט ווערן". די געטאָ־יידן זענען דערפון נישט צופרידן.

דער ערשטער, לעאָן ראָזענבלאַט, איז דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי. אַ שרעקלעכער פּסור־בראַט. זיין נאָמען איז אַ שרעק פאַר יעדן ייד אין דער געטאָ, נישט ער לאָזט צו זיך ריידן און נישט ער לאָזט ווער עמען קומען צום וואָרט. זיין טבע איז צו שרייען, צו זידלען יעדן איינעם וואָס בוקט זיך נישט ביז צו דער ערד פאַרן גרויסן פּאָליציי־קאָמענדאַנט פון דער לאָדזשער געטאָ. דער צווייטער, אַהרן יאַקובאָוויטש, איז נאָך אַ ייִנגל, פאַרן קריג געווען אַ אַנגעשטעלטער אין דער פירמע „נאַפטאַלי", אַ מענטש וואָס האָט שטאַרק ליב דאָס שיינע געשלעכט און ווען אַזאַ שיינהייט באַווייזט זיך אויף זיין האָריזאָנט, ווערט זי באַלד אַ פירערין פון אַ רעסאָרט אָדער פון אַן אַנדערן וויכטיקן געטאָ־אַמט.

מיט איין וואָרט: אַ ייִנגל וואָס האָט קוים אָן אָנגעהויבן לעבן. געווען תמיד פֿאַרטון אין פֿוטבאָל־שפּיל. איצט איז ער געוואָרן דער ליבלינג פֿון פּרעזעס. אָן אים ווערט גאָרנישט געטון. אַ טייל זאָגן, אַז דער פּאַקטישער לייטער פֿון דער געטאָ־ווירטשאַפט איז דווקא דער יונגערמאַנטשיק און רומקאָווסקי איז זיין נאָכשלעפּער. וועגן דעם ענין איז דאָ אַ סך צו שרייבן. ליידער קען איך דאָ נישט אַלץ אַרויסשרייבן, ווייל דאָס געהערט צו שרייבער וואָס שרייבן שונד־ראָמאַנען. זיי וואָלטן געקענט אַ גאַנצן ראָמאַן שרייבן וועגן „קייזער־לעכן הויף" מיט די ליבעס און אַרגיעס, וואָס קומען דאָרט פֿאָר. מען שמועסט, אַז דער יונגערמאַנטשיק יאַקובאָוויטש איז דער הויפּט־צושטעלער און פֿאַרזאָרגער פֿון דעם שיינעם מין אין „קייזערלעכן הויף".

## דעם 12טן סעפּטעמבער.

קיעוו איז געפֿאַלן, אַזוי שרייבט די דייטשע צייטונג פֿון ליצ־מאַנשטאַט. „ענדלעך,"שרייבט די צייטונג, נאָך אַ שווערער און בלוטיקער שלאַכט איז געלונגען אונדזער מיליטער צו פֿאַרטרייבן די קאָמוניסטן פֿון דעם קיעווער פּראָנט. איצט זענען די שפּייכלערס פֿון עסנוואַרג אָפֿן פֿאַר אונדז. מיר וועלן איצט יאָרן־לאַנג קענען פֿירן קריג". באַלד האָט מען אויך געזען טויזנטער היטלער־יוגנטלעכע מאַרשירן מיט הילכיקע געשרייען: „רוסלאַנד קאַפּוט", דייטשלאַנד, דייטשלאַנד איבער אַלעס".

צוליב דער ידיעה הערשט היינט אין געטאָ אַ געדריקטע שטימונג. דאָס פֿאַלן פֿון קיעוו און פּאָלטאַווע האָט יעדן ייד אַ שטיק האַרץ אויסגעריסן. אונדזער האָפֿענונג ווערט צערונען. מען זעט, אַז די רוסן קענען זיך נישט אַנטקעגן שטעלן די דייטשן. וואָס זאָגן די געטאָ־יידן? זיי זאָגן, אויב נאָך אַזוי פֿיל יאָרן זאַמלען כוחות, נאָך אַזוי פֿיל יאָרן צוקוקן זיך ווי דער שונא פֿירט מלחמה מיט די דעמאָקראַטישע מלוכות, קען זיך רוסלאַנד איצט נישט פֿאַרטיידיקן און באַקומט איין קלאַפּ נאָכן צווייטן, איז טאַקע זייער ביטער.

דעם 13טן סעפּטעמבער.

אונטערן פאָרזיץ פון ד"ר וו. מילער, אָנפירער פון געזונדהייט־אָפּטיילונג אין געטאָ, איז היינט פאָרגעקומען אַ גרויסע באַראַטונג פון אַלע דאָקטוירים. אין דעם איינלייטונגס־וואָרט האָט דער פּרעזעס רומקאָווסקי דערקלערט, אַז אין דער געטאָ הערשט אַן אומאָרדענונג



אַזוי האָט אויסגעזען דאָס צוריק אַרויסשיקן די דייטשע פּליטים פון דער לאָדזשער געטאָ.

אין פּרט פון מעדיצינישער הילף; אומגעהייער גרויסע רייען שאַפן זיך יעדן טאָג אַרום די אַמבולאַטוריומס; די קראַנקע וואָס ליגן אין דער היים מוזן לאַנגע טעג וואַרטן אויף אַ דאָקטער. צו דעם אַלעם מוז נעמען אַ סוף. מען מוז איינמאָל פאַר אַלעמאָל געפינען אַ לייזונג

פאַר די דאָזיקע אָנגעווייטיקטע פּראַגן. מיר איז באַוווּסט, דערקלערט דער פּרעזעס, אַז די קראַנקע שטאַרבן פֿריער איידער דער דאָקטער קומט. אַזעלכע פאַקטן זענען צום באַדויערן, שוין פאַרצייכנט געוואָרן הונדערטער.

עס האָט זיך אַרום דעם ענין אַנטוויקלט אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע, אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען כמעט אַלע אָנוועזנדיקע דאָקטוירים. מכוח די לאַנגע רייען, האָבן די דאָקטוירים דערקלערט, אַז די פּאַציענטן קומען מערסטנטייל וועגן פאַרלענגערן פאַר זיי אָדער פאַר זייערע קראַנקע משפּחה־מיטגלידער די נאַרונגס־טאַלאָנען, ווי אויך וועגן באַנייען די רעצעפּטן.

ד״ר גוטמאַן שטעלט פעסט, אַז די דיעטע־טאַלאָנען האָבן זייער אַ סך צוגעהאָלפן און העלפן ווייטער צו אויסצומיידן שווערע קראַנק־הייטן צווישן קינדער. וואָס שייך דעם געבן שנעלערע מעדיציניש׳ע הילף פאַר קראַנקע אין די פּריוואַטע וווינונגען, איז דאָס אַן ענין וואָס לאָזט זיך נישט אויסבעסערן. מען דאַרף געדענקען, אַז די צאָל דאָקטוירים אין דער געטאָ איז אַ קליינע. דערביי אַרבעטן אייניקע דאָקטוירים, אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך ביינאַכט. עס האָבן נאָך גערעדט אייניקע דאָקטוירים, וואָס האָבן פאָרגעשלאָגן פּראַקטישע אויסבעסערונגען. צום סוף האָט דער פּרעזעס דערקלערט, אַז לעצטנס וועלן אַרויסגעגעבן מיטיקן פאַר קינדער אין עלטער פון 7 ביז 15 יאָר. אין די נאָענטסטע טעג וועט פאַר קינדער, אין עלטער פון 2 ביז 7 יאָר, אַרויסגעגעבן ווערן אַ געקאָכט אָונט־ברויט. אַ חוץ דעם — זאָגט דער פּרעזעס — וועל איך נאָך עפענען אַ דיעטע־קיך. איך לייג פאָר, אַז אין פאַרלויף פון 8 טעג זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע. אין דער קאָמיסיע זאָלן אויך אַריינגיין דאָקטוירים, וואָס זייער אויפגאַבע זאָל זיין אָפּצוהיטן די דורכפירונג פון די אָנגענומענע באַשלוסן.

## דעם 14טן סעפּטעמבער.

אויף פאַנסקע־גאַס געפינט זיך דאָס גרויסע מיליטערישע שפּיטאָל, וואָס איז געבויט געוואָרן אין יאָר 1937, אויפן נאָמען פון דעמאָלטיקן

פּרעמיער, גענעראַל סקלאַדקאָווסקי. דאָס שפּיטאָל איז איינע פון די גרעסטע אין דער לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע. פאַר דער מלחמה האָט דאָס שפּיטאָל געהאַט איבער 2.000 בעטן. ווען די דייטשן זענען אַרייַנגעקומען איז דאָס שפּיטאָל נאָך פאַרגרעסערט געוואָרן ביז צו אַן ערך פינף טויזנט בעטן. מען דערציילט, אַז אַרום דעם שפּיטאָל איז די באַוועגונג זייער גרויס. טויזנטער אויטאָ־קאַרעטעס קומען אָן יעדן טאָג מיט פאַרוווּנדעטע און טויזנטער ווערן טאָג־טעגלעך אַרויסגעפירט אין טרומנעס. די געוואַלדן און די קרעכצן פון די פאַרוווּנדעטע הערט מען זייער ווייט. כדי מען זאָל נישט הערן די קרעכצן האָט די שפּיטאָל־מאַכט אויסגעפונען אַ גוט מיטל: אַ גאַנצן טאָג, פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָונט, פאַרשרייען די ראַדיאָ־הילכערס די גאַנצע געגנט מיט זייערע קולות. האָט די טעג אָבער פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעכער פאַל: מען האָט געבראַכט אַ גרויסע צאָל שווער פאַרוווּנדעטע סאָלדאַטן אין שפּיטאָל און בעת זיי זענען אָנגעקומען האָבן די ראַדיאָ־הילכערס גראָד מיטגעטיילט, אַז די דייטשע אַרמיי האַלט אָפּ אויפן „אָסט־פראָנט" איין זיג נאָכן צווייטן און מיליאָנען רוסן ווערן געטויט און פאַרוווּנדעט דורך דער דייטשער העלדישער אַרמיי. די פאַרוווּנדעטע, וועלכע זענען ערשט אָנגעקומען פון דעם דאָזיקן פראָנט האָבן דעם גראָבן ליגן נישט געקענט איבערטראָגן און זיי האָבן, הויך אויפן קול, אָנגעהויבן שרייען: אַ ליגן! מיר ווערן געטויט! מיר ווערן אויפן „אָסט־פראָנט" דערמאָרדעט! — „גענוג מיט דעם קריג!" די לייכט־פאַרוווּנדעטע זענען צוגעלאָפן צו די ראַדיאָ־הילכערס, זיי אַראָפּגעשליידערט און זיי מיט די פיס צעטראָטן. באַלד איז אָנגעקומען אַ גרויסע אָפּטיילונג מיט געסטאַפּאָ־אַגענטן, וועלכע האָבן, פאַר אַלעמענס אויגן, ברוטאַל אַרייַנגעשטופּט די פאַרוווּנדעטע אין שפּיטאָל אַרייַן. שפּעטער איז דער שפּיטאָל אַרומגעשטעלט געוואָרן פון אַלע זייטן מיט מאַשין־געווער. וואָס עס איז דאָרט שפּעטער פאָרגעקומען, איז זיך שווער לייכט אָנצושטויסן. די געשיכטע האָט געמאַכט אַ זייער שווערן איינדרוק אויף די ציווילע דייטשן אין ליצמאַנשטאָט.

ווענן דער געשיכטע האָט מען זיך דערוווּסט אין דער געטאָ פון יידן וועלכע האָבן געאַרבעט נישט ווייט פון שפּיטאָל. מיט צוויי טעג

שפּעטער האָט אויך די ליצמאַנשטעטער צייטונג וועגן דעם עפּעס געשריבן.

## דעם 15טן סעפּטעמבער.

עס איז היינט זייער אַ הייסער טאָג. די געטאָ־קינדער לויפן אַרום באָרוועס און הונגעריק. די זון וואַרעמט היינט מוטערלעך אַלע געטאָ־ברואים. נאָך גוט וואָס די זון האָט אונדז נישט פיינט און ווען זי צעשיקט אירע שטראַלן, געדענקט זי אויך אין די ווייסע שקלאַפן פון 20־טן יאָרהונדערט און וואַרעמט זיי גלייך מיט זייערע האַרן. עס איז ערב יום־טוב, ראש־השנה. דער קליינער באַזאַר איז פול מיט יידן מכל המינים. די הויפּט־מסחרים זענען: אַלטע שיך, איבערגעניצע־וועטע היטלען, פעדערן, פאַרזשאַווערטע קיכן־רערן, סאַכאַרין, רעטעך, אוגערקעס, מעל, בוראַקעס, ריבן, מייערן, לאַטקעס פון קאַרטאָפל־שאָלעכץ וכדומה. אויפן באַזאַר — אַ מיש־מאַש פון אויסגעדאַרטע, קוים קריכנדיקע ווייבער, מענער און גאַסן־זינגערס, וואָס באַזונגען יעדן, וואָס קויפט און וואָס פאַרקויפט. די געוואַלדן און די געשרייען פון דעם צוזאַמענגעפּרעסטן מענטשן־קנויל, איז נישט אויסצהאַלטן. אַלץ רעדט, אַלץ שרייט, אַלץ וויל לעבן, אַלע ווילן אויף יום־טוב עפּעס פאַרדינען און עפּעס קויפן. די פרומע יידן זיפצן און פרעגן: ווי לאַנג נאָך, רבונו־של־עולם, וועט אַזוי ביטער זיין? אוי, גאָטעניו זיסער, העלף אונדז אין די טעג פון תקיעת־שופר. העלף אונדז, גאָטע־ניו, און באַפריי אונדז פון די אַלע פאַרזאָרגער, פון בייראַט און פון אַלע מינים ביטערע אַנשיקענישן.

## דעם 16טן סעפּטעמבער.

נישט געקוקט דערויף וואָס עס איז פאַר יום־טוב און עס ווערט מער געקויפט, איז דאָך דער יקרות אַ ביסל געפאַלן. דאָס לעבן האָט זיך אַ קליין ביסל נאָרמאַליזירט. די אַרבעטער אַרבעטן יעדער ביי זיין פאַך, אין זיין רעסאָרט. פון צייט צו צייט באַקומען די אַרבעטער צוגאָב־טאַלאָנען אויף קאַרטאָפל און אַנדערע גרינצייגן. דער עולם טוט זיך אַ ביסל זעטיקן און הייבט זיך אָן צוצוגעווינען צום טרויעריקן

געטאָ־לעבן. אַ גרויסער טייל פון דער יוגנט אַרבעט ביי שוואַרצער אַרבעט: ווער ביים אַרויספירן דאָס מיסט, ווער ביים פירן ציגל און זאַמד. די אַרבעט דויערט פון 7 אין דער פרי ביז 7 אין אָוונט. אַ טייל אַרבעטער אַרבעטן אויך איבערשעה׳ן. דאָס איז דער טייל, וואָס אַרבעט פאַרן מיליטער. די מיליטער־רעסאָרטן אַרבעטן בייטאָג און ביינאַכט. אין די דאָזיקע רעסאָרטן ווערן אויסגעפּאַרטיקט מונדירן, סאָלדאַטסקע שטיוול, בלוזעס, קליידער, וועש, הענטשקעס, דאַמען־היטן, מענער־וועש, פליוש־דעקן, קאָלדרעס, דיוואַנעס, שענק, שטולן, טישן און אַנדערע מעבל־זאַכן פון דער בעסטער קוואַליטעט. דערצו קומען נאָך צו די מעטאַל־אויסאַרבעטונגען פון די לאָדזשער געטאָ־וואַרשטאַטן.

די דייטשע אָפּנעמער זענען פון דער אַרבעט זייער צופרידן טיילמאָל לויבן זיי עפנטלעך די גוטע אויספירונג. טאָקע צוליב דעם קומען אָפט צופאַרן פאַרשיידענע קאָמיסיעס וואָס ווילן זיך איבערצייגן צי די געטאָ־יידן זענען טאָקע אַזוי פעאיק און אַזוי פלייסיק, און צי זיי זענען באמת אַזעלכע גוטע קוואַליפיצירטע אַרבעטער?

## דעם 17טן סעפּטעמבער.

צוליב יום־טוב, ראש־השנה, האָט דער פּרעזעס היינט אַרויסגעגעבן לאָזט אַ באַפעל, אַז פון היינט אָן ווערן אַלע אַרעסטירטע די אַרעסט־שטראָף פאַרקלענערט, אָדער געשענקט.

די פאַראָרדענונג מעלדעט: 1) שטראָפן צו פאַרלירן די פרייהייט ביז אַ חודש, ווערן אין גאַנצן געשענקט; שטראָפן פון מער ווי אַ חודש, ווערן פאַרקלענערט אויף אַ העלפט. 2) שטראָפן וואָס האָבן צוגענומען די פרייהייט צוליבן עובר זיין אויף די פאַראָרדענונגען נר׳ 263 פון 11־טן מאַי, 1941 און נר׳ 292 פון 18־טן יולי, 1941, וואָס בעמט אַרום די גאַסן־הענדלער, די פאַבריקאַנטן פון זיסוואַרג, אינטערליגן דער אַמנעסטיע־פאַראָרדענונג. 3) וועגן אורטיילן וואָס זענען אַריין אין קראַפט איידער די אַמנעסטיע־פאַראָרדענונגען זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן, דעצידירט דער פאָרזיצער פון געריכט, אָדער דער פאָרזיצער

פון דער שטראָף־אָפּטיילונג. 4) די אַמנעסטיע־פאַראָרדענונגען זענען ניַשט חל אויף:

א) די וועלכע האָבן פאַרלוירן די פרייהייט אויף מער ווי דריי חדשים.

ב) אויף פאַרמשפּטע פאַר גניבות פון בוי־האָלץ־מאַטעריאַלן.

ג) אויף פאַרמשפּטע פאַר מעל־גניבות אין די בעקערייען אָדער בעת טראַנספּאָרטירן.

ד) אויף פאַרמשפּטע פאַר וועלן געבן אָדער נעמען כאַבאַר.

ה) וועגן דער עווענטועלער מעגלעכקייט אָנצווענדן די אַמ־נעסטיע־פאַראָרדענונגען, בנוגע רעצידיוויסטן און פּראָ־פעסיאָנעלע פאַרברעכער, באַשליסט דער פאָרזיצער פון געריכט אָדער דער פאָרזיצער פון דער שטראָף־אָפּטיילונג מיט דער צושטימונג פון פּראָקוראָר.

5) אין אַלע ענינים ווו עס פירט זיך נאָך די אויספאָרשונג, קען דער פּראָקוראָר אַנולירן דעם פּראָצעס מיט דער הסכמה פון געריכטס־פאָרזיצער.

6) ביים אָנווענדן די אַמנעסטיע ווערט צוואַנגס־אַרבעט פאַ־רעכנט ווי אַ שטראָף פון פאַרלירן די פרייהייט.

7) שטראָפן פון פאַרלירן די רעכט אויף אינטערשטיצונג אויף 1 חודש צייט, ווערן אין גאַנצן אַנולירט. די שטראָפן צו פאַרלירן די אונטערשטיצונג־רעכט מער ווי אויף 1 חודש, ווערן פאַרקלענערט אויף אַ העלפט.

8) אין אויסנאַם־פאַלן קען דער פאָרזיצער פון געריכט שענקען אַ העלפט אָדער די גאַנצע געלט־שטראָף.

9) די אַמנעסטיע־פאַראָרדענונג נעמט אַרום אַלע איבערשריי־טונגען אָדער פאַרברעכנס, וואָס זענען פאַרפאָלגט געוואָרן דורכן געריכט, אָדער אויפן אַדמיניסטראַטיוון וועג און זענען אויסגעפירט געוואָרן ביזן 19־טן סעפּטעמבער, 1941.

10) פּערזאָנען קעגן וועלכע עס איז אָנגעווענדעט געוואָרן די פריערדיקע אַמנעסטיע קענען געניסן פון דער איצטיקער

אַמנעסטיע נאָר דעמאָלט ווען זיי וועלן רעזיגנירן פון דער פריערדיקער.

11) די זאַכליכע באַווייזן אין די אַנולירטע שטראָף־ענינים אונטערליגן רעקווירירונג.

12) די וועלכע די אויספאָרשונג אָדער די געריכטס־פאָרהאַנד־לונג האָט נישט אַנולירט זייער שטראָף, קענען אין משך פון 7 טעג נאָכן דערהאַלטן די מיטטיילונג אַריינטראָגן אַ פאָרשלאָג וועגן דורכפירן אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג אָדער אַ משפּט וועגן זייער ענין.

13) די אַרעסטאַנטן וואָס מוזן נאָך אַ טייל שטראָף אָפּזיצן נאָך דער אַמנעסטיע, באַקומען אורלויב פון דער תפיסה אויף אַ צייט פון 20־טן סעפּטעמבער 1941 ביזן 16־טן אָקטאָבער 1941.

14) אין אַספּעציעלער פאַראָרדענונג וועלן מיטגעטיילט ווערן די נעמען פון די באַשטראָפטע, אויף וועלכע די אַמנעסטיע ווערט נישט אָנגעווענדעט.

אויף דעם אַמנעסטיע־באַפעל, וואָס איז געשיקט געוואָרן צום געטאָ־געריכט, ווי אויך צום פּראָקוראָר, איז אונטערגעשריבן דער פולער נאָמען פון פּרעזעס.

מרדכי חיים רומקאָווסקי

דער עלצטער פון די יידן אין דער ליצמאַנשטאַטער־געטאָ.

## דעם 18טן סעפּטעמבער.

דער פּרעזעס האָט היינט באַפוילן מען זאָל טיילן פאַר אַלע געטאָ־קינדער, צו 5 דעקאָ צוקערלעך, לכבוד ראש־השנה. די צוקערלעך זענען געפּאַקט געוואָרן אין ספּעציעלע פּאַפּירענע בייטלעך מיט אַ דרוק־אויפשריפט: „לכבוד ראש השנה — פון אייער פּרעזעס חיים רומקאָווסקי". די בייטעלעך זענען דורך די פּאָסט־טרעגער אַריינגע־בראַכט געוואָרן אין די שטובן אַריין. די פרייד פון די קינדער איז געווען אויסערגעוויינלעך גרויס. טייל קינדער האָבן אויף די גאַסן אָנגעהויבן צו זינגען: „רומקאָווסקי חיים איז אַ גוטער, מען וועט נאָך

אין דער געטאָ עסן זעמעלעך מיט פוטער. מען דאַרף נאָר קאָנען אויסהאַלטן די שווערע צייט, עס וועט נאָך פון אויז אויך זיין אַ לייט".

אָט דערויף איז דער פרעזעס פעאיק . ממש געניאַל. רעקלאַמע דאָס איז זיין הויפט־ציל. פאַר רעקלאַמע קען ער אייך דערהייבן ביזן זיבעטן הימל אַריין. דאַקעגן אויפן עולם האָט די המצאָה פון פרעזעס נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק. פאַרקערט, הונדערטער פרויען און מענער האָבן זיך אויסגעדריקט: עס וואָלט בעסער געווען, ווען דער חשובער פרעזעס וואָלט, אַנשטאָט צוקערלעך, געגעבן די קינדער אויף יום־טוב אַ גרעסער שטיקל ברויט.

## דעם 19טן סעפטעמבער.

אַ טאָג פאַר ראש־השנה. דער פרעזעס לאָזט אַרויס אַ ספּעציעל בלעטל פאַר 5 פעניג. אין דעם בלעטל שרייבט ער עטלעכע אַרטיקלען, אויפרופן און ווינטשט אַלע שוועסטער און ברידער אין דער געטאָ אַ גוטן יום־טוב. דאָס אַלץ איז אָבער מער נישט ווי חוזק. קיינער נעמט זיינע ווונטשן נישט ערנסט, ווייל מען ווייסט, אַז ער איז דער פאַלקס־פיינט נומער צוויי.

אין דעם ערשטן אַרטיקל פון זיין בלעטל שרייבט ער: „מיר אַלע זענען שותפים צו דער געטאָ. איך גיב זיך אָפּ אַ גענויעם חשבון פון אייער אַרבעט ביז היינט און פון אייערע ליידן ביי דער אַרבעט. נישט איינמאָל האָב איך באַוואונדערט אייער פלייסיקייט און אייער געוויסנ־האַפטיקע אַרבעט, וועלכע איך האָב אייך אָנפאַרטרויט במשך רעד גאַנצער צייט. מיט קליינע אויסנאַמען האָט איר אַלע אַרויסגעוויזן אייער איבערגעבנקייט צו דער דאָזיקער אַחריותדיקער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס מאַכט וווּנדערן די, וועלכע פאָדערן פון אייך. דעריבער האָט איר געשאַפן פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג עקזיסטענץ־מעגלעכקייטן. מיין ערשטע לאָזונג „אַרבעט אין געטאָ" וואָס איך האָב געוואָרפן ביים אַריינקום אין געטאָ, האָט איר אויפגע־

אַזוי האָבן געאַרבעט די פעקאַליסטן אין געטאָ ←——
(פון יד ושם אַרכיוו)

נומען ערנסט און זאַכלעך. איצט דערלויב איך זיך צו וואַרפן אַ צווייטע לאָזונג, וואָס דאַרף דערגענצן די ערשטע: די אַרבעט אין די פאַבריקן און וואַרשטאַטן דאַרף פון היינט אָן מיט נאָך מער אייפער פאַרבעסערט און פאַרגרעסערט ווערן. דאָס וועט מיר פאַרלייכטערן צו באַקומען אַ בעסערע דערנערונג פאַר אייך אַלעמען און פאַר דעם גאַנצן געטאָ".

נישט דאָ איז דאָס אָרט אויפצוקלערן די פאַלשקייטן פון דעם „טייערן פאָלקס־פאַרזאָרגער". עס איז נישטאָ קיין איין מענטש אין געטאָ (אויסער פאַרשטייט זיך עטלעכע קאָנפידענטן, וואָס לעבן מיט אים צוזאַמען אַ גוטן טאָג), וואָס זאָל נישט מיט כעס און שרעק דערמאָנען דעם נאָמען חיים רומקאָווסקי. נישט ער האָט געשאַפן אַרבעט, נישט ער האָט די אומגליקלעכע לאָדזשער יידן פאַרזאָרגט, נישט ער האָט געהאָלפן די יידן דאָס לעבן צו פאַרלייכטערן. נישט ער האָט געטון פאַר דעם לאָדזשער יידנטום די האַנט אין קאַלטן וואַסער אַריין.

## דעם 21טן סעפּטעמבער.

מיטן היינטיקן ערב ראש־השנה איז אַוועק אַ יאָר מיט אומגעהייערע ליידן און פּיינען. מיט שווערע גזירות. מיט בענקשאַפט צו פרייהייט. נאָר איין גאָט אין הימל ווייסט ווי ביטער און טרויעריק עס איז אונזער לאַגע. אַוועק אַ פריש יאָר מיט אַזויפיל פּראַגן, וואָס איין ייד פרעגט דעם צווייטן, ווי לאַנג נאָך וועלן מיר אַזויפיל ליידן? אַזוי זיך מוטשען? אַזוי זיין פאַרביטערט און פאַראייניזאַמט? פאַרוואָס מוזן דווקא מיר יידן אַלץ מיטמאַכן? פאַרוואָס מוזן מיר דווקא אויסטרינקען דעם גאַליקן כוס ביזן סוף? אַלע יאָרן ווען עס איז געקומען ראש־השנה, האָט יעדער ייד זיך אָפּגעגעבן אַ דין־וחשבון, ווי ער האָט אויף דער וועלט. ווער זיין פריינט איז און ווער זיין פיינט איז. געזוכט אַמעגלעכקייט מיטן פיינט זיך איבערצובעטן, ווערן צוריק חבר. אָבער היינט, בעוונותינו הרבים, ווער קען וועמען און ווער וויל וועמען קענען. עס איז נישטאָ קיין פריינטשאַפט, יעדער לעבט פאַר זיך. איינער וויל נישט וויסן פון צווייטן, וויל פון אים אַפילו נישט הערן. יעדער איז געוואָרן אַ חיה, וואָס וויל דעם צווייטן פאַרצוקן.

אָוועק איז דאָס מענטשלעכע געוויסן. יעדער וויל די מלחמה איבער־לעבן אויפן חשבון פון צווייטן, אויפן חשבון פון זיין ברודער. דערווייל אָבער איז די מלחמה אין פולן ברען. טויזנטער פאַלן טאָג־טעגלעך פון הונגער, פון דער שווערד און פון אַנדערע מיתות. דאָס לעבן איז געוואָרן איין שטיק גרויל. אַ שווערע, ביטערע לאַסט. יעדע מינוט לויערט אויף אונז דאָס שרעקלעכסטע. מען וויל אונז אויסראָטן, פאַר־ניכטן, אומברענגען און די אַרומיקע וועלט העלפט אונז נישט. אירע אויערן זענען פאַרשלאָסן. איר האַרץ איז פאַרמאַכט געוואָרן. דער שונא האָט אונז פאַרוואַנדלט אין חיות, אַרומגעצוימט מיט דראָטן, פאַרשטעלט די איינגענג מיט מאַשין־געווערן. אויף יעדן איינעם וואָס וועט די פאַרצוימונג פאַרלאָזן, וואַרט דער טויט. דער שונא האָט אונז פאַרוואַנדלט אין שקלאַפן, וואָס מוזן זיך אַליין זידלען, אַליין באַשמוצן און אַליין אויסראָטן.

## דעם 22טן סעפּטעמבער.

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס וועטער געווען טריב און פאַרוואָלקנט. קיין מינדסטער זון־שטראַל האָט זיך נישט באַוויזן. די שרעקלעכע ידיעות פון די פראָנטן, די שווערע פיינען אויפן אָרט, דאָס אַלץ צוזאַמען פאַרמיאוסט אונז דאָס לעבן. כמעט דער גאַנצער חודש אלול, אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן, האָט ער, צוזאַמען מיט די געטאָ־יידן, אָנגע־הויבן וויינען. עס האָט נישט גערעגנט, אָבער אַלץ אַרום איז געווען איינגעהילט אין אַזאַ מין טריבקייט, אַזוי ווי אין הימל וואָלטן זיך פאַרזאַמלט די מלאָכים און צוזאַמען מיט אונז געוויינט אויף דעם גרויסן פאָלקס־חורבן, אויף דעם אונטערגאַנג פון פּוילישן יידנטום. ווי נאָר אָבער עס איז געקומען דער ערשטער טאָג ראש־השנה, איז ווי אַ באַפעל פון אויבן די טריבקייט אַנטרונען און די זון האָט אָנגע־הויבן וואַרעמען און לייכטן אין יעדן געטאָ־ווינקעלע אַ קלאָרער ליכטיקער הימל האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער די קעפּ פון די מתפּללים. הלוואַי זאָל אַזוי פון היינט אָן ווייטער אונזער מזל שיין זיין, ווי דער ערשטער טאָג ראש־השנה.

## דעם 23טן סעפטעמבער.

ליידער איז אונדז דעם צווייטן טאָג ראש־השנה באַשערט געווען צו האָבן גרויסע פּאַרדרוסן. אין מיטן דאַווענען, ווען דער עולם האָט מיט הייסע טרערן געבעטן דעם אַלמעכטיקן, זענען אָנגעקומען שרעקלעכע ידיעות וועגן פּאַרפּאַלגונגען אויף די יידן אין די קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש. יעדער איינער האָט דערציילט גרויזאַמע פּרטים. מען האָט זיך איבערגעגעבן, אַז די קליינשטעטלדיקע יידן ווערן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען. אַ גרויסער טייל פון די אַרויסגעטריבענע ווערט אָפּגעשיקט אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין און די קינדער און אַלטע לייט ווערן געשיקט אין אַן אומבאַוווסט אָרט.

די מענטשן, וואָס ווערן אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען, מוזן אַלץ איבערלאָזן אויפן אָרט. זיי טאָרן גאָרנישט מיטנעמען. זיי ווערן געטריבן מיט בייטשן איבער די קעפּ. אַ טייל ווערן פּשוט אַריינגעשליידערט אין פערד־וואַגאָנען, צו 80 מאַן אין אַ וואַגאָן, און אַזוי ווי בהמות ווערן זיי אַוועקגעפירט צו דער שחיטה.

דערהערנדיק אין מיטן דאַווענען די שרעקלעכע ידיעות, האָט דער עולם אָנגעהויבן וויינען. אַ טייל מתפּללים האָבן געשריגן צום רבונו־של־עולם און געמאַכט שרעקלעכע יעלות. אַהיימגייענדיק פון דאַווענען האָט יעדער געוואָלט הערן, צי די שרעקלעכע ידיעות זענען אמתע אפשר זענען זיי איבערגעטריבענע, ווייל די עוואַקואירטע זענען אין געטאָ נאָך נישט אָנגעקומען.

## דעם 24טן סעפטעמבער.

באַלד ווי דער פרימאָרגן האָט זיך נאָר באַוויזן, האָבן יידן שוין זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויף די גאַסן, פּאַר 6 אַזייגער זענען שוין מענטשן געקומען אויף דער גאַס, כדי עפּעס געוויר צו ווערן וועגן די נעכטיקע קלאַנגען. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט זיך דערוווסט, אַז די נעכטיקע ידיעות זענען ליידער אמתע. פון זגערזשער וועג האָט זיך באַוויזן אַ גרויסע מאַסע מענטשן. דאָס זענען געווען די ערשטע אַרויסגעטריבענע פון ווֹלאָצלאַוועק, קוטנע,

קויל און לובשאַניעץ. געווען צווישן זיי אַ גרויסער טייל קראַנקע, צעבראָכענע, וואָס האָבן זיך קוים געשלעפּט אויף זייערע מידע פיס. צוזאַמען זענען אין די ערשטע טראַנספּאָרטן אָנגעקומען 238 נפשות. די אָנגעקומענע האָבן דערקלערט, אַז כמעט נאָכאַמאָל אַזויפיל יידן, זענען געבליבן אויף די פעלדער. זיי וועלן וואַרשיינלעך אָנקומען ערשט מאָרגן. זיי קומען אויך פון די זעלבע שטעטלעך, נאָר אויפן וועג האָט מען זיי פלוצים צעטיילט. פאַרוואָס? דאָס איז זיי נישט באַוווּסט.

## דעם 25טן סעפּטעמבער.

אויך היינט זענען טויזנטער געטאָ־יידן געלאָפן צום זגערזשער וועג מיט וועלכן די בעכטיקע יידן פון די שטעטלעך זענען אָנגעקומען. אַ סך האָבן געוואָלט זיך דערוויסן, צו צווישן די געקומענע געפינען זיך נישט זייערע פריינט אָדער משפחה־מענטשן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פרישע דריי גרופּן יידן פון פאַרשידענעם עלטער, ווי אויך פרויען מיט קליינע קינדער אויף די הענט, זענען אָנגעקומען. די גאַנצע גרופּע, אַן ערך 600 נפשות, האָט געוויינט און געיאָמערט אויף דעם גרויסן בראָך. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ שרעקלעכער שטורעם־ווינט אָדער אַן ערד־ציטערניש האָט די אומגליקלעכע מענטשן־מאַסע פון ערגעץ אויסגעשפּיגן און אַריינגע־שליידערט אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין.

דער גרעסטער טייל פון די אָנגעקומענע זענען געווען שרעקלעך צעבראָכן, רעזיגנירט און אַפּאַטיש, אַז עס איז געווען אַ צער צוצוזען זייערע ליידן. זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס מען פרעגט זיי. זיי האָבן בכלל נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. אַ סך זענען געווען שטאַרק אויסגעהונגערט. זיי האָבן געגעבן געלט און זיך געבעטן, אַז מען זאָל פאַר זייערע קינדער ברענגען עפּעס עסן. די קינדערלעך האָבן פון די עלטערן ממש געריסן שטיקער, בעטנדיק אַשטיקל ברויט. הערנדיק אַז זיי קענען דאָס נישט קריגן פאַר קיין שום געלט, האָבן זיי ערשט אויפסניי זיך שטאַרק צעוויינט. מען האָט זיי אַלץ צוגערויבט, צעשיידט מענער פון פרויען און קינדער, אַרויסגעיאָגט באָרוועסע און נאַקעטע

פון דער היים און צום סוף זיי אַריינגעטריבן אין אַ הונגער־שטייג, ווי מענטשן קומען אום מאַסנווייז.

עס איז נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל די אומגליקלעכע קענען מיט עפעס טרייסטן, וואָס זאָל זיי קענען באַרואיקן. עס האָבן נישט געפועלט אַלע אונזערע רייד. די מענטשן האָבן זיך נישט געקענט באַרואיקן.

## דעם 26טן סעפטעמבער.

די מיליטער־מאַכט האָט היינט מודיע געווען דעם פרעזעס, אַז צוליב דעם וואָס אין דער געטאָ זענען פאַראַן ווייניק וווינונגען, ווי אויך צוליב געזונטהייטס־טעמים האָבן אין געטאָ מער נישט קיין רעכט די יידן חתונה צו האָבן. די נייע גזירה האָט דערשיטערט די געטאָ־באַפעלקערונג. אַ סך יונגטלעכע האָבן זיך גראָד געגרייט צו נעמען חופה־וקדושין, כדי צו קענען באַקומען אַרבעט, ווייל דער פרעזעס האָט מיט אייניקע וואָכן צוריק אַרויסגעגעבן אַ געהיימען אויפרוף, אין וועלכן ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט די ניי־חתונה געהאַטע פאַרלעך ספּעציעל העלפן און אונטערשטיצן מיט אַרבעט, איצט, צוליב דער נייער גזירה — אַז די יידן אין דער געטאָ טאָרן נישט חתונה האָבן — גייען אַ סך פּאָרלעך אַרום דערדריקט און ווייסן נישט וואָס צו טון. אויך דער פרעזעס איז פון דער גזירה נישט צופרידן. ער האָט זיך אויסגעדריקט פאַר פיניע גערשאָווסקי: „די גזירה געפעלט מיר נישט; דאָס איז אַ גזירה, וואָס וועט מאַכן די גאַנצע געטאָ פאַר איין גרויס בית־זונות".

## דעם 27טן סעפטעמבער.

עס גייט אַרום אַ קלאַנג, אַז די געסטאַפּאָ האָט באַשלאָסן אַריינ־צושיקן אין דער געטאָ אַריין צוויי הונדערט און פופציק ציגיינער. די ציגיינער זאָלן וווינען אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל און באַקומען ביי רומקאָווסקין פולע אויטאָנאָמיע. וווּ דער קוואַרטאַל זאָל זיין, איז נאָך נישט באַוווּסט. היינט צו טאָג געפינען זיך אין דער געטאָ צוועלף קריסטן וואָס האָבן פאַר קיין שום פּרייז נישט געוואָלט פאַרלאָזן

זייערע פרויען און קינדער, ווי אויך פרויען וועלכע האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זייערע מענער. זיי נעמען נאָרמאַל יעדן חודש שטיצע אין דער קהילה און אייניקע זענען באַשעפטיקט אין פאַרשיי־דענע געטאָ־אַנשטאַלטן און פאַרדינען נישט שלעכט. פאַר זיי זאָרגט גאָר שטאַרק די שוועגערן פון רומקאָווסקין, די מאַדאַם העלענאַ. זי באַזוכט זיי פון צייט צו צייט און לאָזט זיי איבער צוגאָב־טאַלאָנען. דער פּרעזעס האָט אויך פאַרזאָרגט דעם באַוווסטן אונטערוועלט־שייגעץ מיטן צונאָמען דער שוואַרצער יאַנעק, מיט אַ גוטן פּאָסטן. ער האָט אים געמאַכט פאַר דעם מלקות־שלעגער, בעסער געזאָגט, פאַרן תליון, וואָס שלאָגט די פאַרשולדיקטע צעבראָכענע יידן. און יאַנעק קען שלאָגן. ער ווייסט נישט פון קיין רחמנות. פון אים איז דער פּרעזעס זייער צופרידן. אויב עס זאָל אמת זיין, דאָס וואָס מען שמועסט, אַז אויך ציגיינער וועלן אַריינקומען אין דער געטאָ, וועט דער פּרעזעס אויפלעבן. ער וועט האָבן אַ פרישן כוח מיט וועמען צו שלאָגן זיינע יידן.

## דעם 28טן סעפּטעמבער.

די געסטאַפּאָ האָט היינט צוגעשיקט צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג אַ באַפעל, אַז פון היינט אָן, אַזוי לאַנג ווי עס וועט זיין קריג, וועלן יידן אין דער געטאָ נישט טאָרן פייערן קיין שום יום־טוב.

אַלע יידן, — זאָגט דער באַפעל, — פון גרויס ביז קליין מוזן אַרבעטן און אַלע געטאָ־פאַבריקן, רעסאָרטן און אַנדערע אַרבעטס־פּלעצער, מוזן זיין טעטיק. מיר אַנערקענען נישט קיין שום יודן־פייערטאַג. — ענדיקט זיך דער באַפעל.

## דעם 30טן סעפּטעמבער.

דער פּרעזעס האָט היינט צום צווייטן מאָל געוויזן וואָס ער קען. ער האָט היינט אַנטייל גענומען אין די הויז־רעוויזיעס, וואָס די זאָנדער־פּאָליציי האָט געמאַכט ביי פאַרשידענע פאַמיליעס. אויף אייניקע ערטער האָט דער פּרעזעס דערלאַנגט פּעטש די מענטשן ביי וועלכע די רעוויזיעס זענען געמאַכט געוואָרן. די הויפּט־רעוויזיעס זענען

געמאַכט געוואָרן אין די ווינקל־געוועלבער. ס איז צוגנומען געוואָרן אַלץ וואָס טויג צום עסן. די געבעטן פון די אומגליקלעכע מענטשן האָבן גאָרנישט געהאָלפן.

אַ טייל האָבן געשריען: איר זענט דאָך ערגער ווי די געסטאַפּאָ.

די געשרייען און די זידל־ווערטער האָבן נישט אויפגעהערט. קינדער האָבן געוויינט; פרויען האָבן זיך געריסן די האָר; מענער האָבן געבאָפּט פייערדיקע פּעטש. מיט איין וואָרט: עס איז געווען אַ הייסער טאָג. דער פּרעזעס האָט אַלעמען געוויזן, אַז ער איז נישט בלויז אַ פּרעזעס, ער איז אויך, ווען מען דאַרף, אַ גוטער פּאָליציאַנט. ער קען פּאַטשן, שלאָגן, טרעטן מיט די פיס און ממית'ן ביז בלוט.

אין חודש סעפּטעמבער זענען רעגיסטרירט געוואָרן 58 געבורטן. געשטאָרבן זענען 769 נפשות, דערונטער 300 קינדער.

## דעם 1טן אָקטאָבער.

פינף הונדערט אָקסן זענען היינט אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. די אָקסן זענען צו פּאַרלייכטערן דאָס פירן די אַפּראָוויזאַציע אין דער געטאָ. די אָקסן האָבן אַלע איין ברוינעם קאָליר. זיי זענען געשפּאַנט צו צוויי און פּאַמעלעך, מיט אָקסן־טריט, שלעפּן זיי די שווער־אָנגעלאָדענע וואָגנס מיט קאַרטאָפל, קוילן, מעל און אַנדערע אַפּראָוויזאַציע־צוטיילונגען. זייער קאָמיש זעט אויס דאָס שפּיל. צוויי ברוינע אָקסן מיט צוויי גרויסע הערנער זענען איינגעשפּאַנט אין שווערע לאַנגע לאַסט־וואָגנס, ביי דער זייט שפּאַנט אַן אויסגעדאַרט יידל, מיט געלע לאַטעס, איינע פון פאָרנט און די צווייטע פון הינטן. ער האַלט די אָקסן ביי די מאָרדעס און גייט זיי נאָך טריט ביי טריט.

## דעם 2טן אָקטאָבער.

היינט איז די פרימאָרגן־שעהן האָט אָנגעהויבן צו פאָרן דער ערשטער לאַסט־טראַמוויי. דערווייל פאָרט ער פון איין רעסאָרט צום צווייטן רעסאָרט, קיין נייע שינעס זענען נאָך נישט געלייגט געוואָרן. די שינעס וועלכע זענען פאַראַן געפינען זיך אויף צוויי גאַסן, בזשע־זשינער און לאַגעווניצקאַ. אויף די צוויי גאַסן געפינען זיך טאַקע די

מערסטע און די גרעסטע אַרבעטס־רעסאָרטן. דער טראַמוויי ווערט געפירט דורך אַ יידישן מאַשיניסט. ער איז ספּעציעל דערצו געלערנט געוואָרן.

## דעם 3טן אָקטאָבער.

עס איז היינט דורך דעם מאַרישינער וואַקזאַל אָנגעקומען אַ גרויסע צאָל מיליטערישע אַרבעט. פינף מיליאָן זעק־העמדער פאַר די טויטע סאָלדאַטן וועלן אויסגעאַרבעט ווערן דווקא פון יידישע הענט. ווען אַ העמד ווערט פאַרטיק ווערט דערויף אַרויפגעלייגט אַ סטעמפּל מיט אַ האַקן־קרייץ און מיט דער אונטערשריפט. דער סטעמפּל־לייגער איז, נאַטירלעך אַ ייד; „אויסגעאַרבעט אין ליצמאַנשטאַט". יעדן אָוונט נאָך דער אַרבעט ווערט דער סטעמפּל איבערגעגעבן דעם רעסאָרט־לייטער. ער ווידער, פאַרשליסט אים אין אַ שופלאָד.

## דעם 4טן אָקטאָבער.

היינט איז דער דריטער טאָג נאָך יום־כיפור. איצט קען מען שוין מאַכן אַ שטיקל סך־הכל ווי אַזוי דער יום־כיפור האָט אויסגעזען אין דער געטאָ. כמעט 90% יידן האָבן בישט געאַרבעט. אַ גאַנץ קליינער טייל איז געווען באַשעפטיקט אין פאַרשידענע רעסאָרט־אָפּטיילונגען. עס זענען אויך געווען באַשעפטיקטע עטלעכע פון די ווייסע־גוואַרדיע־חברה, וואָס זענען מיט זייערע וואָגנס געפאָרן פון איין רעסאָרט צום צווייטן אויפצונעמען אָדער אָפּלייגן די סחורה, וואָס מוז אויף מאָרגן באַזאָרגט ווערן. כמעט אין יעדער גאַס האָט מען געדאַווגט. מען האָט זיך אויסגעזוכט אַ שטיקל אָרט און דאָרט זיך פאַרזאַמלט כדי אויס־צוגיסן די אָנגעזאַמלטע ביטערקייט און אויסצובעטן פאַר זיך און פאַר כל ישראל אַן אויסלייזונגס־יאָר. שרעקלעך האָט דאָס דאַווענען אויסגעזען. די געוואַלדן און די געשרייען פון די מתפללים זענען געווען עד לב השמים. מען האָט געבעטן מיט האַרץ; מען האָט געוויינט מיט יאָמערלעכע טרערן. ווי נאָר אַ ווינקל און ווי נאָר אַ פריי אָרט זענען מענטשן געשטאַנען און געוויינט און געבעטן. אַ גרויסער טייל יידן, איבערהויפּט מענער, זענען אין מיטן דאַווענען אַוועקגעפאַלן. מען

האָט זיי אָפּגעמונטערט און זיי האָבן זיך ווייטער געשטעלט דאַווענען. טייל מתפּללים האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד, ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן צו זאָגן „לאל עורך דין—לבוחן לבבות ביום דין, איז געוואָרן אַזאַ רעש און אַזאַ יאָמער, עס האָט אויסגעזען ווי אַלס אַרום איז פאַר שרעק אויפגעציטערט געוואָרן. אין אַלגעמיין איז דער טאָג אַדורך רואיק.

## דעם 5טן אָקטאָבער.

פלוצים איז היינט אין אַלע געטאָ־גאַסן ליכטיק געוואָרן. אַלע גאַסן־לאָמפּן זענען אָנגעצונדן געוואָרן. יידן האָבן שוין געהאַט וואָס צו דערציילן און וואָס צו ריידן. אַ טייל האָבן געזאָגט: די מלחמה איז פאַרענדיקט. אַ צווייטער טייל האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ דייטש שפּיצל, זיי שפּילן אויף אונזערע קראַנקע נערוון און ווער ווייסט וואָס דער מאָרגנדיקער טאָג וועט ברענגען. אַ דריטער טייל האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע, ווער ווייסט וועלכע געהיי־מע האַנט עס שטעקט דערין. די אָמפּערייען האָבן אַזוי אָפּגעהאַלטן ביז 10 אַזייגער אין אָוונט, ווייל פּונקט 10 אַזייגער איז ווידער פינצטער געוואָרן.

## דעם 6טן אָקטאָבער.

דער ערשטער טאָג סוכות איז אין געטאָ אַדורך זייער קאַלעמוטנע. וואָס צו עסן איז נישט געווען. אַזוי ווי פאַריאָרן האָט דער פּרעזעס ערב יום־טוב געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אַז דעם היינטיקן סוכות וועט יעדער ייד עסן צו דער זעט. ער וועט דערפאַר שוין זאָרגן. אין דער אמתן אָבער האָט דער עולם שטאַרק געהונגערט. געהאַט אַ גוטן יום־טוב האָבן בלויז די רעדל־פירער. זייער יום־טוב איז טאַקע געווען „ווער צו גאָט האָפּט". מען דערציילט זיך פאַרשיידענע געשיכטעס ווי אַזוי יעדער רעדל־פירער באַזונדער האָט געפּראַוועט דעם סוכות. אויף אַ טייל ערטער האָט מען אַ גאַנצע נאַכט געשיכורט. ביי קליגערן, דער שעף פון די זאַנדער־פּאָליציי, האָט מען געזונגען און געטאַנצט ביז אין דער פרי. ביי יאַקובאָוויטשן (דער ליבלינג פון פּרעזעס) האָט

זיך געגאָסן וויין ווי וואַסער. דאָרט האָבן זיך פאַרזאַמלט די אָנגעזעענ־סטע קאַרפּן־קעפּ פון דער געטאָ, קאָמיסאַר רייכגאָלד, קאָמיסאַר קול, קאָמיסאַר דאַנציקער, פרייליין פוקס מיט איר ברידער, קאָמיסאַר פרענקל, לייטער נאַכטשטערן, גאָפּטאָליך, לייטער יאַאַכימאָוויטש, לייטער געטריימאַן, איזשביצקי, זאַנאַווגד, טערקלטויב, שוואַרצאָווסקי, פּויזנעראָן, ראָזן און אַנדערע. די אויסגערכנטע זענען אַלע געקומען מיט זייערע פרויען. אַ גאַר גרויסע סעודה איז געמאַכט געוואָרן ביים קאָמיסאַר שלום הערצבערג. דאָרט זענען געקומען כמעט אַלע געטאָ־גדולים. שפּעט ביינאַכט איז אויך אָנגעקומען דער פּרעזעס מיט זיין פרוי. די פריילעכע באַנדע האָט פאַרגעסן אין זייערע אָרעמע צעבראָ־כענע ברידער, וועלכע הונגערן און לעכצן נאָך אַן איינפאַך ביסל וואַסער־זופּ. זיי, די „ברידערלעך", האָבן פאַרגעסן, אַז עס וועט קומען אַ טאָג ווען מען וועט דאַרפן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פאַר אַלע אָפּגעטו־ענע מיאוסע מעשים. זיי מיינען, אַז שטענדיק וועט די פויסט שלאָגן, אַז שטענדיק וועט הערשן דער שטאַרקער. ווי וועט זיין צו אייך ווען די וועלט וועט באַפרייט ווערן.

## דעם 7טן אָקטאָבער.

היינט איז דער צווייטער טאָג סוכות. דער פּרעזעס האָט גערופן צו זיך אַלע פירער און לייטערס און געהאַלטן פאַר זיי אַ גרויסע רעדע. ער האָט זיי אויפגעקלערט וואָס עס איז שוין ביז היינט געטון געוואָרן און וואָס עס וועט נאָך אין קורצן אויפגעטון ווערן.

— איך האָב אייך פאַרזאָרגט מיט אַ רואיק אָרט וווּ צו זיין, מיט אַ געזיכערט אָרט וווּ צו שלאָפן, אַ פּלאַץ וווּ איר קענט אַרבעטן און פאַרדינען און האָבן צו עסן פאַר אייך און פאַר אייערע קינדער. לײדער קען איך פאַר אַלע נישט זאָרגן. אַ גרויסער טייל, די מער שוואַכע, קראַנקע מוזן אויסשטאַרבן. נישט זיי קענען אַרבעטן און נישט זיי ווילן אַרבעטן.

— דאַנקען פאַר די וועלכע אַרבעטן און פירן זיך לייטיש, פאַר די וועל איך זאָרגן, פאַר די וועל איך זיין אַ פאָטער.

צום סוף פון זיין רעדע האָט ער מיטגעטיילט, אַז אין קורצן,

עס קען אויך זיין, אַז שוין אין דעם חודש, וועלן אין דער געטאָ אַריינ־קומען 22 טויזנט דייטשע יידן. דער גרעסטער טייל זענען יידן פון ערשטן און צווייטן דור. צווישן די וואָס וועלן אַריינקומען, וועלן זיין באַוווסטע אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, אינזשעניערן און בכלל אַ גרויסער טייל אינטעלעגענץ. עס האָבן אויך געזאָלט די טעג אַריינקומען 250 ציגיי־נער, אָבער נעכטן איז פּלוצים אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז פון די 250 איז געוואָרן פינף טויזנט ציגיינער. די אַלע פריש־אָנגעקומענע — זאָגט ווייטער דער פרעזעס — וועלן זיך מוזן איינאָרדענען צווישן אונז. איך האָב געפּרוווט אינטערווענירן ביי דער מאַכט, אַז זי זאָל אויף דעם סמך פון די פריש־איינגעוואַנדערטע פאַרגרעסערן דאָס געטאָ. ליידער איז מיין בקשה נישט אָנגענומען געוואָרן. שפּעטער האָב איך פאָרגעלייגט אַ פּלאַן, אַז אויף דעם פרייען שטח אין מאַרישין זאָל די רעגירונג דערלויבן אויפשטעלן צייטווייליקע באַראַקן. אויך דאָס האָט די רעגירונג אָפּגעוואָרפן. דעריבער וועלן מיר זיך מוזן צוזאַמענשטופּן. מען וועט מוזן וווינען ענגער. עטלעכע פאַמיליעס וועלן מוזן וווינען אין איין צימער. דערווייל האָבן מיר אַרבעט גענוג. די באַשטעלונגען סטאַיען אויף לאַנגע חדשים. די אַרבעט ווערט נאָר־מאַל אויסגעפירט און נאָרמאַל געליפערט. עס פאַרשטייט זיך, אַז קיין קאָנטראַקט מיט גאָט האָב איך נישט געמאַכט. עס קענען אויך קומען ענדערונגען. אפשר שלעכטע און אפשר גוטע. דערווייל מוז מען זאָרגן פאַרן היינט און דער היינט הייסט זאָרגן פאַרן אָנקומענדיקן ווינטער. אויב די אַרבעט וועט ווייטער גוט אויסגעפירט ווערן, וועלן מיר זוכה זיין צו לעבן. וועט מען אייך נישט מאָרדן, נישט שלאָגן, נישט רודפן. פאַר גוטער אַרבעט וועט איר באַקומען צו עסן און דאָס וועט זיין אייער לעבן.

די רעדע האָט געמאַכט אויף די פאַרזאַמלטע אַ זייער שווערן איינדרוק.

## דעם 8טן אָקטאָבער.

היינט איז אין דער געטאָ אַריינגעקומען אַ גרופּע ליטווישע, לאַטווישע און לעטישע יידן. די גרופּע האָט אַ צייט געוווינט אין

ליצמאַנשטאַט. זייער פּלוצימדיק באַווייזן זיך אין געטאָ האָט אַרויס־גערופן אַ גרויסע פאַרוואונדערונג. די יידן האָבן דערציילט, אַז די גאַנצע צייט בעת זיי האָבן געוווינט אין ליצמאַנשטאַט, האָט מען זיי נישט געטשעפעט. מיר האָבן געפירט נאָרמאַל אונזערע געשעפטן. געוועזן מעקלער אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען, פאַרבראַכט מיט די דייטשן, אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט. נעכטן ביינאַכט איז פּלוצים אָנגעקומען אַ באַפעל, דירעקט פון בערלין, אַז אַלע אויסלענדישע יידן מוזן תיכף פאַרלאָזן ליצמאַנשטאַט. זייער נייער וווינאָרט דאַרף זיין אין יודן־קוואַרטאַל. בעת מיר האָבן אָנגעהויבן צו פּאַקן די זאַכן איז אָנגעקומען אַ צווייטער באַפעל, אַז יעדער קען נאָר מיטנעמען מיט זיך אַזוי פיל וויפל ער קען אויף זיך טראָגן. אַ טייל פון אונדז האָבן זיך אַפילו פריינטלעך געזעגנט מיט די דייטשן. געדריקט זיך די הענט און געוווּנטשן זיך „אויף ווידער זען".

צוזאַמען האָט די גרופּע געציילט צוויי הונדערט נפשות.

## דעם 9טן אָקטאָבער.

דאָס וועטער האָט זיך היינט שטאַרק פאַרערגערט. שוין צוויי טעג ווי עס הערט נישט אויף צו רעגענען. אַלע גריבער ווערן פאַרפלייצט; אַלע לעכער ווערן פאַרגאָסן; אין די קעלער־שטובן שווימט אַלץ אַרום; די פייערלעשער־קאָמאַנדע אַרבעט מעשים, מען שעפּט אויס דאָס וואַסער פון נעכטן, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם פרישן וואַסער פונעם רעגן, וואָס עס גיסט זיך היינט.

## דעם 10טן אָקטאָבער.

אויך היינט האַלט אין איין רעגענען. די נאַכט פון דאָנערשטיק אויף פרייטיק איז געווען זייער אַ שטורמישע. דער ווינט האָט שטאַרק געבושעוועט, געריסן פּלויטן, דעכער, אַרויסגעריסן טירן פון הייזער, אַרויסגעריסן ביימער מיט די וואָרצלען. צענדליקער טעלעפאָנישע סלופּעס זענען אומגעפאַלן. טיילן געטאָ־גאַסן זעען אויס ווי נאָך אַ פּאָגראָם.

## דעם 11טן אָקטאָבער.

אַ קאַלטער טריבער טאָג. דער הימל איז באַדעקט מיט שווערע שוואַרצע וואָלקנס. דער ווינט בלאָזט היינט אַ ביסל שוואַכער ווי נעכטן. דערפאַר אָבער איז היינט פיל קעלטער ווי נעכטן. עס זעט אויס ווי דער שניי הענגט אין די לופטן און אָט־אָט לאָזט ער זיך אַראָפּ און באַדעקט דעם גאַנצן געטאָ שטח, דער שבתדיקער עולם, וואָס גייט דאַוועגען קריכט קוים און בלאָזט אין די הענט אַריין פון קעלט.

## דעם 12טן אָקטאָבער.

6 אַזייגער פאַרטאָג האָט אָנגעהויבן צו פאַלן פון הימל אַ שטאַרקער, געדיכטער שניי. דער שניי איז געפאַלן אַזוי געדיכט, ווי עס וואָלט שוין געווען אין מיטן ווינטער. אַלץ איז ווייס געוואָרן, אַפילו די דראָטן אַרום דער געטאָ זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ווייסע, דיקע שטריק. דער ווינטער איז פלוצים געקומען. דער עולם האָט זיך אויף אים נאָך נישט געריכט.

## דעם 13טן אָקטאָבער.

די געסטאַפּאָ האָט היינט באַפוילן, אַז אַלע מענער אין עלטער פון 17 ביז 45 יאָר, ווי אויך פרויען אין עלטער פון 18 ביז 40 יאָר זאָלן זיך רעגיסטרירן אויף ספּעציעלע רעגיסטריר־ליסטעס, וואָס ליגן גרייט. שוין עטלעכע מאָל האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגעגעבן אַזעלכע באַפעלן, און יעדעס מאָל זענען זיי צונישט געוואָרן. אַ טייל מענטשן זענען אויסגעקליבן געוואָרן, מען האָט זיי אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט און די איבעריקע האָט מען אָפּגעלאָזט. היינט אָבער זאָל זיין עפּעס אַ ספּעציעלע רעגיסטראַציע. קיינער ווייסט נישט וואָס דאָס זאָל באַדייטן. אַפילו די לעפּל־לייט ווייסן נישט, וואָס עס מיינט די היינטיקע רעגיסטראַציע.

דער ווינטער איז שוין דאָ, און ווען עס קומט דער ווינטער מערן זיך פאַר די געטאָ־יידן שווערע גזירות און שווערע צרות.

## דעם 14טן אָקטאָבער.

היינט זענען אין דער געטאָ אָריינגעקומען 980 נפשות פון קאָוועל און פון רשאַנאָוו. כמעט אַלע אָנגעקומענע זענען זייער אָרעם אָנגעטאָן. אַ טייל זענען פשוט געקומען אָפּגעריסענע, אַזוי ווי די בעטלער. אַלע זענען זיי נידערגעשלאָגן, אַלע פאַרוויינט, אַלע שרעקלעך צעבראָכן. עס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט ביז זיי זענען צו זיך געקומען.

אויפן וועג האָט מען זיי שוין דערציילט וועגן דער לאָדזשער־געטאָ. מיר ווייסן — האָבן זיי געזאָגט — אַז מיר זענען געקומען צו אייך שטאַרבן מיר האָבן אַלץ געהערט וועגן אייער לאַגע, וועגן אייער לעבן און וועגן אייער פּרעזעס.

## דעם 15טן אָקטאָבער.

אַ שרעקלעכער מאָרד איז היינט פאָרגעקומען אין געטאָ. איין שוואָגער האָט דערשטאָכן דעם צווייטן שוואָגער מיט אַ מעסער צום טויט. די מעשה איז אַזאַ: די צוויי שוואָגערס, יעקב לעווין, אויפן צונאָמען מאַליאַזש און שלמה בירנשטיין, אויפן צונאָמען שנירל, האָבן געשפּילט אין קאָרטן. שפּילנדיק אַ פּאָר שעה צייט האָט איינער ביים צווייטן געווינען 30 מאַרק. ביים אַוועקגיין איז פאָרגעקומען צווישן זיי ביידע אַ סיכסוך און איינער האָט דעם צווייטן גישט געזשאַלעוועט קיין זידל־ווערטער, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט ביז שלמה שנירל האָט געכאַפּט אַ קיך־מעסער און דערלאַנגט זיין שוואָגער גלייך אין בויך אַריין. דער דערשטאָכענער האָט קוים אויסגעשריגן: „אוי, ער האָט מיך דערהרגעט". ווען ער איז שוין געלעגן אויף דער ערד און געקאָרטשעט זיך אין יסורים, האָט דער מערדער זיך געוויצלט. ווען די גיכע־הילף איז אָנגעקומען איז דער דערשטאָכענער שוין געווען טויט. דער מערדער האָט אויסגענוצט די בהלה און איז אַנטלאָפן. אַלע פּאָליציי־רעווירן האָבן באַקומען אַ שטרענגן באַפעל אויפצוזוכן דעם מערדער. דערווייל ווערט דער שוואָגער־מערדער געזוכט. אויך די געסטאַפּאָ האָט באַפוילן אויסצוזוכן דעם מערדער. אויך זי וויל אים „קענען לערנען".

## דעם 16טן אָקטאָבער.

פלוצים אין מיטן העלן טאָג, אַ שאָס. דער יידישער פּאָליציאַנט, וואָס האָט פּאַטרולירט די דרוקאַרסקע־גאַס ביז צו דער זגערזשער, איז דער ערשטער צוגעלאָפן צום אָרט וווּ דער שאָס איז געפאַלן. נישט ווייט פון די דראָטן האָט ער דערזען ליגן אַן עלטערן ייד, וואָס האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַזעקל מיט שטיקלעך אויפגעקליבענע קוילן. ווען דער פּאָליציאַנט האָט זיך צו אים דערנענטערט האָט נאָך דער ייד געשאָקלט מיטן קאָפּ. באַלד איז אויפן אָרט אָנגעקומען דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, מיט נאָך אייניקע הויכע קאָמיסאַרן, ווי אויך אַ פאָרשטייער פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. דער דערהרגעטער איז אויפן אָרט אונטערזוכט געוואָרן און עס איז פעסטגעשטעלט גע־וואָרן, אַז דער ייד הייסט שלום ווייס, נישט קיין לאָדזשער, אַלט 62 יאָר.

## דעם 17טן אָקטאָבער.

דער שוואָגער־מערדער שלמה „שנירל" איז היינט ביינאַכט געכאַפּט געוואָרן. ווען די פּאָליציי איז אַריינגעקומען אין דער וווינונג ווי דער מערדער האָט זיך באַהאַלטן, איז ער מיט איין שפּרונג צו צום פענצטער און געוואָלט אַראָפּשפּרינגען פון ערשטן שטאָק. אין דעם זעלבן מאָמענט איז דער פּאָליציי־אָפיציר, כמורא, צוגעשפּרינגען אָנגעכאַפּט אים ביי די פיס און צו אים געזאָגט: „איצט, ברידערל, פרווו צו אַנטלויפן".

נאָך דער ערשטער אויספאָרשונג איז ער איבערגעגעבן געוואָרן צו שלום הערצבערגן. דאָרט וועט ער זיצן ביז צום פּראָצעס.

## דעם 18טן אָקטאָבער.

די גאַנצע געטאָ, אַלע אירע אַרבעטס־רעסאָרטן, שולעס, פּרייע־פּלעצער, אַלע גאַסן, שפּיטאָלן, די עפּנטלעכע־אַרבעטער, די מיסט־פירער, די פּאָליציי, די פייער־לעשער, די צווייי הויפּט־גאַסן, זגערזשער און לימאַנאָווסקי־גאַס, ווערן פילמירט. עס זענען פילמירט געוואָרן פאָלגנדיקע סצענעס: מאַרישין, די באַן קומט־אָן און די יידישע אַרבע־

טער לאָדן־אויס די סחורה אויף די אָקסן־וואַגנס. דער איינציקער יידישער טראַמוויי פּאָרט אין דער געטאָ, די זיצונגען אין געריכט, די שטופּעניש אויף די אַפּראָוויזאַציע־פּלעצער, די אַרעסט־הייזער מיט זייערע אַרעסטירטע, די ברויט־פּאַרטיילער, די קיכן מיט זייערע לאַנגע רייען, די שפּיטאָלן מיט די קראַנקע. דאָס אַלץ ווערט היינט דורך אַ דייטשע פילם־געזעלשאַפט פילמירט און באַאַרבעט. פאַרוואָס דאָס ווערט געמאַכט איז קיינעם נישט באַוווּסט. מען ווייסט נאָר, אַז עס ווערט געמאַכט אַ פילם פון יידישע צרות, פון יידישע ליידן און פּיין.

דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, וואָס די אָפּעראַטאָרן פון דעם פילם לאָזן נישט אַדורך קיין שום זאַך. זיי פילמירן אויך די ליידן און דעם טרויער פון געטאָ. זיי לאָזן נישט אַדורך קיין שום בילד.

## דעם 19טן אָקטאָבער.

היינט זענען אין דער געטאָ אָריינגעקומען טויזנט פּליטים פון ווין. צווישן די אָנגעקומענע געפינען זיך דאָקטוירים, אינזשעניערן, פּראָפעסאָרן, באַרימטע כעמיקער, צאָן־טעכניקער, געוועזענע גרויסע סוחרים, עטלעכע גלחים, פון געשמדטע עלטערן, ווי אויך צוואַנציק קריסטלעכע פרויען וואָס זענען מיטגעקומען מיט זייערע מענער און קינדער. די ווינער יידן האָבן אַ סך עסנוואַרג און זאַכן מיטגעבראַכט, זיי האָבן דערציילט, אַז פון ווין ביז צו דער פּוילישער גרענעץ זענען זיי געפאָרן אין וואַגאָנען פון דער צווייטער קלאַס, די באַהאַנדלונג איז געווען אַ פיינע. דער גרעסטער טייל פון דער ווינער באַפעלקערונג — דערציילן זיי — האָט אונדז באַדויערט. טייל ווינער פרויען האָבן הויך אויפן קול געוויינט און געבעטן דעם ליבן גאָט, אַז מיר זאָלן אין קורצן זיך ווידער זען. ווי נאָר אָבער מיר זענען אַריבער די פּוילישע גרענעץ, האָט זיך די וואָך געביטן און עס זענען באַלד פאַרענדיקט געוואָרן די גוטע באַציאונגען. וואָס ווייטער מיר זענען געפאָרן אויף דער פּוילישער ערד, אַלץ ערגער זענען מיר באַהאַנדלט געוואָרן.

ביי די דראָטן, צווישן די גאַסן זגערזשער־דרוקאַרסקאַ, איז היינט געפונען געוואָרן אַ יונגע דערשאָסענע פרוי. דער פּאָליציי איז נישט

געלונגען פעסטצושטעלן ווער די פרוי איז און פון וואַנען זי שטאַמט. אַפּנים, זי איז נישט געווען קיין געטאָ־בירגערין.

דעם 21טן אָקטאָבער.

היינט פאַרטאָג זענען אין געטאָ אַריינגעקומען טויזנט מיט פופציק יידן פון פּראָג. אַלע אָנגעקומענע זענען געווען מונטער. ווען די געטאָ־פּאָליציי האָט זיי מקבל־פּנים געווען אויף מאַרישין, האָבן די פּראָגער יידן זיך באַגריסט מיט אַ ברייטן שלום. אַ טייל האָבן מיט פּסוקים פון די נביאים אונדז געטרייסט, אַז דער סוף פון דער מלחמה איז נאָענט.

דעם 22טן אָקטאָבער.

היינט זענען ווידער אָנגעקומען 1.200 יידן פון ווין און פון די קלענערע שטעטלעך אַרום ווין. דער גרעסטער טייל אָנגעקומענע זענען אַלטע לייט, צווישן זיי אַ סך קראַנקע; עס האָט אויסגעזען ווי אַלע אָנגעקומענע זענען ערשט נעכטן אַרויסגענומען געוואָרן פון די שפּיטאָלן אָדער פון זקנים־הייזער. די מענטשן זענען אָנגעקומען אין אָוונט. אויף די גאַסן איז געווען פינצטער און חושך, און אַזוי זענען די אַלטע צעבראָכענע ווינער יידן, מיט זייערע שווערע רוקזעק אויף די אַקסלען, געגאַנגען טריט ביי טריט, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, פאַרווייינטע און שטאַרק בידערגעשלאָגענע. איינער אַ ווינער ייד מיטן נאָמען מאָריס קעלערבאַך האָט דערקלערט, אַז אין איין גרופּע פון די אַרויסגעטריבענע ווינער יידן האָט ער געזען דעם ווינער יידישן באַראָן. עס קען זיין, אַז ער איז שוין דאָ מיט אונדז, נאָר ער באַהאַלט אויס זיין נאָמען.

דעם 23טן אָקטאָבער.

היינט זענען אין דער געטאָ אָנגעקומען פראַנקפורטער יידן. ביים אַראָפּנעמען זיי פון די וואַגאָנען האָבן געפעלט 4 מאָן. די טראַנספּאָרט־ליסטע האָט געוויזן 1.200 נפשות און אָנגעקומען זענען 1.196 נפשות. כמעט אַלע אָנגעקומענע האָבן זיך גוט געהאַלטן. באַגריסט זיך מיט אַ ברייטן „שלום יהודים". געוויצלט זיך און איינער האָט דעם צווייטן געקלאַפּט אויף די פּלייצעס און געבעטן זיך האַלטן, נישט איינברעכן

זיך, נישט זיין פאַרצווייפלט. „מוט פאַרלוירן איז אַלץ פאַרלוירן״. לויט ווי די פּראַנקפורטער דערציילן זענען פאַרגעקומען דראַמאַטישע סצע־נעס בעת זיי האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. די דייטשע באַפעלקערונג האָט זיי געבראַכט קוכן און פאַרשיידענע אַנדערע עסנוואַרגן. אַ טייל פרויען האָבן געוויינט. ביים געזעגענען זיך האָבן זיי אויסגעדריקט גרויס מיטגעפיל. אַ טייל פרויען האָבן הויך אויפן קול געבעטן דעם ליבן גאָט, אַז ער זאָל די יידן באַשיצן און זיי צוריקברענגען אין זייער אַלטער היים.

## דעם 24טן אָקטאָבער.

היינט זענען ווידער אָנגעקומען 1.000 נפשות פון פּראָג. אַלע אָנגעקומענע האָבן זיך גוט געפילט. צווישן די ניי־אָנגעקומענע פּראָ־גער יידן געפינען זיך 300 אַדוואָקאַטן, 26 דאָקטוירים, 30 אינזשעניערן און פון פיל אַנדערע פרייע פּראָפעסיעס. כמעט אַלע האָבן זיך גוט געהאַלטן און מוטיק.

## דעם 25טן אָקטאָבער.

560 יידן פון לוקסענבורג זענען היינט אָנגעקומען דורך דעם מאַרישינער באַן־הויף. די אָנגעקומענע זענען געווען אויסער זיך. אויף יעדנס פנים האָט מען געזען פאַרביטערקייט, צער און ווייטיק. לויט ווי זיי דערציילן האָבן זיי מיטגעמאַכט זייער אַ שווערן וועג. אַלע וואַגאָ־נען זענען געווען שטרענג באַוואַכט און פאַרשלאָסן. אויב עמעצער האָט געוואָלט פון אַ וואַגאָן אַרויסגיין איז ער באַלד אויפן אָרט באַשטראָפט געוואָרן.

די שטראָפן זענען געווען פאַרשיידענע. טייל האָבן געמוזט 25 מאָל אַרומלויפן אַרום דער באַן. אַנדערע האָבן געמוזט הויך שרייען „הייל היטלער״, „יודע פאַרעקע״. אייניקע האָבן באַקומען געשלאָגן ביז בלוט.

אין לוקענבורג גופא זענען די יידן נישט שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן. די אַרטיקע באַפעלקערונג האָט שטאַרק באַדויערט דאָס

אַרויסטרייבן די יידן. די באַפעלקערונג האָט געבראַכט אין די יידישע שטובן עפּל, טרוקענע פלוימען, סוכאַרעס און פאַרשיידענע אַנדערע עסנוואַרג. אַ טייל פון דער באַפעלקערונג האָט מיט טרערן אין די אויגן באַגלייט די אַרויסגעטריבענע ביז צום באַן־הויף.

## דעם 27טן אָקטאָבער.

היינט זענען אין דער געטאָ אַריינגעקומען 1.000 יידן פון בערלין. כמעט 90% פון די אָנגעקומענע זענען געווען אַלטע לייט, איינגע־הויקערטע, צעבראָכענע, קוים וואָס זיי האָבן זיך געהאַלטן אויף זייערע פיס. אַ גרויסער טייל האָבן געשלעפּט אויף זייערע פּלייצעס שווערע רוק־זעק מיט פאַרשיידענע זאַכן. מען האָט זיי געלאָזט מיטנעמען אַלץ וואָס זיי קענען אויף זיך טראָגן. ביז צו דער פּוילישער גרענעץ זענען זיי אַלע געפאָרן אין דער 1־טער און 2־טער קלאַס. ווי נאָר זיי זענען אַריבער די גרענעץ, זענען זיי איילֿיק איבערגעזעצט געוואָרן אין איינפּאַכע וואַגאָנען.

## דעם 28טן אָקטאָבער.

25 חתונות זענען היינט מיט איינמאָל פאָרגעקומען אין דער געטאָ. 25 פּאָרלעך פון פאַרשידענע שטעט, צווישן זיי פּראָגער, ווינער, בער־לינער און לאָדזשער האָבן היינט גענומען ביי רומקאָווסקין חופּה־וקידושין. דער פּרעזעס האָט ביי דער צערמאָניע געהאַלטן אַ פייער־לעכע דרשה. דער פּרעזעס האָט דערקלערט: „מיר געפינען זיך אין געטאָ, איינגעפּרעסטע ווי הערינג אין אַ פעסל. מיר האָבן נישט קיין רעכט צו אַפּעלירן און נישט צו אַוואַנסירן. אויב עס קומען פאָר אין דער געטאָ פאַרשיידענע נאָמינאַציעס, איז עס בלויז אַ לאָקאַלע דיס־ציפּלינאַרע פאַרהעלטעניש. עס קען נישט געמאָלט זיין אין דער געטאָ: דיינע יידן און מיינע יידן. אַלע זענען מיר באַצייכנט (אַפילו איך אויך) מיט אַ געלער לאַטע. אויב איינער מאַכט אַ פעלער אָדער ער באַגייט אַ פאַברעך זענען מיר אַלע שולדיק. איך פון מיין זייט באַמי זיך מיט אַלע מיינע כוחות, אַז די אַרבעט אין דער געטאָ זאָל קלאַפּן, אַז איר זאָלט האָבן צו עסן און באַהייצונג אויפן ווינטער. איך וויל, אַז עס זאָל

אין דער געטאָ הערשט פולשטענדיקע רו. דאָס איז מיין הויפּט־פּראָבלעם. אַז עס וועט זיין רואיק וועט זיין עסן און אַרבעט. איך וועל שטרענג זיין צו די, וועלכע וועלן גרינגשעצן מיינע באַפעלן. איך וועל נישט קוקן, צי דאָס אַ דאָקטאָר אָדער אַ בערלינער אַדוואָקאַט, אָדער ווער ווייסט וועלכע אַנדערע פּערזענלעכקייט. אייער אינטעליגענץ און קולטור זאָלט איר האַלטן פאַר זיך. היינט איז



ביי אַ זיצונג אויפן באַלוטער־מאַרק. פון רעכטס: פריילין פוקס, רומקאָווסקי, ביבאָוו, ריבע און שאַומבערג.

מלחמה, און מלחמה האָט אַנדערע באַדערפענישן. אַרבעט און געהאָרכזאַמקייט. איך וויל אייך היינט אויף דער אַלגעמיינער שמחה נישט זאָגן דאָס גאַנצע שלעכטע, אָבער אויסנוצן וויל איך דאָ אייער געמיינזאַמען צוזאַמענטרעף כדי איר זאָלט מיך בעסער קענען לערנען. איך הייס מרדכי חיים רומקאָווסקי. איך פאַרמאָג אַ שטאַרקע האַנט,

וואָס קען שלאָגן און דווקא גוט שלאָגן. וועט איר זיין רואיק און געהאָרכזאַם און וועלן אַרבעטן, וועל איך צו אייך זיין מילד און איידל. אויב חלילה ניט, דאַן וועט אַך־און־וויי זיין צו אייך". דערמיט האָט דער פּרעזעס פאַרענדיקט זיין פייערלעכע וואָרענונגס־רעדע.

נאָך דער רעדע האָט דער אויסגעהונגערטער עולם זיך געזעצט אַרום די פינף געדעקטע טישן. יעדער גאַסט האָט באַקומען צוויי ברויט־שניטן, אַ פולן טעלער זופּ, אַ פּאָרציע פערד־פלייש „גולאַש", מיט שוואַרצע זיסע קאַווע. דער עולם האָט געלאַכט, אונטערהאַלטן זיך מיט פאַרשידענע וויצן. טייל האָבן געכאַפּט אַ זמרל און דווקא געזונגען „וטהר לבנו לעבדך באמת" און אַנדערע האָבן געזונגען נאַציאָנאַלע לידער. נאָך דער חתונה און סעודה האָבן זיך די פּאָרלעך געזעגנט מיטן פּרעזעס און געווונטשן אים אַ לאַנג לעבן.

## דעם 28טן אָקטאָבער.

עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז 80% פון דער געטאָ־באַפעלקערונג טראָגט שיך מיט האָלצערנע זוילן, וואָס מען רופט טרעפּעס.

## דעם 30טן אָקטאָבער.

אין מיטן העלן טאָג איז היינט געפאַלן פון יענער זייט דראָטן אַ שאָס און אין דער זעלבער רגע איז נישט ווייט פון די דראָטן אַ יונג מיידל געפאַלן טויט אויפן אָרט. ווען דער יידישער פּאָליציאַנט איז צוגעקומען צום אָרט וווּ עס איז געלעגן די דערשאָסענע, האָט דער וואַך־פּאָסטן געכאַפּט זיך צו דער ביקס און געצילט צום פּאָליציאַנט. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער יידישער פּאָליציאַנט האָט באַלד פאַרלאָזט דאָס אָרט און מיטגעטיילט דעם קאָמיסאַר זיינעם די גאַנצע געשיכטע. נאָך אַ מיטטיילונג צו דער געסטאַפּאָ זענען שפּעטער צו דעם אָרט צוגעקומען אייניקע יידישע פּאָליציאַנטן, אונטערזוכט די דערשאָסענע און פעסטגעשטעלט, אַז די פריילין איז ערשט נישט לאַנג אָנגעקומען פון פּראָג. זי איז געווען די גאַנצע צייט זייער פאַרצווייפלט. זי האָט בשום אופן נישט געקענט איבערטראָגן די שאַנדע און די געטאָ־צרות.

זי איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטע ביז זי איז צוגעגאַנגען נאָענט צו די דראָטן און דאָרט געפונען דעם טויט. זי האָט איבערגעלאָזט אַ מוטער און אַ פאָטער, צוויי צעבראָכענע מענטשן, וואָס האָבן אַפילו נישט געוויינט אויף איר טויט, דער פאָטער, מאיר קעניג, האָט זיך אויסגעדריקט: „גאָט צו־דאַנק. מיין קינד איז שוין באַפרייט פון די שווערע צרות. ווי האַלט איך שוין אַזוי".

## דעם 31טן אָקטאָבער.

בעת די מענטשן זענען געשטאַנען מיט זייערע טעפלעך אויף זגערזשער 38 און געוואַרט ביז מען וועט אָנהייבן צו טיילן די זופּ, איז אָנגעפאָרן אַ שווערער לאַסט־וואָגן, געשפּאַנט אין צוויי פערד, ווילנדיק, אַז דער שווערער וואָגן זאָל מיט איינמאָל אַריינפאָרן אין הויף אַריין, האָט דער פורמאַן אַ צי געטאָן די לייצעס און דער וואָגן האָט האַסטיק אַ ריר געטון. מעשה שטן האָט אָבער אַ ראָד זיך פאַרטשעפּעט אין דער מויער און דער רעזולטאַט דערפון איז געווען אַ שרעקלעכער: די מויער איז איינגעפאַלן און צוגעדריקט אונטער זיך צוואַנציק מענטשן. די פּאָליציי און די פייערלעשער האָבן אַרויסגענומען פון אונטער דער חורבה 16 שווער פאַרוואונדעטע און פיר טויטע.

## דעם 1טן נאָוועמבער.

היינט איז ביי מיין שכן, יעקב וויינשטיין, פאָרגעקומען אַ שטרענגע הויז־רעוויזיע, אויסגעפירט דורך דער „קריפּאָ" (דייטשע קרימינאַל פּאָליציי), מיט דער מיטהילף פון אייניקע יידישע זאָנדער־פּאָליציאַנטן. דאָס זוכן האָט געדויערט אייניקע שעה. עס איז געעפנט געוואָרן די פּאָדלאָגע און מען האָט פון דאָרטן אַרויסגענומען עטלעכע שטיק קאַמגאַרן־שטאָף פון בעסטן סאָרט, ווי אויך פאַרשידענע אַנדערע ווירט זאַכן. צוליב דער הויז־רעוויזיע ביי מיין שכן האָט מיין פרוי היה ז"ל, אין איילעניש געכאַפּט אַלע מיינע מאַנוסקריפּטן, ווי אויך אייניקע פרישע פּאָטאָ־אופנאַמען, און זיי פאַרברענט אין אויוון. די רעוויזיע ביי מיין שכן האָט געקאָסט מיין משפחה אַ סך געזונט. מיין שוועגערן, קאַלטשע האָראָוויץ, איז פון שרעק קראַנק געוואָרן און איז אין אַ פּאָר

טעג אַרום געשטאָרבן. צוליב דער דאָזיקער געשעעניש, ווי אויך צוליב דעם, וואָס מיין שכן, יעקב ווייִנשטיין, איז שרעקלעך צעמזיקט געוואָרן און איז אין צוויי וואָכן שפּעטער געשטאָרבן אין שפּיטאָל אויף דרעוונאָווסקאָ, האָב איך ביזן 22־טן נאָוועמבער נישט פאַרצייכנט די געטאָ־געשעענישן.

דעם 22טן נאָוועמבער.

לעצטנס זענען ווידער אין דער געטאָ אַריינגעקומען 23 טויזנט יידן פון פאַרשיידענע שטעט און מלוכות, און קיין געלט האָבן זיי נישט מיטגעבראַכט. נישט האָבנדיק קיין געלט האָבן זיי גענומען פאַרקויפן זייערע מיטגעבראַכטע זאַכן. דער אַמאָליקער באַזאַר־מאַרק האָט דעריבער אויפגעלעבט און איצט איז אויף אים אַזאַ באַוועגונג ווי אין די אַלטע גוטע צייטן.

דעם 23טן נאָוועמבער.

אַ זער אינטערעסאַנט בילד האָט זיך היינט אין די פרימאָרגן שעה׳ן אָפּגעשפּילט ביי די געטאָ דראָטן וואָס גרענעצט זיך צווישן לימאַנאָווסקיעגאָ און פּיונאַ. אַ יונגע פריילין פון דער שטאָט קעלן, איז זיך ווי קיינמאָל גאַרנישט געגאַנגען ביי די דראָטן און אָבסערווירט דאָס לעבן פון יענער זייט, פּלוצים האָט די פריילין דערהערט אַ באַקאַנטע שטימע: ליזאַ! מיין גאָט! ווער האָט דיך דאָ אַהערגע־בראַכט? מיין גאָט, איך וועל דאָס נישט איבערהאַלטן. דער סאָלדאַט וואָס האָט געהיטן דעם אָפּשניט פון דאָס געטאָ־צוימונג איז צוגעלאָפן צו די דראָטן, פאַרגעסנדיק ווער ער איז און וואָס זיין אויפגאַבע איז, צעשפּרייט מיטביידע הענט די דראָטן און געבעטן, אַז די פריילין זאָל צו אים אַריבערקומען. „עס וועט דיר גאַרנישט געשען. איך וועל זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיין לעבן". הערנדיק די רייד איז די פריילין ליזאַ אַריבער אויף יענער זייט דראָטן. ביידע יונגע מענטשן האָבן זיך האַסטיק אַרומגעכאַפּט, געקושט זיך און געוויינט אויפן קול. די דראַמאַ־טישע סצענע האָבן בייגעוווינט הונדערטער מענטשן פון ביידע זייטן דראָטן נאָך עטלעכע מינוט האַלדזן זיך, האָט די פריילין פון זיך

אַרונטערגעריסן די גלעלע לאַטעס און איז לויט אַן אַנגעוויזענעם וועג, אַוועק אין דער שטאָט אַריין. וואָס ווייטער איז געוואָרן איז אונדז, געטאָ־מענטשן, נישט באַוווסט.

## דעם 24טן נאָוועמבער.

אייניקע בריוו זענען היינט אָנגעקומען פון וואַרשע. יעדער בריוו־שרייבער פאַרשעלט די יאָרן, וואָס ער האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע. די עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס רייסט אַוועק הונדערטער מענטשן. די לאַגע איז אויסערגעוויינלעך שלעכט, עס הערשט הונגער, בויט, קעלט און שרעק און דערצו אַ מוראָדיקע עפּידעמיע. די בריוו זענען אָנגעקומען דורך דער זאָנדער־פּאָליציי. זיי זענען מיטגעבראַכט געוואָרן דורך דוד גערטלערן. דער לעצטער האָט אויך דערציילט, אַז מיט די וואַרשעווער יידן וועט זיין זייער שלעכט, עס איז דאָרט נישטאָ קיין פעסטע האַנט וואָס זאָל קענען האַמעווען די אויסוווּרפן, עס האָבן זיך דאָרטן געשאַפן פאַרשיידענע חברות וואָס טוען אַן געבערענטע צרות. אויב לאָדזש פאַרמאָגט פּופּציק מוסרים, פאַרמאָגט וואַרשע פינף טויזנט מוסרים. דאָס ערגסטע איז, וואָס די מוסרים געפינען זיך נישט בלויז צווישן די ווילדע יונגען, נאָך אויך צווישן דער אינטעליגענץ.

## דעם 25טן נאָוועמבער.

היינט פרי זענען אַן אַ פאַרוואָס דערשאָסן געוואָרן צוויי יידן. דעם מערדערישן וואַך־פּאָסטן האָט זיך פאַרגלוסט צו הרגענען יידן. נאָר ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? די לעצטע צייט האָבן יידן אויפגעהערט צו שמוגלען און אויך אויסגעהיט זיך צו גיין נאָענט צו די דראָטן. דער מערדער איז געפאַלן אויף אַ כיטרער גזלנישער המצאָה: ער האָט פאַרפּאַקט אַ שטיין אין אַ פּאַפּיר, פאַרבונדן מיט אַ שטריקל און דאָס פּעקל אַריבערגעוואָרפן אין דער געטאָ אַריין. ער אַליין האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און אָפּגעוואַרט דעם קרבן, וואָס וועט קומען אויפהייבן דאָס פּעקל. צוויי יונגע אַרבעטער וואָס זענען צוזאַמען געגאַנגען אין דער פרי צו זייער נאָרמאַלער אַרבעט, האָבן באַמערקט דאָס פּעקל און זיך איינגעבויגן, כדי עס אויפצוהייבן. אין

דער רגע זענען געפאַלן צוויי שאָסן און ביידע יונגע, אומשולדיקע ייִדן, משה גורפיין און דוד זאַלצבערג, זענען געפאַלן טויט אויפן אָרט. עס איז שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז זיי האָבן געשטאַמט פון ווין.

## דעם 26טן נאָוועמבער.

היינט זענען ווידער אָנגעקומען איינציקע בריוו פון וואַרשע. דאָס־מאָל זענען די בריוו־ברענגער געווען די צוויי ברידערלעך קאָהן, ווי מען שמועסט אין דער געטאָ, אַרבעטן ביידע ברידערלעך אין דער געסטאַפּאָ. איינער פון זיי האַלט זיך אויף אין וואַרשע און דער צווייטער אין לאָדזש. וואָס זייער באַשעפטיקונג איז אין דער געסטאַפּאָ איז נישט באַוווּסט. אין איינעם אַזאַ בריוו שרייבט פּ. ראָוט: „שוין איינציקע טעג ווי מען באָמבאַרדירט אונדז. איינציקע באָמבעס זענען אַריינגעפאַלן אין געטאָ אַריין און דערהרגעט פיר פּרויען. דער מסחר בליט; מען האַנדלט מיט אַלעם, וואָס עס לאָזט זיך נאָר. די קהילה קען זיך נישט קיין עצה געבן. די וואַרשעווער געטאָ איז אַ שיף אָן אַ רודער".

## דעם 27טן נאָוועמבער.

1 אַזייגער פאַרמיטאָג איז דער פּאָליצײַ־קאָמענדאַנט, לעאָן ראָ־זענבלאַט, גערופן געוואָרן אויפן באַלוטער־מאַרק. דאָרט האָט ער באַקומען אַ באַפעל און גלייכצייטיק אַ גענויע אינסטרוקציע וועגן דעם מאָרגנדיקן באַזוך פון גאַולייטער גרייזער. דער באַפעל מעלדעט: „מאָרגן, דעם 28־טן נאָוועמבער, פּינקטלעך 2 אַזייגער אין די מיטאָג־שעה'ן, קומט אין דער געטאָ אויף אַ באַזוך דער שעף פון וואַרטיגאַל, גאַולייטער גרייזער מיט זיין סוויטע. מיט אים וועלן אויך אָנקומען דער שטאָט־פּרעזידענט מיט אַלע ראַטמענער פון ליצמאַנשטאַט. דעריבער מאַכן מיר דעם געטאָ־פּאָליצײַ־קאָמענדאַנט פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר יעדער נישט פּינקטלעכקייט".

ווי נאָר ראָזענבלאַט האָט פאַרלאָזן דעם באַלוטער־מאַרק האָט ער צו זיך גערופן די פּאָליצײַ־קאָמיסאַרן פון אַלע רעווירן און יעדן פּאָלי־

צײַ־קאָמיסאַר באַזונדער פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. ווי נאָר די פּאָליצײַ־רעווירן האָבן באַקומען די מיטטיילונג זענען אַלע געטאָ־גאַסן באַשטעלט געוואָרן מיט פּאָליצײַ־פּאָסטנס. ווי נאָר אַ ווינקל, אַ פרײַ אָרט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַ פּאָליציאַנט. אויף די הויפּט־גאַסן האָבן די פּאָליציאַנטן אויך געטראָגן ווײַסע־הענטשקעס. דאָס מאָל האָט די דײַטשע פּינקטלעכקייט ניט געשטימט. אַנשטאָט צוויי אַ זייגער, זענען די געסט אָנגעקומען 5 אין אָוונט. צוליב דעם האָבן זיי ניט באַזוכט אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן. זיי האָבן בלויז באַזוכט דעם שנײַדער־רעסאָרט און דעם רימער־רעסאָרט, און זענען באַלד צוריקגעפאָרן. אין זעלבן אָוונט האָט דער גאַולייטער גרייזער אין ליצמאַנשטאָטער שטאָט־ראָט געהאַלטן אַ גרויסע פּאָליטי־שע רעדע, געווידמעט דער שטאָט ליצמאַנשטאָט מיט איר געטאָ. צום סוף פון זײַן רעדע האָט גרייזער דערקלערט, אַז עס איז אים וויכטיקער דאָס לעבן פון איין דײַטשן סאָלדאַט, ווי דאָס גאַנצע לאָדזשער יידנ־טום. אויב איין ייד פון דער געטאָ וועט זיך פאַרזינדיקן קעגן אונדזער פּאָליטיק, קעגן אונדזער אַרמיי, קעגן אונדזער מלוכה, אָדער קעגן איין דײַטשן סאָלדאַט פון אונדזער אַרמיי, וועלן אַלע יידן אין דער געטאָ טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר האַלטן די יידן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג זייער ווילן איז צו אַרבעטן און צו זײַן איבערגעגעבן ביים אויספירן אונדזערע באַפעלן. דער ייד האָט קיין רעכט ניט צו קלערן, ניט צו דענקען און ניט צו אַפּעלירן. ער איז דער אויספיר־אָרגאַן פון אונדזערע באַפעלן, און ווען ער פאַרשולדיקט זיך איז ער ווי געשטאָרבן. זײַן לעבן עקזיסטירט מער ניט".

דעם 28טן נאָוועמבער.

די יידישע פּליטים פון דײַטשלאַנד, וואָס זענען ערשט ניט־לאַנג אָנגעקומען אין דער געטאָ אַרײַן פון פאַרשיידענע דײַטשע שטעט, דערהאַלטן בריוו פון זייערע קרובים, וואָס זענען, דערווײַל, נאָך פאַרבליבן אויף זייערע ערטער. אינטערעסאַנט וועט זײַן צו פאַרצײַ־כענען דעם אינהאַלט פון אייניקע בריוו, וועלכע די דאָרטיקע יידן שרײַבן צו זייערע אַרויסגעטריבענע און פאַריאָגטע קרובים.

בריוו פון בערלין, שרייבן די דאָרטיקע אַזוי: „זייט וויסן טייערע, דער פעטער איז שטאַרק קראַנק געוואָרן. מען רעכנט זיך אַ ליאַדע טאָג אויף אַ קאַטאַסטראָפע. מען האָט שוין געשטערט די שפּאַציר־שטונדן אויף די גאַסן. יידן איז דערלויבט צו שפּאַצירן ביז 5 אַזייגער אין אָוונט און קריסטן ביז 8 אין אָוונט. בכלל האָט זיך די לאַגע אַ סך געענדערט. אייערע וווינונגען זענען נאָך פריי. ביז הייַנט זענען זיי נישט באַזעצט געוואָרן".

בריוו פון קעלן, שרייבן די דאָרטיקע אַזוי: „עס קען זיין, אַז מיר וועלן אויך מוזן אונדזער היימאַט פאַרלאָזן. מיר ריכטן זיך דערויף במעט יעדן טאָג. די אָרטיקע באַפעלקערונג איז אונדז מקנא, וואָס מיר קענען פון גיהנום אַרויס. זיי באַדויערן אונדז און באַוויינען אונדז. האַלט אייך, ברידער. אונדז גייט פאַרלויפיק נישט שלעכט".

בריוו פון האַמבורג: „נעכטן זענען מיר אַלע געווען פאַרזאַמלט ביים דיכטער... מיר האָבן זיך קעגנזייטיק דערציילט פאַרשיידענע געשיכטעס. מיר האָבן ביז הייַנט נאָך נישט אויפגעהערט צו קלערן וועגן אייך. עס קען זיין, אַז מיר וועלן זיך באַלד מיט אייך פרייען".

בריוו פון ווין: „מיר זענען אַלע געפּאַקט. מיר וואַרטן בלויז אויף דעם באַפעל. מיר גלויבן, אַז אַלע יידן וועלן מוזן פאַרלאָזן ווין. אַפילו אויף די געמיינדע־פאָרשטייער. אונדזערע טראַנספּאָרטן גייען איצט קיין לובלין און קיין קראָקע. אַ טייל ווערן אויך פאַרשיקט קיין רוס־לאַנד. מיר זענען שוין אייך מקנא. איר האָט שוין וויניקסטנס אַן אָרט וווּ צו זיין. איר ווייסט שוין וווּ איר געפינט זיך. דאַקעגן, מיר, זענען נאָך אויסגעשטעלט אויף טעראָר און אַנדערע רדיפות. עסן האָבן מיר. דאָס פעלט אונדז דווקא נישט. ווען אַלץ וואָלט אַזוי געווען ווי דאָס עסן, וואָלט שוין פאַר אונדז גוט געווען".

די בריוו־שרייבער ווייסן נעבעך נישט, די שווערע לאַגע פון זייערע קרובים, זיי ווייסן אַפילו נישט, אַז די פּליטים האָבן נישט וווּ צו שלאָפן, וווּ צו זיצן און וווּ דעם קאָפּ אַוועקצולייגן. דאָס לעבן פון די פרישע פּליטים איז אויסערגעוויינלעך שלעכט. אַ קליינער טייל, קוים 10%, האָט זיך איינגעאָרדנט און די איבעריקע 90% וווינען אויף זייער בראָך. זיי מאַכן מיט הונגער, נויט, קעלט און פאַרשיידענע

קראַנקהייטן. זיי קענען בשום אופן נישט צוגעוווינען זיך צו דעם ענגן שמוציקן געטאָ־לעבן. פיל פון זיי שטאַרבן אַוועק און לאָזן זיך אַפילו נישט טרייסטן. עס גייט נישט אַוועק קיין איין טאָג, אַז עס זאָלן נישט זיין צווישן די פּליטים קיין זעלבסטמאָרדן.

## דעם 29טן נאָוועמבער.

היינט 7 אַזייגער אין דער פרי איז די געטאָ־פּאָליציי אַלאַרמירט געוואָרן אַז ביי די דראָטן צווישן פיונע־לימאַנאָווסקיעגאָ געפינען זיך צוויי יונגע פרויען אָן סימנים פון לעבן. ווען אַ פּאָליציי־פּאַטראָל איז אָנגעקומען אויפן אָרט, האָט ער נישט ווייט פון די דראָטן געפונען ליגן, צוויי יונגע קינדער. ווער עס האָט זיי דערשאָסן איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. אויך די געסטאַפּאָ האָט וועגן דעם גאָרנישט מיטגעטיילט.ביידע קינדער זענען געטראָפן געוואָרן אין האַרצן. עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן לאַנג מיטן לעבן זיך נישט געמוטשעט. ביידע קינדער שטאַמען פון בערלין. זיי האָבן אין דער געטאָ נישט איבערגעלאָזט קיין קרובים. ווי עס איז שפּעטער פעסט־געשטעלט געוואָרן, האָבן די קינדער געהייסן מאַטילדאַ און געטרודאַ ווייגזאַפּט, צוויי שוועסטער, קינדער פון דעם אַמאָליקן בערלינער סוחר, יוסף ווייגזאַפּט.

## דעם 30טן נאָוועמבער.

וויפל פרייד און האָפענונג האָט היינט אַרומגעכאַפּט די מענטשן אין דער געטאָ. אַ טייל האָבן פאַר פרייד געוויינט. אייגער האָט דעם אַנדערן איבערגעגעבן, אַז ענדלעך האָט די ליצמאַנשטעטער־צייטונג מער שוין נישט געקענט אויסבאַהאַלטן דעם אמת און זי האָט געמוזט מודה זיין, אַז דאָס דייטשע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער שטאָט ראָסטאָוו.

די צייטונג שרייבט: „נאָך אַ גרויסן ווידערשטאַנד פון פיינט־לעכן מיליטער, האָבן אונדזערע טרופּן, לויט אַ באַפעל פון דער ווער־מאַכט, זיך פּלאַנמעסיק צוריקגעצויגן. ביים צוריקצוג זענען פיינטלעכע עלעמענטן פון דער ציווילער באַפעלקערונג אָנגעפאַלן אויף אונדזער

אַרמיי און אַנגעהויבן אַ קאַמף אויף טויט און לעבן. עס פאַרשטייט זיך, אַז אונדזערע טרופּן האָבן די באַנדיטן געוויזן דעם כוח פון אונדזער וואָפן און אַ סך פון זיי זענען געטויט געוואָרן אויפן אָרט. דערפאַר אָבער מאַכן שוין אונדזערע טרופּן זיך גרייט צום אָנגריף אויף ראָסטאָוו און די פאַרשאָלטענע ציוויליסטן וועלן טייער באַצאָלן".

אַזוי האָט היינט צום ערשטן מאָל די ליצמאַנשטאַטער־צייטונג געשריבן. וואָס עס האָט ריכטיק פּאַסירט, ווייסן מיר נישט. עס איז אונדז אויך קיין גרויסע נפקא־מינה נישט. פאַר אונדז איז וויכטיק דאָס, וואָס מיר האָבן ענדלעך זיך דערוווּסט, אַז רוסלאַנד שלאָגט דעם שונא און שטויסט אים אַרויס פון די פאַרנומענע פּאָזיציעס. איצט קען אויך שוין מעגלעך זיין, אַז די רוסישע אַרמיי וועט באַווייזן וואָס זי קען. דעמאָלט וועלן אונדזערע הערצער דערפרייט ווערן.

## דעם 1טן דעצעמבער.

אין מיטן העלן טאָג ווען דער גאַנצער געטאָ־עולם האָט געאַרבעט, האָט אַ מערדערישע קויל פון אַ הינטישן וואַך־פּאָסטן דערשאָסן צוויי פרידלעכע אומשולדיקע מענטשן. די צוויי אומשולדיקע קרבנות זענען אַ מאַן און אַ פרוי. די פרוי האָט אַ גרויסע משפּחה אין אַמעריקע. זי האָט געטרוימט, אַז ווי נאָר די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועלן זיי פאָרן קיין אַמעריקע. אינטערעסאַנט איז, אַז ווען דער מערדער האָט אויס־געשאָסן צו זיינע קרבנות און די מענטשן האָבן זיך נאָך געראַנגלט אין יסורים, האָט ער קאַלטבלוטיק אַרויסגענומען זיין פאָטאָגראַפיר־אַפּאַראַט און די שרעקלעכע סצענע פאָטאָגראַפירט. נאָך דעם האָט ער דעם אַפּאַראַט צוריק אַריינגעלייגט אין טאַש, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט און באַפוילן די אָנגעקומענע געטאָ־פּאָליציי, אַז זיי זאָלן די צוויי דערשאָסענע אַוועקנעמען, ווייל „זיי מאַכן אָן צו פיל שווינעריי אויף דעם טראָטואַר".

## דעם 2טן דעצעמבער.

עס איז קיין וווּנדער נישט, וואָס די סאָלדאַטן שיסן אויף אונדז. עס איז אויך קיין וווּנדער נישט, וואָס די גאַנצע דייטשע יוגנט האָט

אונדז אַזוי פיינט. דער וווּנדער איז, וואָס מען לאָזט אונדז נאָך לעבן און אַרבעטן. דאָס איז ממש ניסים מן השמים. עס איז נישט פאַראַן איין דייטשער מיניסטער, וואָס זאָל נישט אָנהייבן זיינס אַ רעדע מיט די ווערטער: „דער יודע איז אונדזער פיינט. צוליב דעם יודע ווערן מיר געשלאָגן. צוליב דעם יודע איז די קריג. אַלע שלעכטע זאַכן קומען אַרויס צוליב דעם פאַרשאָלטענעם ייד". עס גייט נישט אַדורך כמעט קיין איין טאָג, אַז די דייטשע פּרעסע זאָל נישט בילן און העצן אויף יידן. הונדערטער אַרטיקלען ווערן געווידמעט דעם יידנטום. ווער דער ייד איז און פון וואַנען ער שטאַמט און וואָס זיין אויפגאַבע איז אויף דער וועלט. אין די אַרטיקלען ווערט געזאָגט, אַז די יידן זענען באַשאַפן געוואָרן אויסצוזויגן דאָס בלוט פון דער נישט יידישער וועלט. די אַלע העץ־צייטונגען און שנאה־זשורנאַלן ווערן אין די מיליאָנען פאַר־טיילט צווישן די סאָלדאַטן, כדי זיי איבערצוצייגן, אַז די דייטשע נאַצי־רעגירונג, האָט קיין קריג נישט געוואָלט. נאָר די באָלשעוויקעס, וואָס זייער אָנפירער זענען יידן, האָבן געוואָלט דעם קריג און זיי האָבן די גאַנצע וועלט אויפגעהעצט קעגן דייטשלאַנד.

## דעם 3טן דעצעמבער.

ווי לאַנג וועלן אומשולדיקע מענטשן דערשאָסן ווערן? ווי לאַנג נאָך וועלן מיר באַהאַנדלט ווערן ווי קרעציקע הינט? ווי לאַנג וועט אונדזער אויסגעמוטשעט לעבן זיין הפקר ווי לאַנג נאָך וועלן אונדזערע אויגן נאָס זיין פון וויינען אויף די אומשולדיקע קרבנות? עס גייט נישט פאַרביי כמעט קיין איין טאָג, אַז עס זאָל נישט דערשאָסן ווערן אַן אומשולדיקער ייד. אין פאַרלויף פון די לעצטע 5 טעג זענען שוין דערשאָסן געוואָרן 9 יידן. עס הזרט זיך איבער דאָס זעלבע שפּיל וואָס פאַר אַ יאָרן, ווען מענטשן זענען דערשאָסן געוואָרן, גייענדיק צו זייער אַרבעט.

אויף דער פּוילשער־גאַס (דרעוונאָווסקאָ) נישט ווייט פון די נומערן 34/36 איז היינט אין דער פרי דערשאָסן געוואָרן משה זיינוועל. ווען מען האָט אים אַ טויטן אַהיימגעבראַכט אין זיין וווינונג, האָבן אַלע שכנים מיטגעוויינט מיט די דריי פרישע יתומימלעך. דאָס 12־

יעריקע מיידעלע, מירעלע, האָט זיך געוואָרפן אויפן טויטן קערפּער און געשריגן: טאַטעשי — טאַטעשי, שטיי אויף, איך וויל נישט זיין קיין יתומה, איך וויל נאָך האָבן אַ טאַטעשי. די ווערטער פון דעם קינד האָבן מראָדיק געווירקט. אַפילו דער פּאָליציי־קאָמיסאַר, קאָל, מיט זיינע געהיליפן, האָבן זיך צעוויינט.

## דעם 4טן דעצעמבער.

היינט פאַרטאָג האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ שאָס און דערנאָך אַ מראָדיק געשריי: — געוואַלד! ראַטעוועט! דאָס געשריי האָט זיך איבערגעחזרט נאָר וואָס אַמאָל שטילער. אַן 21־יעריקער בחור איז געבליבן ליגן טויט. ווען פּאָליציי האָט זיך דערנענטערט צום דער־שאָסענעם האָבן זיי געזען ווי דער וואַך־פּאָסטן עסק׳ט זיך נאָך מיט זיין ביקס. דערנאָך — אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט — האָט ער זיך ווייטער מאַרשירט אַהין און צוריק. איינער פון די יידישע פּאָליציאַנטן האָט אים געפרעגט: „אַנשולדיקט הערן וואַכמייסטער, קען מען דעם דערשאָסענעם אַוועקנעמען? דער מערדער האָט אַנשטאָט צו ענטפערן, אַראָפּגעכאַפּט די ביקס און געזאָגט: — „איך שיס נאָך אַמאָל אויב איר, פאַרשאָלטענע הינט, אַנטלויפט נישט”. דערהערנדיק אַזעלעכע דיבורים, זענען די פּאָליציאַנטן אַנטלאָפן. ערשט שפּעטער ווען עס איז געוואָרן ליכטיק, האָט די יידישע פּאָליציי באַקומען פון דער געסטאַפּאָ אַ באַפעל אַוועקצונעמען דעם דערשאָסענעם. לויט ווי עס איז שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן איז דער דערשאָסענער געווען אַ טשעכישער בירגער מיטן נאָמען פּאַול ברעטמאַן, פון פאַך — אינזשעניער־מעכאַניק, ערשט נישט לאַנג געקומען פון פראַג. מען האָט ביי אים אויך געפונען אַ טאָג־בוך אין וועלכן עס זענען געווען פאַר־שריבן זיינע איבערלעבענישן אין טשעכיע זייט היטלער איז געקומען. צו דער מאַכט.

## דעם 5טן דעצעמבער.

היינט איז אין דער געטאָ אָנגעקומען די ערשטע פּאַרטיע ציגיי־נער. זיי זענען אָנגעקומען אין געשלאָסענע וואַגאָנען. כמעט אַלע

מענער זענען געווען גשלאָסן אין קייטן. די פרויען האָבן אויף די פּלייצעס געטראָגן זייערע קינדער צוזאַמען מיט דעם ביסל וועש און בעטגעוואַנט. כמעט אַלע פרויען זענען געווען לייכט אָנגעטאָן. די קינדער אָן שיכלעך. דאָס בילד איז מיר נישט מעגלעך צו שילדערן. איך שטיי אין צווייפל צי איך זע דאָס אין דער ווירקלעכקייט מיט מיינע אויגן, צי דאָס איז נישט אַמאָל אַ חלום. אַזאַ גרויליק בילד, האָב איך נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט געזען. די וועלכע האָבן געבראַכט די ציגיינער, האָבן קיין איין וואָרט פון זייער מויל נישט אַרויסגעלאָזט. ביידע, די אַרעסטירטע פון איין זייט און די ברענגער פון דער צווייטער זייט, האָבן געשוויגן. די ערשטע געשרייען האָט מען געהערט דאַן ווען זיי זענען שוין געווען אויפן אָרט.

## דעם 6טן דעצעמבער.

היינט 5 אַזייגער אין אָוונט האָבן אַלע פּאָליציי־רעווירן באַקומען אַ באַפעל, אַז די יידישע פּאָליציי זאָל תיכף צושטעלן צוויי הונדערט מענטשן אָפצורוימען די וואַגאָנען, וואָס זענען אָנגעקומען אויף מאַריישין מיט קאַרטאָפל, קוילן און ברעטער. אויב די פּאָליציי וועט אין פאַרלויף פון די צוויי שעה נישט קענען צושטעלן די מענטשן, וועלן די וואַגאָנען מיט דער לאַדונג צוריקפאָרן. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי האָט דעם באַפעל דווקא יאָ אויסגעפירט. באַלד האָבן גרופּן פּאָליציאַנטן פון אַלע רעווירן זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַלע גאַסן, אויס־לעגיטימירט יעדן דורכגייענדיקן מענטש און ווער עס האָט נישט געקענט באַווייזן, אַז ער אַרבעט, איז פאַרהאַלטן געוואָרן. אַזוי אַרום זענען דורך אַ קורצער צייט פאַרהאַלטן געוואָרן אַנשטאַט 200, גאַנצע 300 מענטשן, וועלכע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מאַרישין כדי אויסצולאָדן די אָנגעקומענע וואַגאָנען.

צווישן די געכאַפּטע האָבן זיך געפונען דאָקטוירים, אינזשעניערן, פּראָפעסאָרן און אייניקע דייטשן וואָס זענען פאַרשיקט געוואָרן אין געטאָ אַריין אַלס יידן, אָדער האַלבע יידן. צווישן זיי האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט זיך לעגיטימירט מיט אַ צייגעניש פון אַ דייטשן

אָבער־פעלדפעבל, מיטן נאָמען יאָהאַן יונג. בעת מען האָט אים פאַר־האַלטן האָט ער מיט אַ געוואַלדיקער רוגזה זיך צעשריגן: „אַלע יידן וועלן אין קורצן אויסגעשאָכטן ווערן". „אַלע אייערע חניפה׳דיקע האַנדלונגען וועלן נישט געגומען ווערן אין אַכט". „קיין איין ייד וועט נישט געשוינט ווערן". די פּאָליציי האָט אים אַרעסטירט צו דער דיספּאָזיציע פון דער געסטאַפּאָ. וואָס עס איז מיט אים שפּעטער געוואָרן איז נישט באַוווּסט. דער פאַל האָט געגעבן אַ סך נאָכצוקלערן און נאָכצוטראַכטן. ווער ווייסט צי דער גוי זאָגט נישט אויס דעם גאַנצן אמת?

## דעם 7טן דעצעמבער

אַ דייטשע ציווילע קאָמיסיע איז היינט גאַנץ פרי אָנגעקומען אין דער געטאָ. די דייטשן האָבן באַזוכט אַלע אַרבעטס־רעסאָרטן. זיי האָבן זיך געהייסן ווייזן די פּלעצער און די לאַגערס פון דער אַפּראָוויזאַציע. ווען זיי האָבן דערזען ווי די קאַרטאָפל פוילן, און פון דעם קרויט, בוראַקעס און מייערן גייט אַרויס אַ דאַמף, האָבן זיי געזידלט און געשריען צו די צוויי קאָמיסאַרן, שטשענשליווע און רייכגאָלד: — איר פאַרדאַמטע הונט. פאַרוואָס פאַרטיילט איר נישט דאָס די אָרעמע יודן. — פאַרברעכער באַנדע. ביידע וועט איר דערשאָסן ווערן. שטשענשליווע האָט געוואָלט געבן אַן אויפקלערונג, פאַרוואָס די קאַר־טאָפל זענען ביז איצט נישט פאַרטיילט געוואָרן, האָט איינער פון דער קאָמיסיע אים געוואָלט פאַטשן און געהייסן תיכף פאַרלאָזן דאָס אָרט. אין דעם זעלבן מאָמענט איז אָנגעקומען דער דריטער קאָמיסאַר גאַר־פינקל, וואָס האָט נישט געוווּסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ער האָט פאַרגעלייגט דער קאָמיסיע, אַז זי זאָל גיין מיט אים אויף אַ צווייט אָרט און זען ווי דאָרט הערשט אָרדענונג. — יאָ, — האָט זיך אָנגערופן איינער פון דער קאָמיסיע, — ווען מיר וואָלטן דאָס געמאַכט, וואָלט איר די גאַנצע וועלט פאַרשריגן, אַז מיר, דייטשן לאָזן די קאַרטאָפל ספּעציעל פוילן, כדי אייך קראַנק צו מאַכן. איר זענט ברידער־מערדער, איר וועט פאַרשפּאַרט ווערן און זיצן אַזוי לאַנג, ביז די געטאָ וועט אויפגעלייזט ווערן.

### דעם 8טן דעצעמבער.

פון שטעטל פּאַביאַניץ קומען אָן בריוו, אַז די יידן ווערן פון דער גרויסער געטאָ אַריינגעטריבן אין אַ קלענערער געטאָ. אויך קומען אָן בריוו פון טאָמאַשוב־מאַזאָוויעצק, אַז אַ גרויסער טייל יידן זענען ביינאַכט אַרויסגעטריבן געוואָרן קיין בעלכאַטאָוו. ביז היינט האָבן די דאָרטיקע יידן פון די צוויי שטעטלעך נישט געשריבן קיין שלעכטע בריוו. צו עסן איז געווען גענוג. איצט האָט זיך זייער לאַגע פאַרערגערט. מען טרייבט, מען יאָגט, מען רודפ'ט.

היינט איז ווידער אָנגעקומען אַ פּאַרטיע ציגיינער. דאָסמאָל זענען די מענער נישט געווען געשלאָסן אין קייטן. זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער און געהאַלטן אין איין ווינקען צו די דורכגייענדיקע יידן. מען גלייבט, אַז צווישן די ציגיינער געפינען זיך אויך יידן. יעדנפאַלס עס איז זייער שווער עפּעס וועגן זיי מער געוויר צו ווערן. זיי ווערן איינגעקוואַרטירט אין אַ ספּעציעלן לאַגער, וווּ יעדעס הויז איז דריי מאָל אַרומגענומען מיט שטעכל־דראָט.

### דעם 12טן דעצעמבער.

היינט האָט מען פלוצים אויף די געטאָ־גאַסן דערזען אָן עלעגאַנטע פאַרמאַכטע קאָטש. דער עולם האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט, ווער עס פאָרט אין איר. עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז די קאָטש געהערט דעם פּרעזעס. אַזוי ווי דער פּרעזעס פאָרט כסדר אין אָן אָפענער דראָשקע זענען אַלע זיינע אינטערטאַנען מיט וועמען ער פאָרט, איז בעסער, אַז די אינטערטאַנען זאָלן וואָס ווייניקער וויסן און וואָס ווייניקער זען, דעריבער האָט ער זיך פאַרשאַפט אַ פאַרמאַכטע קאָטש, כדי דער עולם זאָל נישט אַזוי פיל אים נאָכקוקן. אויסער דעם, וואָס די קאָטש איז אַ פאַרמאַכטע, זענען אויך די שויבן פאַרהאָנגען מיט אַ טונקעלן גאַרדינען־שטאָף.

### דעם 13טן דעצעמבער.

דער פראָסט האָט היינט געפּלאַצט. עס האָט געגומען רעגענען. די געהיימע ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט" האָט היינט מיטגעטיילט,

אַז מאָרגן וועט דער פירער ריידן. די ראַדיאָ האָט צוגעגעבן, אַז דער פירער גרייט זיך צו אַ נייער אָפענסיווע, און ער וועט געוויס מאָרגן ריידן וועגן זיין נייעם וועלט־פּלאַן און מאַכן נייע וואָרענונגען צו דער פרייער וועלט. צום סוף האָט די ראַדיאָ געמאָלדן, אַז די רוסן שלאָגן די דייטשן אויף אַלע פראָנטן און פאַרנעמען איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. אויך די איטאַליענער באַקומען שווערע קלעפּ. דאָס איטאַליענישע מיליטער ציט זיך צוריק פון אַלע פריער־פאַרנומענע פּאָזיציעס.

## דעם 14טן דעצעמבער.

היטלער האָט היינט גערעדט. זיין רעדע איז געהערט געוואָרן אומעטום. די פּאַרטיי־מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט, געשריען: הייל־זיג, הייל־זיג. טויזנטער היטלעריסטן האָבן זייערע הענט געהויבן, געזונגען דאָס „האָרסט־וועסל־ליד”. די מאַרשן האָבן נישט אויפגעהערט, פון אַלע זייטן האָט מען געזען מחנות מונדירטע היטלעריסטן מיט פאַריסענע קעפּ. היטלערס רעדע איז דורך דער געהיימער געטאָ־ראַדיאָ געהערט געוואָרן דייטלעך און קלאָר, אַזוי אַז מען האָט זי געקענט געניי אָפּשרייבן. מיט צוויי שעה שפּעטער, האָט שוין די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג געוווּסט וואָס היטלער האָט גערעדט. די רעדע זיינע האָט געדויערט אַ שעה מיט 10 מינוט. אַ סך מאָל האָט ער נישט גערעדט, נאָר פּשוט געשריגן און געזידלט. דער הויפּט־כעס האָט ער אויסגעלאָזט צו די יידן, ענגלענדער און צו די באָלשעוויקעס.

די רעדע זיינע האָט אויף דער געטאָ־יידן נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק. מען וואַרט איצט אין דער געטאָ אויף די קומענדיקע טעג. די פּאָליטישע לאַגע האָלט איצט אַלעמען געשפּאַנט.

## דעם 15טן דעצעמבער.

די ליצמאַנשטעטער־צייטונג האָט היינט אָפּגעדרוקט אַ באַפעל פון דער ווער־מאַכט, אַז פון היינט אָן און ווייטער, ביז צום אָפּרופן, ווערט דאָס פאָרן אויף אַלע באַן־ליניעס, וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן אָסטן, פאַר פּריוואַט פּערזאָנען, פאַרבאָטן. לויט ווי די געהיימע ראַדיאָ

טיילט מיט וועלן אויף די ליניעס איצט געפירט ווערן בלויז מיליטער, חוץ מזה מעלדעט ווייטער די ראַדיאָ, אַז מיט איניקע טעג צוריק, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל צו אַלע פּויערן וואָס באַוווינען די אָסט־געביטן, אַז זיי זאָלן צושטעלן אַלע זייערע פערד, די וועלכע וועלן דעם באַפעל נישט אויספירן, וועלן באַשטראָפט ווערן ווי קריגס־פאַרברעכער און דאָס שמעקט מיט טויט־שטראָף.

## דעם 16טן דעצעמבער.

„ציגיינער־געטאָ", אַזוי הייסט ער, דער ביי־פאַרצוימטער קוואַר־טאַל ביים סוף פון דער בזשעזשינער־גאַס. דער קוואַרטאַל איז דריי מאָל אַרומגענומען מיט דיקע שטעכל־דראָטן. אויסער דעם איז אין לאַגער גופא אָפּגעטיילט איין הויז פון צווייטן הויז מיט באַזונדערע פאַרצוימונגען. אַ מוראַדיקער און שרעקלעכער קוואַרטאַל, פול מיט פחד און שוידער. דער ציגיינער־געטאָ פאַרנעמט נישט מער ווי אַ האַלבן קילאָמעטער די ברייט און עפּעס מער ווי אַ האַלבן קילאָמעטער די לענג. אַלע פענצטער פון די פאַרצוימטע הייזער זענען אָן שויבן, זיי זענען פאַרשטעלט מיט בלעכן און ברעטער, אין וועלכע עס זענען אויסגעשניטן קליינע לעכער, וואָס דורך זיי דאַרף אַריין פרישע לופט. די מענטשן, וואָס געפינען זיך אין איין הויז, קענען זיך נישט פאַר־שטענדיקן מיט די מענטשן פון אַ צווייטן הויז, ווייל איין הויז פון צווייטן איז אָפּגעטיילט מיט שטעכל־דראָטן. דער פאַרצוימטער לאַגער זעט אויס, ווי אַ זאָאָלאָגישער גאָרטן מיט שטייגן, מיט באַזונדערע שטייג־אָפּטיילונגען פאַר יעדן חיה־מין.

ווער זענען די צוזאַמענגעטריבענע ציגיינער? פאַרוואָס האָט מען זיי דאָ אַהערגעבראַכט? און צי זענען דאָס אמת'ע ציגיינער?

אויף די אַלע פראַגן האָב איך זיך באַמיט צו קריגן אַן ענטפער דורך אַ גענויער אויספאָרשונג. די אויספאָרשונג איז געמאַכט געוואָרן אויפן אָרט, אַרום דעם לאַגער, און אַ טייל מאַטעריאַלן האָב איך גענו־מען פון ד"ר גוטמאַן, וואָס איז דאָרט איניקע מאָל געוועזן אונטער־צוזוכן די קראַנקע קינדער. די אויספאָרשונג האָב איך אַדורכגעפירט סיי ביי טאָג און סיי ביינאַכט.

אַנטקעגנאיבער דעם לאַגער איז געשטאַנען אַ צוויי שטאָקיג־הויז וואָס זיינע פענצטער זענען אַרויסגעגאַנגען צום לאַגער. דאָרט, אין דעם הויז האָט געוווינט אַ פאַמיליע רובינשטיין מיט צוויי יונגע טעכ־טער און זיי האָבן מיר אַ סך געהאָלפן אין מיין אָבסערוואַציע פון לאַגער. זיי האָבן מיר אויך איבערגעגעבן פאַרשיידענע איינצלהייטן פון דעם לעבן אין טויטן־לאַגער. דריי מאָל אין דער וואָך בין איך געקומען צו דער פאַמיליע און איינציקע מאָל האָב איך אַפילו דאָרט גענעכטיקט און זיך גוט צוגעקוקט צו אַלעם וואָס דאָרט קומט פאָר און איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס זענען נישט קיין ציגיינער, נאָר דאָס זענען אונגאַרן. רומענער, טשעכן, פאָליאַקן און דייטשן. געווען דאָרט אויך עטלעכע, אָבער נאָר עטלעכע ציגיינער.

די דאָזיקע אַלע מענטשן האָבן ווידערגעשפעניקט קעגן דעם היטלעריסטישן רייך און דעריבער זענען זיי אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דעם שרעקלעכן, שמוציקן טויטן־לאַגער, וואָס איז ספעציעל צו דעם צוועק אויפגעשטעלט געוואָרן. די דאָזיקע מענטשן דאַרפן פון דאָרט קיין לעבעדיקע ניט אַרויס. זיי מוזן דאָרט אויף אַ שוידערלעכן אופן אומקומען. זיי ווערן מיט אַזאַ אויסגערכנטער ראַפינירטקייט פאַרפייניקט, אַז האָר און נעגל שטעלן זיך קאַפויר. די דאָזיקע מענטשן האָבן נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. בייטאָג ווערן זיי גערודפט מיט אַ שרעקלעכן סאַדיזם. מען מאַכט מיט זיי דריי מאָל אין טאָג שווערע לויף־איבונגען, דערנאָך מוזן זיי קריכן אויף אַלע פיר און מיטן מויל לעקן די ערד, שטיין אויף די הענט מיטן קאָפ אַראָפ, אַזוי די מענער און אַזוי די פרויען. טיילמאָל זענען די פרויען פון דער איבונג פריי, דערפאַר מוזן די פרויען שטיין און צוקוקן ווי זייערע מענער ווערן פאַרפייניקט צום טויט. עס האָט נאָך נישט פּאַסירט קיין איין מאָל, אַז מען זאָל פון דעם איבונגס־פלאַץ נישט אַוועקשלעפן צוויי־דריי און אַמאָל מער פאַרפייניקטע צום טויט. אַזוי ווערט די פייניקונגס־עקזעקוציע אויסגעפירט יעדן טאָג. די טויטע בלייבן ליגן ביז עס דערוואַכט דער צווייטער גיהנום־טאָג. נאָכדעם ווערן זיי צוזאַ־מענגעקליבן, באַצייכנט מיט רויטער אייל־פאַרב, פאַרשריבן און אַוועקגעשיקט אויפן יידישן בית־עולם. יעדן טאָג ווערט, מיט דייטשער

פינקטלעכקייט, פאַרנאָטירט וויפל טויטע עס זענען געווען.

און איצט — די נעכט! די גרויזאַמע שוואַרצע מלאָך־המות־נעכט! אַפילו בלויז צו פאַרצייכענען וואָס דאָרט קומט פאָר אין די נעכט איז פאַר אַ מענטשן אוממעגלעך. און דאָס וואָס איך פאַרצייכן יאָ, איז קוים אַ פערט־חלק פון דער גרויזאַמער ווירקלעכקייט. עס איז נאָך נישט אַדורכגעגאַנגען קיין איין נאַכט, אַז מען זאָל פון דעם



די קעפּ פון די דריי יידן זענען דורך אַ ס.ס.־מאַן אויסראַזירט געוואָרן דער מגן־דוד שטערן.

לעבעדיקן גיהנום נישט הערן קיין יאָמערלעכע קולות און געשרייען. אַמערסטן הערט מען וויינען די פרויען און די קינדער. טיילמאָל איז דאָס נישט קיין געוויין נאָר אַ יאָמערלעכער געוואָי פון אַ צעבלוטיקטער חיה. עטלעכע מאָל אין דער נאַכט ווערן די מענער אַראָפּגעיאָגט פון די האַרטע געלעגרס. זיי ווערן געיאָגט און געשלאָגן מיט ספּע־

ציעלע גומענע בייטשן, וואָס אויף זייער שפּיץ הענגט אַ שאַרפער שווערער נאָגל. ווען אַזאַ נאָגל טרעפט איינעם אין קאָפּ, איז ער שוין אַן אויסגעלייזטער. ער דאַרף שוין נישט מער מיטמאַכן די ווייטערדיקע נאַכט־איבונג. דאָס שלאָגן קומט פאָר מיט אַ סיסטעם: ביי דער זייט שטייט איינער און גיט באַפעלן: „לאַוס", שטיין בלייבן". „לאַוס", „שטיין בלייבן". אַזוי — יעדע נאַכט אין יעדע נאַכט האָט זיך איר באַזונדערן סאַדיסטישן אויפן פון פייניקונג. געווענדט פון דער שטימונג פון די שלעגער, עס הייסט, וויפל בראָנפן זיי האָבן פריער אויסגעטרונקען. נאָכן שלאָגן מוזן די געפייניקטע טאַנצן, זינגען און אַפילו שפּילן אויף אַ האַרמאָשקע, און ווען די מענער טאַנצן מוזן די פרויען זיך אויסטאַן מוטער־נאַקעט און אַ דורכלויפן דורך די טאַנצענדיקע מענער און שרייען „אַוועק פון אונדז איר פאַרשאָלטענע, איר קרעציקע הינט, איר פאָלקס־פאַררעטער, איר וואָס האָט אונדז אומגליקלעך געמאַכט. צוליב אייך מוזן מיר איצט אַזוי שווער ליידן. שטאַרבן זאָלט איר. דער טויט זאָל אייך פון אונדז באַפרייען". ווי איז צו דער פרוי, וואָס שרייט נישט אַזוי ווי מען באַפעלט איר. די פרוי ווערט געטרעטן מיט די פיס און ווערט אַזוי לאַנג געפייניקט ביז זי פאַלט אַוועק אַ פאַרחלשטע. דאַן ווערט אויף איר אַרויפגעגאָסן אַ קאַלטער עמער וואַסער און ווען דאָס קאַלטע וואַסער ווירקט שוין נישט מער, דאַן געהערט זי שוין צו די גליקלעכע, צו די אויסגעלייזטע. אַלע אַרום זענען איר שוין מקנא. די אומגעקומענע ווערט שנעל אַוועקגעשלעפּט פון דעם עקזעקוציע פּלאַץ, פאַרצייכנט און אַריינגעוואָרפן צווישן די טויטע, וואָס זענען געפאַלן בייטאָג. ווען די עקזעקוציע הערט אויף, און די שלעגער־מערדער טרעטן אָפּ לויט אַ באַפעל, וואַרפן זיך די פאַרפייניקטע אַוועק אויף זייערע האַרטע ברעטער־געלעגערס און וויינען אויפן קול. דאָס געוויין איז אַזוי שרעקלעך, אַז אַלע, די וועלכע וווינעןביים לאַגער, נעמט אַרום אַ שוידער.

אָט דאָס איז דער לאָדזשער ציגיינער־לאַגער, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן האַרט ביי דער לאָדזשער געטאָ. דאָס איז דער לאַגער, וואָס הימלער האָט באַפוילן: „פון דאָרט דאַרף קיינער מער נישט צוריקקומען, דער וואָס קומט דאָרט אַריין מוז דאָרט געפינען זיין טויט". יעדע

עטלעכע טעג גייט פון דאָרט אַוועק אַ ראַפּאָרט, דירעקט קיין בערלין צו הימלערן, אַז אַזוי פיל און אַזוי פיל זענען היינט אָפּגעשיקט געוואָרן אויף יענער וועלט. מיר וואַרטן אויף פרישע סחורה. די צימערן זענען פריי.

## דעם 17טן דעצעמבער.

ווען די דייטשע פּליטים זענען אַריינגעקומען אין דער געטאָ האָבן מיר, די אַלטע איינגעזעסענע געטאָ־יידן, געמיינט אַז מיט זייער אָנקום וועט מען אונדז בעסער באַהאַנדלען. ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר האָבן געהאַט אַ ביטערן טעות. מיר האָבן גערעכנט, אַז זיי וועלן ווירקן אויף אונדזערע מושלים מען זאָל זיך מער רעכענען מיט אונדז. די מושלים וועלן זיך דאָך שעמען פאַר די דייטשע יידן, פאַר די יידן, וועלכע האָבן ליב אָרדענונג און פּינקטלעכקייט. ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זענען געווען נאַאיוו. נישט בלויז וואָס מען באַהאַנדלט אונדז נישט גוט, נאָר מיר זענען איצט גאָר געוואָרן שטיף־ברידער. אַזוי ווי די דייטשע פּליטים זענען נאָר אָנגעקומען האָט דער פּרעזעס פאַר זיי אָנגעהויבן צו זאָרגן. ער האָט זיי באַזאָרגט מיט אַרבעט אויפן אָרט. פיל פון זיי אַריינגענומען אין די קאָמונאַלע ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, אין דער פּאָליציי, אין דער קיכן־ווירטשאַפט, אין דער אַדמיניסטראַציע, צו די פייער־לעשער אאַז״וו. ער האָט פאַר זיי געשאַפן ספּעציעלע ביוראָען, וואָס דאַרפן פאַר זיי זאָרגן. צוליב דעם איז אונדזער לאַגע פאַרערגערט געוואָרן. נישט אַלע געטאָ־איינוווינער האָבן אַרבעט. דער גרעסטער טייל הונגערט און פאַרקויפט פון זיך אַראָפּ אַלץ, כדי דאָס לעבן צו דערהאַלטן. אמת איז, אַז אַ גרויסער טייל פון די דייטשע פּליטים זענען אַריינגעקומען אין געטאָ נאַקעט און באָרוועס, ווייל זיי זענען געכאַפּט געוואָרן אויף די גאַסן און מיט געוואַלד אָפּגעטראַנס־פּאָרטירט געוואָרן קיין לאָדזש, און עס איז נאַטירלעך געווען, אַז מען זאָל זיי העלפן, אַז מען זאָל זיי אויסשטרעקן אַ ברידערלעכע האַנט, אָבער אַלץ מוז דאָך געטון ווערן מיט יושר. אויב מען העלפט שוין יאָ צען טויזנט פריש־אַריינגעקומענע יידן, דאַרף מען לכל־הפחות נישט

פאַרגעסן אין די אייגענע הונדערט און פופציק טויזנט יידן, וועלכע הונגערן שוין צוויי יאָר!

שרעקלעך פירט זיך דער פרעזעס אויף קעגן זיינע אייגענע. פאַר זיי, פאַר די לאָדזשער יידן, האָט ער קיין מורא נישט. מיט זיי וויל ער זיך נישט רעכענען. ווען עס געפינט זיך עמיצער וואָס זאָגט דעם פרעזעס אַ פּאָר ווערטער, ווערט ער אויפן אָרט באַשטראָפט. ער ווערט פשוט צעקאַטעוועט און אַרעסטירט.

## דעם 17טן דעצעמבער.

אין דער געטאָ זענען פאַראַן עטלעכע פאַרלאָזענע קלויסטערס, וואָס ווערן געהיט, אַזוי ווי אַן אויג אין קאָפּ, דורך דער יידישער פּאָליציי און דורך נאַכט־וועכטער. מען היט זיי סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט, כדי עס זאָל זיך נישט עמיצער אַריינגנבענען און אַרויסנעמען די פאַרבליבענע הייליקע זאַכן. דאָס היטן די קלויסטערס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג. פלוצים זענען היינט, אָן שום פריער־דיקער מיטטיילונג, אָנגעקומען אין געטאָ אַריין 4 גרויסע לאַסט־אויטאָס מיט 16 דייטשע אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון אַ דייטשן אָפיציר. די אַרבעטער האָבן געעפנט די קלויסטער־טירן און פון דאָרט אַלץ אַרויסגעטראָגן אויף די אויטאָס. ווען אַלע אויטאָס זענען שוין געווען פול, זענען זיי אָפּגעפאָרן אין דער שטאָט אַריין. דאָס איז פאָרגעקומען אין איין קלויסטער. איצט רעכנט מען, וועלן אויך די איבעריקע צוויי קלויסטערס אין קורצן אויסגעליידיקט ווערן. פאַרוואָס דאָס איז ערשט איצט געטון געוואָרן, ווייסט מען נישט. אויב איינער ווייסט יאָ דעם סוד דערפון, וועט ער אויך נישט אויסזאָגן, ווייל ער איז פאַראַנטוואָרטלעך מיט זיין קאָפּ. יעדנפאַלס, די נאַכט־וועכטער און די יידישע פּאָליציי זענען באַפרייט געוואָרן פון אַ גרויסער אַרבעט און אַחריות.

## דעם 18טן דעצעמבער.

פון שטעטל קוזשמינקע זענען אין דער לאָדזשער געטאָ אָנגעקומען אייניקע בריוו צו משפחה־מיטגלידער. די בריוו־שרייבער טיילן מיט:

„יידן, זייט וויסן, אַז עס האָט ביי אונדז פּאַסירט אַ שרעקלעכע זאַך. אַזוינס וואָס עס איז אונדז אוממעגלעך צו פאַרשטיין. די געסטאַפּאָ האָט באַפוילן, אַז אַלע קינדער אין עלטער פון 1 ביז 12 יאָר, זאָלן געבראַכט ווערן אויפן מאַרק. פון דאָרט וועלן זיי אָפּגעשיקט ווערן אין אַ ספּעציעלן זאַמל־פּונקט פאַר קינדער, ווו עס וועט זיי נישט שלעכט זיין. מיט צער און שרעק האָבן די עלטערן געבראַכט זייערע קינדער אויף דעם זאַמל־פּונקט. דאָרט זענען שוין געשטאַנען גרויסע לאַסט־אויטאָס אויף וועלכע די קינדער זענען אַרויפגעזעצט געוואָרן. שפּע־טער, צו אונדזער גרויסן בראָך, זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז אַלע קינדער זענען אין דעם דערבייאיקן וועלדל אויסגעשאָסן געוואָרן".

די בריוו זענען דורך פאַרשיידענע וועגן אָנגעקומען אין געטאָ אַריין און ווען מען האָט די בריוו אָנגעהויבן צו לייענען, איז אויס־געבראָכן אַ שרעקלעכע בהלה, אַ יאָמער און אַ געוויין. מען האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, די קרעכצן און זיפצן האָבן גאָרנישט אויפ־געהערט. מענטשן זענען געלאָפן ווי משוגעים. כדי געוווּיר צו ווערן צי די בריוו זענען אמתע. עס האָט זיך נישט געגלויבט, אַז אַזאַ מוראַ־דיקע זאַך זאָל זיין אמת.

## דעם 20טן דעצעמבער.

נעבן דעם רויטן קלויסטער אויף עק זגערזשער־גאַס און בזשעזשי־נער־גאַס שטייט אַ רויטע געביידע. פאַרן קריג האָבן דאָרט געוווינט די גלחים אין די קלויסטער באַדינער. ווען די דייטשן האָבן באַזעצט די שטאָט, האָבן זיי פון דער רויטער הייזקע אַרויסגעטריבן אַלע פריערדיקע איינוווינער און דאָרט אַריינגעזעצט אַן אָפּטיילונג פון דער דייטשער קרימינאַל־פּאָליציי. אין אָנהייב האָבן די קרימינאַל־אַגענטן יעדן טאָג אַריינגעשלעפּט אין דער הייזקע אַריין צופעליק־פאַרביי־גייענדיקע יידן. דאָרט האָט מען זיי גוט צעשלאָגן און צעבלוטיקטע אַרויסגעוואָרפן. יידן האָבן דעריבער אויפגעהערט דורכצוגיין די דאָזי־קע הייזקע און די קריפּאָ־אַגענטן האָבן זיך געמוזט אַרויסלאָזן כאַפּן יידן אויף אַנדערע גאַסן. די דאָזיקע געכאַפּטע יידן זענען אָבער שוין נישט אָפּגעקומען בלויז מיט קלעפּ, זיי האָבן שוין געמוזט זיך אויס־

לייזן, אויסקויפן מיט געלט. קודם כל האָט מען ביי יעדן ייד צוגענומען וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך. דערנאָך ערשט האָט מען אים געהייסן געבן אויסלייז־געלט און די סומע איז באַשטימט געוואָרן לויט דעם פּנים פון קרבן. די קריפּאָ־אַגענטן האָבן צוגעשיקט צו דער משפּחה אַ בריוועלע, אַז אַזאַ אייגער געפינט זיך ייב זיי; אויסלייזן אים קאָסט אַזויפיל און אַזויפיל. אויב מען וועט אים נישט אויסלייזן, וועט ער אַהיימגעשיקט ווערן אַ טויטער. דאָס איז אַזוי אָנגעגאַנגען אַ פּאָר חדשים. ווער עס איז דאָרט אַריינגעפאַלן האָט געמוזט דאָס לעצטע העמד פאַרזעצן און דאָס געלט אָפּגעבן די באַנדיטן, כדי זיך צוראַטע־ווען פון אַ זיכערן טויט. אַלע אינטערווענצן פון רומקאָווסקין האָבן נישט געהאָלפן. להיפּוך, זיי האָבן די לאַגע נאָך ערגער געמאַכט. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די אַגענטן אָפּגעשטעלט דאָס כאַפּן מענטשן אויף די גאַסן, זיי האָבן גענומען שיקן בריוולעך צו געוויסע באַקאַנטע לאָדזשער גבירים און זיי פאַרבעטן צו זיך אויף אַן אויספאָרשונג. די נעמען פון די אַמאָליקע גבירים האָבן זיי זיך דערוווסט פון יידישע מוסרים. ביי דער אויספאָרשונג האָט מען לכתחילה דעם אַרויסגערופע־נעם מכבד געווען מיט ציגאַרעטן, מיט אַ גלעזל ביר, טיילמאָל אויך מיט אַ שנאַפּס און מען האָט אים דערביי אויפגעקלערט, אַז ער האָט באַהאַלטן אין דער שטאָט געלט, ווערט־זאַכן און סחורות, און מען פאָדערט פון אים דעריבער, אַז ער זאָל דאָס אַליין איבערגעבן דער דייטשער מאַכט. ווען דאָס „אויפקלערן" האָט נישט געגעבן קיין רעזולטאַט, זענען געקומען די קלעפּ. אַזעלכע וואָס נישט יעדער האָט זיי געקענט אויסהאַלטן און איבערטראָגן. די געוואַלדן פון די געשלאָ־גענע זענען געהערט געוואָרן ווי ווייט. אינטערווענצן האָבן נישט געהאָלפן: טויט אָדער אויסלייז־געלט!

די מוסרים האָבן פאַר זייער שמוציקער אַרבעט באַקומען פון דער קרימינאַל־פּאָליציי אַ געוויסע באַלוינונג, טיילמאָל אין פּראָדוקטן און טיילמאָל אויך אין סחורות, אָדער אין אַנדערע ווערט־זאַכן. צו אונדזער גרויסער חרפּה מוז איך דאָ פעסטשטעלן, אַז מוסרים זענען געווען זייער אַ סך, מער וויפל די קריפּאָ האָט געדאַרפט האָבן. די מוסרים זענען געקומען פון אַלע שיכטן. עס זענען צווישן זיי געווען אַזעלכע וואָס

האָבן פאַר דער מלחמה געשפּילט די ראָלע פון פרומע מענטשן. ווען איך האָב אַזאַ איינעם געפרעגט, וואָס ער טוט אין דער רויטער הייזקע, האָט ער מיר געענטפערט:

— איך האָב אינטערווענירט פאַר מיין שכן, אַז מען זאָל אים נישט שלאָגן, ווייל ער איז קראַנק אויפן האַרץ. שפּעטער בין איך געוווּיר געוואָרן, אַז דער מסור האָט געשפּילט אַ טאָפּעלע ראָלע: צו ערשט האָט ער דעם שכן זיינעם פאַרמסרט און שפּעטער טאַקע זיך משתדל געווען, אַז מען זאָל אים נישט געבן קיין שטאַרקע קלעפּ.

עס זענען געווען פאַלן, ווען די אויסגעפּאַרשטע זענען אַזוי צע־שלאָגן געוואָרן, אַז מען האָט צו זיי שוין געמוזט ברענגען טראָג־בעטלעך, כדי זיי פון דאָרט צוטראָגן גלייך אין שפּיטאָל אַריין. נאָך עטלעכע טעג ליגן אין שפּיטאָל, אויב איינער איז געבליבן לעבן, איז ער נאָך אַמאָל גערופן געוואָרן און ער איז אויפסניי געפּייניקט געוואָרן און דווקא אַזוי לאַנג, ביז ער האָט אויף אַן אמת אויסגעהויכט זיין נשמה. טויזנטער יידן זענען ביז היינט די הייזקע אַדורכגעגאַנגען, און ווער ווייסט וויפל טויזנטער וועלן נאָך גערופן ווערן? טויזנטער יידן זענען פון דאָרט שוין מער נישט צוריקגעקומען.

## דעם 21טן דעצעמבער.

היינט אין פרימאָרגן שעה, 10 מינוט פאַר 6, איז דער יונגער יוסף גאָלדבערג אַהיים געגאַנגען פון זיין נאַכט־דינסט. צוקומענדיק צו דער בריק לימאַנאָווסקי־קרוטקאַ, איז ער, אָן אַ פאַרוואָס דער־שאָסן געוואָרן דורך דעם דייטשן וואַך־פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען ביים טויער לימאַנאָווסקי־ריבנאַ. דער 20־יעריקער גאָלדבערג האָט געטראָגן אַ באַנד אויף זיין אָרעם אַלס צייכן, אַז ער איז אַ נאַכט־וועכטער. בעתן דורכגיין די בריק, האָט ער אויפגעהויבן זיין האַנט, כדי דער וואַך־פּאָסטן זאָל זען, אַז ער געהערט צו די נאַכט־וועכטער. דער מערדער האָט אויף דעם נישט געקוקט, ער האָט געזוכט אַ קרבן און דער קרבן איז אים אַליין געקומען אין די הענט אַריין. דער מער־דער האָט שפּעטער, ווען מען האָט אַוועקגענומען דעם טויטן פון די דראָטן, געשריגן: „אַלע יודן וועל איך הויטע שיסן. אויב די דייטשן וועלן

זיך צוריקציען פון רוסלאַנד, וועל איך די יודן טויטן, ווייל זיי זענען שולדיק אין אַלע אונדזערע דורכפאַלן". איינער פון די געסטאַפּאָ־אַגענטן האָט דערקלערט דער יידישער פּאָליציי, אַז דער באַנדיט האָט שוין דערמאָרדעט 9 יידן, 5 אין ליצמאַנשטאַט און 4 אין פּאַדעמביץ. ער האָט געשווירן, אַז פון זיין האַנט מוזן פאַלן 100 יודן.

## דעם 22טן דעצעמבער.

אין דער געטאָ געפינען זיך יידישע פייערלעשער, וואָס זייער אויפגאַבע איז, בעת אַ שריפה צו רופן די דייטשע פייערלעשער. די געטאָ־פייערלעשער גיבן אויך אַכטונג אויף די פאַבריקן, וואַרשטאַטן און רעסאָרטן, אַז דאָרט זאָל נישט געשען קיין שריפה. יעדן טאָג ווערן זיי צעטיילט אין גרופן און גרופּעסווייז צעשיקט צו די אַרבעטס־רעסאָרטן. די וועלכע פאַרבלייבן אין פייערלעשער גאַראַזש, די אַלאַרם־גרופּע, שפּילן דערווייל אין רעמי, אין ברידזש און אַ דאַמקע און אין אַנדערע שפּילן. צווישן די פייערלעשער געפינען זיך פאַרשיידענע מינים מענטשן: געוועזענע סוחרים, האַנטווערקער, וואַיאַזשאָרן, אַר־טיסטן און סתם ליידיקגייערס. דער הויפּט פון די פייערלעשער איז אַ געוויסער קויפמאַן. זיין זכות איז וואָס פאַר דער מלחמה איז ער געווען אַ פייערלעשער. ער איז אַן אַנאַלפאַבעט, אַ מענטש מיט באַגרענעצטע פעאיקייטן. אין דער געטאָ איז ער געוואָרן אַ גרויסער מענטש. אַ מאַכער ביים פאָלק ישראל, טראָגט שיינע לאַקירטע שטיוול און באַקומט אַ פּענסיע ווי אַ בייראַט־מיטגליד.

זיין פאַרטרעטער, אַ געוויסער סטעלמאַן, איז דער אַמאָליקער מיטאַרבעטער פון טרויעריק־באַרימטן כוליגאַניש־אַנטיסעמיטן בלעטל „אָרענדאָוניק". סטעלמאַן איז אַ משומד, וואָס האָט אַ סך צרות אָנגע־טון די לאָדזשער יידן. היטלער האָט אים אויך אַריינגעוואָרפן אין דער געטאָ אַריין און דער פּרעזעס האָט דווקא אים געמאַכט פאַר אַן עלצטן איבער אַ גרופּע יידן. דער משומד האָט זיך גאָרנישט געביטן. זיין פּיסק איז ווייטער געבליבן וועדעמדיק, ביי יעדן צווייטן וואָרט, דראָעט ער די יידן און שרייט: „פאַרשיווע זשידעס, מען וועט זיך נאָך מיט אייך אָפּרעכענען". ער זוכט נאָר געלעגנהייטן אָנצוטון צרות די יידי־

שע פּייערלעשער. ער שלאָגט זיי און באַליידיקט זיי. אָט אַזעלכע נידעריקע ברואים הערשן אין דער געטאָ. איין פּאַררעטער איז גרעסער פון צווייטן; איין אויסוואורף איז שענדליכער פון צווייטן, און דאָס אַלץ מוז דאָס לאָדזשער יידנטום פאַרשווייגן, קריצן מיט די ציין און וואַרטן ביז די צייט פון נקמה וועט קומען.

## דעם 23טן דעצעמבער.

ווידער איז היינט, 15 מינוט נאָך 9 אין אָוונט, דערשאָסן געוואָרן ביים אויספירן זיין אַרבעט, דער קאָאָפּעראַטיוו־קאָנטראָלער ב. מאַלץ. ער איז געגאַנגען פון איין קאָאָפּעראַטיוו צו אַן אַנדערן, כדי נאָכצוקאָנטראָלירן צי די געוועלבער זענען גוט בלאָמבירט. אויפן הויף זגערזשער 38 האָט ער צוזאַמען מיטן נאַכט־וועכטער נאָכגעקאָנטראָלירט צי דאָס געוועלב איז גוט פאַרמאַכט און פאַרחתמעט. אין דעם דאָזיקן מאָמענט האָט דער וואַך־מערדער צו אים געצילט און אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן אויפן אָרט. דער וועכטער איז שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. ווען די יידישע פּאָליציי איז, צוזאַמען מיט אַ פאָרשטייער פון דער געסטאַפּאָ, אָנגעקומען אויפן אָרט, האָט דער מערדער זיך באַרימט, אַז „טויטן אַ יודע" איז זיין בעסטער פאַרגעניגן. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געזוכט אַ ייד, כדי אים צו שיסן און אָט האָט ער געזען צוויי יידן נעבן אַ געוועלב, האָט ער לאַנג נישט געטראַכט, גענומען די ביקס און אויסגעשאָסן. וועט זיין מיט צוויי יודן ווייניקער.

## דעם 24טן דעצעמבער.

נאָך אַ גרינטלעכער אויספאָרשונג, האָב איך פעסטגעשטעלט, אַז די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג האָט באַגראָבן אויף די מאַרישינער פעלדער דריי און דרייסיק טויזנט קילאָ קאַרטאָפל. דאָס איז פאָרגעקומען אין דעצעמבער. וויפל טויזנטער קילאָ קאַרטאָפל עס זענען שוין באַגראָבן געוואָרן ביז איצט, ווייסן נאָר די געטאָ מושלים.

ווען די קאַרטאָפל זענען אַריינגעקומען אין דער געטאָ, האָבן גרויס און קליין זיך געפרייט. ענדלעך וועט מען עסן צו דער זעט. מען וועט אויפהערן צו טרינקען די וואַסערדיקע זופּן. אַרויסגעוויזן

האָט זיך אָבער, אַז די וועלכע פירן אָן מיט דער געטאָ־ווירטשאַפט האָבן די קאַרטאָפל נישט פאַרטיילט. זיך אַליין האָבן זיי גאַנץ שיין פאַרזאָרגט, זייערע קעלערס האָבן זיי פאַרפולט מיט אַלעם גוטן און דעם עולם־גולם האָבן זיי געוויזן אַ פייג. דער סוף איז געווען, אַז די קאַרטאָפל זענען אַזוי לאַנג געלעגן ביז זיי זענען פאַרפרוירן געוואָרן און די מאַסן האָבן געהונגערט. איצט זענען די קאַרטאָפל אַרויסגעפירט געוואָרן אויף די מאַרישינער פעלדער און ווערן דאָרט באַגראָבן. דריי און דרייסיק טויזנט קילאָ קאַרטאָפל זענען געגאַנגען לאיבוד! צי איז דען פאַראַן אַ גרעסערער חוזק? אַ גרעסערער טייוולאַנישקייט? הונדערט און אַכציק טויזנט יידן שטאַרבן פון הונגער און חלומען פון אַ קאַרטאָפל, און דאָ באַגראָבט מען טויזנטער קילאָ קאַרטאָפל אין דער ערד און עס איז שאַ־שטיל.

די זעלביקע געשיכטע איז פאָרגעקומען מיט אַ יאָר צוריק. אויך דעמאָלט האָבן די מאַסן זיך געבעטן: פאַרטיילט די קאַרטאָפל! אָבער די ברידער־מערדער האָבן געלאַכט. די קאַרטאָפל האָבן זיי נישט פאַרטיילט. צום סוף האָבן זיי צענדליקער טויזנטער קילאָ קאַרטאָפל באַגראָבן. נאָך דעם דאָזיקן פאַקט האָבן מיר שוין געמיינט, אַז אין דעם יאָר וועט אַזאַ שענדלעכע זאַך נישט פאָרקומען. די מושלים וועלן מער אויף זיך נישט נעמען אַזאַ שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז די רוצחים פון אייגענעם פאָלק, ווילן גאָרנישט לערנען. זיי פירן ווייטער אויס זייער שענדלעכע אַרבעט און העלפן אונזער גרעסטן פייגט אונז פאַרניכטן. די נעמען וועלכע פירן אָן מיט דער פאַררעטערישער אַרבעט זענען: שטשענשליווע, רייגנגאָלד און גאָרפינקל.

## דעם 25טן דעצעמבער.

היינט איז אָנגעקומען אַ מיטטיילונג, אַז די 4 קלויסטערס וואָס געפינען זיך אין דער געטאָ וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין קריגס־לאַגערן. אַלע קולט־זאַכן פון די קלויסטערס מוזן תיכף באַזייטיקט ווערן. אין די קלויסטערס וועלן איצט מאַגאַזינירט ווערן פאַרטיקע מונדירן, פעלצן, קורטקעס, לעדער, וועש, לייוונט און אַנדערע פאַרשיידענע

אָנגעפירט דורך דער געסטאַפּאָ און אויסגעפירט ווערן דורך יידישע אַרבעטער. צו יעדן קלויסטער־לאַגער וועט צוגעטיילט ווערן אַ ספּע־ציעלע וואַך, וואָס וועט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די זאַכן וואָס געפינען זיך דאָרט.

## דעם 26טן דעצעמבער.

אַ שרעקלעכע גזירה פאַרן לאָדזשער יידנטום! די געסטאַפּאָ האָט היינט געמאָלדן, אַז די לאָדזשער געטאָ מוז אויסליפערן 10 טויזנט יידן. וווהין? דאָס ווייסט מען נישט. ווי נאָר דאָס איז באַוווּסט געוואָרן, האָבן מענטשן אָנגעהויבן חלשן און די געוויינען זענען דערגאַנגען עד לב השמים. אַרום 12 אַזייגער פאַרמיטאָק האָט זיך דער פּרעזעס געטראָפן מיט ביבאָוון און מיט אים גערעדט וועגן דער נייער גזירה. אין אָנהייב האָט ביבאָוו געזאָגט, אַז ער וועט זיך באַמיען זי בטל צו מאַכן. שפּעטער האָט ער מיטגעטיילט, אַז ער קען אין דעם ענין גאָר־נישט העלפן. דערביי האָט ער צוגעגעבן, אַז דער ערשטער טראַנספּאָרט אויסגעליפערטע יידן, וועט מוזן אַרויסגעשיקט ווערן פון לאָדזש דעם 4־טן יאַנואַר.

## דעם 27טן דעצעמבער.

ליצמאַנשטאַטער־צייטונג האָט היינט אויף דער ערשטער זייט פאַרעפנטלעכט אַ גרויסן אויפרוף פון אַדאָלף היטלער. דער אויפרוף איז ספּעציעל צו דער דייטשער אַרמיי. עס ווערט אין אים געזאָגט: „איך, אַדאָלף היטלער, געוועזענער סאָלדאַט פון ערשטן וועלט־קריג, וועלכן אַ פיינטלעכער שאָס, האָט געדראָעט בלינד צו מאַכן, האָב צוריקקומענדיק פון פראָנט אָנגעהויבן צו קעמפן פאַרן דייטשן פאָלק, פאַר זיין בעסערן מאָרגן. איך האָב נישט געקענט זען ווי דאָס דייטשע פאָלק ווערט טראַקטירט דורך די זיגער, איך האָב דאָס דייטשע פאָלק באַפרייט פון דעם פאַרהאַסטן ווערסאַלער טראַקטאַט. די אַליאַנטן האָבן געוואָלט דאָס דייטשע פאָלק דערנידעריקן, איך האָב אייך אויפגעהויבן, צו דער מדרגה פון אַ גרויס פאָלק. אין דעריבער פאַרלאַנג איך פון אייך געהאָרכזאַמקייט און אויסדויער. איך האָב אייך ביז איצט געפירט

צום גוטן, און איך וועל אייך ווייטער פירן אויף אַ גוטן וועג. גענעראַל בראַוכיטש, דער אויבער־קאָמאַנדיר, האָט פאַרלאַנגט, אַז איך זאָל איבערנעמען די קאָמאַנדשאַפט איבערן מיליטער, און ווי אַ זעלנער באַפעל איך צו זיין געהאָרכזאַם און וואַרטן ביזן פרילינג, ווייל אין פרילינג וועלן מיר אָנהייבן דעם קאַמף אויפסניי, מיט פרישע כוחות, מיט פרישע וואָפן און מיט פרישע מיליטערישע דערפינדונגען, וואָס וועלן מאַכן ציטערן אונזערע פיינט און זיי אויף אייביק פאַרטיליקן".

דער אויפרוף האָט אַריינגעבראַכט אין געטאָ אַ סך פרייד. מען האָט אָנגעהויבן איינזען, אַז דאָס וועטער ענדערט זיך, אַז די הילף פאַרן יידישן פאָלק איז נאָענט.

## דעם 28טן דעצעמבער.

ווי טרויעריק, ווי ביטער עס איז אונדזער גורל. איך שעם זיך אַפילו דאָס צו פאַרצייכענען. אין דער צייט ווען די געסטאַפּאָ האָט מיטגעטיילט, אַז אין פאַרלויף פון 8 טעג וועלן 10 טויזנט לאָדזשער יידן אַרויסגעשיקט ווערן אין דער וועלט אַריין — און ווער ווייסט ווו זיי וועלן געשיקט ווערן? — אין דער אַ־צייט, פאַרווילן זיך די מושלים און אָרדענען איין אַ קאָנצערט. נאָכן קאָנצערט האָט דער עולם ספּעציעל־איינגעלאַדענע גענומען זיך צום פרעסן און טרינקען. ווען דאָס פרעסן און טרינקען האָט זיך פאַרענדיקט און די מוזיק איז איינגעשטילט געוואָרן, האָט דער פרעזעס צוגערופן דעם קאָמיסאַר גאַרפינקל און אים עפּעס איינגערוימט אין אויער. גאַרפינקל האָט זיך צעלאַכט און איז אַרויף אויף דער טריבונע, געבעטן אַז דער עולם זאָל זיך באַרואיקן. באַלד איז שטיל געוואָרן. גאַרפינקל הייבט אָן: „איך פאַרבעט אונדזער טייערן און חשובן פרעזעס אויף דער טריבונע". עס איז באַלד געוואָרן אַ פּאַטשעריי און אַ געשריי: „לעבן זאָל דער פרעזעס". פלוצים איז שטיל געוואָרן. דער פרעזעס האָט זיך באַוויזן אויף דער טריבונע, אויסגעהוסט זיך, געוואָרפן בליקן אַהין און אַהער, געמאַכט אַ מינע פון אַ גרויסן אַרטיסט, אַ פּאָר מאָל גלייך געשטעלט זיך, ווידער צוגערופן גאַרפינקלען און ווידער אים עפּעס איינגערוימט אין אויער און צום סוף האָט דער „פאָלקס־העלד" באַקומען לשון:

„יידן, איר הערט יידן, עס איז שלעכט, ביטער, זייער און זייער ביטער. עס איז שוין ווידער דאָ פאַר אונדז אַ שווערע גזירה. מען פאַרלאַנגט פון מיר, אַז איך זאָל אַרויסשיקן 20 טויזנט יידן פון דער לאָדזשער געטאָ".

באַלד האָט ער גענומען ריידן העכער און לסוף האָט ער שוין אָנגעהויבן שרייען:

„זיי האָבן געוואָלט 20 טויזנט יידן. איך האָב זיך קוים אָפּגעבעטן אויף 10 טויזנט און עס איז מיר געלונגען, פולשטענדיק געלונגען. איצט איז שוין אַלץ פאַרפאַלן. 10 טויזנט יידן מוזן פאַרלאָזן די לאָדזשער געטאָ. די 10 טויזנט יידן מוזן זיך זוכן אַנדערע היימען. אפשר וועט דאָרט זיי בעסער זיין. עס איז פאַרפאַלן, אַזוי וויל דער שיקזאַל. איך האָב באַשלאָסן אַרויסצושיקן די יידן, וועלכע זענען אַ לאַסט אויף דער געטאָ. אַזעלכע וואָס האָבן באַקומען ביז איצט דעם „זאַשילעק" (אונטערשטיצונג) און האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן. די דאָזיקע וועל איך איצט פון געטאָ דערווייטערן. צוזאַמען מיט זיי וועל איך אויך אַרויסשיקן די גנבים, די אַלע וואָס זיצן אין דער תפיסה און די אַלע, וועלכע האַנדלען און פירן גנבישע שטיק. איך וועל דאָס „געטאָלע" ריין מאַכן פון די אַלע ניט־וויכטיקע און נישט־געווונטשענע עלעמענטן. איך דאַרף האָבן אַרבעטער, איר הערט? אַרבעטער! נישט קיין פוילענצער! אויף זייער אָרט, האָט מיר די דייטשע מאַכט צוגעזאָגט אַריינצושיקן אַנדערע 10 טויזנט יידן, וועלכע וועלן אַרבעטן, אויב די פרישע וועלן אויך נישט וועלן אַרבעטן, האָב איך פאַר זיי אַ גוט מיטל".

דער פרעזעס האָט פאַרענדיקט. אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט, אים באַגלייט ביז אין דרויסן אַרויס. דער עולם איז צוריק אַריין אין זאַל, צוריק זיך גענומען פאַרווילן און לאַכן, אַזוי ווי עס וואָלט גאָר־נישט געשען און גאָרנישט פאָרגעקומען. אַזוי ווי די 10 טויזנט יידן וואָלטן נישט געווען פון זייער אייגן בלוט און פלייש.

וואָס טוט זיך דאָ? — פרעגן די איבערגעשראָקענע יידן — צי איז טאַקע מער נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט? ווי אַזוי קענען יידן זיך היינט ווײַלן, ווען מאָרגן וועלן 10 טויזנט אויסגעפּרווירענע און

אויסגעהונגערטע מענער, פרויען און קינדער דאַרפן נעמען דעם וואַנדער־שטאָק און וואַנדערן איבער פאַרפרוירענע וועגן, און ווער ווייסט וווּ זיי וועלן געטריבן ווערן? רבונו של עולם, וואָס טוט זיך דאָ? אַ קלייניקייט עפּעס? דער באַפעל איז איבערצולאָזן אַלץ אויפן אָרט, נאָר מיטצונעמען האַנט־געפעק, כדי די וואַנדערער זאָלן אויפן וועג נישט אָפּשטיין. דאָס ווילן די געטאָ־מושלים נישט וויסן. זיי גייט דאָס נישט אָן, זיי מיינט מען נישט. דעריבער לאַכן זיי און ווײלן זיך ביים גרויסן אומגליק פון פאָלק. „הוליעט, הוליעט בייזע ווינטן, פריי באַהערשט די וועלט", געדענקן זאָלט איר אָבער מערדער, אַז די נקמה וועט אייך נישט אויסמיידן.

## דעם 29טן דעצעמבער.

4 שאָסן האָבן היינט פאַרשניטן 4 יונגע לעבנס. דער ערשטער פאַל איז פאָרגעקומען גלייך אין דער פרי, ווען דער עולם איז געלאָפן צו דער אַרבעט. אַ יונגער מענטש אין עלטער פון 22 יאָר האָט זיך שטאַרק געאײלט און פאַרגעסן צו זאָגן דעם וואַך־פּאָסטן „גוט־מאָרגן". דעריבער האָט אים דער וואַך־פּאָסטן דערשאָסן. אַ צווייטער איז דער־שאָסן געוואָרן אַהיימגייענדיק פון דער אַרבעט. ער איז געגאַנגען נישט ווייט פון די דראָטן און האָט באַמערקט, ווי אַ קינד לויפט צו די דראָטן, ער האָט געוואָלט דעם קינד פאַרלויפן דעם וועג, האָט אים דער וואַך־פּאָסטן דערשאָסן. אַ דריטער איז דערשאָסן געוואָרן אויף מאַרישין, קיינער ווייסט נישט פאַרוואָס. מען האָט אים געפונען ליגן מיט צוויי קוילן אין קאָפּ. דער פערטער איז דערשאָסן געוואָרן, ווייל ער האָט נישט געטראָגן אויף דער פּלייצע די געלע לאַטע. מען האָט זיך ווידער גענומען צו אונז. מען שיסט אויף אונז פון אַלע זייטן. מען לאָזט אויס דעם כעס אויף דעם אומגליקלעכן ייִד, אַזוי ווי מיר וואָלטן שולדיק געווען אין דעם וואָס די דייטשן ליידן איצט מפּלות אויף דעם רוסישן פראָנט. מען זידלט אונדז אין דער פרעסע, מען שילט אונדז פון אַלע זייטן, מען טרייבט אונז אַפילו פון די טראַמווייען־אַראָפּ. וואָס ערגער עס גייט זיי אויף די פראָנטן, אַלץ ערגער ווערן זיי צו אונדז און ווער ווייסט וואָס זיי האָבן נאָך בדעה מיט אונדז צו טון.

## דעם 30טן דעצעמבער.

מזל־טוב יידן! עס זאָל זיין מיט מזל! דער פּרעזעס, מרדכי חיים רומקאָווסקי, האָט חתונה געהאַט. שוין אַ לענגערע צייט, ווי עס קרייזן אַרום קלאַנגען, אַז דער פּרעזעס האָט זיך געלאָזט רעדן אַ שידוך. ווער? וואָס? ווען? דאָס האָט קיינער נישט געוווסט. אַלץ איז געווען איינגעהילט אין אַ סוד. ביז מען האָט זיך דערוואַרט און דער־וווסט. די כלה איז די פריילין דאָראַ ווייַנבערגער. פאַרן קריג איז זי געווען אַפּליקאַנטין פון לאָדזשער האַנדלס־געריכט. געאַרבעט צוזאַמען מיט דעם באַקאַנטן יידישן אַדוואָקאַט יוסף ווייצמאַן און געווען זייער אַן ענערגישע און טיכטיקע יונגע אַדוואָקאַטין. איר פאָטער איז פאַרן קריג געווען אַ באַקאַנטער לעקעך־בעקער און האָט געהאַט אַ קאָנדי־טאָריי אויף פּיעטריקאָווער 38. אויף דער חתונה זענען נישט געווען קיין סך מענטשן. עס איז קוים געווען אַ מנין יידן, מיטן הרב פיינער אין דער שפּיץ. פאַר דער חופה האָט הרב פיינער געזאָגט פאַר דעם עולם פאַרשיידענע תורה־ווערטלעך און דער עולם האָט זיך משמח געווען. צו עסן איז געווען און דווקא אַ סך. דער טיש איז געווען געדעקט מיט 6 טאָרטן, אייניקע סאָרטן וויין און ליקער, ווי אויך אַ שלל זיסוואַרג. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין פּרוכטן — שוואַרצע גרויסע פלוימען און עפּל. דער פּרעזעס, דאָס הייסט, דער חתן, האָט געשיינט ווי אַ יונגערמאַנטשיק, ער אַליין האָט מכבד געווען די געסט. די קעכין, גענייאַ, איז געווען אויסגעפּוצט ווי אַ מחותנתטע, זי האָט פאַר פרייד אַזש אונטערגעטאַנצט. די צווייטע קעכין, לאָניאַ האָט געהאַלטן אין איין וויינען. זי האָט נישט געוווסט וואָס פריער צו טון. זי האָט געהאַלטן אין איין אַרומלויפן און אַלע פאַר מינוט האָט זי געפרעגט דעם הויז־פאַרוואַלטער, זעליק וואַלער, וואָס זי זאָל טון? דער פאַרוואַלטער האָט זיך אויף איר געבייזערט און האָט גערופן דאָס שיק־ייִנגל, דעם קליינעם קובאַ, אַז ער זאָל מיטהעלפן דער קעכין ביי איר אַרבעט.

צווישן די געסט האָט מען אויך געזען דעם „פּרעזעסעס" מאַניקור־זשיסטקע. זי איז געווען אויסגעפּוצט ווי צו איר אייגענער חתונה.

## שלמה פראַנק

קאָמיסאַר זעליגמאַן און דער לייטער כימאָוויטש האָבן געטרונקען לחיים מיטן „פּרעזעס" קוטשער, גראָסמאַן. מיט איין וואָרט, עס איז געווען יום־טוב אין דער וואָכנס. באַלד ווי עס איז נאָך צוגעפאַלן דער אָוונט, האָט הרב פיינער מסדר־קדושין געווען. דער עולם האָט געוווּנטשן מזל־טוב און נאָך איינער פון דעם גאַנצן געזינדל, הרב פיינער האָט געוויינט און מיט טרערן אין די אויגן האָט ער הויך אויפן קול געזאָגט:

„זאָלן אונדזערע אַלע ברכות מקוים ווערן און מיר זאָלן נאָך דערלעבן די ריכטיקע פרייהייט".

באַלד נאָך דער חופה האָט מען געטיילט לעקעך מיט בראָנפן. שפּעטער האָט זיך דער עולם געזעצט צום טיש און מען האָט דער־לאַנגט גרויסע פּאָרציעס פיש, געבראָטענע צונגען און צום סוף — פאַרשיידענע קאָמפּאָטן. הרב פיינער האָט נישט געגעסן. ער איז אָבער געווען ביז צום סוף. באַלד נאָך דער סעודה איז דאָס פּאָרל אַוועקגע־פאָרן אין דער פאַרמאַכטער קאָטש אין דער ספּעציעל־אויסגעפּאַרטיק־טער וווינונג — אויסגעשטאַט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ קעניג. ווען דאָס פּאָרל איז אַוועק האָט זעליק וואָלער פאַרגעלייענט עטלעכע און זעכציק ווינטשעוואַניעס פאַרן פּרעזעס און זיין פרוי. געווּנטשן האָבן אַלע פּאָליצײ־רעווירן, אַלע בייראַט־מיטגלי־דער, דער ראַבינאַט, אַלע רעסאָרטן, אַלע ביוראָ־אָנגעשטעלטע און פון סתם מענטשן.

די חתונה האָט געמאַכט אין דער געטאָ אַ רושם. דער עולם האָט פאַרגעסן אין די גרויסע שנייען, אין הונגער. הונדערטער וויצן האָבן זיך געשאַפן און זענען צעשפּרייט געוואָרן איבערן גאַנצן געטאָ וועגן דער קעניגלעכער חתונה. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער פּרעזעס איז אין כעס געוואָרן און האָט געגעבן אַ שטרענגען באַפעל אַז די אַלע, וועלכע וועלן רעדן וועגן זיין חתונה, וועלן אָפּגעשיקט ווערן מיטן ערשטן טראַנספּאָרט, דאָרט ווו עס דראָעט געפרוירן צו ווערן פאַר קעלט.

## דעם 31טן דעצעמבער.

דער פּרעזעס האָט היינט אַרויסגעהאָנגען אַ גרויסן פּלאַקאַט און מודיע געווען, אַז דער עולם זאָל זיך מער נישט שרעקן. יעדער אייבער קען דרייסט גיין צו זיין אַרבעט. די שיסערייען וועלן מער נישט פאָר־קומען. אַ סך פון די וואָס זענען ביז איצט דערשאָסן געוואָרן זענען אַליין שולדיק אין זייער טויט. זיי האָבן נישט אַכטונג געגעבן און זענען צו פרי געגאַנגען אויף דער גאַסן, אָדער האָבן זיך באַוועגט צו נאָענט ביי די דראָטן. היינט האָב איך גערעדט ביי דעם שטאָט־פּרעזידענט, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אַ באַפעל, אַז די וואַך־סאָלדאַטן זאָלן מער נישט שיסן צו די אַרבעטער. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט מיר געגעבן זיין ערן־וואָרט, אַז אויסער שמוגלער, וועלן מער קיין מענטשן נישט געשאָסן ווערן.

וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז בעת דער אויפרוף איז נאָך געהאָנגען אויף די געטאָ־ווענט האָט מען דערהערט אַ פרישן שאָס. דאָס מאָל איז דערשאָסן געוואָרן אַ דייטשער פליט פון בערלין, קאַרל וואָלף, אַלט 62 יאָר, געוועזענער גרויס־אינדוסטריעלער. דערשאָסן איז ער געוואָרן 7 אַזייגער אין אָוונט, ווען די געטאָ־באַפעלקערונג האָט זיך נאָך געפונען אויף די גאַסן. פאַרוואָס דער מענטש איז דערשאָסן געוואָרן, איז קיינעם נישט באַוווּסט. אויך דער שיסער האָט קיין דערקלערונגען נישט געוואָלט געבן.

חיים ווידאָווסקי, דער הויפּט־צושטעלער פון געהיימע ראַדיאָ־ידיעות אין געטאָ, האָט היינט מיטגעטיילט דעם לייטער פון טישלער רעסאָרט אויף רייטער גאַס נומער 12, ב. פּרווינד, אַז דער פּוילישער געהיימער ראַדיאָ „שוויט״ האָט איבערגעגעבן, אַז דער לאָדזשער געוועזענער פאַבריקאַנט קאַקאָסאָווסקי פון קאָשצושקאָ־גאַס 4, איז נאָמינירט געוואָרן אַלס הויפּט־אָנפירער פון די יידישע געסטאַפּאָווצעס אין וואַרשע. דער ראַדיאָ רופט די יידישע באַפעלקערונג אויסצוהיטן זיך פון דעם אויסוואורף. קאַקאָסאָווסקי איז פאַר דער מלחמה געווען אַ באַקאַנטער טוער פון ספּאָרט־קלוב „מכבי״.

## דעם 1טן יאַנואַר, 1942.

עס איז נאָך נישט פאַרהיילט געוואָרן די אָפענע ווונד פון דעם פאַרגאַנגענעם בלוטיקן יאָר, וואָס האָט פון אונדזערע רייען אַרויסגעריסן צענדליקער טויזנטער מענטשן. איצט שטייען מיר אויף דער שוועל פון אַ פריש יאָר, וואָס מאַכט אונדז באַלד ביים אָנהויב שווערע זאָרגן. מיר האָבן נישט געגלויבט, אַז דאָס יידישע פאָלק וועט נאָך אין יאָר 1942 זיין אַזוי דערנידעריקט און אַזוי צעבראָכן. מיר האָבן געגלויבט, אַז די פרייע וועלט וועט זיך פאַר אונדז אָננעמען, אַז זי וועט עפעס טון, כדי אונדז פון די חיה׳שעציין אַרויסצוראַטעווען. מיר האָבן אויך געגלויבט, אַז די פרייע יידישע וועלט וועט אויפהייבן איר מעכטיק געשריי קעגן דעם גרעסטן וועלט־רוצח. מיר האָבן געגלויבט, אַז די יידישע וועלט וועט נישט רוען, וועט נישט שווייגן, וועט מרעיש עולם זיין, וועט שטורעמען און זיך נישט באַרואיקן ביז דער וואַמפּיר וועט אונדז פון זיינע ציין אַרויסלאָזן. מיר האָבן געגלויבט און גלייבן נאָך ווייטער, אַז דער רבונו של עולם וועט באַווייזן עפעס אַ נס און אָפּראַטעווען די, וועלכע לעבן נאָך... איצט ביים אָנהויב פון נייעם יאָר, פרעגן מיר ווידער די זעלביקע פראַגע: ווי לאַנג נאָך וועלן מיר דאַרפן בלוטיקן? ווי לאַנג נאָך וועט אונדזער בלוט זיין הפקר? צי זענען מיר דורך דער וועלט פאַרגעסן געוואָרן? צי האָבן מיר טאַקע אַזוי פיל געזינדיקט, וואָס די וועלט האָט אין אונדז פאַרגעסן? און אויב מיר האָבן געזינדיקט — טאָ ראַטעוועט כאָטש אונדזערע קינדער! זאָלן אונדזערע קליינע קינדער נישט דערמאָרדעט ווערן. מיר ווייסן, אַז אייראָפּע הונגערט און ראַנגלט זיך אין גרויסע יסורים. מיר ווייסן אַלץ וואָס עס טוט זיך אַרום אונדז. דערמיט ווערן מיר אָבער נישט געהאָלפן. מען האָט גענומען 180 טויזנט לעבעדיקע מענטשן, און זיי אַריינגעוואָרפן אין אַן אַרומגעצוימטן לאַגער און צוגענומען

בײַ זײ די רעכט צו לעבן, די רעכט פון פרײַהײט, די רעכט פון מענטש־לעכקײט. מען האָט זײ באַפוילן אַרבעטן װי די שקלאַפן און זײַן געהאָרכזאַם װי הינט. װי לאַנג װעלן מיר קענען אויסהאַלטן אַזאַ שװערע פּײַן? אַפילו װען מיר װאָלטן געװען פון אײַזן — מוזן מיר זיך אײַנברעכן און אונטערגײן.

לכבוד דעם נײַעם יאָר האָט די ליצמאַנשטעטער־צײַטונג פאַר־עפנטלעכט אַ רײ אַרטיקלען, אָנגעפילט מיט האַס, שנאה און מאָרד־העצע קעגן ײדן. די צײַטונג שרײַבט: „מיר מוזן זיגן. די ײדן אין אײראָפּע זענען שױן פאַרטיליקט און די, װעלכע לעבן נאָך, האָבן מער קײן קראַפט און קײן כוח נישט. זײ לעבן נאָך װײַל זײער אַרבעט איז אונדז נײטיק. כל זמן די אינזעקטן זענען אונדז נײטיק, װעלן די אינזעקטן לעבן. אין מאָמענט װען זײ װעלן שױן מער נישט נײטיק זײַן, װעלן זײ אומקומען ביזן לעצטן.

## דעם 2טן יאַנואַר.

גרױסע שנײ־זאַװערוכעס. אויף אַ טײל ערטער דערגרײכט שױן דער שנײ, 40 צענטימעטער די הויך. שױן 6 טעג, װי דער שנײ האַלט אין אײן פאַלן. אַלע װעגן און אַלע פּלעצער זענען באַלײגט מיט קופּעס שנײ. די קאַרטאָפל װאָס װערן פאַרטײלט, זענען פאַרפרױרענע. דאָס גאַנצע גרינצײג איז אײן שטיק אײַז. דעם הײנטיקן טאָג האָט דער הונגער דערגרײכט די העכסטע שטופע. 16 מאַרק קאָסט אַ ברױט פון 2 קילאָ. 50 מאַרק — אַ קילאָ פאַרפרױרענע קאַרטאָפל. 30 מאַרק — אַ קילאָ זשעפּאַק־אײל. 25 מאַרק אַ קילאָ רעטעך. 18 מאַרק — אַ קילאָ קאַרטאָפל־מעל. 30 מאַרק — אַ קילאָ זױער קרױט. 60 פעניק — אַ קעסטעלע שװעבעלעך. אויב דאָס איז װײניק, זענען הײנט אויסגע־קלעפּט געװאָרן גרױסע, געלע פּלאַקאַטן, װאָס זײער אינהאַלט האָט אויפגעשװידערט די גאַנצע געטאָ־באַפעלקערונג: — 10 טױזנט ײדן מוזן אין קורצן פאַרלאָזן די לאָדזשער געטאָ. 10 טױזנט ײדן מוזן אין דעם איצטיקן שװערן װינטער, בעמען דעם װאַנדער־שטעקן און אַװעקװאַנדערן װער װײסט װו. דער אויפרוף זאָגט: מענטשן װאָס װערן אַרױסגעשיקט זענען אַ שװערע לאַסט פאַר דער געטאָ, דעריבער

מוזן זיי פון דאַגען אַוועק און אויף זייער אָרט וועלן אַריינקומען געזונטע, פעאיקע אַרבעטער. די גזירה האָט אַזאַ מרה־שחורה אַריינ־געבראַכט, אַז קיינעם אינטערעסירט מער נישט דאָס לעבן. מען לעבט מיט אַזאַ פאַרביטערטקייט, אַז כמעט 80 פּראָצענט פון דער באַפעלקע־רונג בעט אויפן טויט. געגנוג מיטגעמאַכט אַזאַ שרעקלעך לעבן. אין יעדער שטוב הערט מען וויינען און קרעכצן, די קינדער וויינען פון קעלט און הונגער און די גרויסע וויינען פון שרעק און זאָרגן. דאָס איז נישט סתם קיין געוויין, ווי עס גיסען זיך פון די אויגן טרערן. דאָס איז אַזאַ מין פאָלקס־בראָך, וואָס מען קען מיטן פשוטן פאַרשטאַנד נישט באַגרייפן און מיט די הענט נישט באַשרייבן. דאָס זענען איבער־מענטשלעכע יסורים, וואָס ברעכן און צעברעכן יעדן מענטשלעכן גליד. דער ווינטער איז אַ ביטערער, דער פראָסט אַ בייסיקער און די גזירות שרעקלעכע. צי קען ווער אַזאַ טראַגעדיע פאַרשטיין? צי איז דאָס בכלל אַמאָל ווען געהערט געוואָרן? אָט שטייט אַן אומגליקלעכע, צעבראָכענע מאַמע, וואָס האָט באַקומען אַן אויפפאָדערונג צו פאַר־לאָזן דאָס געטאָ. איבער איר איינציק יינגעלע, וואָס ליגט אין בעטל שווער קראַנק און בעט זיך ביי איר, „טייער קינד מיינס, מאַך צו דיינע אויגן ווי אַמשנעלסטן, ווייל ווי וועל איך דיך קענען מיטנעמען אין אַזאַ צושטאַנד". שטייט אַזוי די מאַמע אַ צונויפגעקאָרטשעטע, ליפּ אויף ליפּ פאַרביסן און ברומט און בעט, אַז גאָט זאָל זיך אויף איר מרחם זיין און צונעמען דאָס קינד צו זיך, כדי זי אַליין זאָל קאָנען מיטמאַכן דעם שווערן גיהנום־וועג. אַלמעכטיקער גאָט, ווי נעמט מען אַזוי פיל כוח דאָס אַלץ איבערצוטראָגן.

## דעם 3טן יאַנואַר.

שרעקלעכע ידיעות קומען אָן פון די קלענערע שטעטלעך אַרום לאָדזש. מען האַלט אין איין פאָגראָמירן די יידישע באַפעלקערונג. צוליב די מפּלות וואָס די דייטשן האָבן אויף די רוסישע פראָנטן — לאָזן זיי אויס דעם גאַנצן כעס אויף די אומגליקלעכע שוצלאָזע יידן. גאַנצע פאַמיליעס ווערן פאַר די אויגן פון זייערע קריסטלעכע שכנים דער־שאָסן. אין טייל שטעטלעך ווערן די יידן אין מיטן דער נאַכט, אין

בלויזע נאַכט־וועש, אַרויסגעטריבן. ווו זיי וועלן געטריבן ווייסט קיינער נישט. מען רעדט וועגן פאַרשיידענע זאַמל־פונקטן. דאָרט אויף די זאַמל־פונקטן וועלן זיי, ווי די בהמות סאָרטירט, ווער אויף אַרבעט און ווער אויף שמעלץ. די לאַגע פון די יידן איז זייט אייניקע טעג פעל ערגער געוואָרן. מען ווייסט נישט אויף וואָס פריער צו בעטן: דער טויט און דאָס לעבן הענגט אויף יעדן איינציקן יידן. צי וועלן שוין איצט מקוים ווערן די ווערטער פון נביא: יום נקם בלבי ושנת גאולה באה...

## דעם 4טן יאַנואַר.

נאָך שווערע ליידן איז היינט געשטאָרבן דער באַקאַנטער יידישער זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער פון ווילנער „טאָג" און לאָדזשער „פאָלקס־בלאַט" און פון פיל אַנדערע יידישע און נישט־יידישע צייטונגען, ברוך שולמאַן. ער האָט באַלד ביים אַריינקומען אין געטאָ געזאָגט, אַז ער וועט דאָס נישט איבערהאַלטן. ער קען נישט צוזען די סאַדיסטישע שטיק פון פרעזעס און זיין פירונג. ער, שולמאַן, איז געווען דער איינ־ציקער מענטש אין געטאָ, וואָס האָט מיטן פרעזעס גערעדט האַרבע ווערטער. ער האָט דעם פרעזעס געבעטן, אַז ער זאָל זיין אַ ברודער צו זיינע געראַדפטע ברודער. ער האָט מיט אים גערעדט ביי פאַרשיי־דענע געלעגנהייטן, דערקלערט אים, אַז קיין אייביקייט איז נישטאָ. נישט אייביק וועט הערשן דער שטאַרקער מיט זיין פויסט, נישט אייביק וועט מען שלאָגן יידן, דעריבער זאָל ער אויף זיך נישט נעמען אַזאַ שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אַלע זיינע רייד האָבן נישט געהאָלפן, אַלע דיבורים זענען געווען אַרויסגעוואָרפענע, דער פרעזעס איז געבליבן ביי זיין עקשנות און מיט קיינעם זיך נישט גערעכנט. ווען עס איז געקומען אויף דער קהילה אַ שווערע גזירה, האָט ער זיך מיט קיינעם נישט באַראַטן, נאָר אַלץ אַליין אויף זיך גענומען.

ב. שולמאַן האָט אייניקע חדשים צוזאַמענגעאַרבעט מיטן פרעזעס. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט אים איבערצייגן. שפּעטער, ווען ער האָט איינגעזען, אַז ער וועט גאָרנישט אויפטון איז שולמאַן אַוועק פון דער גאַנצער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ווען מען האָט אים געפרעגט,

פאַרוואָס ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון דער אַרבעט, האָט ער געענט־פערט: „דעם סוד וועל איך שוין מיטנעמען אין קבר אַריין". פון דעמאָלט אָן האָט ער אָנגעהויבן קרענקען ביז זיין וואָרט איז מקוים געוואָרן: ער איז אין עלטער פון פופציק יאָר, טראַגיש געשטאָרבן. אין זיין לוויה האָט אַנטייל גענומען די גאַנצע יידישע געזעלשאַפט. ווי אויך דער פרעזעס מיט זיין שטאַב. עס זענען געהאַלטן געוואָרן הס־פדים. יעדערער האָט אין זיינע ווערטער באַדויערט דעם פאַרלוסט פון דעם טראַגישן מלחמה־קרבן. ווען נישט די גרויזאַמע מלחמה, וואָס רייסט יעדן טאָג אַוועק די בעסטע פון אונדזערע רייען, וואָלט נאָך ב. שולמאַן געלעבט און אַ סך אויפגעטון פאַרן וווּיל פון דער יידישער זשורנאַליסטיק און פאַר דער יידישער געזעלשאַפט.

יהי זכרו ברוך!

## דעם 5טן יאַנואַר.

די געהיימע ראַדיאָ־אוידיציע „שוויט" האָט היינט מיטגעטיילט, אַז די דייטשע אַרמיי האָט זיך צוריקגעצויגן ביז כאַרקאָוו. די קאַמפן קומען פאָר האַרט ביי דער שטאָט. די רוסישע אַרמייען שלאָגן פעסט און נעמען צוביסלעך אַלץ צוריק. אויך אין ליביע באַקומען די דייטשן שווערע קלעפּ. די ענגלענדער שטויסן זיי אַרויס פון אַלע פאַרנומענע פּאָזיציעס. איין ענגלישע אַרמיי שטייט שוין נאָענט פון טריפּאָליס. די ראַדיאָ טיילט אויך מיט, אַז די פּוילישע רעגירונג האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צום פּוילישן פאָלק, אַז די פּאַליאַקן זאָלן זיך גרייט־מאַכן, ווייל אין קורצן וועט דאָס פּוילישע מיליטער צוריק אַריינמאַרשירן קיין פּוילן. אַ שפּעטערע ראַדיאָ־אוידיציע האָט מיטגעטיילט, אַז טשערטשיל האָט געהאַלטן אַ גרויסע רעדע און האָט פייערלעך דער־קלערט, אַז אין סוף יאָר 1942 וועט אייראָפּע באַפרייט ווערן. דער נאַציזם וועט ליגן אַ צעשמעטערטער. אייראָפּע וועט צוריק אויפגעבויט ווערן. מיט די היינטיקע ראַדיאָ־ידיעות טרייסט איינער דעם אַנדערן. מען דריקט זיך די הענט, מען ווינטשט זיך צו דערלעבן די פרייהייט און זוכה זיין זי צו זען מיט די אייגענע אויגן.

## דעם 6טן יאַנואַר.

היינט, פינקטלעך האַלב 12 אַזייגער ביינאַכט, איז געוואָרן שטאָק־פינצטער. אַלע לאָמפּן אין דער גאַנצער שטאָט זענען פּלוצים אויס־געלאָשן געוואָרן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט מען געהערט רוישן עטלעכע דורכפליענדיקע עראָפּלאַנען. דאָס רוישן האָט געדויערט עטלעכע מינוט, שפּעטער איז ווידער ליכטיק געוואָרן. קיין שיסרייען און קיין אַלאַרמען זענען נישט געווען. די באַפעלקערונג איז בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק.

## דעם 7טן יאַנואַר.

היינט, אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט, פאָרן דורך די צוויי הויפּט־געטאָ־גאַסן פאַרשיידענע פאָרמאַציעס מיליטער. צווישן די דורכפאָרנדיקע טראַנספּאָרטן זעט מען הונדערטער זעלנער איינגעהילט אין ווייסע כאַלאַטן. דאָס ווייסע מיליטער מאַכט דעם איינדרוק, ווי עס וואָלטן אויף די מזרח־פראָנטן געפאָרן מתים, וואָס זענען ערשט אַרויס פון די קברים, כדי צו טאַנצן דעם טויטן טאַנץ. אויף די פּנימער זעט מען נישט מער קיין שום פרייד. דאָס מיליטער זינגט נישט מער. אַלע זענען ערנסט, רואיק, אַזוי ווי בהמות צו דער שחיטה, אַזוי מאַרשירט איצט די אַמאָליקע פריילעכע לאַכעדיקע היטלער־אַרמיי.

## דעם 9טן יאַנואַר.

הייגט איז דער כלומרשטער ציגיינער־לאַגער געבליבן ליידיק. אַלע 8 טויזנט מאַן, דערונטער צוויי טויזנט פרויען מיט קינדער, זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. קיין איינער איז פון דאָרט נישט אַרויס קיין לעבעדיקער. אומגעבראַכט זענען געוואָרן מענער, פרויען און קינדער. אַלע — הויך־געבילדעטע מענטשן פון פאַרשידענע נאַציעס. געקומען זענען זיי מיט האָפענונגען. זיי האָבן געוווסט, אַז מען וועט צו זיי זיין זייער שטרענג, קיין האַניק וועלן זיי דאָ נישט לעקן. אָבער אַזוי ברוטאַל אויסגעמאָרדעט צו ווערן, דאָס האָבן זיי זיך נישט פאָרגע־שטעלט. אויך מיר, די געטאָ־יידן, האָבן נישט געגלויבט, אַז די מענטשן וואָס האָבן באַקומען אַ נאָמען „ציגיינער" וועלן פאַר אונדזערע אויגן

אַזוי ברוטאַל פאַרניכטעט ווערן. קיין שום מענטשלעכער נאָרמאַלער שכל קען דאָס נישט באַגרייפן. באַלד ביים אָנהייב, ווען די מענטשן האָבן נאָר באַטרעטן די שוועל פון דעם טויטן־לאַגער האָט מען זיי געמאַכט איינשפּריצונגען, אַז זיי זאָלן אויפהערן זיין נאָרמאַלע מענטשן. מען האָט אַלע פּשוט געמאַכט פאַר משוגעים, אויף אַ סך האָט דאָס באַלד געווירקט, זיי זענען געבליבן מעלאַנכאָליש און געהאַלטן אין איין גלאָצן אין הימל אַריין. אַנדערע ווידער האָבן געהאַלטן אין איין אַרומלויפן אַרום דעם לאַגער. זיי האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מען יאָגט זיי, מען דאַרף אַנטלויפן, דעריבער זענען זיי כסדר אַרומגעלאָפן. אַ טייל האָבן באַקומען ספּאַזמען, זיי האָבן יעדע פּאָר שעה אָנגעהויבן שרייען און מאַכן יעלות. זיי האָבן געברומט ווי חיות. אַממערסטנס האָט די וואַהנזיניקייט זיי אָנגעכאַפּט ביינאַכט. די אַלע שרייערס זענען געשמידט געוואָרן מיט קייטן, דערנאָך זענען זיי אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן אויפן הויף און זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף אַ פייכט אָרט און אַזוי זענען זיי געלעגן עטלעכע שעה ביז זיי האָבן זיך באַרואיקט. ווען מען האָט זיי פון די קייטן באַפרייט זענען שוין ווייניק געבליבן לעבן. די מערסטע זענען שוין געווען שטייפע, אויסגעצויגענע און אויסגעלייזטע פון דעם לעבעדיקן גיהנום. די טויטע זענען נישט אַוועקגענומען געוואָרן. די איבעריקע, דערווייל לעבנגעבליבענע, זענען געצוווּנגען געוואָרן צו טאַנצן אַרום די טויטע קערפּערס אַזוי לאַנג, ביז זיי זענען געפאַלן אויף די טויטע און געבליבן ליגן אין אַ פאַראייניקטער טויטן מאַסע. ווען אייניקע האָבן נאָך באַוויזן סימנים פון לעבן, זענען זיי געטרעטן געוואָרן מיט די פיס ביז יציאת נשמה. שפּעטער איז געבראַכט געוואָרן אַ וואָגן און די גאַנצע טויטן־מאַסע, איז אַרויפגעלייגט געוואָרן פונקט אַזוי ווי מען וואַרפט שטיינער פון איין אָרט אויף אַ צווייט אָרט. ווען דער וואָגן איז שוין געווען פול, איז ער צוגעדעקט געוואָרן מיט זעק און אָפּגעפירט געוואָרן אויפן יידישן בית־עולם. אַזוי איז דאָס שרעקלעכע נישט־גלויבלעכע שפּיל פאָרגעקומען טאָג־טעגלעך. אַמאָל זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אויפן בית־עולם 60 טויטע און אַמאָל 80 און 90 טויטע. עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען אויפן בית־עולם האָבן נאָך אייניקע אַרויסגעוויזן סימנים

פון לעבן. די געסטאַפּאָ מערדער האָבן יעדן איינעם, וואָס האָט נאָך געלעבט אַריינגעשאָסן אַ סעריע קוילן און אַלע ווי איינער זענען צוזאַ־מען באַגראָבן געוואָרן. בעתן שיסן האָבן די מערדער געשריגן: „דו פאַרפלוכטער הונד, ביזט אַהערגעקאָמען לעבן — אָדער שטאַרבן”. די מערדער וועלכע האָבן אויסגעפירט די אַרבעט זענען אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען שיכור. נאָך יעדן שטיקל אַרבעט האָבן זיי געטרונקען, געזונגען היטלער־לידער און ווייטער געטרונקען. דאָס טרינקען האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז צו אַ צווייטער אַקציע. צווישן די וועלכע זענען דאָרט אין דעם טויטן־לאַגער אומגעקומען, האָבן זיך געפונען פּראָפע־סאָרן, דאָקטוירים, אינזשעניערן און מענטשן פון גאָר גרויסן יחוס.

דער לעצטער טראַנספּאָרט, וואָס איז אָנגעקומען איז באַשטאַנען פון בלויז מענער. אַ טייל האָבן אַפילו גערעדט פּויליש. אַלע זענען געווען באַצייכנט מיט רויטע פאַרב אויף דער לינקער קני און פון הינטן אין דער מיט פּלייצע אַ סאַקראַמענט צייכן, אויך פון רויטער פאַרב.

ווי איך בין שפּעטער געוווּיר געוואָרן איז די רויטע פאַרב געווען דער צייכן פון טויט. אַזוי האָבן פאַרענדיקט 8 טויזנט מענטשן זייער לעבן.

איצט איז דער לאַגער שטיל און די יידישע אַרבעטער רייניקן אים. מען שמועסט, אַז דאָרטן וועלן אויפגעשטעלט ווערן נייע אַרבעטס־רעסאָרטן. אויך די טאָפּלט־פאַרצוימונגען ווערן אַוועקגענומען. דאָס איז אַ סימן, אַז מער קיין קרבנות וועט מען דאָרט נישט אַריינברענגען.

ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען דער „ציגיינער־לאַגער” אין דער לאָדזשער געטאָ? אין יאָר 1941 אין חודש אויגוסט איז דער יודן־עלצטער, חיים רומקאָווסקי, גערופן געוואָרן צום שטאָטישן בירגער־מייסטער. דאָרט האָט ער געקריגן אַן אויפפאָדערונג, אַז דער שפּיץ טייל פון געטאָ, וואָס ליגט אויפן וועג וווּ מען פאָרט קיין בזשעזשין מיט די צוויי דערבייאיקע געסלעך, זאָלן אין פאַרלויף פון 8 טעג אָפּגערייניקט ווערן פון דער יידישער באַפעלקערונג. די עוואַקואירטע מעגן מיטנעמען מיט זיך אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן, נישט איבערלאָזן קיין שום זאַך. אַלע צימערן מוזן זיין לער. ווען רומקאָווסקי איז צוריק־

געקומען האָט ער גערופן צו זיך דעם אַדוואָקאַט יאַקובזאָן און אים איבערגעגעבן די מיטטיילונג. באַלד אין זעלבן טאָג האָט אדוואָקאַט יאַקובזאָן, אַדוואָקאַט נאַפּטאַלי און יעקב ראַטנער, אויסגעשטעלט די רשימה פון די מענטשן, וואָס באַוויזען דעם קוואַרטאַל. נאָך אַ גענויער איבערציילונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַן ערך דריי טויזנט מענטשן וועלן דאַרפן פאַרלאָזן דאָס אָרט. די וווינונגס־אָפּטיילונג האָט באַלד באַקומען אַ שטרענגן־באַפעל, אַז זיי זאָלן ווי אַמשנעלסטן אויסזוכן פאַר דריי טויזנט מענטשן וווינונגען. עס פאַרשטייט זיך, אַז די דריי טויזנט מענטשן זענען שוין ווי עס איז איינגעקוואַרטירט געוואָרן. באַלד נאָך דעם ווי דער שטח איז געוואָרן ליידיק, איז ער דריי פאַכיק אַרומגעצוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט. אין לאַגער גופא האָט מען אָפּגעטיילט בלאָקן און אויך די בלאָקן זענען אַרומגע־צוימט געוואָרן מיט שטעכל־דראָט.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָנגעהויבן צו ברענגען די אומגליקלעכע. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פון אונגאַרן און רומענער. די דאָזיקע מענטשן זענען געקומען מיט זייערע פרויען און קינדער. דער צווייטער טראַנספּאָרט איז געווען פון יוגאָסלאַוון, גריכן און פראַנצויזן. דער דריטער טראַנספּאָרט, וואָס איז אָנגעקומען אין אַ זונטיק, האָט קיין קינדער נישט געהאַט. עס זענען געווען לויטער מענער און אַ קליינע צאָל פרויען. דווקא די פרויען זענען געגאַנגען עלעגאַנט אָנגעטאָן, אַזוי ווי אַוועקגענומען פון אַ באַל. נאָך די ערשטע עקזעקוציעס איז דאָרט אויסגעבראָכן אַ פלעק־טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט אין פאַרלויף פון 6 טעג אומגעבראַכט איבער דריי הונדערט מענטשן, דערונטער אויך דריי יידן פון דער געטאָ, מיטן דייטשן לאַגער־פירער. די יידישע קרבנות זענען געווען: ד״ר ניקעלבורג, אַ קראַנקן־שוועסטער און איינער, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיטן אַרויספירן די טויטע. ווי נאָר דער לאַגער־פירער איז מחמת דער קרענק געשטאָרבן, איז דער לאַגער ראַשיק ליקווידירט געוואָרן. הונדערטער זענען טעגלעך דערשאָסן געוואָרן. קיין איינער איז פון דאָרט קיין לעבעדיקער מער נישט אַרויס.

## דעם 10טן יאַנואַר.

היינט איז דערקלערט געוואָרן „באַן־שפּערע” אין גאַנצן וואַרטעגאַל־געביט. צוליב דעם איז דער יקרות נאָך מער געשטיגן. אַלץ איז צען פּאַכיק טייערער געוואָרן. אַ געמאַכטער פּאַפּיראָס, וואָס האָט פריער געקאָסט 5 פעניק, קאָסט היינט 25 פעניק; אַ ברויט וואָס האָט פריער געקאָסט 16 מאַרק קאָסט היינט 25 מאַרק; אַ קילאָ קאַרטאָפל 50 מאַרק. אַ דעקאָ אייל 40 פעניק. אַזאַ יקרות איז נאָך נישט געווען זייט די געטאָ עקזיסטירט. אויך די קיכן־זופּן זענען שיטערער געוואָרן. זעלטן ווען מען זעט אַרומשווימען אין איר עטלעכע שטיקלעך קאַרטאָפל אָדער בוראַקעס. דער הונגער איז אַזוי גרויס, אַז אויך די יחסנים האָבן אָנגעהויבן קרעכצן. דער גאַנצער געטאָ דראָעט איצט אַ גרויסע סכנה. אויך די קהילה־שטיצע פון טאַלאָנען און אַנדערע הילפן זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיט איין וואָרט:

עס איז נישטאָ וואָס צו עסן און אומעטום הערט מען דעם „אוי, וויי, וואָס טוט מען? ווי נעמט מען אַ ביסל עסן פאַר די קינדער?”

## דעם 11טן יאַנואַר.

אַזעלכעס איז נאָך אין דער געטאָ נישט געווען. קעלט און הונגער האָבן זיך פאַראייניקט און בשותפות גענומען אומברענגען די געטאָ־באַפעלקערונג. די טייערקייט וואַקסט פון מינוט צו מינוט. טויזנטער מענטשן לויפן אויף די פאַרפרוירענע פלעצער און זוכן, אין מיסט, פאַרפרוירענע און פאַרפוילטע קאַרטאָפל־שאָלעכץ. דער קאָשמאַר פון הונגער און קעלט דערשיטערט אַלע. דער אַכזריותדיקער פראָסט, די דערנידערונגען, די רדיפות און שיקאַנעס און די מוראָדיקע שרעק פאַרן מאָרגן — דאָס אַלץ צעבריכט די געטאָ־מענטשן.

היינט איז פאַרווירקלעכט געוואָרן די שווערע גזירה: 10 טויזנט יידן מענער, פרויען, זקנים און קליינע קינדער, ווערן שוין היינט געזאַמלט צו טויזנט מאַן אין אַ פּאַרטיע. זיי ווערן איינגעזאַמלט אויף טשאַרניעצקי־גאַס, אין דער צענטראַלער תפיסה. מאָרגן וועלן זיי אַרויסגעשיקט ווערן. וווהין? דאָס ווייסט קיינער נישט. די עוואַקוּאירטע וועלן אויפגעלאָדנט ווערן אין באַזונדערע וואַגאָנען, צו 50 מאַן

אין אַ וואַגאָן. דערנאָך וועט דער וואַגאָן בלאָמבירט ווערן און אַזוי וועלן די אומגליקלעכע אַוועקגעשיקט ווערן. דאָס איז אַלץ וואָס מיר ווייסן.

## דעם 12טן יאַנואַר.

היינט איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז די לעצטע האַנטווערקער פון שטעטל זגיערזש — 180 נפשות מענער, פרויען און קינדער — וועלן מאָרגן אָנקומען אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין.

400 נפשות מענער, פרויען מיט זייערע קינדער געפינען זיך שוין אין זאַמל־פונקט, דאָס איז די ערשטע גרופּע אַרויסגעשיקט צו ווערן. דערווייל גייט עס צו רואיק. מען וויינט, מען געזעגנט זיך האַרציק און מען שעלט די געטאָ־מושלים. די בעסערע ווינונגען, וואָס בלייבן ליידיק, ווערן באַלד פאַרזיגלט.

פון קאָינסק, קאָלאָ און קאָנין קומען אָן שרעקלעכע בריוו. די דאָרטיקע יידן שרייבן: „ברידער יידן, האָט רחמנות אויף אייערע קינדער, שיקט זיי נישט אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. אַלע יידישע קינדער ווערן אומגעבראַכט. עס איז נישט אמת, אַז מען שיקט די קינדער אין קינדער־קאָלאָניעס אַריין. דאָס איז אַ שרעקלעכער ליגן. די מערדער ברענגען אום אונדזערע טייערע קינדערלעך. די קריסט־לעכע באַפעלקערונג ברענגט אונדז יעדן טאָג שרעקלעכע נאַכריכטן, אַזוי, אַז מיר זענען שוין משגע פון הערן, וואָס מען האָט געמאַכט מיט אונדזערע האַרציקע קינדערלעך".

די פּוילישע געהיימע ראַדיאָ „שוויט" טיילט היינט מיט, אַז די דייטשן האָבן געשאַפן פאַרשיידענע קאָנצענטראַציע־לאַגערן צו פאַר־ניכטן אַלע פּוילישע יידן, אין קורצן וועט דער ראַדיאָ איבערגעבן, ווו די לאַגערן געפינען זיך. דער ראַדיאָ וואָרנט די יידן נישט צו גלויבן די דייטשן, אַז זיי פירן די יידן אויף אַרבעטס־פּלעצער. זי טיילט מיט, אַז צענדליקער טויזנטער יידן זענען שוין אומגעבראַכט געוואָרן. די שרעקלעכע ידיעות זענען באַלד פאַרשפּרייט געוואָרן אין געטאָ און עס האָט אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכער שוידער.

## שלמה פראַנק

### דעם 13טן יאַנואַר.

היינט 8 אַזייגער אין דער פרי זענען אויפן באַלוטער־מאַרק אָנגע־קומען די לעצטע זגערזשער יידן. פון דאָרט זענען זיי אין דער זעלבער שעה אָפגעשיקט געוואָרן אין צענטראַלן געפענגעניש אונטער דער אויפזיכט פון שלום הערצבערג. הערצבערג אַליין האָט רעווידירט אַלע יידן און דעם גרעסטן טייל שפייז־זאַכן האָט ער זיי צוגענומען. עס האָט נישט געהאָלפן קיין וויינען, קיין שרייען. די יידן האָבן געבי־טערט: „נישט גענוג וואָס די דייטשן האָבן אונדז אין זגערזש צוגע־נומען דאָס לעצטע ביסל פאַרמעגן, קומט איר, אייגענע ברידער, און נעמט פון אונדז אויך צו דאָס לעצטע ביסל עסן, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט פאַר אונדזערע קינדער! ווו איז דער יידישער יושר? ווו איז דער יידישער צדק?" עס האָט גאָרנישט געפועלט. די שפייז איז דורך הערצבערגן צוגענומען געוואָרן.

### דעם 14טן יאַנואַר.

ביז היינט האָבן זיך צוגעשטעלט צו דער עוואַקואַציע בלויז פרייוויליקע. פון היינט אָן האָט מען שוין געטיילט באַפעל־צעטלען צו די פאַראורטיילטע, וועלכע מוזן פאַרלאָזן די לאָדזשער געטאָ. די פאָסט־באַאַמטע זענען מיט די דאָזיקע טרויעריקע צעטלען אַרומגעלאָפן כמעט אין יעדן הויז, איבערלאָזנדיק פאַר די אָנגעצייכנטע פאַמיליעס דעם אורטייל. אין צעטל איז געווען געשריבן: „צו דער פאַמיליע משה יוסל גאַרפינקל, לימאַנאָווסקיעגאָ 24, איר ווערט אויפגעפאָדערט אין פאַרלויף פון 48 שעה זיך צוצושטעלן אין זאַמל־לאַגער אויף מאַרישין אָדער צו הערצבערגן. פון דאָרט וועט דער געמיינזאַמער טראַנספּאָרט אָפגעשיקט ווערן אויף דעם אָנגעוויזענעם אָרט פון דער דייטשער מאַכט. יעדע פּערזאָן קען מיט זיך מיטנעמען באַגאַזש נישט מער ווי ביז 12 קילאָ". ווייטער ווערט צוגעגעבן, אַז אויב איינער וועט זיך צו דער באַשטימטער צייט נישט צושטעלן, אָדער וועט זיך אויס־באַהאַלטן, וועט ער שטרענג באַשטראָפט ווערן און וועט אַוועקגעשיקט ווערן אַלס פאַרברעכער. זיין פאַרמעגן וועט קאָנפיסקירט ווערן לטובת דער געטאָ.

די מענטשן וועלכע האָבן באַקומען די צעטלען האָבן אויפגעהויבן אַ גרויס געוויין. פרויען האָבן זיך געריסן די האָר פון די קעפּ, קינדער האָבן ספּאַזמירט, די געשרייען און די געוויינען זענען געהערט געוואָרן אויף קילאָמעטערס ווייט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו לויפן זוכן פּראָטעקציע, אויסגענוצט דעם אַמאַליקן גוטן נאָמען. דער רעש אין געטאָ איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז איינער דעם צווייטן האָט נישט פאַרשטאַנען, קיינער האָט נישט געוווּסט ווי אַזוי צו ראַטעווען זיין חבר, ווי אַזוי אַרויסצוהעלפן אים. מען האָט געבראַכט בריוו פון פאַרשיידענע געטאָ־מושלים, פון פאַרשיידענע פּאָליציי־קאָמיסאַרן און פון בייראַטס־מיטגלידער. עס האָט נישט געהאָלפן. אויב עס איז ווער יאָ אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, איז עס פאָרגעקומען דורך דער אויבער־אָנפירער־שאַפט פון דער זאָנדער־פּאָליציי. די אָנפירערס פון די זאָנדער־פּאָליציי האָבן געהאַט דעם איינציקן כוח אויסצופּועלן ביי דער געסטאַפּאָ אַז מען זאָל עמיצן באַפרייען, ווייל זיי דאַרפן אים דערווייל נאָך האָבן. אַזוי אַרום זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן צענדליקער מענטשן, אָדער קינדער פון געוויסע פאַמיליעס.

## דעם 15טן יאַנואַר.

אַ געדריקטע שטימונג הערשט היינט אין דער געטאָ. די גזירה, אַז 10 טויזנט יידן מוזן אין דעם שווערן ווינטער פאַרלאָזן דאָס געטאָ, האָט ביטער געטראָפן דאָס גאַנצע געטאָ יידנטום. מען יאָמערט און מען וויינט. די פאַראַורטיילטע לויפן אַרום ווי פאַרסמטע מייז און זוכן פּראָטעקציע כדי איבערצובלייבן אין געטאָ. מען וואַרפט זיך אויף דער ערד, מען קושט די הענט ביי די וועלכע פאַרנעמען זיך דערמיט. מען בעט רחמים פאַר די קראַנקע און קליינע קינדער, וואָס קענען אין שווערן ווינטער נישט מיטמאַכן אַזאַ עוואַקואַציע, מען בעט פאַר די וועלכע ליגן אין די בעטן געשוואָלענע און קענען זיך נישט רירן פון אָרט. אַלע טויערן פון רחמים זענען אָבער פאַרשלאָסן. אַלע הערצער זענען פאַרשטיינערט. קיין שום מיטגעפיל עקזיסטירט נישט מער. עס איז נישטאָ קיין איין פאַמיליע וואָס אירס אַ קרוב זאָל נישט אַוועקגעשיקט ווערן. מען פּאַקט און מען וויינט, דער גרעסטער טייל ווינטשט

זיך דעם טויט אויפן אָרט. זיי פילן, אַז זיי וועלן דאָס נישט קענען איבערהאַלטן. דער פראָסט האַלט היינט 15 גראַד, דער הונגער איז נישט צו באַשרייבן. גיב אונדז כוח, גאָטעניו, דאָס אַלץ צו קענען אַריבערטראָגן.

## דעם 16טן יאַנואַר.

ווער זענען דאָס די וועלכע משפּטן און חתמענען די אורטיילן אָוועקגעשיקט צו ווערן? 5 זענען זיי, וואָס פירן אָן מיטן גאַנצן אַפּאַראַט און אין די הענט פון די 5 ליגט דער גורל און שיקזאַל פון צענדליקער טויזנטער יידן. דער ערשטער איז דער פּרעזעס פון געריכט אַדוואָקאַט יאַקובזאָן. דער צווייטער איז דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי, ראָזענבלאַט. דער דריטער איז דער נאַטשאַלניק פון דער צענטראַלער תפיסה, שלום הערצבערג. דער פערטער איז אַדוואָקאַט נאַפּטאַלי און דער פינפטער איז דער לייטער פון דער קרימינאַל־פּאָליציי, נ. בלעמער. אָט די 5 מענטשן, חתמענען: מי לחיים ומי למות, ווער עס זאָל לעבן און ווער עס זאָל שטאַרבן. די וועלכע זענען שוין געחתמעט געוואָרן אַרויסגעשיקט צו ווערן פאַרקויפן פון זיך אַראָפּ אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן. אַ גאָר קליינער טייל באַהאַלט אויס דאָס מעבל און אַנדערע שטוב־זאַכן ביי פריינט און ביי באַקאַנטע. כמעט אַלע פאָרן אָוועק מיט אַ שווער און ביטער האַרץ. קיינער גלויבט נישט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל צוריקומען. דער גרעסטער צער איז אויף די קראַנקע און צעבראָכענע, וואָס האַלטן זיך קוים אויף די פיס. זיי זענען איינגעהילט אין שמאַטעדיקע מלבושים. זיי זיפצן: — רבונו של עולם, וואָס ווילסטו פון אונדז האָבן פאַר וואָס לאָזטו אונז נישט שטאַרבן אויף אונדזער געלעגער? נאָך שוידערלעכער איז צו זען ווי קליינע קינדער מיט געשוואָלענע אייגעלעך פון וויינען שטייען און ציטרן פון קעלט און קלאַמערן זיך ביי די אומגליקלעכע עלטערן: קום מאַמעשי, עס איז מיר דאָ קאַלט צו שטיין, איך קען שוין נישט אויסהאַלטן.

די אויבנדערמאַנטע 5 האָבן קיין רחמנות נישט. זיי האַנדלען ברוטאַל און טיילמאַל זייער געמיין. זיי פירן זיך אויף, ווי זיי וואָלטן געווען טיראַנען. פאַר יעדער קלייניקייט דראָען זיי מיט שווערע קאָנ־

סעקוועגצן און איבער זיי שטייט דער אַלמעכטיקער הערשער רומ־קאָווסקי, וואָס האַלט אין איין שרייען, שעלטן און דיקטירן: — „אַלע מיינע באַפעלן שטרענג אויספירן. ווען נישט, וועל איך אָנווענדן אַ צווייט מיטל, וואָס וועט זיין מער ווירקזאַם".

## דעם 17טן יאַנואַר.

היינט פרי איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דער ערשטער טראַנספּאָרט עוואַקואירטע. צוזאַמען האָט דער טראַנספּאָרט געציילט 780 מענער, 358 פרויען און 154 קינדער. דער גרעסטער טייל — אָרעמע, צעבראָ־כענע, נאַקעטע און אויסגעהונגערטע. זייער אָוועקפאָרן איז געווען אויסערגעוויינלעך טראַגיש. אַלע האָבן יאָמערלעך געוויינט, מאַמעס האָבן אַרומגעכאַפּט זייערע קליינע קינדער, צוגעדריקט זיי צו די ברוסטן און אויפן קול געשריגן: — „אויב מיר וועלן שטאַרבן, זאָלט איר כאָטש בלייבן לעבן, כדי צו קענען זיך נוקם זיין אין די, וועלכע פאַרשיקן אונדז". 1292 נפשות האָבן מוראַדיק געוויינט. אַ טראַגיש גלות־בילד! שרעק, צאָרן, מהומה ביז סכנות־נפשות האָבן זיך געמיינ־זאַם פאַראייניקט צו פאַרטיליקן אַן עדה יידן. מען האָט מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי יידן גייען אויף אומקום.

## דעם 18טן יאַנואַר.

היינט איז אַרויסגעשיקט געוואָרן די צווייטע פּאַרטיע עוואַקו־אירטע. די גרופּע האָט געציילט 760 נפשות, דערונטער אַ סך קליינע קינדער און קראַנקע. די צווייטע פּאַרטיע איז אויך געווען אין אַזאַ טרויעריקן מעמד ווי די ערשטע, נעכטיקע פּאַרטיע. אַלע האָבן ביטער געוויינט אויף זייער טרויעריקן גורל. מענטשן האָבן זיך געוואָרפן איינער אויפן צווייטן, געהאַלדזט זיך און געוויינט. איינער אַ ייד, מיטן נאָמען וויגדעראָוויטש, האָט צו זיך גערופן צוויי יידן און געזאָגט צו זיי: — הערט, יידן, איך וויל זאָגן פאַר אייך ווידוי, ווייל איך ווייס גענוי, אַז איך וועל שטאַרבן, זאָל כאָטש מיין תפילה געהערט ווערן צווישן יידן. איך גלייב באמונה שלימה, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט, וואָס וועט זיך נוקם זיין פאַר אונדזערע צרות.

## דעם 19טן יאַנואַר.

אויסער דעם דריטן טראַנספּאָרט, וואָס איז היינט פרי אַרויס־געשיקט געוואָרן מיט די זעלבע געוויינען און יעלות, מיט די זעלבע טרויעריקע סצענעס פון געזעגענען זיך, האָט פּאַסירט אַ מוראָדיקער פאַל: צוויי מענטשן, וואָס האָבן דעם צער און ווייטיק נישט געקענט אַריבערטראָגן האָבן באַקומען אויפן אָרט אַ האַרץ־שלאַג און זענען אויפן זאַמל־פּונקט, פאַר די אויגן פון אַלע פאַרזאַמלטע, געשטאָרבן. די געוויינען פון די איבערגעבליבענע פרויען און קינדער זענען געגאַנגען ביזן הימל. די צוויי טויטע זענען אַוועקגעשלעפּט געוואָרן און זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן בית־עולם. ווען איך בין צוגעגאַנ־גען צו שלום הערצבערגן און אים געבעטן, אַז ער זאָל היינט די אומגליקלעכע פאַמיליע נישט אַוועקשיקן, זאָלן זיי אַהיימגיין און זיך אויסוויינען, האָט ער אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן און דערקלערט: — „פאַרנעם דו זייער פּלאַץ. איך האָב באַקומען אַ באַפעל און מער גייט מיך נישט אָן".

## דעם 20טן יאַנואַר.

אַ דאַנק אַ געהיימער ראַדיאָ־ידיעה, איז די מרה־שחורה אַ ביסל פאַרלייכטערט געוואָרן, דער עולם האָט אָנגעהויבן צו גלייבן, אַז עס דערנענטערט זיך די דערוואַרטע אויסלייזונג, דער טאָג פון פרייהייט. די ראַדיאָ האָט מיטגעטיילט, אַז די דייטשע אַרמיי האָט באַקומען שווערע קלעפּ ביי דער שטאָט מאָזייסק, דער גאַנצער דייטשער שטאַב איז דאָרט אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט. די רוסישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אַ קאָנטער־אָפענסיווע און פאַרנעמט איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער. די מפּלות פון שונא דערפרייען אַזוי די צעבראָכענע הער־צער, אַז פאַר פרייד פאַרגעסט מען אַז אין די 18 גראַד פראָסט, אין דעם גרויסן הונגער און אין די לעצטע אויסוואַנדערונגס־טראַגעדיעס.

דער ברענגער פון דער וויכטיקער ידיעה חיים ווידאַווסקי איז געווען אַזוי איבעראַשט, אַז ער האָט פאַרגעסן די קאָנספּיראַציע. ער האָט מיטגעבראַכט מאַפּעס און זיי געוויזן ווי אַזוי דער פראָנט זעט אויס און ווי ווייט די רוסן זענען נאָך פון דער פּוילישער גרענעץ. דער

קליינער חיים ווידאַווסקי, דער הויפּט־פּאָליטיקער און הויפּט־פּאַרזאָר־גער פון די געהיימע ראַדיאָ־ידיעות האָט זיך געוועט, אַז ביז 6 חדשים וועט די רוסישע אַרמיי שוין זיין ביי דער פּוילישער גרענעץ. דערווייל האָט דער סטאַטיסטישער אַמט מיטגעטיילט, אַז אויפן בית־עולם האָט מען היינט געבראַכט צו קבורה 100 מתים. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, ווי מען פאַרצייכנט אין געטאָ אַזאַ צאָל טויטע.

## דעם 21טן יאַנואַר.

די בית־עולם־אַרבעטער קענען זיך ווידער קיין עצה נישט געבן. די גרויסע צאָל מענטשן, וואָס פאַלן טאָג־טעגלעך, באַשווערן שטאַרק זייער אַרבעט. וויפל קברים עס ווערן געגראָבן אויף רעזערוו איז אַלץ צו ווייניק, דאָס מתים־שטיבל איז פול. אויפן ערשטן אָרט גייען איצט די דייטשע יידן. זיי שטאַרבן אויס אין אַ גרויסע צאָל. זיי קענען בשום אופן נישט איבערהאַלטן די קעלט און דעם הונגער צוזאַמען. זיי שטאַרבן אַוועק ווי פליגן און קופּעס טויטע מערן זיך. 600 מתים וואַרטן צו קומען צו קבר־ישראל.

## דעם 22טן יאַנואַר.

היינט האָט דער פראָסט דערגרייכט 20 גראַד. אין אַלע שטובן הערשט אַ מוראָדיקע קעלט. דער גרעסטער טייל מענטשן ליגן אין די בעטן. אין אַלע שטובן איז דאָס וואַסער פאַרפרוירן. כמעט יעדן טאָג זענען דאָ קרבנות פון פראָסט. היינט זענען פאַרפרוירן געוואָרן אין די בעטן 19 מאַן. אויף דער קעלבאַך־גאַס האָט היינט פּאַסירט אַזאַ פאַל: איין שכן האָט געוואָלט באַרגן ביים צווייטן שכן אַ שוועבעלע, כדי ביי זיך אונטערצוהייצן זיין אייוועלע, האָט ער אַריינקומענדיק אין דער שטוב באַמערקט ווי די גאַנצע משפחה, אַ מאַן און אַ פרוי מיט דריי קינדער, ליגן פאַרפרוירענע. ער האָט געמאַכט אַ געוואַלד און אַלע שכנים זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן. מען האָט אָנגעהויבן צו ראַטעווען. מיט שווערער מי איז זיי געלונגען אָפּצוראַטעווען דריי פון דער משפחה און די איבעריקע צוויי, די מוטער און אַ טאָכטער, זענען אויף טויט פאַרפרוירן געוואָרן.

## דעם 23טן יאַנואַר.

נישט קוקנדיק אויף דער גרויזאַמער צייט, וואָס ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ ביטערער, האָט דער פּרעזעס היינט אַרויסגעלאָזט אַ גייעם לוקסוס קאַלענדאַר, וואָס איז אין דעם זעלבן טאָג באַלד פאַרטיילט געוואָרן פאַר אַלע רעסאָרטן און פאַר יחידי־סגולה. אויף דער ערשטער זייט פון דעם קאַלענדאַר געפינען זיך 5 לאָזונגען, וואָס זענען געוואָרפן געוואָרן אין טאָג ווען דער פּרעזעס איז געוואָרן דער עלצטער פון די יידן אין דער געטאָ.

די לאָזונגען זענען: 1 — אַרבעט; 2 — ברויט; 3 — זאָרג פאַר קראַנקע; 4 — השגחה איבערן קינד; 5 — רו אין געטאָ און אויף לעצט, זיין בילד, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַנטאַזיע, ווי דער גאַנצער קאָפּ זיינער איז פול פאַרנומען מיט דער זאָרג פון געטאָ. אויסער דעם געפינט זיך אויף יעדן בלעטל אַ פאַרצייכענונג וואָס דער פּרעזעס האָט שוין אויפגעטון פאַר די געטאָ־יידן. די בלעטלעך זענען פול מיט אַנערקענונג און ליבּ פאַרן פּרעזעס, אויסער די אַלע אָנגע־צייכנטע דאַטעס געפינט זיך אויך דער געבורטסטאָג פון מרדכי חיים רומקאָווסקי און דער יאָרצייט פון זיין ערשטע פרוי. מער געפינט זיך אין קאַלענדאַר גאָרנישט. קיין שום וויכטיקע דאַטע פון דער יידישער פאַרגאַנגענהייט, קיין שום טרייסט־ווערטער קיין שום האָפענונג.

אָט וואָס אין קאַלענדאַר איז פאַרצייכנט:

## דאָס יאָר 1939.

דעם 14־טן אָקטאָבער, איז רומקאָווסקי נאָמינירט געוואָרן אַלס דער יודן־עלצטער פון דער לאָדזשער קהילה.

דעם 15־טן אָקטאָבער האָט רומקאָווסקי איבערגענומען דעם אַפּאַ־ראַט פון דער געמינע.

דעם 16־טן אָקטאָבער איז באַשאַפן געוואָרן די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג.

דעם 20־טן אָקטאָבער איז באַשאַפן געוואָרן דאָס געזונטהייטס־אָפּטיילונג.

דעם 23־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די אינפאָרמאַציע־אָפּטיילונג.

דעם 21־טן דעצעמבער זענען דערעפנט געוואָרן די אַמבולאַטאָר־יומס נומער 1 און נומער 2.

## דאָס יאָר 1940.

דעם 3־טן יאַנואַר, איז געשאַפן געוואָרן די איינקויף־שטעלע.

דעם 4־טן יאַנואַר איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע גיכע־הילף.

דעם 15־טן יאַנואַר איז דערעפנט געוואָרן דאָס שפּיטאָל נומער 9 אויף וועסאָלאַ־גאַס.

דעם 20־טן יאַנואַר איז אַנטשטאַנען דער בעקער־רעסאָרט.

דעם 23־טן יאַנואַר איז געשאַפן געוואָרן דער וווינונג־אַמט.

דעם 8־טן פעברואַר איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער באַפעל וועגן מאַכן דאָס געטאָ אין גאַנצן, ספּעציעל פאַר יידן.

דעם 15־טן פעברואַר האָט זיך אָנגעהויבן דער אַריינקום פון יידן אין געטאָ.

דעם 18־טן פעברואַר איז געעפנט געוואָרן דאָס ערשטע געמינע־געוועלב פאַר קאָלאָניאַל־סחורות.

דעם 22־טן פעברואַר איז געעפנט געוואָרן דאָס צווייטע געמינע־געוועלב פאַר קאָלאָניאַל־סחורות.

דעם 23־טן פעברואַר איז דאָס אַלטע מושב־זקנים פון מיצקעוויטש־גאַס נומער 1, איבערגעגאַנגען אין אַ מאָדערן איבערגעבויט הויז אויף דוואָרסקאַ 74, פאַר 250 זקנים און זקנות.

דעם 27־טן פעברואַר איז געשאַפן געוואָרן די אָרדנונגס־דינסט־קאָמאַנדע.

דעם 28־טן פעברואַר איז געשאַפן געוואָרן דאָס קריפּל־היים.

דעם 10־טן מערץ האָט די יידישע געמינע איבערגענומען די עלעקטרישע סטאַציע פאַרן געטאָ־געברויך.

דעם 12־טן מערץ זענען געשאַפן געוואָרן די צוויי יתומים־הייזער אויף דוואָרסקאַ 6.

דעם 15־טן מערץ איז דערעפנט געוואָרן די פּאָסט־אָפּטיילונג פאַרן געטאָ.

דעם 28־טן מערץ איז דערעפנט געוואָרן די אַפּטייק נומער 1.

דעם 8־טן אַפּריל איז דערעפנט געוואָרן די אַפּטייק נומער 2, אויף לימאַנאָווסקיעגאָ נומער 37.

דעם 10־טן אַפּריל איז געשאַפן געוואָרן דאָס שפּיטאָל אויף מאַרישין.

דעם 15־טן אַפּריל איז געשאַפן געוואָרן די פייערלעשער־אָפּטיילונג.

דעם 17־טן אַפּריל איז געשאַפן געוואָרן דער לאַנדווירטשאַפטס־רעפעראַט.

דעם 19־טן אַפּריל איז דערעפנט געוואָרן דער צווייטער מושב־זקנים פאַר 120 זקנים און זקנות.

דעם 27־טן אַפּריל איז דערעפנט געוואָרן דאָס אַמבולאַטאָריום אויף לוטאָמיערסקאָ 40.

דעם 29־טן אַפּריל איז דערעפנט געוואָרן דאָס גרויסע שפּיטאָל נומער 1, אויף לאַגעווניצקאָ נומער 45, ווי אויך די פינאַנס־אָפּטיילונג. אַ טאָג שפּעטער איז אויך דערעפנט געוואָרן דאָס זויגלינג־היים.

דעם 7־טן מאַי איז געשאַפן געוואָרן דער צענטראַל־סעקרעטאַריאַט אויפן באַלוטער מאַרק.

דעם 8־טן מאַי איז געשאַפן געוואָרן די קוילן־אָפּטיילונג.

דעם 10־טן מאַי איז געשאַפן געוואָרן די מעלדונגס־ביוראָ.

דעם 27־טן מאַי זענען געשאַפן געוואָרן 4 פאַרטיילונגס־פּונקטן, פאַר קאָלאָניאַל און גרינצייג־אָפּטיילונגען.

דעם 28־טן מאַי איז געשאַפן געוואָרן דער קוימענקערער־אָפּטיילונג.

דעם 1־טן יוני איז דערעפנט געוואָרן די אַמבולאַטאָריומס נומער 3 און נומער 4.

דעם 24־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן די פרייז־קאָנטראָל־שטעלע, ביי דער אָרדענונגס־דינסט.

דעם 4־טן יוני איז דערעפנט געוואָרן אַ פיליע פון דער פּאָסט־

אָפּטיילונג אויף ריבנאַ נומער 1. דעם זעלבן טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן דער סטאַטיסטישער־אַמט.

דעם 5־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן דער אויספאָרשונגס־אַמט.

דעם 10־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן די פּערסאָנאַל־אָפּטיילונג. דעם זעלבן טאָג איז אויך געעפנט געוואָרן אויף בזשעזשינער־גאַס נומער 56 די דריטע אַפּטייק.

דעם 15־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן דער שניידער־רעסאָרט אויף יאַקובאַ נומער 8.

דעם 24־טן יוני איז אויף מאַרישין דערעפנט געוואָרן אַ פּראָדוקטן פּאַרטיילונגס־פּונקט.

דעם 26־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן די עמיסיע־באַנק מיט אַ פיליע.

דעם 27־טן יוני איז דערעפנט געוואָרן דאָס שפּיטאָל נומער 2 אויף דרעוונאָווסקאַ 75. אין דעם זעלבן טאָג, איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ זאַמל־פּונקט פאַר דאַכלאָזע.

דעם 1־טן יולי איז דערעפנט געוואָרן די מילך־אָפּטיילונג. דעם זעלבן טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן די אָפּטיילונג פאַר עפנטלעכע אַרבעט.

דעם 2־טן יולי איז מיט גרויס פּאָמפּע געשאַפן געוואָרן די זאָנדער־פּאָליציי.

דעם 8־טן יולי איז אין דער געטאָ איינגעפירט געוואָרן די מאַרק־קוויטונג (געטאָ־געלט), מיט דער אונטערשריפט פון חיים רומקאָווסקי.

דעם 10־טן יולי איז געשאַפן געוואָרן דער ציוויל־שטאַנד־אַמט.

דעם 12־טן יולי איז דערעפנט געוואָרן די אַפּטייק נומער 5, ווי אויך די שטעפּ־דעקן רעסאָרט.

דעם 14־טן יולי איז געשאַפן געוואָרן דער טישלער־רעסאָרט.

דעם 18־טן יולי איז דערעפנט געוואָרן דער שפּיטאָל נומער 4, אויף מיצקעוויטש־גאַס.

דעם 27־טן יולי איז געשאַפן געוואָרן דאָס יתומים־הויז אויף מאַרישין, פאַר קינדער מיט אַן אָרטאָדאָקסישער דערציאונג.

דעם 28־טן יולי איז געשאַפן געוואָרן דער צווייטער שניידער־

רעסאָרט אויף יאַקובאַ. אין דעם זעלבן טאָג איז אויך געשאָסן געוואָרן נאָך אַ טישלער־אָפּטיילונג.

דעם 10־טן אויגוסט איז געשאָסן געוואָרן די גאַרבעריי.

דעם 11־טן אויגוסט איז געשאָסן געוואָרן די צווייטע סטאַציע פאַר גיכע־הילף.

דעם 14־טן אויגוסט איז געשאָסן געוואָרן דאָס צווייטע באָד־אַנשטאַלט מיט אַ דעזינפעקציע־הויז.

דעם 18־טן אויגוסט איז אַנטשטאַנען די טעקסטיל־פאַבריק.

דעם 19־טן אויגוסט איז דערעפנט געוואָרן די קינדער־קאָלאָניע אויף מאַרישין.

דעם 20־טן אויגוסט איז געשאָסן געוואָרן די ראַבינאַט־קאַנצע־לאַריע. אין דעם זעלבן טאָג איז אויך געשאָסן געוואָרן נאָך אַ שניידער־רעסאָרט, אויף לאַגעוונִיצקאַ נומער 53.

דעם 23־טן אויגוסט איז געשאָסן געוואָרן די וורשט־פאַבריק.

דעם 1־טן סעפּטעמבער איז געשאָסן געוואָרן די ערשטע מילך־קיך פאַר זויגקינדער.

דעם 8־טן סעפּטעמבער איז געשאָסן געוואָרן די צענטראַלע איינקויף־שטעלע.

דעם 15־טן סעפּטעמבער איז געשאָסן געוואָרן די איבערפאַל־קאָמאַנדע (פּאָליציי).

דעם 17־טן סעפּטעמבער איז געשאָסן געוואָרן דער דריטער שניידער־רעסאָרט אויף זשאַביע 13.

דעם 20־טן סעפּטעמבער איז ליקווידירט געוואָרן די סאָציאַלע הילף, אויף איר אָרט איז געשאָסן געוואָרן דער אונטערשטיצונגס־סיסטעם א״ב „סאָציאַלע פאַרזאָרגונג״, וואָס האָט פעסטגעשטעלט אַן איינ־הייטלעכע אינטערשטיצונג פאַר יעדן אַרבעטסלאָזן מענטש אין דער געטאָ.

דעם 22־טן סעפּטעמבער איז געשאָסן געוואָרן דאָס געטאָ־געריכט.

דעם 26־טן סעפּטעמבער איז געשאָסן געוואָרן דער רעסאָרט פאַר פילץ און שטובן־שיך. אין דעם טאָג איז אויך געשאָסן געוואָרן די גאַז־אָפּטיילונג.

דעם 28־טן סעפּטעמבער איז געשאַפן געוואָרן נאָך אַ שניידער־רעסאָרט אויף דוואָרסקאַ 10.

דעם 1־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן אויפן באַלוטער מאַרק, די צענטראַלע ביוראָ פאַר אַלע אַרבעטער־רעסאָרטן.

דעם 6־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן די לאַבאָראַטאָריעס פאַר קינסטלעכע ציין, וואָס איז באַלד פון אָנפאַנג אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף זייער אַ הויכן ניוואָ און טויזנטער מענטשן זענען פשוט געראַטעוועט געוואָרן פון פאַרשיידענע קאָמפּליצירטע ציין־צרות.

דעם 8־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן דער קירזש־נער־רעסאָרט.

דעם 10־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן דער שטריקער־רעסאָרט.

דעם 15־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער סעק־רעטאַריאַט פאַר ביטעס און אָנקלאַגעס אויף דוואָרסקאַ נומער 1.

דעם 26־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן דער וועש־קליידער־רעסאָרט, אויף דוואָרסקאַ נומער 14.

דעם 31־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן די שול־אָפּטיילונג.

דעם 1־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די טריקאָטאַזש־פאַבריק.

דעם 5־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן דער פינפטער פּאָלי־ציי־רעוויר.

דעם 7־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די העכסטע קאָנטראָל־קאָמער א״נ „ניק״. די אויפגאַבע פון דער קאָמער איז צו קאָנטראָלירן דאָס גאַנצע געטאָ־לעבן מיט אַלע אירע געברויכן פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

דעם 12־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן דער גומי־מאַנטל־פאַבריק.

דעם 13־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן דער היטן־רעסאָרט.

דעם 15־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די פלייש־צענטראַלע.

דעם 18־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די באַרימטע צענ־טראַלע תפיסה.

דעם 23־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן אויף מאַרישין אַ וועש־רעסאָרט.

דעם 24־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די מילכווארג־אָפטיילונג.

דעם 29־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן די קיכן־אָפטיילונג. אין דעם טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן נאָך אַ שוסטער־רעסאָרט אויף בזשעזשינער נומער 75.

דעם 2־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן די הענטשקע־פאַבריק און אויך אַ זאָקן־פאַבריק, מיט נאָך אַ שוסטער־רעסאָרט אויף מאַרישין.

דעם 15־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן דער שניידער־רעסאָרט אויף לאַגעווניצקאַ נומער 49.

דעם 20־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן דער שניידער־רעסאָרט אויף נאָוואָמיעיסקאַ נומער 28.

## דאָס יאָר 1941.

דעם 25־טן יאַנואַר איז געשאַפן געוואָרן דער לעדער און זאָטל־רעסאָרט.

דעם 29־טן יאַנואַר איז געשאַפן געוואָרן די טאַלאַנען־פאַרטיילונג פאַר קינדער און קראַנקע.

דעם 1־טן פעברואַר איז דערעפנט געוואָרן דאָס קולטור־הויז און די אַפטייק נומער 6.

דעם 10־טן פעברואַר איז איבערגעטראָגן געוואָרן דאָס יתומים־הויז פון מאַרישין מיט 300 קינדער אין אַ נייעם לאָקאַל אויף פראַנציסקאַנער־גאַס נומער 78.

דעם 27־טן פעברואַר איז געשאַפן געוואָרן די פאַפיר־אָפטיילונג.

דעם 1־טן מערץ איז געשאַפן געוואָרן די מעבל־אָפטיילונג. אין דעם טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן דער דריטער טישלער־רעסאָרט.

דעם 2־טן מערץ איז געשאַפן געוואָרן די פרעסע־אָפטיילונג אויפן באַלוטער־מאַרק, ווי אויך דער היטל־מאַכער רעסאָרט.

דעם 7־טן מערץ איז דערשינען דער ערשטער נומער „געטאָ־צייטונג".

דעם 8־טן מערץ איז אין דער געטאָ איינגעפירט געוואָרן שנעל־געריכט.

דעם 26־טן מערץ איז געשאַפן געוואָרן דער רעסאָרט פאַר קונסט־געוועב.

דעם 6־טן אַפריל איז דערעפנט געוואָרן דאָס צווייטע דיעטע־געוועלב. דעם זעלבן טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן די הויפט־פאַך־קאָמיסיע.

דעם 1־טן אַפריל איז געשאַפן געוואָרן די געמינע־דרוקעריי.

דעם 9־טן אַפריל איז געעפנט געוואָרן דאָס שפּיטאָל נומער 5, אויף גאַרבאַרסקאַ נומער 8.

דעם 18־טן אַפריל איז געשאַפן געוואָרן דער אַפּוטרופּסים־רעפעראַט איבער יתומים און אָרעמע קינדער.

דעם 13־מאַי איז געשאַפן געוואָרן דאָס קוראַטאָריום פאַר קינדער אויף לאַגעווניצקאַ נומער 55.

דעם 20־טן מאַי איז געשאַפן געוואָרן די בערשטן און פענדזל־פאַבריק.

דעם 30־טן מאַי איז געשאַפן געוואָרן דער אַדמיניסטראַטיווער שטראָף־רעפעראַטביים באַלוטער־מאַרק. דעם זעלבן טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן דער מעטאַל־רעסאָרט אויף סמאָגאָוואַ נומער 12.

דעם 1־טן יוני זענען פאַראייניקט געוואָרן אַלע יתומים־הייזער און זיי זענען אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין איין גרויסן לאָקאַל אויף פראַנציסקאַנער־גאַס נומער 102. אין דעם טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן דער עלעקטראָטעכנישער־רעסאָרט.

דעם 15־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן די גאַז־קוכן־אָפּטיילונג.

דעם 28־טן יוני איז געשאַפן געוואָרן דער טעפּיכער־רעסאָרט.

דעם 1־טן יולי האָט די געמינע געהעכערט די אונטערשטיצונג פאַר אָרעמע אויף 52%.

דעם 8־טן יולי איז געשאַפן געוואָרן די דריטע באָד־אַנשטאַלט.

דעם 16־טן יולי איז געשאַפן געוואָרן דאָס געריכט פאַר מינדער־יאָריקע.

דעם 5־טן אויגוסט איז געשאַפן געוואָרן דער וועש־רעסאָרט, אויף

מלינאַרסקאַ נומער 5. אין זעלבן טאָג איז אויך געשאַפן געוואָרן די איינקויף־שטעלע פאַר אַלט־מאַטעריאַלן.

דעם 11־טן אויגוסט איז דערעפנט געוואָרן די דערהאָלונגס־היים פאַר קינדער אויף מאַרישין.

דעם 1־טן סעפטעמבער איז געשאַפן געוואָרן דער קוכער־רעסאָרט. ווי אויך אַ קאָרקן־פאַבריק און די כעמישע־וועשעריי.

דעם 9־טן סעפטעמבער איז איינגעפירט געוואָרן דער טראַנספּאָרט דורך אַן עלעקטרישן טראַמוויי, אַזוי אַרום איז פאַרלייכטערט געוואָרן די אַפּראָוויזאַציע־פאַרטיילונג פון דער געטאָ.

דעם 14־טן סעפטעמבער איז געשאַפן געוואָרן די קיכן־קאָנטראָל.

דעם 25־טן סעפטעמבער איז זי אויפגעלייזט געוואָרן.

דעם 26־טן סעפטעמבער איז געשאַפן געוואָרן דער רעסאָרט פאַר שטרויענע שיך.

דעם 17־טן אָקטאָבער האָט מען אָנגעהויבן בויען די נייע טראַמוויי ליניעס אין געטאָ.

דעם 24־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן די באַקליידונגס־אָפּטיילונג.

דעם 25־טן אָקטאָבער איז דערעפנט געוואָרן דאָס צווייטע דיעטע־געוועלב, נומער 3.

דעם 28־טן אָקטאָבער איז געשאַפן געוואָרן די פאַבריק פון האָלץ־וואָל.

דעם 3־טן נאָוועמבער איז געשאַפן געוואָרן דער גאָרסעטן־רעסאָרט.

דעם 1־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן דאָס אַמבולאַטאָריום נומער 4, אויף בזשעזשינער־גאַס נומער 40.

דעם 4־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיי־לונג פאַר די ניי איינגעוואַנדערטע (פּליטים).

דעם 6־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן דאָס אָפיציעלע מושב־זקנים־הויז, פאַר 300 אַלטע לייט, פון די נייע פּליטים.

דעם 15־טן דעצעמבער איז געשאַפן געוואָרן דער קאַמאַשן־שטעפּער רעסאָרט.

דעם 28־טן דעצעמבער איז דערעפנט געוואָרן די נייע און גרויסע מילך־קיך פאַר זויגלינגען און קליינע קינדער, אויף בזשעזשינער נומער 10.

דעם 30־טן דעצעמבער איז אויסגעפערטיקט געוואָרן דאָס קינדער־שפּיטאָל נומער 6, אויף לאַגעווניצקאַ 37, מיט 300 קינדער־בעטלעך.

ווער האָט רומקאָווסקין געצוווּנגען צו שאַפן אין דער געטאָ אַ צענטראַלע תּפיסה, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דאָס שעכט־הויז פאַר טויזנטער יידן? ווער האָט רומקאָווסקין געצוווּנגען צו שאַפן איבער־פאַל־קאָמאַנדעס און זאָנדער־קאָמאַנדעס און נאָך אַנדערע קאָמאַנדעס, וואָס זאָלן טרעטן דעם אייגענעם גערודפטן ברודער? צי איז וויניק געווען די נאָרמאַלע געטאָ־פּאָליציי, וואָס האָט אויסגעפירט אירע פונקציעס?

עס איז אַ באַוווּסטע זאַך, אַז אַ דיקטאַטאָר שאַפט אַרום זיך קליינע דיקטאַטאָרלעך, וואָס פירן ברוטאַל אויס באַפעלן פון זייער הערשער. דעריבער האָט רומקאָווסקי געשאַפן אַרום זיך פאַרשיידענע פּאָליציי־קאָמאַנדעס, כדי איין קאָמאַנדע זאָל צווינגען דער צווייטער אויסצו־פירן די באַפעלן פון דעם הויפּט־דיקטאַטאָר. אין אָנהייב איז די פּאָליציי צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון האַלבע און גאַנצע אונטערוועלט־מענטשן. שפּעטער, ווען דאָס לעבן האָט אָנגעהויבן שווערער צו ווערן און די געשאַפענע פּאָליציי האָט זיך אויפגעפירט אַזוי, אַז רומקאָווסקי אַליין האָט אָנגעהויבן צו דרייען מיט דער נאָז, האָבן פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס ווי אויך געזעלשאַפטלעכע טוער, זיך געווענדעט צו רומקאָווסקי, אַז ער זאָל אין די רייען פון דער פּאָליציי אַריינגעמען בעסערע און מער קולטורעלע מענטשן. די אינטערווענץ האָט געהאָלפן. אַ העלפט פון דער ערשטער פּאָליציי איז פון זייערע רעווירן באַזייטיקט געוואָרן און עס זענען אַריינגענומען געוואָרן אין דער פּאָליציי מענטשן פון דער אַזוי גערופענער בעסערער ספערע. אין אַלגעמיין איז דער געטאָ־סיסטעם געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון היטלער־דייטשלאַנד, פּאָליציי זענען געווען פאַרשיידענע סאָרטן, פאַרשיידענע קאָמאַנדעס, מיט פאַרשיידענע קאָמיסאַרן.

די נעמען פון די פאַרשיידענע פּאָליציי־קאָמאַנדעס זענען:

אָרדענונגס־דינסט־פּאָליציי (א.ד.). זייער אויפגאַבע איז אַכטונג צו געבן אויף די גאַסן, היטן די געטאָ־דראָטן און די געטאָ־טויערן, אָפּהיטן אויך די אַרבעטס־רעסאָרטן און שטיין גרייט צו יעדער שליחות. די פּאָליציי איז געווען איינגעטיילט אין 5 רעווירן און פאַר יעדן רעוויר איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך אַ פּאָליציי־קאָמיסאַר, מיט געהילפן, זייער אויפגאַבע איז געווען אָפּצוהיטן נאָר זייער ראַיאָן־רעוויר.

אין די פּאָליציי־קאָמאַנדעס איז פאַרטרעטן אַ גרויסע צאָל מענטשן פון דער בעסערער געזעלשאַפט.

איבערפאַל־קאָמאַנדע־פּאָליציי (א.ק.פּ.). זייער אויפגאַבע איז שטענדיק צו זיין גרייט איבערצופאַלן, דאָרט וווּ עס הערשט אַן אומ־אָרדענונג, צעטרייבן דעמאָנסטראַציעס, אַרעסטירן ווילע־יונגען און בכלל אָנוואַרפן אַ מורא אויף דער גאַנצער געטאָ־באַפעלקערונג.

זאָנדער־פּאָליציי (ז.פּ). אַ ספּעציעלע קאָנטראָל־פּאָליציי, וואָס איר אויפגאַבע איז אַכטונג צו געבן אויף דער גאַנצער ווירטשאַפט אין געטאָ. די זאָנדער־פּאָליציי האָט געהאַט אַ צוטריט צו אַלע אַרבעטס רעסאָרטן, צו אַלע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, צו אַלע קאָמונאַלע געטאָ־צווייגן און אויך געדינט אַלס אויבער־קאָנטראָל איבער די געטאָ־פּאָליציי.

קרימינאַל־פּאָליציי (ק.פּ.). די אויפגאַבע פון דער פּאָליציי איז צו שטיין אויף דער וואַך אין קאַמף קעגן די קרימינאַליסטן אין געטאָ. די פּאָליציי אונטערליגט נאָר רומקאָווסקין, געריכט און תפיסה.

קיכן־פּאָליציי. די אויפגאַבע פון דער פּאָליציי איז אַכטונג צו געבן אויף אַלעם וואָס ווערט אין דעם קעסל אַריינגעלייגט און אַרויס־גענומען; היטן אַז די קיכן־אַרבעטער זאָלן נישט אויפעסן אָדער גנבע־נען דאָס, וואָס ווערט אַריינגעלייגט אין די קעסלען. די פּאָליציי אינטערליגט נאָר רומקאָווסקין און דעם קיכן־לייטער קויפמאַן.

אין אַלגעמיין האָט יעדער געטאָ־איינוווינער באַדאַרפט באַקומען יעדן טאָג אַ זופּ, לויט אַ צוטיילונג פון קיכן־לייטער, אויף ¾ ליטער זופּ, 2 דעקאָ קאָלאָניאַל, 5 דעקאָ קאַרטאָפל, 5 דעקאָ ריבן, פעטס איז קיינמאָל ניט געקומען אין באַטראַכט, דאָס הייסט, אין קעסל האָט מען דווקא יאָ אַריינגעלייגט פעטס, נאָר ביז עס איז געקומען צום

קאָנסומענט איז דאָס פּעטס אויסגערינען. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט די קאַרטאָפל. זעלטן ווער, וואָס האָט באַקומען זיין ריכטיקע קאַרטאָפל צוטיילונג, דאָס איז דערפאַר וואָס די קיכן־פּערסאָנאַלן האָבן צו ערשט זיך אַליין פאַרזאָרגט. דאָס פּעטע און דאָס גערדיכטע האָבן זיי אויפגעגעסן און דאָס וואַסער איז פאַרטיילט געוואָרן.

## דעם 23טן יאַנואַר.

היינט איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז 50 נפשות פון די וואָס האָבן אין זיין צייט באַקומען אויסוואַנדערונגס־צעטלען האָבן באַקומען האַרץ אַטאַקן און זענען געשטאָרבן. די אַלע האָבן נישט געקענט איבערטראָגן און אויסהאַלטן דעם גרויסן צער פון מוזן פאַרלאָזן אין אַזאַ שווערן ווינטער זייערע היימען. אַ טייל פון די אומגליקלעכע האָבן באַקומען האַרץ־שלאַג שוין זייענדיק אָנגעטאָן, מיט די פּעק אויף די אַקסלען. עס קען זיין, אַז מיר וועלן שפּעטער נאָך אַ סך זאַכן זיך דערוויסן וועגן די שרעקלעכע טראַגעדיעס פון די 10־טויזנט עוואַקואירטע פון געטאָ. שוין איצט איז דאָס בילד אַ שרעקלעכס, אַ גרויזאַמס. יעדער איינער ציטערט ווען ער דערמאָנט זיך, ווי אַזוי די אומגליקלעכע יידן זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן. איך גלייב אַז אַזאַ פעדער איז נאָך נישט באַשאַפן געוואָרן, וואָס זאָל קענען דאָס בילד באַשרייבן.

## דעם 24טן יאַנואַר.

דער פּרעזעס האָט היינט צונויפגערופן אַן עקסטראַ זיצונג פון אַלע קהילה מושלים. עס זענען אויך געקומען אַ גרעסערע צאָל רעסאָרט־לייטערס מיט זייערע געהילפן. געקומען צו דער זיצונג זענען איבער 60 מאַן. אַ טייל האָבן אויך מיטגעבראַכט זייערע פרויען. דעם אויבן־אָן האָבן פאַרנומען די הויפּט־מושלים פון דער געטאָ, די ה״ה: שטשעבשליוו, יאַקובאָוויטש, גערשאָוסקי, יוזעף רומקאָווסקי, ניימאַן, זאַזשוע, קליגער, ד״ר שיקער, קאָמיסאַר קאַל, קאָמיסאַר ריינגאָלד, קאָמיסאַר בלעמער, קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, קאָמיסאַר דאַנציגער, שיפער, איזראַעלעוויטש, פרל׳ פוקס, פאַדלאַסקי, ראָזענזאַן און פרל׳ וואָלק. געעפנט די זיצונג האָט ד״ר שיקער. אין זיין אַריינפיר רעדע

האָט שיקער געשילדערט די שרעקלעכע לאַגע פון די מאַסן וואָס הונגערן. „מיר דאַרפן זוכן אַן עצה ווי אַזוי דעם שווערן הונגער צו לינדערן". באַלד האָט געגומען דאָס וואָרט דער פּרעזעס און האָט דערקלערט:

„איך וויל, אַז איר זאָלט מיך פאַרשטיין. די גאַס קען מיך נישט פאַרשטיין. זיי מיינען, אַז איך מאַך דאָס, ווייל אַזוי וויל איך. זיי מיינען, אַז וואָס עס קומט פאָר אין דער געטאָ, איז צוליב מיין שולד. זיי ווייסן נישט די שוועריקייטן, וואָס איך האָב מיט די באַהערדן. זיי האָבן פון מיר געוואָלט 20 טויזנט יידן. איך האָב זיך אָפּגעבעטן אויף 10 טויזנט. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ שווער שטיקל אַרבעט. דעם הונגער קען איך ליידער נישט שטילן. איך האָב נישט מיט וואָס אים צו שטילן. די קאַרטאָפל זענען פאַרפרוירן געוואָרן. די וועגן זענען באַלייגט מיט מיליטער. איך קען איצט נישט פאָדערן, אַז מען זאָל מיר צושיקן קאַרטאָפל אָדער אַנדערע גרינצייגן. מעל האָב איך יאָ ליגן. דאָס האַלט איך אָבער אויף פסח. איך וויל, אַז אויף פסח זאָלן די יידן האָבן אַ גוטן, זאַטן יום־טוב".

אַלע פאַרזאַמלטע האָבן מיט קיין איין וואָרט נישט אויפגעקלערט דעם פּרעזעס, אַז עס איז גלייכער איצט דאָס מעל צו פאַרטיילן און דערמיט צו לינדערן דעם גרויסן הונגער. אַלע זענען געזעסן, אויסגעהערט די שיינע רעדע פון פּרעזעס, פון צייט צו צייט אַפּלאָדירט אים, געשמייכלט צו אים און געטרינקען שוואַרצע קאַווע. שפּעטער בין איך איבערראַשט געוואָרן, זעענדיק ווי מען ברענגט אַריין פאַר די געסט פון כל־טוב. נאָך דער פעטער וועטשערע איז זיך דער עולם צעגאַנגען.

## דעם 25טן יאַנואַר.

דער בית־החיים־לייטער ה' ביאַלער האָט מיר היינט געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט וואָס ער זאָל טון מיט די אָנגעזאַמלטע טויטע. אין היינטיקן טאָג ליגן 402 טויטע, וואָס אייניקע פון זיי ליגן שוין 8 טעג און קענען בשום אופן נישט קומען צו קבר־ישראל. איך פרעג דעם ה' ביאַלער: — פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, פאַרוואָס קען מען נישט

צושטעלן נאָך אייניקע אַרבעטער, כדי אויסצומיידן דעם חילול־המת. ענטפערט ער מיר אַזוי:

— די מתים מערן זיך אַזוי ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. יעדן טאָג קומען אויפן בית־עולם אַרויף פון 90 ביז 100 מתים. מיר מאַטערן זיך אויסערגעוויינלעך. אונדז איז שווער, מיר האָבן נישט קיין ברעטער, מיר האָבן נישט קיין תכריכים, מיר האָבן נישט אַפילו גענוג האָלץ אונטערצוהייצן די וואַסער־קעסלען צו טהרה. די אַרבעטער, וועלכע גראָבן די קברים האַלטן זיך קוים אויף די פיס. זיי קומען צו דער אַרבעט אויסגעפרווירענע און אויסגעהונגערטע. אין אַזאַ מצב און אין אַזעלכע באַדינגונגען איז אוממעגלעך, אַז עס זאָל אויפן בית־עולם הערשן אָרדענונג. און איצטער די ספּעציעלע איבער־שעה׳ן וואָס מיר האָבן באַקומען פון דער געסטאַפּאָ. יעדע וואָך, און טיילמאָל צוויי־דריי מאָל אַ וואָך, באַקומען מיר פון דער געסטאַפּאָ מיטטיילונגען צו קומען אויפן בית־עולם, ווייל מען האָט געבראַכט טויטע פון אויסער דער געטאָ, וואָס מען מוז זיי ווי אַמשנעלסטן קובר זיין. די אַרבעט איז אַ שווערע, ווייל מען מוז גראָבן קברים און דאָס אַלץ ווערט געמאַכט אין אַ שנעלן טעמפּאָ. שטעלט אייך פאָר, — זאָגט מיר ווייטער ה׳ ביאַלער, — פאַרן קריג האָט לאָדזש געציילט 250.000 יידן, די דורכ־שניטלעכע שטערבלעכקייט איז געווען פון 10 ביז 15 מענטשן אַ טאָג, אַלע באַדינגונגען זענען געווען אויפן אָרט גוט אָרגאַניזירט, ווען עס האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז די שטערבלעכקייט האָט איבערגעשריטן די נאָרמאַלע צאָל, האָט זיך געטון חושך. אַלע בית־עולם אַרבעטער זענען אַהיימגעגאַנגען מידע, צעבראָכענע.ביים היינטיקן טאָג דערגרייכט די שטערבלעכקייט 100 אַ טאָג און די באַדינגונגען זענען אויסער געוויינ־לעך שווערע. מיר דאַרפן אַלע בעטן דעם רבונו־של־עולם, אַז ער זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אונדז „סלח נא לעון העם הזה”, ווען נישט וועלן מיר אַלע אונטערגיין.

דעם 26טן יאַנואַר.

דער דריטער פּאָליציי־רעוויר האָט היינט מיטגעטיילט, אַז אויף יעראָזאָלימסקאַ־גאַס נומער 4 האָט די פּאָליציי אַנטדעקט אַ טויטן בחור, וואָס איז געלעגן אייניקע טעג אונטערן בעט פון זיין מוטער.

ווען די פּאָליציי האָט געפרעגט די מוטער, פאַרוואָס זי האָט נישט מיטגעטיילט, אַז איר זון איז טויט, כדי אים צו ברענגען צו קבורה, האָט די פרוי גאַנץ פשוט געענטפערט:

— צו וואָס דאַרף איך דאָס מאַכן אַזוי גיך? איך וועל אין קורצן אויך שטאַרבן. צוליב דעם וויל איך מיט מיין קינד זיך נישט שיידן. איך וויל, אַז מען זאָל אונדז ביידע צוזאַמען קובר זיין.

דעם טויטן זון האָט די פּאָליציי אַרויסגעפירט אויפן בית־עולם און די מוטער איז אַרעסטירט געוואָרן. בעת דער ערשטער אויספאָר־שונג האָט די מוטער באַקומען אַ שווערע אַטאַקע און איז אין אַ פּאָר שעה אַרום געשטאָרבן.

אַזעלכע טראַגעדיעס פּאַסירן איצט אין געטאָ טאָג־טעגלעך. מען־טשן פאַלן ווי די פליגן, קינדער טיילן נישט מיט ווען די עלטערן שטאַרבן און עלטערן טיילן נישט מיט ווען זייערע קינדער שטאַרבן.

## דעם 27טן יאַנואַר.

צום פּרעזעס האָבן זיך היינט געווענדעט אַ גרופּע קריסטן־יידן (משומדים) מיט אַ פּעטיציע, אַז דער פּרעזעס זאָל דערלויבן זייערע קינדער צו לערנען די קריסטלעכע רעליגיע און פאַר די עלטערע אַ ספּעציעל אָרט צו מאַכן אַ געבעט־הויז. דער פּרעזעס האָט די משומדים אויסגעהערט און זיי דערקלערט:

— אין דער געטאָ האָט ער נישט צו טון מיט קיין רעליגיע־זאַכן, אַלע די וועלכע טראָגן געלע לאַטעס זעבען פאַררעכנט אַלס ייִדן. אויב איר געפינט זיך געטראָפן דערפון, שרייבט די פּעטיציע צו דער געס־טאַפּאָ, אַז זיי זאָלן אייך פון דאַנען באַפרייען, דאַן וועל איך אייך גערן אַרויסלאָזן. כל־זמן איר געפינט זיך דאָ מיט אונדז, זענט איר ייִדן. דעריבער שלאָגט אייך אַרויס פון אייערע קעפּ, אַז איך וועל פאַר אייך עפּעס מער טון ווי פאַר די איבעריקע ייִדן. איר ווילט זיך נישט מיט אונדז חבר'ן, ביטע זייער, טראָגט אייך אָפּ פון דאַנען. קיין גרויס עגמת־נפש וועל איך דערפון נישט האָבן.

די דעלעגאַציע האָט אויף אַזאַ אָפּשניט זיך נישט געריכט און זי האָט אָן אַ גוטן־טאָג געעפנט די טיר און געמאַכט ויברח.

דער פּרעזעס האָט אין דעם פאַל זייער גוט און ריכטיק געהאַנדלט.

## דעם 28טן יאַנואַר.

היינט איז ענדגילטיק אין אַרכיוו אָוועקגעלייגט געוואָרן די ליסטע פון די לעצט־אַרויסגעשיקטע פון דער געטאָ. צוזאַמען זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן 10 טויזנט און 2 נפשות. ביים אַרויסשיקן איז יעדער אַדורכגעגאַנגען אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס האָט פעסטגעשטעלט די אָרעמקייט, די קראַנקהייט און דעם פאַרברעך צוליב וועלכן מען איז צוגעשטעלט געוואָרן דורך דער הויפּט־קאָמיסיע אַרויסגעשיקט צו ווערן. עס פאַרשטייט זיך, אַז די שפּיצן פון דער אונטערוועלט האָט מען נישט גערירט. זיי האָט מען איבערגעלאָזט. פאַר זיי האָט מען מורא. מיט זיי רעכנט מען זיך. זייערע נעמען זענען אַלעמען גוט באַקאַנט.

## דעם 29טן יאַנואַר.

היינט האָט די געסטאַפּאָ מיטגעטיילט, אַז דער גירוש איז אָפּ־געשטעלט געוואָרן. אַלע רעסאָרטן זאָלן נאָרמאַל צוטרעטן צו זייער אַרבעט. פאַר פאַרנאַכלעסיקן די אַרבעט וועט מען שטרענג באַשטראָפט ווערן. אויך דער פּרעזעס האָט באַלד אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף. אין אויפרוף פאָדערט דער פּרעזעס: „נעמען זיך שטאַרקער צו דער אַרבעט. נישט פאַרנעמען זיך מיט קיין פּאָליטיק. די וועלכע זענען געווען אַ לאַסט פאַר דער געטאָ, זענען באַזייטיקט געוואָרן. זיי האָבן געמוזט אָפּטרעטן און מאַכן פּלאַץ פאַר די, וועלכע ווילן און קענען אַרבעטן. עס קומט אָן פרישע אַרבעט, וואָס מען וועט זי דאַרפן ווי אַמשנעל־סטן אויספאַרטיקן. אַרבעט, דאָס איז אונדזער לעבנס־דעוויז. פאַר דעם בין איך פאַראַנטוואָרטלעך".

## דעם 30טן יאַנואַר.

די פּאָליציי האָט היינט מיטגעטיילט, אַז אין איינעם פון די גריבער אויף מאַרישין האָבן מיסט־זוכער אויסגעגראָבן פון אַ גרוב אַ געפּגרט פערד און שפּעטער איז דאָס געפּגרטע פלייש פאַרקויפט געוואָרן דער געטאָ־באַפעלקערונג פאַר 15 מאַרק אַ קילאָ.

## שלמה פראַנק

### דעם 31טן יאַנואַר.

110 טויטע זענען היינט אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן בית־עולם. דער פראָסט האַלט 22 גראַד. אַ ברויט פון צוויי קילאָ קאָסט 25 מאַרק. אַ קילאָ פערד־וואורשט 25 מאַרק. אַ קילאָ קאָרן־מעל 28 מאַרק. כמעט אַ העלפט פון דער געטאָ־באַפעלקערונג ליגט אין די בעטן געשוואָלענע און קענען זיך נישט רירן. די געוואַלדן און די געשרייען פון די קראַנקע און הונגעריקע דערגרייכט עד לב השמים. אויף יעדנס פנים ליגט אויסגעגאָסן אַ שרעק און אַ מרה־שחורה, אַז איין גאָט אין הימל זאָל זיך אויף דעם אומגליקלעכן פאָלק דערבאַרעמען.

### דעם 1טן פעברואַר.

היינט פאַרטאָג ווען דער שניי איז נאָך נישט באַטרעטן געוואָרן פון קיין מענטשלעכן פוס, ווען דער זייגער האָט קוים געשלאָגן 6, האָבן די מענטשן וואָס ווינען האַרט ביי דער זגערזשער בריק עק לוטאָמיערסקאַ, דערהערט אַ מוראָדיקן קלאַפּ. אין זעלבן מאָמענט האָט דער דייטשער וואַך־פּאָסטן, וואָס איז געשטאַנען ביי דער בריק, אָנגעהויבן צו רופן הילף. עס האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט, ווי דער 5־טער דייטשער פאָליציי־רעוויר, האָט אַרויסגעשיקט אויפן אָרט אַ קאַרעטקע. דער דייטשער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט דעם טויט פון אַ יידישער פרוי, וואָס האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון דער בריק. זי איז געווען די ערשטע אָנגעקומענע אויף דער בריק און די ערשטע, וואָס האָט פאַרפלעקט דעם ווייסן שניי מיט איר בלוט. די פרוי איז אַ טשעכישע בירגערין. קיין דאָקומענטן האָט זי נישט איבערגעלאָזט. אין דער טאַש האָט מען געפונען אַ בריוול געשריבן אין דער טשעכישער שפראַך:

„ווער עס וועט דער ערשטער מיין טויטן קערפער אונטערזוכן, זאָל וויסן, אַז דאָס לעבן איז מיר פאַרמיאוסט געוואָרן. איך קען נישט אַזאַ לעבן מער מיטמאַכן. הונגער, קעלט, שמוץ און ברוטאַלע באַהאַנדלונג, אויף דעם איז דאָס מענטשלעכע לעבן נישט אָוועקגעשטעלט געוואָרן. איך האָב געננוג געקעמפט מיט זיך און צום סוף האָב איך דעצידירט אויף דעם טויטן־שפרונג. איך האָב דאָס געטון מיט מיין

פּוילן באַוווסטזיין. אַלע מיינע דאָקומענטן האָב איך פריער פאַרניכטעט, כדי נישט צו געבן דער געסטאַפּאָ די מעגלעכקייט צו וויסן ווער איך בין און אויך, אַז מיינע נאָענטע זאָלן נישט וויסן פון מיין טאַט".

אין די מיטאָג־שעה'ן האָט די גיכע־הילף געבראַכט אין שפּיטאָל אַריין נאָך צוויי פּרוּוען, וואָס שטאַמען פון טשעכיען. זיי האָבן זיך פאַרסמט מיט סובלימאַט.

## דעם 2טן פעברואַר.

היינט איז אין דער געטאָ אַריינגעקומען אַ קאָמיסיע פון דייטשע דאָקטוירים. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען געקומען אויספאָרשן די גרויזאַמע שטערבלעכקייט, וואָס הערשט אין דער געטאָ. בעת זיי האָבן באַזוכט די שפּיטאָלן, האָט איינער פון די דאָקטוירים דערקלערט, אַז לאָדזש שטייט אויפן ערשטן אָרט מיט איר שטערבלעכקייט פון די יידן. דער זעלבער דאָקטאָר האָט זיך אויסגעדריקט, אַז עס איז אים ווירקלעך שווער דאָס צו פאַרשטיין. פּראָפּאָרציאָנעל שטאַרבן אין דער לאָדזשער געטאָ מער מענטשן ווי אויפן פראָנט. שרעקלעך איז דאָ ביי אייך. לײַדער קענען מיר אייך גאָרנישט העלפן. עס איז קריג און אין קריג פאַלן מענטשן.

אַ צווייטער דאָקטאָר האָט זיך אָנגערופן, צוליב צוויי טעמים איז די שטערבלעכקייט ביי אייך אַזוי גרויס: הונגער און שמוץ. דיביידע זענען אַן אומגליק פאַר אייך. איר האַלט זיך זייער שמוציק. לויט די צוטיילונגס־טאַבעלע וואָס איך האָב געלייענט אויפן באַלוטער־מאַרק, זע איך נישט איין, אַז די צוטיילונג זאָל זיין דער הויפּט־גורם פון אייער הונגער. פון אַזאַ צוטיילונג קען מען לעבן און אויב איר שטאַרבט ביי דער צוטיילונג, זענט איר אַליין דערין שולדיק. אייער ווירטשאַפט איז אַ פאַרפוילטע. ביי אונדז לעבן אַלע גלייך און ביי אייך, האָב איך געהערט, זענען דאָ „בעסערע לויטע און ערגערע לויטע" לויט מיין אויפפאַסונג, פרעסט איר איינעם דעם צווייטן. מיר פאַר־שרייבן אַלץ וואָס מיר האָבן געזען ביי אייך. די דריי יידישע פאַר־שטייער וואָס האָבן אַרומגעפירט די דאָקטוירים, יוזעף רומקאָווסקי, ד"ר שיקער און טשאַרנאָבראָדע, האָבן געפּרוּווט אַלץ פאַרגלעטן. די

דאָקטוירים דאַקעגן, האָבן זיך געהאַלטן ביי זייערס און זענען פון דער געטאָ אַרויסגעפאָרן מיט אַ שלעכטער מיינונג וועגן די געטאָ־מושלים.

## דעם 3טן פעברואַר.

היינט איז ווידער געטוישט געוואָרן די וואַך אַרום דער געטאָ. ביז היינט זענען געשטאַנען אַ גרויסע צאָל בייערן און פאָלקס־דייטשן, דערונטער אַ סך מערדער און סאַדיסטן, וואָס האָבן פיל צער און שמערצן פאַרשאַפט די יידן. נישט איינמאָל איז אויסגעקומען צו וויינען אויף דעם ביטערן גורל פון די, וועלכע זענען אַמאָל אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער וואַך־פאָליצײ. איצט איז די וואַך געטוישט געוואָרן. אויף זייער אָרט זענען געקומען עלטערע מענטשן. נישט קיין פאָליצײ־לייט, נאָר גרענעץ־פאָליציי און באַן־באַאַמטע, באַלד ביים איבערנעמען די וואַך־פאָסטנס, האָט מען באַמערקט, אַז דאָס זענען אַנדערע מענטשן. זיי האָבן נישט געשריגן, נישט געזידלט און נישט געשאָלטן. ביי די דורכגאַנגס־טויערן האָבן זיי אַרויסגעוויזן מיטגעפיל צו אונדזער טראַגישער לאַגע.

## דעם 4טן פעברואַר.

מיר האָבן געמיינט, אַז דערמיט וואָס די געסטאַפּאָ האָט פון אונדזערע רייען אַרויסגעריסן 10 טויזנט יידן זענען מיר שוין אָפּגע־קומען דעם גירוש. דאָס הייסט, אַז מער וועט מען שוין אונדז נישט טרייבן און אַזוי האָט אויך דער פּרעזעס אין זיינע רעדעס מיטגעטיילט. ווייזט זיך איצט אַרויס, אַז מיר זענען געווען צופיל נאַאיוו. מיר האָבן געגלויבט דעם פּרעזעס און זיינע געהילפן, אַז נאָך דעם ווי די 10 טויזנט יידן וועלן באַזייטיקט ווערן, וועט שפּעטער ווערן שטיל און דאָס „געטאָלע” וועט רואיק ווייטער אַרבעטן.

וואָס ווייזט זיך איצט אַרויס? מיר זענען געוואָרן פאַרפירט און ווער ווייסט וואָס עס וואַרט נאָך אויף אונדז? די געסטאַפּאָ האָט היינט ווידער מיטגעטיילט דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, אַז אין דעם חודש מוזן אויפסניי אַרויסגעשיקט ווערן 5.000 יידן פון דער געטאָ. די גזירה האָט אַריינגעבראַכט אַ שרעקלעכע צערודערונג. אַלע האָבן אַראָפּגע־

לאָזט די הענט. דער ווייטיק איז אַזוי גרויס, אַז הונדערטער פרויען האָבן אויף די גאַסן ספּאָזמירט, געבראָכן זיך די הענט און געיאָמערט אויף דעם פרישן אומגליק. לויטן באַפעל דאַרף דעם 15־טן שוין אָפּגע־שיקט ווערן די ערשטע גרופּע, די וועלכע זענען אַמאָל באַגאַנגען אַ וואָסער עס איז געטאָ פאַרברעכן, האָבן שוין אָנגעהויבן צו פּאַקן זייערע פּעקלעך.

## דעם 5טן פעברואַר.

איך האָב זיך היינט געטראָפן מיט די צוויי דיכטערס, יאָאַכימאָ־וויטש און גראַף־קאַלי. ביידע זענען שטאַרק נידערגעשלאָגן. יאָאַכימאָ־וויטש איז פאַרביטערט. ער גייט אַרום אַ צעבראָכענער, אַ באַעגנטע משפחה זיינע האָט גענומען פּאַקן די זאַכן. ער גלויבט, אַז ער וועט קענען די גזירה אָפּשרייען.

אויך דער גראַף־קאַלי איז שוין נישט דער וואָס אַמאָל פאַרן קריג. ער ווילצלט זיך שוין נישט. היינט, — זאָגט ער, — ליגן מיר נישט קיין וויצן אין זינען. די קינדער הונגערן, איך אַליין גיי אַרום אַ פאַרחלשטער. איך טראַכט נאָר וועגן אַ זופּ.

## דעם 6טן פעברואַר.

דער פּרעזעס האָט היינט צוזאַמענגערופן אַן אויסער־אָרדנטלעכע זיצונג פון אַלע רעסאָרט־לייטערס מיט זייערע געהילפן. די זיצונג איז פאָרגעקומען אויף קראַוויעצקי־גאַס, אין גרויסן קולטור־הויז. געקומען זענען דאָסמאָל כמעט אַלע אָנפירער, צוזאַמען מיט זייערע געהילפן. ביים אַריינגאַנג אין זאַל זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן 4 זאָנדער־פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן גענוי אַכטונג געגעבן, אַז פרעמדע, וואָס האָבן נישט קיין שייכות מיט דער געטאָ־לייטונג זאָלן זיך נישט אַריינקריגן. יעדער האָט געמוזט באַווייזן אַ צייגעניש, אַז ער איז גערופן געוואָרן צו דער זיצונג. ווען דער זאַל איז שוין פול געוואָרן, איז דער פּרעזעס מיט זיין פרוי אָנגעקומען אין אַ צוגמאַכטער קאָטש. די פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען געשטאַנען אין דרויסן האָבן זיך געשטעלט אין צוויי רייען און דער פּרעזעס מיט זיין ווייבל זענען

אַריין אין זאַל. ווען דער פּרעזעס האָט זיך באַוויזן איז דער גאַנצער עולם אויפגעשטאַנען פון די ערטער און עס איז געוואָרן שטיל ווי אין אַ קבר. אַ ווילדער איז דער פּרעזעס אַרויף אויף דער טריבונע, אַראָפּגעשלונגען צוויי פּילן, דערביי אַ ביסל אונטערגעהוסט און אָנגעהויבן די רעדע:

„מיינע ליבע געטאָ־צוהערער, איך האָב אייך צוזאַמענגערופן, כדי איר זאָלט מיך פאַרשטיין, בעסער געזאָגט, איר זאָלט מיך אויסהערן, וואָס איך וועל אייך היינט זאָגן. די געטאָ מאַכט מיך גרוי און אַלט. איך האָב שוין קיין כוח נישט דאָס אַלץ איבערצוטראָגן. איך ווער מיט יעדן טאָג שוואַכער. די שוועריקייטן און די גרויסע לאַסט מאַכט מיך שוואַכער פון טאָג צו טאָג. איך ווייס, אַז די געטאָ הונגערט. איך ווייס, אַז די שטערבלעכקייט איז גרויס. איך ווייס, אַז די קראַנקע בעטן הילף. איך האָב אָבער דערויף קיין עצה נישט. דערווייל מוז עס אַזוי זיין. איך האָב נישט פון וואַנען צו נעמען. עס פעלט מיר אויס עסן, מעדיקאַמענטן. איך האָב נישט קיין האָפענונג, אַז עס זאָל בעסער ווערן, דערצו גייען אויף אונדז נאָך שווערע צייטן, וואָס מיר וועלן ליידער מוזן איבערטראָגן. איך האָב אייך גערופן, אַז איר זאָלט אויך וויסן, ווי שווער עס איז אונדזער לאַגע. איר וועט דאַרפן מער אַכטונג געבן אויף אַלעם, וואָס עס קומט פאָר אין אייערע אַרבעטס־רעסאָרטן. איך מאַך אייך נאָך אַמאָל אויפמערקזאַם, אַז עס גייען אויף אונדז שווערע צייטן".

דאָס איז געווען די גאַנצע רעדע. די לייטער האָבן שטילשווייגנדיק אויסגעהערט און קיינער האָט נישט געפּרוווט דעם פּרעזעס פרעגן, וואָס פאַר אַ שווערע טעג עס גייען אויף אונדז.

## דעם 7טן פעברואַר.

היינט האָט דער פּרעזעס מיטגעטיילט דער געטאָ־באַפעלקערונג, אַז אַלע געטאָ־איינוווינער וועלן פון מאָרגן אָן באַקומען 33 דעקאָ ברויט.

די ידיעה האָט אַרויסגערופן פרייד. אַ קלייניקייט! אַנשטאָט 27 דעקאָ ברויט וועט מען באַקומען 33 דעקאָ!

## דעם 8טן פעברואַר.

היינט איז געוואָרן צוויי יאָר, ווי די דייטשע מאַכט אין ליצמאַנ־שטאָט האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ געטאָ פאַר יידן. דער באַשלוס איז דעמאָלט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער לעצמאַנשטעטער־צייטונג, מיט אַ גענויער מאַפּע פון די גאַסן, וואָס וועלן איינגעגלידערט ווערן אין דער געטאָ. דער באַשלוס האָט דעמאָלט שרעקלעך געטראָפן דער לאָדזשער יידישער קהילה.

## דעם 9טן פעברואַר

די פלעק־טיפוס־עפּידעמיע האָט זיך שטאַרק אויסגעשפּרייט. עס גייט נישט אַדורך קיין איין טאָג, אַז די גיכע־הילף־קאַרעטקע זאָל נישט אַרויסנעמען פון די שטובן צו עטלעכע קראַנקע אין די שפּיטאָלן אַריין. 90% פון די קראַנקע שטאַרבן אַוועק אין גרויסע יסורים. קוים אַ קלענער טייל בלייבט לעבן. ביים אַרויסנעמען דעם קראַנקן פון צימער ווערט דאָס צימער איזאָלירט. די מענטשן פון דעם צימער ווערן געהאַלטן 21 טעג אונטער אַ פּאָליציי־אישער וואַך, וואָס לאָזט די מענטשן נישט אַרויס אויף דער גאַס, דאָס עסן באַקומען זיי דורך אַ ספּעציעלן סאַניטאַר פון אַ באַזונדערער קיך. ווען די 21 טעג גייען אַדור און ביי דער פאַמיליע האָבן זיך נישט באַוויזן קיין סימנים פון פלעק־טיפוס, ווערט דער קאַראַנטין אַראָפּגענומען און די מענטשן זענען פריי פון זייער שטוב־אַרעסט.

די שרעקלעכע קראַנקהייט האָט זיך אַזוי אויסגעשפּרייט, אַז כמעט אויף יעדער גאַס זעט מען אַזעלכע טיפוס־וואַכן.

## דעם 10טן פעברואַר.

האַרצרייסנדיקע תפילות רייסן זיך איצט פון יעדן געטאָ־ייד. אומעטום גיסן זיך טרערן. אין יעדער שטוב מורמלען דערשראָקענע ליפּן: „העלף אונדז, אַז מיר זאָלן חלילה נישט דאַרפן וואַנדערן און אויסגיין פאַר הונגער און קעלט אויף די פרעמדע אומבאַקאַנטע וועגן".

עס איז נאָך נישט אַוועק אַ חודש און ווידער ווערן פינף טויזנט יידן אַרויסגעשיקט פון געטאָ. איצט בעט יעדער, אַז ער מיט זיינע

קינדער זאָלן חלילה נישט זיין צווישן די פרישע פינף טויזנט אומ־גליקלעכע, צווישן די פרישע פינף טויזנט פאַרמשפּטע.

## דעם 11טן פעברואַר.

היינט איז אויפן באַלוטער־מאַרק אָנגעקומען אַ בריוו פון דער געסטאַפּאָ. אין בריוו ווערט מיטגעטיילט, אַז צוליב דער „באַן־שפּערע" ווערט צייטווייליק אויפגעהאַלטן די עוואַקואַציע פון די פרישע 5 טויזנט יידן. די ידיעה איז באַלד דורכגעלאָפן איבער דער געטאָ און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע קאָמענטאַרן. אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז מען וועט בכלל שוין מער נישט אַרויסשיקן, ווייל דער דייטש איז בעסער געוואָרן. ער קריגט געשלאָגן אין היגטן אַריין, לייטערט זיך אים אויס דער קאָפּ. די דאָזיקע גלייבן, אַז די דייטשן וועלן איצטער האַנדלען סאָלידער, זיי וועלן מער נישט זיין אַזוי ברוטאַל. אַ צווייטער טייל טענה'ט, אַז דאָס אַרויסשיקן האָט אויפגעהערט, צוליב דעם וואָס עס הערשט אין געטאָ דער פלעק־טיפוס. די דייטשן האָבן מורא, אַז די אַנשטעקנדיקע קרענק זאָל זיך נישט איבערטראָגן אויף דער אַרישער זייט. עס קורסירן אַרום נאָך אַנדערע קלאַנגען, וואָס איינער קלעפּט זיך נישט צו דעם צווייטן. יעדנפאַלס האָט די שווערע שטימונג אַ ביסל נאָכגעלאָזט.

## דעם 12טן פעברואַר.

אַ קאַלטער ווינטער־טאָג איז היינט. דער שניי שימערירט מיט דימענטן. די זון שטעכט אויס די אויגן. אַלץ אַרום איז באַדעקט, איז ווייס, ביי מיר אין דער וווינונג איז די קיך קאַלט, שוין לאַנג נישט אונטערגעהייצט. דער הונגער שרייט געוואַלד.

מיין 22־יאָריקער ברודער, מאיר, וואָס איז שווער קראַנק אויף טובערקלאָז, ליגט אין גסיסה־צושטאַנד. ער האָט היינט אויפגעהערט צו ריידן. ער באַוועגט מיט די הענט און וויל עפּעס דערציילן. די וועלבע שטייען אַרום זיין בעט, צוזאַמען מיט דער צעבראָכענער פאַרזוויינטער מאַמען, פאַרשטייען נישט וואָס ער וויל און וואָס ער מיינט. די מאַמע

ברעכט די הענט און בעט דעם אַלמעכטיקן, אַז ער זאָל באַווייזן עפּעס אַ נס און ראַטעווען איר קינד. דער דאָקטאָר וויל מער נישט קומען. ער זאָגט, אַז עס איז מער קיין האָפענונג נישטאָ. די מינוטן פון דעם קראַנקן זענען געציילטע. אַזוי שטאַרבן יידן אין געטאָ.

צומאָרגנס האָב איך שוין מיטגעהאָלפן גראָבן דאָס קבר פאַר מיין יינגערן ברודער מאיר, ז״ל.

דעם 25טן אַפּריל.

צוליבן טויט פון מיין ברודער, בין איך אַ לענגערע צייט געווען נידערגעשלאָגן. איך האָב בשום אופן נישט געקענט נעמען די פעדער אין דער האַנט אַריין. ערשט היינט האָב איך זיך אַ ביסל באַרואיקט און ווייטער גענומען פאַרצייכענען די טאָג־טעגלעכע געטאָ־געשעע־נישן.

אין דרויסן איז נאָך פינצטער. דער רעגן האָט נאָך נישט אויפגע־הערט צו גיסן. אַלץ אַרום איז פאַרוויינט. די געטאָ־שקלאַפן הייבן זיך אויף פאַמעלעך און נידערגעשלאָגן, טייל וואַשן זיך אָפּ און מאַכן זיך קוראַזש און אַנדערע גייען אַרום אַזוי ווי נעכטן, ווי אייער־נעכטן, אָן לוסט צום לעבן. זיי אינטערעסירט שוין מער גאָרנישט. נישט זיי לאַכן, נישט זיי וויינען, נישט זיי פרעגן אַפילו ווי עס האַלט מיט דער וועלט־פּאָליטיק, מיטן געטאָ־לעבן. זיי אינטערעסירט נאָר איינאיינציקע זאַך: ווי אַזוי ווערט מען כאָטש איין מאָל זאַט? ווי אַזוי שטילט מען איין דעם אומברחמנותדיקן הונגער?

עס הייבט אָן ליכטיקער ווערן. די גאַס אין דרויסן זעט אויס ווי אַ שטיק מרה־שחורה, קאַלט, נאַס, פינצטער. דער הונגער און די שרעק פאַרן מאָרגן נעמט צו דאָס לעצטע ביסעלע לוסט צו לעבן. נישט קוקנ־דיק אויף דעם אַלעם, איילן די געטאָ־שקלאַפן צו זייערע אַרבעטס־פּלעצער. ווער אַליין און ווער מיט פרוי און קינד צוזאַמען, ווייל אַלע געטאָ־איינוווינער, קליין און גרויס, יונג און אַלט, מוזן אַרבעטן און אַלע די וועלכע אַרבעטן נישט, האָבן קיין רעכט נישט צו לעבן. זיי מוזן עוואַקואירט ווערן, זיי מוזן שטאַרבן.

שלמה פראַנק

## דעם 26טן אַפּריל.

דאָס סטעמפּלערײַ האָט פּלוצים הײַנט אויפגעהערט. פאַרוואָס, ווײסט קיינער נישט, אַפילו דער פּרעזעס מיט זיין גאַנצער באַנדע ווייסן פון גאָרנישט. דאַקעגן איז הײַנט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אויפרוף, אַז אַלע פיזיש־געזונטע מענטשן אין עלטער פון 10 ביז 60 יאָר, זאָלן זיך שטעלן צו אַ ספּעציעלער אַרבעטס־קאָמיסיע, די וועלכע די קאָמיסיע וועט פעסטשטעלן, אַז זיי זענען נישט פּעאיק צו קיין אַרבעט. די וועלן דאַרפן פאַרלאָזן דאָס געטאָ, אויף זייערע ברויט־קאַרטן וועט זיין אַ סטעמפּל, „נישט פּעאיק צו קיין אַרבעט". אָט ביי די וועט איצטער צוגענומען ווערן די רעכט צו ווינען אין דער געטאָ און ווער ווײסט וואָס נאָך עס גייט אויף די מענטשן. אויך ביי די בייע פאַראָרדענונגען קומען פאָר פאַרשיידענע שווינדלערייען. געזונטע, פּעאיקע אַרבעטס־מענטשן ווערן פאַררעכנט אַלס קראַנקע און אויף זייער אָרט גייען אַריין אין די רעסאָרטן קראַנקע מענטשן. אויך ווערן געטוישט די יאָרן. אין אייניקע אַרבעטס־רעסאָרטן אַרבעטן מענטשן, וואָס זענען עלטער ווי 60 יאָר. זיי זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין די רעסאָרטן, ווייל זיי האָבן געהאַט גרויסע פּראָטעקציע. אָט צוליב די פּראָטעקציעס וועלן אין קורצן מוזן פאַרלאָזן די געטאָ געזונטע אַרבעטס־פּעאיקע מענטשן און אויף זייער אָרט וועלן אַרבעטן אין די רעסאָרטן קראַנקע און עלטערע מענטשן.

## דעם 27טן אַפּריל.

הײַנט האָט דער קליינער חיים ווידאַווסקי אין דער וווינונג פון בערנאַרד פּרווינד אויף צימער־גאַס 6, איבערגעגעבן וועגן היטלערס רעדע, וואָס ער האָט געהערט דורך דעם ראַדיאָ אין געהיים.

## דעם 28טן אַפּריל.

אַ שרעקלעכע ידיעה איז הײַנט אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. דער וואָס האָט געבראַכט די ידיעה איז אַ טשענסטעכאָווער־ייד. זיין נאָמען איז האַרטמאַן. דער ייד דערציילט: „מיט 8 טעג צוריק האָבן די לובלינער יידן באַקומען אַ באַפעל, אַז אין פאַרלויף פון פיר טעג,

מוזן זיי פאַרלאָזן די שטאָט. דעם ערשטן טאָג האָבן פאַרלאָזט די יידישע אָרדענונגס־מענער, דעם צווייטן טאָג, די סאַניטאַרן־דאָקטוירים און אַלע געטאָ־באַאַמטע. אויפן דריטן טאָג, — די אַרבעטער מיט זייערע פאַמיליעס וואָס האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט פאַרן מיליטער. אויפן פערטן טאָג האָבן פאַרלאָזט דער גאַנצער איבעריקער טייל פון דער באַפעלקערונג. מיטגענומען מיט זיך איז געווען דערלויבט נאָר אַזויפיל, וויפל יעדער איינער האָט געקענט אויף זיך נעמען. ווו די יידן זענען געשיקט געוואָרן, איז קיינעם נישט באַוווסט. אַלע באַמיאונגען געוווּר צו ווערן, ווו מען פאַרשיקט די יידן, האָבן זיך נישט איינגעגעבן. דער אָפּמאַרש איז נישט געווען אַזוי פשוט. עס זענען פאָרגעקומען האַרץ־רייסנדיקע סצענעס. טויזנטער מענטשן האָבן געחלשט און טויזנטער האָבן געוויינט ווי קליינע קינדער; זקנים האָבן זיך געווונטשן דעם טויט אויפן אָרט. דאָס איז געווען אַ שרעקלעך בילד, אפילו די לובּ־לינער כלל־טוער, דער בייראַט מיט אַלע זיינע מענטשן האָבן ווי דער־שראָקענע שעפסן זיך געשאַרט אין אַ זייט און אויסגעמיטן יעדע נישט פּינקטלעכקייט. עטלעכע הונדערט יידן זענען נאָך געבליבן. וויפל עס זענען פאַרבליבן, ווייסט קיין מענטש נישט.

## דעם 29טן אַפּריל.

היינט נאָכמיטיק האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג אויסגעקלעפּט גרויסע פּלאַקאַטן, געדרוקט אין דער דייטשער שפּראַך. דער פּלאַקאַט טיילט מיט: „אַלע דייטשע איינגעזידלטע דאַרפן פון מאָנטיק, דעם 4־טן מאַי, צוריק אויסוואַנדערן פון דער געטאָ. פאַרבלייבן קענען נאָר די, וועלכע האָבן סטאַבילע פּאָסטנס און אויך די וועלכע האָבן געקעמפט אויפן פראָנט און באַקומען אַן אייזערנעם־קרייץ". די ידיעה האָט געמאַכט אויף די דייטשע יידן אַ זייער שווערן איינדרוק.

ערשט נישט־לאַנג האָט מען זיי פון זייערע אַלטע איינגעזעסענע היימען געטריבן און איצטער מוזן זיי שוין ווידער וואַנדערן. אַריינ־געקומען אין דער געטאָ זענען 23 טויזנט נפשות. דורך דער צייט זענען אויסגעשטאָרבן 7 טויזנט מאַן. אייניקע טויזנט ליגן געשוואָלענע אין די בעטן און וואַרטן ביז דער טויט וועט זיי אויסלייזן. איצט ווערן זיי

## שלמה פראַנק

**אָן אַ פּאַרוואָס ווידער געטריבן און ווער ווייסט צי דאָס איז נישט זייער לעצטער מאַרש.**

דעם 30טן אַפּריל.

דער פּרעזעס האָט היינט דורך אַ פּלאַקאַט מיטגעטיילט, אַז אַלע וועלכע זענען נאָך נישט געסטעמפּלט און האָבן קיין באַשעפטיקונג נישט, זאָלן פון מאָרגן אָן, קומען אויף די אָנגעוויזענע ערטער און לאָזן זיך סטעמפּלען. ווער עס וועט דאָס אויסמיידן, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערן. באַלד ווי דער באַפעל פון פּרעזעס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן, האָבן גרופּעס פּאָליציאַנטן גענומען קאָנטראָלירן יעדעס הויז. עס זענען אַרעסטירט געוואָרן הונדערטער מענטשן, וואָס זענען נאָך נישט געווען געסטעמפּלט. די מענטשן זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין די פּאָליציי־רעווירן אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען די גרעסטע פאַר־ברעכער. צענדליקער אַרעסטירטע האָבן זיך געבעטן ביי די פּאָלי־ציאַנטן: „ברידער, יידן, לאָזט אונדז אָפּ, מיר וועלן אַליין זיך צושטעלן און לאָזן זיך סטעמפּלען". די תחנונים האָבן נישט געהאָלפן. די פּאָלי־ציאַנטן האָבן דערקלערט: „מיר האָבן באַקומען אַ שטרענגן באַפעל פון פּרעזעס און אָנהייבן מיט אים ווילן מיר נישט. דעריבער קענען מיר אייך נישט העלפן. איר מוזט אַרעסטירט ווערן און וואַרטן ביז אייער ריי צו סטעמפּלען וועט קומען". אַזוי אַרום זענען דריי טויזנט מענטשן: מענער, פרויען, קינדער, און אַלטע־לייט, איינגעזעצט געוואָרן און געוואַרט צוויי טעג און צוויי נעכט, ביז די דייטשע דאָקטוירים־קאָמיסיע איז צוגעטרעטן צו דער סטעמפּלעריי.

דעם 1טן מאַי.

היינט זענען אין דער געטאָ אַריינגעקומען 1.800 ניי־מאַשינען, אַ טייל נאָך פולשטענדיקע נייע. די מאַשינען זענען צעטיילט געוואָרן צווישן אייניקע שניידער־אָפּטיילונגען. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויס געוויזן, זענען די מאַשינען אָנגעקומען פון די קליינע שטעטלעך: קוטנע, קאָנין און בלאַשקע. דאָס זענען מאַשינען צוגערויבטע ביי די

יידן, וואָס זענען פון די אויבנדערמאָנטע שטעטלעך אַרויסגעטריבן געוואָרן. אויף אַ טייל מאַשינען האָט מען געפונען אויסגראַווירטע און אויסגעשניצטע נעמען פון די פאַמיליעס צו וועלכע די מאַשינען האָבן געהערט. אין איין מאַשין־קעסטל האָב איך, צוזאַמען מיט יחיאל גוטרייך, געפונען עטלעכע מזוזות און אַ בריוו, געשריבן צום בלאַשקער רב, דער שרייבער פרעגט דעם רב, צו זיין משפחה לעבט און צי זי געפינט זיך נאָך אויפן אָרט. חוץ דעם שרייבט דער מחבר פון דעם בריוו: „מאָרגן, גאַנץ פרי, מוז איך פאַרלאָזן מיין וווינונג. איך בין קראַנק און צעבראָכן. איך גלויב, אַז ביזן זאַמל־פונקט וועל איך שוין נישט דערגיין. מיין גאַנצע משפּחה, די פרוי און מיינע 5 קינדער, זענען נעכטן אַרויסגעטריבן געוואָרן, וווּ מען האָט זיי פאַרטריבן ווייס איך נישט. איך האָב אַפילו נישט געקענט זיך מיט זיי געזעגענען, איך בין געווען באַהאַלטן, צוליב דעם וואָס מיט אייניקע טעג צוריק האָט מען ביי אונדז אַרויסגענומען אַלע קראַנקע. איך האָב נישט מיט וועמען צו ריידן אַ וואָרט, דעריבער האָב איך אין דער לעצטער מינוט באַשלאָסן צו שרייבן אַ בריוו אין דאָס בריוול לייג איך אַריין אין מאַשין־קעסטל. אויב דאָס בריוול וועט אַריינפאַלן אין יידישע הענט, זאָלט איר, טייערע ברידער, וויסן, אַז ביי אונדז איז זייער טרויעריק. מען רודפט אונדז, מען לאָזט אונדז נישט לעבן און נישט שטאַרבן. מען שלאָגט אונדז, און מען פייניקט אונדז. היינט איז שוין דער דריי־טער טאָג, ווי מען יאָגט אַרויס די יידן פון אַלע שטובן. מען טרעט אויף קליינע קינדער. דעם קליינעם ברוך מיט זיין ווייב האָט מען דערשאָסן. זיי ליגן נישט ווייט פון מיינע פענצטער. אייניקע ספרי־תורות מיט נאָך פיל הייליקע ספרים האָט מען פאַרברענט. הלוואַי וואָלט איך בלינד געוואָרן איידער מיינע אויגן האָבן געזען דאָס וואָס מען טוט מיט מיין פאָלק. אויב די וועלט וועט אַמאָל אויסגעלייזט ווערן, און דאָס יידישע פאָלק וועט פון דעם גרויזאַמען מערדער באַפרייט ווערן, זאָלט איר, ברידער, געדענקען, אַז עס וועט זיין אַ גרויסע מצווה צו נעמען נקמה אין די מערדער. קיין איינער פון זיי טאָר נישט בלייבן לעבן. אויסגעמעקט זאָל ווערן זייער נאָמען. פאַר־שאָלטן זאָלן זיי ווערן אויף אייביק. געדענקט יידן, אויב די וועלט

וועט נאָך ווייטער עקזיסטירן, זאָלט איר נישט רוען, ביז די נקמה וועט זיין אַ פולע". אונטערגעשריבן: ישראל מנחם גראָסקאָפּ.

## דעם 12טן מאַי.

דער פּרעזעס האָט היינט דערהאַלטן אַ בריוו פון דער געסטאַפּאָ. ווי ער האָט אים איבערגעלייענט, האָט ער צו זיך גערופן די פריילין וואָלק, דעם אַדוואָקאַט יאַקובסאָן, ד״ר שיקער, טשאַרנאָבראָדע און זיין ברודער יוזעף. ווען דער פּרעזעס האָט געהייסן דער פריילין וואָלק לייענען דעם בריוו, איז ער געוועזן אויסער זיך, ער האָט נישט געוווּסט וואָס מען רעדט צו אים. ער האָט דריי מאָל געהייסן איבערלייענען דעם בריוו. שפּעטער האָט ער זיך באַרואיקט און געהייסן אַלע אַנוועזנ־דיקע געבן טיי. די געסטאַפּאָ האָט געשריבן אין דעם בריוו: „אַלע קראַנקע וואָס ליגן אין די שפּיטאָלן און זענען נישט היילבאַר, מוזן אויסגעליפערט ווערן פון געטאָ. פאַר זיי איז אין דער געטאָ נישטאָ קיין פּלאַץ, קיין שום עסן־צוטיילונג וועלן די קראַנקע מער נישט באַקומען. דאָס עסן וואָס מיר, דייטשן, גיבן, איז נאָר פאַר געזונטע, אַרבעטס־פעאיקע מענטשן. די וועלכע אַרבעטן פאַר דער ווערמאַכט. דאַקעגן די קראַנקע זענען נישט מער ווי אַ שטערונג און אַ לאַסט פאַר דער געטאָ. דעריבער מוזן די מענטשן באַזייטיקט ווערן".

ווי נאָר די גזירה איז באַוווּסט געוואָרן, איז געוואָרן אַ גרויסער טומל. טויזנטער משפחה־מענטשן פון די קראַנקע האָבן זיך געבעטן ביי דער לייטונג פון די שפּיטאָלן, אַז מען זאָל זיי אַרויסגעבן זייערע קראַנקע. זיי ווילן די קראַנקע האָבן ביי זיך. די לייטונג פון די שפּיטאָלן האָבן מיט קלעמעניש אין האַרצן דערקלערט:

„מיר קענען דאָס נישט טאָן, ווייל די געסטאַפּאָ ווייסט פון יעדן קראַנקן און האָט אונדז פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט פאַר יעדן קראַנקן, וואָס וועט פעלן".

די גזירה האָט געמאַכט אויפציטערן יעדן געטאָ־איינוווינער.

## דעם 13טן מאַי.

עס זענען נאָך נישט אַריבער קיין גאַנצע 6 חדשים, ווי אין דער

געטאָ זענען אַריינגעקומען 23 טויזנט דייטשע יידן. די ערשטע טעג פון זייער אַריינקום האָבן זיי ביטער געוויינט. זיי האָבן זיך נישט געקענט באַרואיקן. כמעט אַלע האָבן דערציילט, אַז דאָרט אין דער אַלטער דייטשער היים, איז זיי געווען נישט שלעכט. מען האָט זיי באַליידיקט, אָבער עסן האָבן זיי געהאַט; מען האָט זיי שלעכט טראַקטירט, אָבער געשלאָפן זענען זיי אויף אַ ריין געלעגער. דאָ אין דעם שמוציקן געטאָ, האָבן זיי שרעקלעך געליטן פון נויט, קעלט און קראַנקהייטן. אָבער נישט קוקנדיק דערויף, האָבן זיי זיך שוין צוגעוווינט צו די ביטערע צרות. איצט איז אָנגעקומען אַ נייע גזירה: די דייטשע איינגעוואַנדערטע יידן מוזן צוריק פאַרלאָזן דאָס געטאָ.

## דעם 4טן מאַי.

צוליב דעם וואָס די דייטשע יידן וועלן, אין גיכן, פאַרלאָזן דאָס געטאָ, איז געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכער יקרות, וואָס אַזעלעכער איז נאָך אין דער געטאָ נישט געווען. די דייטשע יידן גיבן אַוועק די בעסטע אָנצוגן, די בעסטע קליידער, די בעסטע וועש פאַר אַ שטיקל ברויט אָדער פאַר אַ פאַר קאַרטאָפל.

פאַר איין דעקאָ מאַרגאַרין באַקומט מען די בעסטע קראַוואַטן, טאַשן־טיכלעך, פינגערלעך און אַנדערע זאַכן. די פרייזן אויף פּראָדוקטן זענען אַזוי געשטיגן, אַז עס איז פשוט אומגלויבלעך. אַ ברויט פון צוויי קילאָ קאָסט הייַנט 400 מאַרק; איין קילאָ קאַרטאָפל 500 מאַרק; איין דעקאָ מאַרגאַרין 10 מאַרק; איין קילאָ רויטע בוראַקעס 40 מאַרק.

## דעם 5טן מאַי.

אויף אַ זיצונג אין דער אינטעליגענטן־קיך, אויף וועלכער עס זענען אַנוועזנד געווען כמעט אַלע לייטערס פון די אַרבעטס־רעסאָרטן, האָט דער „חשובער" פּרעזעס גענומען שעלטן און זידלען אַלע לאָדזשער יידן איבערהויפּט איז ער געווען אין כעס אויף די, וועלכע האָבן אויפגעגעסן צו פרי די קאַרטאָפל. בעת זיין שעלטן און זידלען האָט זיך נישט געפונען קיינער פון די רעסאָרט־לייטער, וואָס זאָל זאָגן: „פּרעזעס לעבן, שטעלט אָפּ די קללות, ווייל דאָס פאָלק איז

שוין געגוג פאַרשאָלטן. אַנשטאַט די זידלערייען און די קללות, זאָגט אונדז בעסער אַ פּאָר טרייסט־ווערטער, כדי מיר זאָלן דאָס קענען איבערגעבן די אומגליקלעכע ברידער אונדזערע". ניין, קיין איינער פון די לייטערס האָט זיך נישט דערוועגט צו זאָגן דעם פּרעזעס, אַז אַ פירער פון אַ פאָלק מוז נישט שטענדיק זיין אין כעס. מוז נישט שטענדיק אַרומגיין מיט קללות. אַ פאָלקס־פירער דאַרף אַמאָל אויך קענען זאָגן אַ פּאָר טרייסט־ווערטער.

## דעם 6טן מאַי.

די דייטשע יידן האָבן היינט באַקומען אַ צוגאָב־באַפעל, אַז אַלע, וועלכע באַקומען די אויפפאָדערונג צו פאַרלאָזן דאָס געטאָ, דאַרפן מיטנעמען מיט זיך נאָר צו 6 קילאָ געפּעק. ביז היינט האָבן זיך געמאָלדן 16 יידן, וואָס האָבן באַקומען ביי דער ערשטער וועלט־מלחמה פון דער דייטשער רעגירונג אייזערנע קרייצן. אויף זיי איז נישט חל דער באַפעל צו פאַרלאָזן די געטאָ.

## דעם 9טן מאַי.

היינט איז געוואָרן אַ יאָר ווי די 10 יידישע ריכטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע ריכטער־פּאָסטנס, צוליב דעם וואָס די דייטשע מאַכט האָט זיי געצוואונגען אַרויסצוגעבן טויט־אורטיילן אויף יידן. בעת די דעמאָלטדיקע אונטערהאַנדלונגען, האָט רומקאָווסקי זיי געוואָרנט, אַז אויב זיי וועלן דעם באַפעל נישט אויספירן, וועט ער זיי טראַקטירן ווי פאַרברעכער. די אונטערהאַנדלונגען זענען דעמאָלט פאָרגעקומען אייניקע טעג און די 10 יידישע ריכטערס, וואָס אין זייער שפּיץ איז געשטאַנען אַדוואָקאַט ווייסקאָפּ, האָבן קאַטעגאָריש דער־קלערט, אַז זיי וועלן קיין איין ייד נישט פאַרמשפּטן צום טויט. מעגן די דייטשן טון וואָס זיי ווילן. דערנאָך זענען קעגן זיי אָנגענומען געוואָרן די שאַרפסטע רעפּרעסיעס: זיי זענען באַזייטיקט געוואָרן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע געטאָ־אַרבעטן. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט און געהונגערט. אייניקע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד און אייניקע האָבן אין געהיים באַקומען שטיצע. היינט

האָט דער פּרעזעס צו זיך גערופן דעם לייטער פון די מיסט־פירער ה׳ זייבערט און אים באַפוילן, אַז ער זאָל די געוועזענע ריכטערס איינשפּאַנען צו זייער שווערע אַרבעט. אָט אַזוי רעכנט זיך דער פּרע־זעס אָפּ מיט די וועלכע האָבן מוט און ווילן נישט נאָכגיין זיין טיראַנישן וועג.

דעם 10טן מאַי.

1.000 לאָדזשער יידן האָבן זיך פרייוויליק געמאָלדן, אַז זיי ווילן מיטפאָרן מיט די דייטשע יידן. זיי דערקלערן, אַז זיי האָבן מער קיין כוח נישט אויסצוהאַלטן און איבערצוטראָגן דעם גרויזאַמען הונגער. „אונדז איז שוין אַלץ איינס. עס איז פיל בעסער איין טאָג צו זיין זאַט און דערנאָך צו שטאַרבן, ווי אַ גאַנץ יאָר צו הונגערן און שפּעטער אויסגיין ווי אַ וואָרעם. סיי ווי וועלן מיר דאָ נישט אויסהאַלטן. איינער פריער און איינער שפּעטער. אַלע וועלן מיר אומקומען״. אַ שרעקלעך בילד איז צו זען, ווי קליינע אויסגעדאַרטע קינדער שלעפּן זיך צוזאַמען מיט די עלטערן און רופן אויפן קול: „ווען וועלן מיר שוין אַרויס פון דאַנען? מיר גייען אויס פון הונגער!״

דעם 11טן מאַי.

אויפן בית־עולם איז היינט געווען אַ שווערער טאָג. 166 טויטע זענען היינט געבראַכט געוואָרן צו קבר־ישראל. די גרעבער האָבן נאָך אַזאַ טאָג נישט געהאַט. גאַנצע 12 שעה אַרבעט אָן איבעררייס. דעם גרעסטן טייל האָט מען מקבר געווען אָן טהרה און אָן תכריכים. טייל מתים זענען פּשוט אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין גרוב און אויף שנעל פאַרשאָטן געוואָרן. ווען איך האָב געפרעגט דעם בית־עולם־לייטער: „וואָס איז דאָס היינט אַזאַ איילעניש?״ האָט ער דערקלערט, אַז אַזאַ באַפעל איז געקומען, עס טאָרן נישט איבערבלייבן קיין מתים אויף צו מאָרגנס. די וועלכע שטאַרבן מוזן דעם זעלבן טאָג קומען צו קבר־ישראל.

דעם 12טן מאַי.

עס איז נישט פאַרענדיקט געוואָרן דאָס אַרויסשיקן די 12 טויזנט

דייטשע יידן און עס ווערט שוין שטאַרק גערעדט, אַז אין גיכן וועלן אין דער געטאָ אַריינקומען 30 טויזנט יידן פון דער לאָדזשער פּראָווינץ. ווי עס ווייזט אויס, ווערן איצטער מקוים די ווערטער וועלכע מען האָט גערעדט מיט חדשים צוריק, אַז די לאָדזשער געטאָ וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ סאָרטיר־לאַגער פאַר די יידן פון דער גאַנצער לאָדזשער פּראָווינץ. ווי עס ווייזט אויס, וועט עס אַזוי זיין. מען וועט ברענגען יידן, דערנאָך וועט מען זיי אַרויסשיקן. שפּעטער וועט מען ווידער ברענגען יידן און ווידער אַרויסשיקן. אַזוי לאַנג ביז אַלע יידן וועלן פאַרטיליקט ווערן. דערביי וועט מען רויבן, מאָרדעווען און פאַרניכטן. מען שמועסט, אַז אויך דאָס איז אַ שטיקל אַרבעט פון דעם שעף פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, ביבאָוו. ער און זיינע געהילפן באַווייזן דער דייטשער מאַכט, אַז זיי טוען אויף ווירקטיקע זאַכן. די גוצלעכע יידן ווערן גענומען אויף אַרבעט, זייער פאַרמעגן ווערט צוגערויבט און די נישט נוצלעכע ווערן געשלאָגן, געפּייניקט ביז זיי קומען אום.

## דעם 13 מאַי.

די געסטאַפּאָ האָט היינט פונאַנדערגעשיקט בריוו צו די דייטשע יידן וואָס באַזיצן אייזערנע קרייצן פון יאָר 1914, אַז יעדער איינער פון זיי מוז פערזענלעך קומען אויפן באַלוטער־מאַרק, כדי מען זאָל פעסטשטעלן צי זיי זענען טאַקע די אויטענטישע קרייץ־באַזיצער. די וועלכע האָבן זיך צוגעשטעלט זענען זייער העפלעך אויפגענומען געוואָרן. מיט אַ טייל פון זיי האָבן די געסטאַפּאָ־אַגענטן געשמועסט און געפרעגט, ווי עס גייט זיי אין דער געטאָ. אייניקע פון די מונדיר־רירטע ווערמאַכט־לייט האָבן אַפילו דערקלערט, אַז עס וועט זיך אין גיכן אַלץ ענדיקן צום גוטן און די דייטשע יידן וועלן קענען פריי לעבן און פריי עקזיסטירן. ווער ווייסט, וואָס די געסטאַפּאָ־מערדער מיינען מיט דעם? צי זיי שפּילן נישט אויף אונדזערע קראַנקע נערוון?

## דעם 14טן מאַי.

היינט איז אָפּגעגאַנגען דער לעצטער טראַנספּאָרט דייטשע יידן. דער טראַנספּאָרט האָט געציילט 1.200 נפשות. אַ העלפט פון זיי זענען

געוועזן אַלטע, קראַנקע און צעבראָכענע מענטשן. איבער 50% וועלן אויפֿן אָרט נישט אָנקומען קיין לעבעדיקע, אַ טייל זענען אין די וואַגאָנען אַריינגעטראָגן געוואָרן. ביז דער צוג האָט גערירט פֿון אָרט זענען פֿאַרנאָטירט געוואָרן 8 טויטע. דער טראַנספּאָרט־לייטער האָט די טויטע נישט געלאָזט אַראָפּנעמען פֿון די וואַגאָנען. ער האָט דער־קלערט: „איך דאַרף צושטעלן 1.200 קעפּ און די זענען שוין אָפּגע־ציילט, דעריבער קען איך די טויטע פֿון די וואַגאָנען נישט צוריק אַרויסנעמען״.

## דעם 15טן מאַי.

די אַמאָל געוועזענע רייכע פֿרוי בירענשטיין, וואָס ליגט שווער קראַנק, איז היינט ברוטאַל אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון איר וווינונג. זי איז פֿון דער וווינונג באַזייטיקט געוואָרן, ווייל זי האָט זיך נישט צוגעשטעלט צו דער סטעמפּל־קאָמיסיע. עס האָבן נישט געפֿועלט די געשרייען פֿון די שכנים און פֿון אַנדערע מענטשן, וואָס האָבן נישט געקענט צוקוקן צו דעם גרויזאַמען ספּעקטאַקל. די פֿרוי בירענשטיין איז פֿאַרן קריג געווען גוט באַקאַנט אין לאָדזש. אַלע יידישע אינסטי־טוציעס האָבן מיט אַ ברייטער האַנט גענאָסן פֿון איר הילף. אויך דער פּרעזעס האָט נישט פֿאַרפֿעלט קיין איין וואָך זי צו באַזוכן און צו קריגן פֿון איר צדקה־געלט פֿאַר זיינע געזעלשאַפֿטלעכע געשעפֿטן. איר מאַן מיט אירע צוויי זין זענען דערהרגעט געוואָרן אויפֿן וועג קיין בזשעזשין. די איינציקע טאָכטער, וואָס איז געווען באַרימט אַלס שיינהייט,איז בעת זי איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין דער געטאָ, פּלוצים קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. די פֿרוי בירענשטיין איז שווער קראַנק געוואָרן און אויפֿגעהערט צו זען. ווען נישט די שכנים וואָלט זי שוין לאַנג אויסגעהויכט איר נשמה. איצט ווייסט זי שוין נישט מער. זי האָט אָנגעהויבן צו לאַכן. זי זאָגט:

„אויב דאָס וויינען האָט נישט געפֿועלט, אַלע מיינע געבעטן און תּפֿילות זענען ביי גאָט נישט אָנגענומען געוואָרן, וועט אפשר דער רבונו של עולם אָננעמען מיין געלעכטער און וועט מיך באַפֿרייען פֿון די רשעים״.

שלמה פראַנק

# די פּאַביאַניצער טראַגעדיע.

## דעם 16טן מאַי.

הייַנט האָט דאָס פּאַסירט! דאָס פון פריער באַוווסטע, אַז עס וועלן קומען יידן פון די קליינע שטעטלעך אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין. עס איז מקוים געוואָרן. אָבער קיינער וואָלט זיך נישט פאַרגעשטעלט ווי אַזוי די פּאַביאַניצער יידן זענען פון זייערע איינגעזעסענע היימען אַרויסגעטריבן געוואָרן. וואָס דערציילט שמולעק גרינבערג:

„די גאַנצע צייט האָבן מיר שווער געאַרבעט פאַר דער ווערמאַכט. פּלוצים איז געקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן אָן אויסנאַם, אַלט און יונג, זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק. נישט קוקנדיק וואָס דער רעגן האָט געהאַלטן אין איין גיסן, האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט אויף דעם אָנגעוויזענעם פּלאַץ. 6 שעה אָן איבעררייס זענען מיר געשטאַנען איינער צוגעדריקט צום צווייטן און געבעטן דעם גאָט פון ישראל, אַז ער זאָל ווי אַמשנעלסטן אַ סוף מאַכן מיט אונדז, ווייל גרויס איז געווען אונדזער צער און ווייטיק, זעענדיק ווי אונדזערע קינדער פאַלן פון די כוחות און קענען מער זיך נישט האַלטן אויף די פיס. ווען די נאַכט איז צוגעפאַלן האָט מען געהייסן די מענער שטעלן זיך באַזונדער און די קינדער, זקנים און פרויען אויך באַזונדער. אָפּשטייענדיק איבער אַ האַלבע שעה צייט איז געקומען אַ באַפעל, אַז אין 5 מינוט מוזן אַלע אַריין אין די טראַמוויי־וואַגאָנען און ווער עס וועט פאַר־שפּעטיקן, דער וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. ווען דער טרויעריקער באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן, האָבן די פרויען מיט די קינדער זיך געריסן צו זייערע מענער און געוואָלט צוזאַמען אָפּפאָרן. אין דעם מאָמענט האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אָפּגעשפּילט אַ טרויעריק בילד. די געסטאַפּאָווצעס, צוזאַמען מיט מונדירירטע פאַרשיידענע מינים פּוילישע מערדער, האָבן אָנגעהויבן שלאָגן און טרעטן מיט די פיס יעדן איינעם וואָס האָט נישט באַוויזן אַריינצולויפן אין וואַגאָן. קליינע קינדער זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון די מוטערס און זענען ברוטאַל אַוועקגעשליידערט געוואָרן אויפן נאַסן ברוק. אַ סך קינדער זענען אַזוי אָרום אויפן אָרט געטויט געוואָרן. די געוואַלדן פון די

עלטערן און די שרעקלעכע קולות פון די קליינע קינדער האָבן פאַר־הילכט דעם אַרום. ווען די 2.400 נפשות זענען שוין אַריינגעפּאַקט געוואָרן אין די וואַגאָנען, האָבן מיר ערשט געזען אונדזער גרויסן בראָך. אונדזער גרויסע יידישע טראַגעדיע. איצט זענען מיר אין דער לאָדזשער געטאָ, מענער אָן פרויען, פרויען אָן קינדער און קינדער אָן עלטערן. צעראַבירט איז געוואָרן אונדזער גאַנץ פאַרמעגן. פאַר אונדזערע אויגן האָבן אונדזערע נעכטיקע שכנים געראַבעוועט און אַרויסגעטראָגן פון אונדזערע שטובן אַלץ, וואָס זיי האָבן געוואָלט״.

## דעם 17טן מאַי.

היינט פאַרמיטאָג איז אָנגעקומען די צווייטע פּאַרטיע פּאַביאַניצער יידן. דער גרעסטער טייל פון דער צווייטער פּאַרטיע זענען מענער. דער גרעסטער טייל זעט נישט שלעכט אויס, זיי זענען געזונט און אויף זייערע פנימער דערקענט מען נישט, אַז זיי זאָלן האָבן געקריגן געשלאָגן. די צווייטע פּאַרטיע דערציילט:

„אַ גאַנצע נאַכט האָט מען אונדז געהאַלטן אויפן פרייען פעלד. מיר זענען געווען אַרומגענומען מיט אַ שטאַרקער וואַך. קיין עסן האָט מען אונדז נישט געגעבן. עס איז אונדז אויך נישט דערלויבט געוואָרן מיטצונעמען עסן פון אונדזערע שטובן. דאָס גאַנצע האָב און גוטס איז איבערגעלאָזן געוואָרן אויף הפקר. אַלע יידן זענען אַרויס נאַקעט און באָרוועס. אַ טייל האָבן באַקומען קלעפּ, אָבער מיר זענען אַזוי גרויזאַם ווי די ערשטע פּאַרטיע נישט באַהאַנדלט געוואָרן. קינדער ביז 10 יאָר איז אונדז נישט דערלויבט געוואָרן מיט־צונעמען. די קינדער צוזאַמען מיט די זקנים זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויף אַ צווייט אָרט. וואָס מען וועט מיט די קינדער און זקנים דאָרט טון, וויסן מיר נישט. עס קורסירן אַרום שוידערלעכע ווערסיעס. איינער פון די געטאָ־אַגענטן האָט געזאָלט זאָגן, אַז דאָס אַלץ גייט אויף שמעלץ. דער זעלבער האָט אויך געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן וואָס זענען נישט פעאיק צו קיין אַרבעט האָבן נישט קיין רעכט צו לעבן. ווען מען האָט פון אונדז אַוועקגעריסן די קינדער האָבן זיי ספּאַזמירט, געוויינט און געריסן זיך אויף צוריק צו

די עלטערן. עס האָט גאָרנישט געהאָלפן: די קינדער זענען מיט געוואַלד פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן".

נישט אַלע פּאַביאַניצער יידן זענען אַריינגעשיקט געוואָרן אין דער לאָדזשער געטאָ. אַרויסגעטריבן געוואָרן זענען 8.000 נפשות און אין דער לאָדזשער געטאָ זענען אַריינגעקומען אַן ערך 4.000 נפשות. די אַנדערע 4.000 זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אין אַלגעמיין דערציילן די מענטשן פון דער צווייטער פּאַרטיע אַז זיי איז ביז היינט נישט שלעכט געווען. זיי האָבן געהאַט גענוג צום עסן; ביי יעדן אין דער שטוב זענען איבערגעבליבן גאַנצע טעפּ איינגעמאַכטס, מעל, צוקער, שמאַלץ און אַנדערע פאַרשיידענע פּראָדוקטן. זיי האָבן אַ סך געהערט פון דער לאָדזשער געטאָ, אָבער אַז זי איז אַזוי טרויעריק און אַזוי ביטער האָבן זיי זיך נישט פאָרגעשטעלט. אין פּאַביאַניץ — האָבן די מענטשן דערציילט — האָט יעדער געקענט קויפן ברויט וויפיל זיין האַרץ האָט געגלוסט. פאַר 6 מאַרק האָט יעדער איינער באַקומען ברויט וויפל ער האָט געוואָלט. איצט לויפן די מענטשן אַרום דערשראָקענע, צעבראָכענע זוכן, גישטערן און פרעגן, ווי זענען אונדזערע באַקאַנטע, אונדזערע קינדער און אונדזערע טאַטעס און מאַמעס?

## דעם 18טן מאַי.

אַ גרויסע בהלה איז היינט אין געטאָ. די געסטאַפּאָ האָט באַפוילן אָנצוהייבן אַ רעגיסטראַציע פון אַלטע לייט, קראַנקע און קינדער פון 1 יאָר ביז 8 יאָר. ווי נאָר דער באַפעל איז באַקאַנט געוואָרן, האָב איך זיך געווענדעט צוביידע אָנפירערס פון דער זאַנדער־פּאָליציי, מאַרק קליגער און דוד גערטלער, ביידע האָבן מיר געזאָגט, אַז עס גייען שווערע טעג און מען דאַרף זיין גרייט אויף אַלץ. אויך מיר, די יידן פון לאָדזש, וועלן טיילן דעם גורל פון די יידן אין די קליינע שטעטלעך. יעדנפאַלס — האָט גערטלער צוגעגעבן — איז דאָס נישט אויף היינט אָדער מאָרגן, די געסטאַפּאָ רייניקט איצטער אָפּ דעם גאַנצן וואַרטעגאַול געביט. דערנאָך קען זיין, וועלן זיי זיך נעמען צו דער געטאָ פון ליצמאַנשטאַט. איך האָב זיי ווייטער געפרעגט, צי זיי

ווייסן ווו די יידן קומען אַהין? האָבן זיי געענטפערט: „פאַר אונדז איז די זאַך פאַרהוילן". עס קען זיין, אַז דער פּרעזעס ווייסט יאָ עפּעס דערפון.

## די בזשעזשינער טראַגעדיע.

### דעם 19טן מאַי.

היינט פרי איז אָנגעקומען די ערשטע פאַרטיע בזשעזשינער יידן, די פרויען און די קינדער אין עלטער פון 10 יאָר זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן אויף אַ צווייט אָרט און קיינער ווייסט נישט ווו. ד"ר וואַר־האַפט און יאָשע זאַגאַן דערציילן:

„דעם 15־טן מאַי האָט די געסטאַפּאָ באַפוילן, אַז אַלע קינדער אין עלטער פון אַ יאָר ביז צען זאָלן זיך פאַרזאַמלען. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט די קינדער זענען מיטגעגאַנגען די מוטערס און אויך עלטערע מענטשן. זיי זענען אַלע אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. אַלע אונדזערע געבעטן און געוויינען האָבן נישט געהאָלפן. די דייטשן האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז די קינדער וועט גאָרנישט געשען, מען שיקט זיי אין אַ ספּעציעלן זאַמל־לאַגער פאַר יידישע קינדער".

ווייטער האָבן זיי דערציילט:

„4 אַזייגער פאַרטאָג האָט מען אונדז אויפגעוועקט. יעדער איינער האָט באַקומען נישט מער ווי 10 מינוט צייט מיטצונעמען מיט זיך דאָס נייטיקסטע. וואָס מען קען טראָגן אויף זיך. ווער עס וועט פרווון נעמען עפּעס מער, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער באַפעל איז אויסגעפירט געוואָרן. מיט שרעק אין האַרץ־קלעמעניש האָבן זיך די 6,000 בזשעזשינער יידן, מיט זייערע פרויען און קינדער, פאַרזאַמלט אויף די געטאָ־גאַסן. ווען אַלע זענען שוין אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די שטובן האָט מען געמוזט דורכגיין אַ שפּאַלער פון געסטאַפּאָ־אַגענטן און די אַגענטן האָבן אונדז געציילט. קינדער ביז 10 יאָר צוזאַמען מיט זייערע מוטערס, ווי אויך זקנים און קראַנקע זענען אָפּגעזונדערט געוואָרן און מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זאָפאָרט אָפּצומאַרשירן".

שלמה פראַנק

## דעם 20טן מאַי.

היינט אין דער פרי איז אָנגעקומען די צווייטע פּאַרטיע בזשעזשי־נער יידן. די מענטשן האָבן יאָ געטראָגן פּעקלעך. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געקענט מער מיטנעמען. זיי האָט מען נישט רעווידירט. צוליב דער מוראָ אָבער האָבן זיי כמעט ווי גאָרנישט מיטגענומען. דעם גאַנצן וועג זענען זיי געגאַנגען צופוס און זענען באַגלייט געוואָרן דורך אַ שטאַרקער וואַך. די סאָלדאַטן האָבן זיי נישט געיאָגט, זיי האָבן זיך אַפילו עטלעכע מאָל אָפּגערוט. ווי נאָר אָבער זיי האָבן זיך דערנענטערט צו לאָדזש, האָט געגומען אַ סוף צו דער גוטער באַנעמונג פון די סאָלדאַטן. זיי האָבן אָנגעהויבן שרייען יאָגן און אויך שלאָגן. די קראַנקע און די מידע זענען געטרעטן געוואָרן מיט די סאָלדאַטסקע שטיוול. אין דער בהלה האָבן אַ טייל אָוועקגעוואָרפן די אָפּגעראַטע־ווענטע פּעקלעך, כדי זיך לייכטער צו מאַכן דעם וועג. אַזוי איז אָנגע־קומען די צווייטע פּאַרטיע אַרויסגעטריבענע יידן פון בזשעזשין.

## דעם 21טן מאַי.

היינט איז אָנגעקומען אַ דריטע פּאַרטיע יידן פון בזשעזשין. דאָס מאָל בלויז מענער. די פרויען און קינדער זענען אָוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ צווייטער ריכטונג. די יידן פון דער דריטער פּאַרטיע דערציילן וועגן גרויליקע זאַכן, וואָס זיי זענען אויפן וועג אַדורכגעגאַנגען:

„אַזוי ווי מיר זענען אַרויס פון בזשעזשין האָט מען אונדז אָנגע־הויבן שלאָגן. פון דערוויטנס האָבן מיר נאָך געהערט די געוויינען פון אונדזערע פרויען און קינדער. די גאָר קליינע קינדער זענען מיט געוואַלד אָוועקגעריסן געוואָרן פון די מוטערס. זייערע געוואַלדן זענען דערגאַנגען עד לב השמים. 6 שעה דורכאַנאַנד, אָן איבעררייס, זענען מיר געשלאָגן געוואָרן. אַ קילאָמעטער פאַר לאָדזש האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין רייען. דעמאָלט האָבן מיר צייט געהאַט זיך אָנצוקוקן און מיר האָבן געזען ווי מיר זעען אויס. פון אַלע האָט גערונען דאָס בלוט און די מערדערס זענען געשטאַנען און געלאַכט און געווילצלט זיך איבער אונדזער טרויעריקייט. איין אָפיציר האָט געשריגן: „דאָס איז נאָך נישט אַלעס, אייער ענדע קומט".

## די סטריקאָווער טראַגעדיע.

### דעם 22טן מאַי.

היינט גאַנץ פרי איז אָנגעקומען אַ פּאַרטיע יידן פון סטריקאָוו. מיט צוויי וואָכן צוריק, איידער מען האָט זיי אַרויסגעטריבן פון שטעטל האָט מען צעטיילט אין צוויי מחנות. די עלטערע, קראַנקע און קינדער ביז 10 יאָר זענען פון זיי אַוועקגענומען געוואָרן און מען ווייסט נישט ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען. ווען עטלעכע האָבן געגומען צוריק־לויפן צו זייערע עלטערן האָבן די מערדער אָנגעהויבן שיסן אין זיי, און זיי זענען אויפן אָרט געפאַלן. צוויי וואָכן שפּעטער איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן פאַרלאָזן דאָס שטעטל. צוויי שעה צייט איז זיי געגעבן געוואָרן בכדי איינצופּאַקן די נייטיקסטע זאַכן. געלט, פּראָוויאַנט און צירונג איז זיי נישט דערלויבט געוואָרן מיט־צונעמען. די שליסלען פון די שטובן האָבן געמוזט בלייבן שטעקן אין די טירן. נישט קוקנדיק אויף דעם האָבן זיך אַ טייל געפרייט, ווייל עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז זיי פאָרן צו די פרויען און קינדער. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ליגן. דעם גאַנצן וועג האָט די וואַך זיי שלעכט באַהאַנדלט. זיי האָבן זיי נישט דערלויבט זיך אָפּצורוען, צו טרינקען אַ ביסל וואַסער און אַפילו נישט דער־לויבט צו דערליידיקן די מענטשלעכע באַדערפענישן. מען האָט די סטריקאָווער יידן געטריבן פונקט אַזוי ווי מען טרייבט הינט אָדער חזירים. פאַר יעדן קלענסטן „חטא" האָבן די געטריבענע געקריגן שמיץ איבערן לייב. אין מיטן וועג זענען זיי געוווּיר געוואָרן, אַז מען פירט זיי קיין לאָדזש, דעמאָלט איז זיי נאָך ביטערער געוואָרן אויף דער נשמה, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז די לאָדזשער געטאָ איז אַ געטאָ פון טויט. איצט זענען זיי דאָ צווישן אונדז, נאַקעטע און באָרוועסע, אָן קיין שום מיטלען צום לעבן, אָן אַ היים, אָן אַ משפּחה און האָבן נישט ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

שלמה פראַנק

# די לאָסקער טראַגעדיע.

## דעם 23טן מאַי.

עס זענען נאָך נישט אויסגעטרוקנט געוואָרן די טרערן פון די פּאַביאַניצער, בזשעזשינער און סטריקאָווער יידן און שוין איז געשען אַ פרישע טראַגעדיע, נאָך אַ שרעקלעכערע. אַלע לאָסקער יידן זענען אין פאַרלויף פון 15 מינוט אַרויסגעטריבן געוואָרן פון זייערע היימען און זענען אויף אַ מוראַדיקן אופן אַריינגעטריבן געוואָרן אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין. זיי דערציילן:

„ווי נאָר דער באַפעל איז צו אונדז אָנגעקומען האָבן די געס־טאַפּאָווצעס מיט זייערע פּוילישע געהילפן אָנגעהויבן אונדז צו שלאָגן, דאָס שלאָגן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן 2 שעה צייט, דאָס בלוט איז גערונען פון אונדז אַזוי ווי וואַסער. שפּעטער האָבן מיר באַקומען 15 מינוט צייט, צונעמען דאָס נייטיקסטע און זיך צו שטעלן צום אָפּמאַרש. מיר האָבן באַלד פון אָנהייב געוווסט, אַז מען טרייבט אונדז אין דער לאָדזשער געטאָ אַריין. מיר האָבן אַפילו געפּרוווט בעטן, אַז מען זאָל אונדז לאָזן מיטנעמען אַ ביסל בעטגעוואַנט, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דער ענטפער איז געווען קורץ און שאַרף: „יידן מוזן שטאַרבן! פאַר יידן איז נישטאָ קיין בעטגעוואַנט, ווייל איר זענט נאָך ערגער ווי די קרעציקע הינט!”

## דעם 24טן מאַי.

האַרצרייסנדיק זענען די בילדער, וואָס מען זעט איצט אויף די לאָדזשער געטאָ־גאַסן. מען זעט מענטשן צעבראָכענע מיט געשוואָלענע אויגן פון וויינען, צעשלאָגענע, צעטראָטענע און הונגעריקע אָפּגע־ריסענע באַשעפענישן. אַ טייל פון די פריש־אָנגעקומענע ליגן אין די שפּיטאָלן און וואַרטן אויפן טויט. אַנדערע דרייען זיך אַרום און ווייסן נישט וואָס מען פרעגט זיי און וואָס מען רעדט צו זיי. זיי לויפן אַרום אַ גאַנצן טאָג און זוכן הילף. זיי זוכן אַן אַמאָליקן פריינט, אפשר וועט ער קענען מיט עפּעס העלפן. ליידער זענען אַלע טירן פאַרשלאָסן. נישט די קהילה ענטפערט זיי, אַזוי ווי מען דאַרף גערודפטע ברידער

ענטפערן, נישט די אַמאָליקע פריינט קענען מיט עפּעס זיי העלפן, און נישט די געהאָלפענע זענען צופרידן מיט דער הילף.ביים טויער פון דרעוונאָווסקאַ 13 האָב איך היינט געזען דאָס בילד, וואָס האָט מיך אינגאַנצן צעבראָכן:

צוויי פרויען פון שטעטל פּאַביאַניץ האָבן זיך פּלוצים געטראָפן, זענען זיי ביידע אויף זיך אַרויפגעפאַלן און אָנגעהויבן אויפן קול צו וויינען, ביידע מאַמעס האָבן געשריגן:

„ווו זענען אונדזערע קינדער?" „ווו זענען אונדזערע מענער?"

ביידע פרויען האָבן אַזוי ביטער געוויינט, אַז ווער עס איז דורכ־געגאַנגען האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיטגעוויינט. זיי האָבן בשום אופן נישט געקענט באַהערשן זיך, ביז זיי זענען געפאַלן אין חלשות. שפּעטער, ווען מען האָט זיי אָפּגעמינטערט, האָבן זיי אָנגעהויבן אויפסניי וויינען און געבעטן זיך, אַז מען זאָל זיי נישט ראַטעווען.

## דעם 25טן מאַי.

היינט האָט דער פּרעזעס זיך געלאָזט הערן. ער האָט צו זיך גערופן אַלע רעדל־פירער און פאַר זיי געהאַלטן אַ גרויסע און אַ פייערדיקע רעדע.

דעם אויבן־אָן האָבן פאַרנומען: ראָזענזאָן, גוטמאַן, שטשענשליווע, יוזעף רומקאָווסקי, אינזשיניער גוטמאַן, ל. ביימאַן, דאַנציקער, שוואַרץ, ערליך, אינזשיניער שפּער, קליימאַן, הערצבערג, טשאַרנאָ־בראָדע, אינזשיניער סטריקאָווסקי, כימאָוויטש, אינזשיניער דאַווידאָ־וויטש, לעווין, שוואַרצאָווסקי, מאַזעלטאָוו, געטריימאַן, איזשביצקי, זאָנאַבענד, אַדוואָקאַט גאָפּטאַלין, ליטווין, יאַקובאָוויטש, ראַדזשיעווסקי, זבאַר, וואַרשאַווסקי, יאַמניק, קליגער, קויפּמאַן, ב. פוקס, מיכאל פראַנק, אַדוואָקאַט יאַקובזאָן, פריילין וואָלק, גאַרפינקעל און אַנדערע. איידער דער פּרעזעס האָט אָנגעהויבן רעדן, האָט ער זיך געסודעט מיט עפּעס אַ פריילין אַ 10 מינוט צייט. דער עולם איז געזעסן שטיל און געדולדיק געוואַרט ביז דער „חשובער פּרעזעס" וועט אָנהייבן רעדן צו די משרתים. ער האָט געזאָגט:

„איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן פאַר מיין נישט טאַקטישקייט, וואָס איך האָב אייך אַ ביסל אויפגעהאַלטן. גלויבט מיר זיכער, אַז איך האָב גערעדט מיט דער פריילין וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין, וואָס וועט פיל גוטס ברענגען. אַלזאָ, איך האָב אייך געוואָלט זאָגן, אַז איר זאָלט מער אַכטונג געבן אויף דער געטאָ־אַרבעט. פון היינט אָן מוז די אַרבעט נאָך בעסער אויסגעפירט ווערן. פאַר יעדער נישט פּינקט־לעכקייט וועט איר זיין פאַראַנטוואָרטלעך צוזאַמען מיט די אַרבעטער. איך וועל זיך נישט רעכענען מיט קיין סענטימענטן. איך וועל זיין נאָך מער שטרענג, נאָך מער האַרט און איך וועל באַשטראָפן מיט אַזעלכע מיטלען, וואָס מאַכן דעם מענטשן נידעריקער ווי דעם וואָרעם, וואָס קריכט אויף דער ערד.

איך וועל אויסראָטן יעדן מין עקשנות. די וועלכע וועלן, פון היינט אָן קראַנק ווערן ביי דער אַרבעט, וועלן קענען באַקומען פון דאָקטאָר אַן אָפּרו־צעטל אויף גאַנצע 7 טעג. וועט אָבער יענער ווייטער קראַנק זיין, מוז ער (עס טוט מיר זייער לייד) אָוועקגיין פון דער אַרבעט און זיין אָרט מוז באַלד פאַרנומען ווערן פון אַ געזונטן. איך זאָג עס נאָך אַמאָל, דער קראַנקער מוז שטאַרבן, ווייל איך האָב מער נישט קיין רפואות. אויך דעם דאָקטאָר מאַך איך פון היינט אָן פאַראַנטוואָרטלעך אויב ער וועט דעם קראַנקן געבן אַן אָפּרו־צעטל אויף מער וויפל עס איז נייטיק. איך וואָרן נאָך אַמאָל די, וועלכע זענען ביזן היינטיקן טאָג נאָך אַלץ פרום און ווילן זיך בשום אופן נישט שיידן מיט דער לאַנגער־קאַפּאָטע אָדער מיט דער באָרד, אַז זיי וועלן קיין נחת נישט האָבן. כדי אָבער דאָס שלעכטס שוין אויסצומיידן, גיב איך אַ שטרענגן באַפעל, אַז פון היינט אָן אויף ווייטער זאָלן די אַלע יידן אויסטאָן זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס און אָפּשניידן זייערע בערד. עס איז פאַר־פאַלן. איך אַליין בין אויך אַ נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער ייד און ווען עס קומט אַ באַפעל וואָס איז קעגן מיינע נאַציאָנאַלע און רעלי־גיעזע געפילן, קוק איך נישט דערויף און טו ווי די מאַכט הייסט. מיר מוזן זיך צוגעוווינען צו דער שווערער פינצטערער צייט. נישט אַזוי גיך וועט קומען די הילף.

איך וויל אייך נאָך איבערגעבן, אַז עס האָט זיך נאָך נישט

פאַרענדיקט דאָס אַרויסשיקן און דאָס אַריינקומען פון יידן אין געטאָ די עמיגראַציע און עוואַקואַציע וועט נאָך אָנהאַלטן. אין די נאָענטסטע 4 וואָכן וועלן צו אונדז נאָך אַריינקומען אַן ערך 25.000 יידן, זיי וועלן קומען פון אַלע שטעטלעך אַרום לאָדזש. מען מוז זיין צוגעגרייט זיי אויפצונעמען, ווייל דער גרעסטער טייל וועט קומען כמעט נאַקעט און באָרוועס. זיי וועט נישט זיין דערלויבט מיטצונעמען גאָרנישט. געגנרי ווען זיי וועלן קומען ווייס איך נישט, יעדנפאַלס ווייס איך, נישט די טעג. איר ווילט דאָ אַוודאַי הערן אַ פּאָר ווערטער מכוח אַ ביסל מער עסן, דעריבער דערקלער איך אייך, אַז צו ביסלעך וועט זיין. איך האָב איצטער איינגעקויפט אַ גרויסן טראַנספּאָרט קאַרטאָפל און אַנדערע גרינסן, דאָס וועט סטייען פאַר די וועלכע ווילן אַרבעטן און גייען מיטן ערלעכן וועג. איך האָב געענדיקט".

אַ געפּאַטשעריי און אַ געשריי: „זאָל לעבן דער פּרעזעס".

## דעם 26טן מאַי.

אַ טייל פון די יידן, וואָס זענען אָנגעקומען פון די קלענערע שטעטלעך ווערן שוין ווידער אַוועקגעשיקט. זיי ווערן צונויפגעזאַמלט אין גרופּן, אונטערזוכט דורך דאָקטוירים און אַרויסגעשיקט אין פאַרשיידענע אַרבעטס־לאַגערן. די וועלכע ווילן נישט גיין מיט גוטן, ווערן ברוטאַל אַוועקגעפירט צו הערצבערגן אין דער תפיסה.

## דעם 27טן מאַי.

ביים עק באַלוטער־מאַרק שטייט אַ מיטל־יאָריקע פרוי און שטעלט אָפּ יעדן דורכגייער, מיט דער פראַגע: — „ליבער מענטש, אפשר ווייסט איר ווי מיינע 5 קינדער זענען, אפשר האָט איר וועגן זיי געהערט, איך בין די אומגליקלעכע מאַמע וואָס האָט געלאָזט צורויבן פון מיר מיינע 5 קינדער. איך בין ווערט, אַז מען זאָל מיך ממית זיין, איך בין אַ מערדערן. פאַרוואָס האָב איך זיך אויפן אָרט קיין מעשה נישט געטון. גאָט אין הימל העלף מיר אויפזוכן מיינע 5 ליבע שוואַלבן. פאַרוואָס בין איך אַזוי מערדעריש געשטראָפט געוואָרן. אַלמעכטיקער הימ מיינע שוועלבעלעך דאָרט ווי זיי געפינען זיך. אַזאַ

רציחה איז דאָך נאָך נישט געהערט געוואָרן זייט די וועלט שטייט. מען נעמט צו פון אַן אומגליקלעכע מאַמע אירע אַלע קינדער. ביט גענוג וואָס זיי האָבן מיר צוגענומען מיין מאַן און מיך געלאָזט נאַקעט און באָרוועס, האָבן זיי אַלע מיינע קינדער צוגערזיבט". ווי איך בין שפּעטער געוווירר געוואָרן שטאַמט די פרוי פון שטעטל בזשעזשין. דער פּרעזעס האָט צו זיך גערופן יאָשע זאַגאַן, דעם לייטער פון שניידער רעסאָרט אויף פראַנציסקאַנער 29 און געהייסן זיך פאַרנעמען מיט די פרוי.

## דעם 28טן מאַי.

עס האָט היינט פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ ביסל הייטערקייט אין דער געטאָ. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, לעאָן ראָזענבלאַט, באַקאַנט אין דער געטאָ פאַר אַ שלעכטן מענטשן, האָט צוגערופן צו זיך אַ דראָזשקאַזש און אים באַפוילן צו פאָרן. דער דראָזשקאַזש האָט אים געזאָגט, אַז ער וואַרט אויף זיין קליענט, אַ דאָקטאָר פון שפּיטאָל, וואָס דאַרף אָט־אָט אָנקומען. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, הערנדיק פון דראָזשקאַזש, אַז דער דאָקטאָר איז וויכטיקער ווי ער, האָט נישט לאַנג געטראַכט און אים אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר פייערדיקע פעטש. אין דעם זעלבן מאָמענט איז אָנגעקומען דער באַקאַנטער אין דער געטאָ, לייטער פון דער זאָנדער־פּאָליציי דוד גערטלער און געפרעגט דעם פּאָליציי־קאָמענדאַנט: — ווער דערלויבט דיר צו שלאָגן אומשולדיקע מענטשן? דערויף האָט ראָזענבלאַט געענטפערט: — דאָס איז מיין זאַך און דו טראָג זיך אָפּ פון דאַנען. ווען גערטלער האָט דערהערט די ווערטער איז ער געוואָרן אָנגעצונדן און האָט אָנגעכאַפּט ראָזענבלאַטן ביים קאָלנער און אים אַריינגעלאָזט אַ פּאָר אמתע פעטש. עס איז געוואָרן אַ גרויסער סקאַנדאַל און אַ צוזאַמענלויף. ביידע האָבן זיך שטאַרק געזידלט און עס איז געוואָרן היימלעך. די פּאָליציי־לייט וואָס זענען געשטאַנען און צוגעקוקט זיך ווי זייער קאָמענדאַנט באַקומט פעטש, האָבן אין דער שטיל שטאַרק געלאַכט, און געטראַכט זיך הלוואַי כאַפּט ער יעדן טאָג אַריין אַזאַ פּאָרציע.

## דעם 29טן מאַי.

שוין עטלעכע טעג ווי עס פאָרן קיין וואַרשע הונדערטער יידן פון לאָדזש. דאָס פאָרן קומט פאָר אין געהיים. עס איז אַן אונטערנעמונג בשותפות מיט דער געסטאַפּאָ. אין דער שפּיץ פון דער אונטערנעמונג שטייט די זאָנדער־פּאָליציי. יעדע וואָך פאָרט אָפּ אַ לאַסט־וואָגן, אָנגעפּאַקט מיט מענטשן אַזוי ווי די הערינג אין אַ פעסל. די פאָרער נעמען מיט בלויז האַנט־באַגאַזש. יעדעס מאָל ווען דער אויטאָ פאָרט אַוועק, פאַרבלייבן איבער מענטשן, וואָס האָבן זיך נישט געקענט אַרויפדראַפּן אויף דער לאַסט־מאַשין. די מענטשן וועלכע פאָרן אַוועק קומען פאַרטאָג אויף מאַרישין. זיי ווערן אויפגענומען פון גערטלערן. ער פאַרנאָטירט זייערע נעמען און באַשטעטיקט זייער פאָרן. ווען עס איז שוין אָנגעזאַמלט אַ גרעסערע גרופּע און אַלע זענען שוין גרייט אָפּצופאָרן, קומט אָן די מאַשין, געפירט דורך צוויי געסטאַפּאָווצעס, זיי באַגריסן זיך און באַלד שפּרינגען די מענטשן אַרויף אויף דער מאַשין, דערביי קומען אויך פאָר קאָמישע סצענעס. אַן עלטערע פרוי פון אַ יאָר 70 בעט זיך ביי אַ פּאָליציאַנט, אַז ער זאָל זי אונטערהייבן און אַרויפזעצן אויפן וואָגן. דער פּאָליציאַנט, קענטיק אַ גראָבער יונג, שרייט צו דער 70 יאָריקער פרוי: „ווו זענט איר געווען, ווען איר זענט אַלט געווען 17 יאָר ?״ אוי, זייט נישט אַזוי שלעכט, בעט זיך די אַלטיטשקע, איך וועל אייך באַצאָלן פאַר דער מי. איך וויל פאָרן צו מיינע קינדער. זיי וואַרטן דאָרט אויף מיר. די אַלטיטשקע איז פון צוויי פּאָליציאַנטן אַרויפגעוואָרפן געוואָרן, אַזוי ווי מען וואַרפט אַ באַלעם. אין זעלבן מאָמענט האָט דער לאַסט־אויטאָ געריירט פון אָרט און די אַלטיטשקע האָט נישט געהאַט מער קיין מעגלעכקייט די פּאָליציאַנטן אָפּצוצאָלן פאַר זייער טרחה.

## דעם 30טן מאַי.

היינט האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג אויפגעקלעפּט אַ פּלאַקאַט, אַז יעדער ייד מוז באַגריסן יעדן אָנגעטראָפענעם דייטש. דאָס באַגריסן דאַרף פאָרקומען אַזוי: אַראָפּנעמען דאָס היטל און הויך אויפן קול זאָגן „גוט מאָרגן״. אין אמת'ן זעט די זאַך אַזוי אויס: אין דער געטאָ

זענען קיין דייטשן נישטאָ. נאָר פון צייט צו צייט באַווייזן זיך אַ גרופּע דייטשן. דאָס זענען די קריפּאָ־אַגענטן אָדער די געסטאַפּאָ־אַגענטן, ווי אויך עלעקטראָמאָנטערן וואָס פאַרריכטן די איבערגעריסענע ליניעס. קומט אויס, אַז מען דאַרפט באַגריסן די דייטשן וועלכע שטייען ביי די דורכגאַנגס־טויערן. האָט הייַנט אין דער מיטיק־שעה פּאַסירט אַזאַ סצענע. עס האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרעסערע צאָל דורכגייער ביים טויער פון זגערזשער־בזשעזשינער און ווען דער דייטשער וואַך־פּאָסטן האָט אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט, אַז מען קען אַדורכגיין, האָבן אַלע דורכגייער, אַראָפּגענומען די היטלען און הויך אויפן קול געשריגן: „גוט מאָרגען, ווער דערוואָרגן" און דער יעקע האָט פאַר פרייד געלאַכט: „זאָ, עס געפעלט מיר".

דעם 31טן מאַי.

די געסטאַפּאָ האָט הייַנט מיטגעטיילט, אַז אַלע אָרדענונגס־דינסט־מענער צוזאַמען מיט זייערע עלצטע זאָלן 10 אַזייגער פאַרמיטאָג קומען אויפן באַלוטער־מאַרק, כדי זיי צו פילמירן. שוין שעה'ן פריער האָט מען געזען ווי גרופּן־פּאָליציאַנטן, צוזאַמען מיט זייערע קאָמיסאַרן, מאַרשירן אָפּ אויפן באַלוטער מאַרק. פּונקט 10 אַזייגער איז אויך אָנגעקומען דער קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט מיט אַ גרעסערער גרופּע אָפיצירן, ווען אַלע זענען שוין געווען אויפן אָרט, זענען פאָרגעקומען מאַרשן און איבונגען. אַ האַלבער שעה צייט זענען פאָרגעקומען די מאַרשן און דורך דער צייט איז די יידישע פּאָליציי פילמירט געוואָרן. אַ טייל מיליטער־מענער, ווי אויך אַ טייל פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, האָבן זיך פילמירט צוזאַמען. זיי האָבן אַזוי הילכיק געלאַכט, אַז עס האָט אויסגעזען, ווי זיי טרייבן אַ חוזק־שפּיל. דערנאָך זענען אויך פילמירט געוואָרן די יידישע פייערלעשער.

דעם 1טן יוני.

500 יידישע אַרבעטער זענען הייַנט אין דער פרי געשיקט געוואָרן צו עפּנטלעכע אַרבעטן קיין פויזן. די אַרבעטער זענען געכאַפּט געוואָרן אויף די גאַסן. אַממייסטן זענען געכאַפּט געוואָרן פּאַביאַניצער און

בזשעזשינער יידן. דאָס אָפּשיקן זיי איז פאָרגעקומען אַזוי פּלוצלינג, אַז זיי האָבן אַפילו זיך נישט געזעגנט מיט זייערע נאָענטע. עס האָט נישט געהאָלפן זייערע טענות און געבעטן, אַז זיי זענען די אומגליקלעכסטע יידן אויף דער וועלט, ווייל זיי זענען ערשט נישט לאַנג געיאָגט געוואָרן, געשלאָגן געוואָרן, צעריסן געוואָרן. פאַרוואָס טוט איר זיך אַזוי ברוטאַל באַגיין מיט אונדז — האָבן זיי געפרעגט — אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען אייערע שונאים!

## דעם 2טן יוני.

דער טעלעפאָן פון באַלוטער־מאַרק האָט פּלוצים אָנגעהויבן צו קלינגען צו אַלע פּאָליציי־רעווירן, אַז די פּאָליציי זאָל שוין אָנהייבן צו קאָנטראָלירן צי די גאַסן זענען ריין און דאָרט וווּ עס איז שמוציק, זאָל זאָפאָרט געריינעקט ווערן. אין צוויי שעה אַרום קומט אין דער געטאָ אַריין דער גאַולייטער גרייזער מיט זיין גאַנצע סוויטע. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער באַפעל איז בליץ־שנעל אַדורכגעפירט געוואָרן, אַלע פּאָליציי־רעווירן האָבן אַרויסגעשיקט פּאַטרולן און עס איז געוואָרן פּסח׳דיק אין דער געטאָ. אויך דער פּרעזעס האָט זיך באַלד באַוויזן און געגעבן פאַראָרדענונגען, אַז די מענטשן זאָלן זיך נישט דרייען אויף די גאַסן און איבערהויפּט זאָל מען נישט זען קיין קינדער.

פּינקטלעך 2 אַזייגער זענען דורכן טויער פון באַלוטער־מאַרק אַריינגעפאָרן 8 לימוזינעס. זיי זענען פאַרפאָרן אויפן באַלוטער־מאַרק, דאָרט האָט שוין אויף זיי געוואַרט דער פּרעזעס מיט דער פריילין פוקס, דער שטאָט־פּרעזידענט און די גאַנצע געטאָ־פאַרוואַלטונג מיט ביבאָוון בראש. אַרום דעם באַלוטער־מאַרק איז געשטאַנען די יידישע פּאָליציי מיטן קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט אין דער שפּיץ.

נאָך דער „הייל־היטלער" באַגריסונג וואָס האָט געדויערט 5 מינוט, האָבן זיך די טירלעך פון די אויטאָס געעפנט און די „געסט" האָבן זיך אַריינגעזעצט צוריק אין די אויטאָס. ביבאָוו האָט זיי אַרומגעפירט און געוויזן אַלע וויכטיקע אונטערנעמונגען אין געטאָ. ביים סוף פון וויזיט האָט זיך גרייזער אויסגעדריקט: „איך בין צופרידן פון דער לאָדזשער געטאָ. די אַרבעט קומט אונדז שטאַרק צו נוץ". דורך דער

צייט ווען גרייזער האָט גערעדט מיטן פּרעזוס האָבן צווײ פאָטאָגראַ־פיסטן געאַרבעט מעשים. צומאָרגנס האָט די ליצמאַנשטעטער־צייטונג געדרוקט אַ בילד מיט דער אונטערשריפט: „דער יודע רומ־קאָווסקי, דער עלטצטער פון די יודן אין געטאָ, מיטן גאַולייטער גרייזער". אין דער אינפאָרמאַציע וועגן דעם באַזוך איז געזאָגט געוואָרן:

„די יידן אין דער געטאָ לעבן זיך אַזוי ווי גאָט אין אָדעס. מען אַרבעט באָרמאַל און מען באַקומט די זעלבע צוטיילונג וואָס די דייטשע אַרבעטער. מען שטערט זיי נישט אין זייערע אייגענע ענינים. זיי האָבן זייער אייגענע פּאָליציי. זייער אייגן געריכט און נאָך און נאָך פאַר־שיידענע אַנדערע ווירטשאַפטלעכע און קאָמונאַלע אינסטיטוציעס, אַזוי ווי אין פּאַלעסטינע".

צו וואָס די דאָזיקע קאָמעדיע, און צו וואָס אַזאַ אַרטיקל אין דער צייטונג, אָן זידלערייען און אָן נידערטרעכטיקע אָנפאַלן, ווייסט איין גאָט אין הימל.

## דעם 3טן יוני.

הייַנט האָט די דייטשע מאַכט באַפוילן, אַז אין מאָמענט ווען עס וועלן געברויכט ווערן אַרבעטער, וואָס זאָלן אָפּפאָרן קיין דייטשלאַנד, זאָלן זיי צוגעשטעלט ווערן אין דעם זעלבן טאָג ווען דער באַפעל וועט געגעבן ווערן.

צוליב דעם באַפעל האָט דער פּרעזוס צו זיך גערופן דעם ברוי־טאָלסטן וואַגאַבונד און רויען־יונג פוקס, וואָס איז אַ פּליט פון דייטש־לאַנד און אים באַפוילן, אַז ער זאָל אויפסניי אָרגאַניזירן שטענדיקע אַרבעטער־גרופּן, וואָס זאָלן גרייט זיין צו יעדער צייט צום אָפּפאָר.

ווי אַזוי פירט זיך אויף דאָס מיאוסע באַשעפעניש לגבי זיינע געדרודפטע ברידער? ער האַווקעט אויף די אָפּפאָרנדיקע ווי אַ הונט, שלאָגט פרויען און קינדער, וואָס קומען זיך געזעגענען מיט זייערע מענער און טאַטעס, און ווען מען מאַכט אים אויפמערקזאַם, אַז ער זאָל אַזוי נישט האַנדלען, איז זיין ענטפער קורץ:

„עס געפעלט דיר נישט, קיש מיר אין ט..."

די געסטאַפּאָ־אַגענטן שטייען און קוועלן אָן, זעענדיק ווי דער „יודן־הונד" פרעסט זיינע אייגענע ברידער.

ווי שרעקלעך איז אונדזער שיקזאַל. מען דאַרף שטיין און צוקוקן זיך צו אַזעלכע גרויזאַמע בילדער און שווייגן, נישט אַרויסלאָזן אַפילו אַ קרעכץ. זאָל די נקמה, וואָס וועט אַ מאָל קומען, נישט אויסמיידן דעם מיאוסן אויסוואורף. זאָל דער צאָרן אויף זיין קאָפּ אויסגעגאָסן ווערן. זאָל ער אומקומען צוזאַמען מיט אונדזערע שונאים.

## דעם 4טן יוני.

די געהיימע ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט" האָט היינט מיטגעטיילט, אַז 40 טויזנט יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די וועלדער אַרום קאָנין, קויל און קוטנע. אויסער די ראַדיאָ־מיטטיילונג זענען אויך פאַראַנען לעבעדיקע עדות, וואָס באַשטעטיקן די גרויזאַמע בשורה. די עדות זענען די פוילישע לאָקאָמאָטיוו־פירער, וועלכע קומען אויף מאַרישין. עס באַשטעטיקט זי אויך דער פאַקט, וואָס די באַנען ברענגען כסדר גרויסע מענגעס טראַנספּאָרטן פון וועש, אַנצוגן, שיך, זאָקן און אַנדערע מלבושים, וואָס זענען אַלע צעלעכרט און צעבלוטיקט.

שרעקלעך וויסט איז געוואָרן אין יעדן יידישן הויז. מען האַלט אין איין וויינען און באַוויינען די אַרויסגעטריבענע און ווער ווייסט וואָס פאַר אַ שווערע גזירות עס גייען נאָך אויף אונדז. די מפּלות אויפן פראָנט צווינגען היטלערן אויסצולאָזן דעם גאַנצן כעס אויף די קעפּ פון די יידן. די לאַגע איז אַזוי פאַרקלעמט און ביטער, אַז מיר גלייבן שוין נישט אין קיין אויסוועג. מיר זעען דעם אומקום מיט די

## דעם 5טן יוני.

היינט האָט די געטאָ־פאַרוואַלטונג צום צווייטן מאָל אויפגעקלעפּט אייגענע אויגן, און וואַרטן אויפן שוחט ער זאָל קומען פאַרענדיקן.

אַ פּלאַקאַט, אַז דער ייד וואָס וועט נישט באַגריסן די דייטשע וואַך־פּאָסטנס, וועט באַשטראָפט ווערן מיט טויט. דער פּאָסטן וועט האָבן אַ רעכט צו שיסן. דאָס הייסט, אַז ביז היינט האָבן זיי געשאָסן אָן רעכט.

## דעם 6טן יוני.

די געסטאַפּאָ האָט היינט באַפוילן, אַז די געטאָ־פּאָליציי זאָל אין פאַרלויף פון 24 שעה צושטעלן 500 געזונטע מענער צו אַ ספּעציעלער אַרבעט. דערהערנדיק דעם באַפעל האָט די פּאָליציי זיך געלאָזט אויף די גאַסן און אָנגעהויבן צו פאַרהאַלטן יעדן דורכגייענדיקן מאַנספּער־שוין. די וועלכע האָבן נישט געהאַט ביי זיך קיין אַרבעטס־לעגיטי־מאַציע, האָט מען אויפן אָרט פאַרהאַלטן און איבערגעשיקט צו הערצ־בערגן אין דער צענטראַלער תפיסה אַריין. 7 אַזייגער אין דער פרי זענען די פאַרהאַלטענע, אָן געפּעק און אָן געזעגענען זיך מיט זייערע נאָענטע אָפּגעשיקט געוואָרן צום מאַרישינער באַן־הויף.

## דעם 8טן יוני.

ביים דורכגאַנגס־טויער אויף זגעזשער און לוטאָמיערסקאַ, האָט היינט פּאַסירט אַ פאַל, וואָס האָט שיעור נישט געקאָסט דאָס לעבן פון צענדליקער יידן. די מעשה איז אַזאַ: דער דייטשער וואַך־פּאָסטן, וואָס שטייט ביים דורכגאַנגס־טויער, האָט בעתן עפענען דאָס טויער נישט באַמערקט, אַז דער טראַמוויי קומט האַסטיק אָן פון זגערזשער וועג. אין דעם זעלבן מאָמענט האָט ער באַפוילן צו פאַרמאַכן דאָס טויער. אָבער ער אַליין איז פון טראַמוויי אָפּגעשטויסן געוואָרן אויף 6 מעטער און איז געבליבן ליגן באַוווסטלאָז, האַרט ביי די דראָטן. דער יידישער פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען אַ פּאָר מעטער ווייטער, האָט דאָס באַמערקט און איז מאָמענטאַל געלאָפן אים ראַטעווען. ער האָט אים אַזוי לאַנג געמונטערט ביז דער סאָלדאַט איז געקומען צו זיך. דער טראַמוויי האָט זיך, נאַטירלעך, אָפּגעשטעלט און פון אים זענען אַרויס עטלעכע דייטשן, וואָס האָבן דעם יידישן פּאָליציאַנט געדאַנקט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז אָנגעקומען אויפן אָרט אַ גאַנצע אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, וועלכע האָט גענוי גענומען שטודירן דעם גאַנצן פאָרפאַל. איינער פון די אויספאָרשער, אַן ס.ס.־מאַן, האָט זיך הויך צעשריגן: „אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז איר יידן, זענט אין דעם שולדיק, וועט אַך און וויי זיין צו אייך. 10 מאַן וועלן נאָך היינט דערשאָסן ווערן". מיט 4 שעה שפּעטער איז אָנגעקומען אַ

מיטטיילונג אויפן באַלוטער־מאַרק, אַז די אויספאָרשונגס־קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אַז שולדיק דערין איז דער פּאָסטן אַליין. אַזוי אַרום זענען היינט געראַטעוועט געוואָרן אַ פּאָר יידן פון אַ זיכערן טויט.

דעם 9טן יוני.

אין דער געטאָ אַריין זענען היינט אָנגעקומען צו פאַרריכטן 30 טויזנט פּאָר שטיוול. ווען די מענטשן האָבן אָנגעהויבן פון די וואַגאָנען אַראָפּצוּוואַרפן די שטיוול האָבן זיי באַמערקט, אַז זיי זענען באַפלעקט מיט מענטשלעך בלוט און ווען די שטיוול זענען אַריינגעקומען אין די הענט פון די שוסטערס האָבן זיי אין אַ טייל געפונען שטיקער מענטש־לעך פליייש, פּראָקלאַמאַציעס, אויפרופן אויף פאַרשידענע שפּראַכן, ווי: „נידער מיטן קריג", „אַ טויט דעם פירער", „דייטשלאַנד, דייטש־לאַנד ערוואַך", „באַפרייט אייך פון נאַציזם" און נאָך פיל אַנדערע לאָזונגען און בריוולעך צו פרויען און קינדער פון די אומגעקומענע סאָלדאַטן. די יידישע שוסטערס האָבן געהאַט אַ שטיקל סאַטיספאַקציע. זיי האָבן מיט זייערע אייגענע אויגן געזען דעם סוף פון 30 טויזנט דייטשע סאָלדאַטן.

דעם 10טן יוני.

די וועלכע ווערן פון דער געטאָ מיט צוואַנג אַרויסגעשיקט אויף אַרבעט, ווערן דורך אַ פּאָר אייגענע געטאָ מערדערס געשלאָגן און געזידלט אויף וואָס די וועלט שטייט. דער הויפּט־שלעגער איז דער אַרבעט־אינספּעקטאָר אַליין, אַ דייטשער פּליט, וואָס איז געקומען קיין לאָדזש איידער עס איז אויסגעבראָכן דער קריג, זיין נאָמען איז ב. פּוקס, אַ געוועזענער שניידער, אַ רויער יונג, מיט אַן אויסזען פון אַ אונטערוועלט־מענטש. אים האָט דער פּרעזעס אָנפאַרטרויט דעם רעסאָרט פאַר אַרבעט. ווען ער באַווייזט זיך אויפן באַלוטער־מאַרק ווערט באַלד היימלעך. ער שרייט, קאָפּעט, זידלט און מאַכט עס טיילמאָל פיל בעסער ווי די דייטשן אַליין. די געטאָ־פאַרוואַלטונג רופט אים: „פּוקסעלע, דיינע שמוציקע יודן שטייען און שלאָפן. מאַך נאָר, אַז זיי זאָלן אַ ביסל לעבן". דעמאָלט צעבריקעוועט זיך דאָס פוקסל און

עס ווערט לעבעדיק. וויפל מענטשן עס זענען פאַרזאַמלט צום אַפּפאָרן, קריגן אַלע קלעפּ.

דעם 11טן יוני.

דער פּרעזעס האָט היינט מיטגעטיילט, אַז די איינוווינער פון פיר הייזער וועלן עוואַקואירט ווערן, ווייל די הייזער וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַרבעטס־רעסאָרטן. עס וועלן צוקומען נאָך אַ שניידער, טישלער, שוסטער און רימער־רעסאָרט.

די זעלבסטמאָרד־עפּידעמיע האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט. אַמ־מיינסטן נעמען זיך דאָס לעבן יונגע מענטשן. מען באַדויערט זיי נישט, מען באַוויינט זיי נישט, מען נעמט דאָס אויף אַזוי ווי דאָס וואָלט געדאַרפט זיין. אויב עס גייט אַוועק אַ טאָג־צוויי אָן אַ זעלבסטמאָרד, איז עס ממש אַ וווּנדער.

היינט האָט אָנגעהויבן צו קורסירן אין געטאָ דער טראַמוויי פאַר דער אַרבעטער־באַפעלקערונג. די טראַמווייען פאָרן נישט מער ווי אין דער פרי און פאַרנאַכט, ווען די אַרבעטער גייען צו דער אַרבעט און ווען זיי גייען פון דער אַרבעט. אַ בילעט קאָסט 10 פעניג.

דעם 13טן יוני.

היינט פרי זענען אין דער געטאָ אַריינגעקומען צוויי פאַרטיעס יידן. איין פאַרטיע פון בעלכאַטאָוו און די צווייטע פון זעלעוו. געקומען זענען בלויז מענער. זיי וועלן אין דער געטאָ לאַנג נישט פאַרבלייבן.

וואָס דערציילן די פריש אָנגעקומענע:

— בעפאָר מיר זענען פון שטעטל אַרויס, האָט מען אונדז ערלויבט פון אַלעם בעסטן מיטצונעמען. ביז די לעצטע מינוט האָט אונדז קיין עסן נישט געפעלט, אַלע יידן זענען געווען באַשעפטיקט. די וועלכע האָבן נישט געאַרבעט זענען סיסטעמאַטיש פון שטעטל אַרויסגעשיקט געוואָרן. קיין הונגעריקע זענען בכלל נישט געווען. ברויט, קאַרטאָפל און פוטער איז געווען איבערגענוג. פאַר געלד האָט מען אַלץ באַקומען. עס פאַרשטייט זיך, אַז ליב האָטמען אונדז נישט געהאַט. מען האָט אונדז געטון צרות אָנגעטון. ניט ווי און ניט ווען האָט מען פאַרשלעפּט אַ ייד און אים דערמאָרדעט.

די בעלכאַטאָווער יידן האָבן געוווסט, אַז אין דער לאָדזשער געטאָ איז אַ גיהנום. ווען די מאַכט האָט געוואָלט ווערן באַשטראָפן, איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין לאָדזש. — ווען מיר האָבן געהערט, אַז מען שיקט אונז אָפּ קיין לאָדזש, זענען מיר געווען שטאַרק פאַר־צווייפלט. הערנדיק איצטער אַז מיר וועלן די לאָדזשער געטאָ אין קורצן צוריק פאַרלאָזן ווערט אונדז אויפן האַרצן לייכטער. אַזוי האָט מיר ערקלערט יאַקובאָוויטש פון בעלכאַטאָוו.

## דעם 14טן יוני.

אַ שרעקלעכע ידיעה איז היינט אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. אין שטעטל וואַרטאַ זאָל די געסטאַפּאָ האָבן אויפגעהאָנגען דעם דאָר־טיקן רב מיט זיין זון. די געסטאַפּאָ זאָל האָבן דערקלערט, אַז ביים רב האָט מען געפינען ביכער, וואָס האָבן געלעסטערט דאָס דייטשע פאָלק מיט איר אַרמיי. די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען פאַר די אויגן פון גאַנצן שטעטל. די מענטשן וואָס האָבן די טרויעריקע ידיעה געבראַכט האָבן צוגעגעבן, אַז דער רב איז געגאַנגען צו דער תליה ווי אַ העלד, נישט געבויגן זיך, די אויגן האָט ער געהאַלטן צום הימל אַרויף און אויף דעם גאַנצן וועג, פון דער תפיסה ביז צום פּלאַץ ווו די עקזעקוציע איז פאָרגעקומען, האָט ער געזאָגט תהילים און ווידוי. דאַקעגן דער זון איז געווען געוואַלטיק צעבראָכן. קוים וואָס זיינע פיס האָבן אים געטראָגן. ער איז געגאַנגען און זיך געוואַקלט אַזוי ווי אַ שיכור. ער איז געגאַנגען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט ביידע הענט זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים. ווען ער איז צוגעקומען צו דער תליה, האָט ער פאַרמאַכט די אויגן, כדי נישט אָנצוקוקן זיין פאָטער און נישט זען ווי מען הענגט אים. ער איז אָבער פריער געהאָנגען געוואָרן ווי דער פאָטער.

אַ גאַנצע נאַכט איז דעמאָלט קיין איין ייד אין וואַרטאַ נישט געשלאָפן. קליין און גרויס זענען געלעגן און געוויינט און געבעטן דעם אַלמעכטיקן, אַז ער זאָל באַווייזן עפּעס אַ נס און ראַטעווען דעם רב פון דער תליה. ליידער האָבן אַלע געבעטן און אַלע טרערן נישט געהאָלפן. דער רב מיט זיין קינד זענען אומגעקומען. געפירט צו דער

תליה האָט דעם רב עפּעס אַ פרעמדער ייד, וואָס איז אין וואַרטאַ נישט באַקאַנט. נאָך דער עקזעקוציע זענען די מערדער געמיטלעך זיך צעגאַנגען און זיך געווונטשן, אַז אין גיכן זאָלן זיי זען, ווי מען הענגט טשערטשיל'ן און רוזוועלט'ן.

דעם 15טן יוני.

רומקאָווסקי האָט היינט מיטגעטיילט זיינע געהילפן, אַז יעדער איינער וועט באַקומען צו זיין דיספּאָזיציע אַ דראָזשקע מיט אַ פורמאַן, כדי פלינקער צו קענען דערליידיקן די ענינים וואָס זענען נייטיק פאַר דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. דאָס צוטיילן דראָזשקעס זיינע משרתים איז נישט דערפאַר, וואָס זייערע פיס זענען חלילה שוואַך. פונקט פאַרקערט, דאָס איז דערפאַר, וואָס זייערע קערפּערס זענען אַזוי דיק, אַז גיין פאַר אַזאַ מענטשן איז ממש אַ געפאַר. רומקאָווסקי האָט זיך אין אַן ענגער חברישער מסיבה אויסגעדריקט:

„כל־זמן איך בין דער פּרעזעס, וועט אייך ביי מיר גאָרנישט פעלן, איך וועל אייך געבן צו עסן צו דער זאַט און פאַרגעניגן אַזוי פיל, וויפל אייער האַרץ וועט נאָר פאַרלאַנגען. זיי, די גנבים, זאָלן זיי שטאַרבן, איר זענט אָרנטלעכע און פיינע מענטשן. אייך קומט אַלץ. איר גייט אין מיינע דרכים. דעריבער פאַרלאָזט זיך אויף מיר און גיט אַכטונג, אַז די גנבים זאָלן דאָס „געטאָלע" נישט באַגנבעגען".

דעם 21טן יוני.

היינט זענען אין דער געטאָ אַריינגעקומען 176 מענער פון טורעק, קויל און איניעווע. די פרויען, קינדער און זקנים זענען אַ נאַכט פריער ערגעץ פאַרשלעפּט געוואָרן. די מענטשן דערציילן:

„אַ נאַכט פריער זענען אָנגעקומען אייניקע לאַסט־אויטאָס. די דייטשן האָבן באַפוילן, אַז די פרויען, קינדער און עלטערע זאָלן זיך בליץ שנעל פאַרזאַמלען אויף איין אָרט. ווען די קינדער האָבן אָנגעהויבן צו וויינען האָבן די מערדער זיי געכאַפּט און אַרויפגעוואָרפן אויף די לאַסט־אויטאָס, אַזוי ווי מען וואַרפט אַרויף ציגל. האָט ווער פון די עלטערן געפּרוווט זיך אַנטקעגן שטעלן, איז ער אויפן אָרט

מוראַדיק צעממיתטע געוואָרן. דעם גאַנצן וועג — דערציילן די יידן — האָט מען אונדז געפירט אין פאַרשלאָסענע פינצטערע וואַגאָנען. אויף יעדער סטאַציע ווו מיר זענען אָנגעקומען, זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ שטאַרקער וואַך, ביי יעדן וואַגאָן. נישט ווייט פון לאָדזש האָבן די היטערס צו אונדז אַריינגעשריגן: „איר פאַרשאָלטענע יודן, מאַכט אייך גרייט, מיר גייען אייך אומברענגען. אין דער פרי וועט איר שוין ליגן אין מיסטקאַסטן און פוילן ווי משוגענע הינט. איר אומווירדיק פאָלק, וואָס האָט קריג געוואָלט. איצט וועט איר דעם קריג פאַר אייערע אויגן זען". דערהערנדיק די ווערטער האָבן אייניקע פון אונדז אָנגעהויבן וויינען און זאָגן ווידוי. מיר זענען נאָך געפאָרן אייניקע שעה. איצט געפינען מיר זיך מיט אייך צוזאַמען".

## דעם 24טן יוני.

היינט זענען אָנגעקומען אַ גרופע יידן פון לאַסק און קושמינקע. די יידן דערציילן, אַז אַ העלפט פון די דאָרטיקע יידישע קהילות זענען דערמאָרדעט געוואָרן. אויף אַ טייל איז אָנגעווענדעט געוואָרן גאַז. די קריסטלעכע שכנים דערציילן שווידערלעכע זאַכן. זיי קענען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס די יידישע וועלט לאָזט אומברענגען דאָס פוילישע יידנטום. אויפן גאַנצן וועג — דערציילן די קושמינקער יידן — האָבן מיר געטראָפן ליגן פאַרבלוטיקטע וועש און מלבושים.

## דעם 25טן יוני.

פינקטלעך האַלב 12 ביינאַכט, ווען אַלע געטאָ־שקלאַפן זענען מידע און אָפּגעשוואַכטע פון שווערן אַרבעטס־טאָג געשמאַק געשלאָפן, האָבן זיך די סירענעס מוראַדיק צעברומט און אויפגעוועקט די גאַנצע פאַרשלאָפענע געטאָ. דאָס ברומען איז דאָסמאָל געווען געוואַלטיק צאָרנדיק. עס האָבן געברומט צוזאַמען פאַבריקן, באַן־לאָקאָמאָטיוון, ראַדיאָ־הילכערס און אַנדערע גרעגערס. די אַלע צוזאַמען האָבן געמאַכט אויפציטערן אַלע איינוווינער. מען איז געווען זיכער, אַז די אַליאַנטן זענען דאָ אין די לאָדזשער דייטשן ווילן אויף שוין אָנהייבן פילן אַ ביסל מלחמה־פולווער. דאָס פייפערייַ האָט אַזוי אָנגעהאַלטן 10 מינוט

צייט. דערנאָך איז געוואָרן שטאָק פינצטער. אין האַרצן האָט יעדער ייד געבעטן: הלוואי, גאָטעניו, זאָלן געוואָרפן ווערן אַ פּאָר באָמבעס און די באָמבעס זאָלן פאַרניכטן דעם גאַנצן אַרום, ווייל די כוחות אונדזערע זענען שוין אויסגעשעפּט. אָבער צו אונדזער גרויסן פאַרדרוס האָבן מיר בלויז געהערט רוישן און מער גאָרנישט. די אַליאירטע, ווייזט אויס, האָבן נישט געפונען די שטאָט. זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דער שטאָט דערנאָך ווייטער געפלויגן.

דעם 26טן יוני.

שוין אַ לענגערע צייט ווי די געטאָ האָט נישט געהאַט קיין באַזוכן פון קאָמיסיעס. פלוצים איז היינט אָנגעקומען אַ מיליטערישע קאָמיסיע פון 25 אָפיצירן. זיי האָבן באַזוכט די שניידער, טישלער און שוסטער־רעסאָרטן. פאָטאָגראַפירט די יידישע פרויען און מיידלעך ביי דער אַר־בעט, און געמאַכט זיך פאַרצייכענונגען. עס איז זיי זייער געפעלן געוואָרן צו זען ווי יידישע פרויען שלעפּן מיסט־וואָגנס אויף די געטאָ־גאַסן. יעדן אַזאַ מיסט־וואָגן האָבן זיי צוויי מאָל פאָטאָגראַפירט. אַ טייל אָפיצירן האָבן געלאַכט און זיך געוויצלט אויפן חשבון פון די יידישע אומגליק־לעכע פרויען. ביים פאַרלאָזן די געטאָ האָבן זיי אַרויסגענומען פון זייערע טאַשן פלעשער ליקער און געטרונקען פאַרן ווויל פון פירער.

דעם 29טן יוני.

מיט אַן אויסערגעוויינלעכער גיכקייט פאַרגרעסערט זיך די שטערבלעכקייט אין געטאָ. מיט אַ יאָר צוריק איז די שטערבלעכקייט דערגאַנגען צו 40—50 מתים אַ טאָג. היינט דערגרייכט שוין די צאָל צו 100—110 מתים אַ טאָג. די געטאָ ציילט היינט צו טאָג 100 טויזנט יידן און פון די 100 טויזנט שטאַרבן טעגלעך 100 ביז 110.

דעם 1טן יולי.

דער היינטיקער טאָג איז אַ געוואַלטיק שווערער. די זון ברענט און בריט. מען פילט, אַז עפּעס שרעקלעכעס דערנענטערט זיך, עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער וויל פון מויל נישט אַרויסזאָגן.

וואָס טוט זיך היינט? פאַרוואָס איז עפּעס דער היינטיקער טאָג אַזוי שווער? אַזוי ביטער? אַזוי טרויעריק? מיט וואָס איז ער ערגער ווי נעכטן, ווי אייערנעכטן. קיינער קען דאָס נישט פאַרשטיין.

די היטלער־יוגנט האַלט אין איין שטורעמען. זי פאָדערט, אַז ליצמאַנשטאַט מוז ווערן „יודן פריי". די שפּיצן פון דער היטלער־פּאַרטיי באַראַטן זיך וועגן דעם. די געטאָ־פאַרוואַלטונג איז קעגן. זי ווייזט אויף מיט ציפערן, אַז די יידן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין געטאָ, זענען אַ געזונטער עלעמענט און אַ פעאיקער צו יעדער סאָרט אַרבעט און די אַרבעט — זאָגן זיי — קומט אונדז שטאַרק צונוץ. די געטאָ־פאַרוואַלטונג לייגט דעריבער פאָר, אַז אַלע קלענערע געטאָס אַרום לאָדזש זאָלן ראַשיק ליקווידירט ווערן. די געזונטע זאָלן אַריינגעשיקט ווערן קיין לאָדזש און דער שמעלץ זאָל ליקווידירט ווערן. אַזוי אַרום — זאָגן זיי — וועט מען שיסןביידע האָזן. דאָס פאַרמעגן פון די יידן פון די קליינע שטעטלעך וועט שטאַרק צונוץ קומען. לויט זייער מיינונג וועט דאָס צוגערויבטע פאַרמעגן פון די יידן באַטרעפן 4 מיליאָן מאַרק און דאָס געלט זאָל געגעבן ווערן דער „היטלער־יוגנט". די באַראַטונגען וועגן דעם קומען פאָר און לויט ווי מען שמועסט, וועט בלייבן אַזוי ווי די געטאָ־פאַרוואַלטונג וויל.

## דעם 2טן יולי.

„קריכט שוין פלינקער, איר שמוציקע בעטלער באַנדע", האָט פּלוצים אַ באַסאָווע שטימע האַלב 6 פאַרטאָג געשריגן. „ווי די הינט דאַרף מען אייך אַלע אויסשיסן. איר האָט דעם קריג געוואָלט, איר האָט די גאַנצע וועלט אונטערגעהעצט קעגן אונדז, איצטער באַקומט איר אייער באַלוינונג. ווען אַפילו דייטשלאַנד וועט פאַרשפּילן, וועט איר די פרייד נישט דערלעבן. 10 מינוט פאַר דעם ווי דייטשלאַנד וועט פאַלן, וועט איר אומקומען. איר פאַרשאָלטענע, איר קרעציקע".

מיט אַזעלכע קולות זענען היינט אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ 200 יידן, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט אין ראַדאָגאָשטש, געאַרבעט דאָרט 9 מאָנאַטן, געאַרבעט, געהונגערט און באַקומען יעדן טאָג קלעפּ, אַזוי לאַנג ווי ביז פון 600 מאַן זענען געבליבן 200 קראַנקע,

צעבראָכענע מענטשן. 400 מאַן זענען אין פאַרלויף פון 9 מאָנאַטן אויף דעם אַרבעטס־פּלאַץ אומגעקומען. די 200 מאַן זענען צו זייערע פאַמיליעס אַהיים געשיקט געוואָרן. דער גרעסטער טייל פון זיי — געשוואָלענע, מיט אייניקע האָב איך גערעדט, אויסגעפּרעגט זיך פאַרשיידענע איינצלהייטן. אַלע זענען רעזיגנירטע און ווילן מער נישט לעבן. באַלד אין ערשטן טאָג זענען 6 מאַן פון זיי געשטאָרבן. געקומען זענען זיי נאַקעט און באָרוועס. וואָס זיי האָבן געהאַט האָט מען ביי זיי אויפן וועג צוגענומען. געשלאָגן האָט מען זיי מיט ספּעציעלע בייטשן, וואָס די צירק־מענטשן באַנוצן בעתן אויסדרעסירן פערד.

## דעם 3טן יולי.

געוואַלד יידן, עס ברענט! ווו ברענט! דער קונסט־טישלער־רעסאָרט האָט אָנגעהויבן ברענען. באַלד האָט מען געהערט אַ פייפעריי און אַ קלינגעריי. דייטשע פייערלעשער זענען אָנגעקומען און האָבן צוזאַמען מיט די יידישע פייערלעשער געאַרבעט מעשים צו פאַרלעשן די שריפה. נאָך דער ערשטער אויספאָרשונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַט וואָס: נישט ווייט פון דער ניי־געשאַפענער קונסט־טישלעריי, איז פאַראַן אַ באָד־אַנשטאַלט, וואָס איז טעטיק אַ גאַנצע וואָך אָן איבערייס. האָט זיך דער אויוון שטאַרק צעהיצט און די וואַנט וואָס גרענעצט זיך מיטן רעסאָרט האָט אָנגעהויבן צו ברענען און די נאַכט־וועכטער האָבן דאָס נישט באַמערקט. עס ווייזט אויס אַז זיי זענען געשמאַק געשלאָפן, און ווער ווייסט צו זיי וועלן דערפאַר נישט באַצאָלן מיטן לעבן. אַ טייל פון דעם נייעם טישלער־רעסאָרט איז פאַרברענט געוואָרן. עס איז אויך פאַרברענט געוואָרן דער גאַנצער באָד־אַנשטאַלט און די וועכטער זענען גענומען געוואָרן אין דער קריפּאָ אַריין צו אַן אויספאָרשונג.

## דעם 4טן יולי.

מען זעט אויף דער גאַס און ביי דער אַרבעט לויטער מתים. ווען מען פרעגט אַזאַ מת, ווי ער פילט זיך, ענטפערט ער:

— נאָך אַפּאָר טריט און איך בין שוין אין גרוב.

היינט זענען געשען צוויי שרעקלעכע זעלבסטמאָרדן פון צוויי

יונגע קינדער. איינס אַ מיידעלע פון 13 יאָר, וואָס האָט זיך אַראָפּגע־וואָרפן פון דריטן שטאָק. דאָס קינד האָט זיך אַרומגעדרייט 4 וואָכן אָן עלטערן. איידער דאָס קינד איז באַגאַנגען דעם שרעקלעכן טאַט, איז זי אַריין צו אַ שכנה און זיך באַקלאָגט אויף איר טראַגעדיע: — מיינע עלטערן זענען אין איין וואָך געשטאָרבן. מיין משפחה וויל מיך נישט צו זיך אַריינעמען. איך האָב שוין דעם דריטן טאָג נישט געהאַט גאָרנישט אין מיין מויל. איך וועל אויך באַלד שטאַרבן. מיט די ווערטער איז זי אַרויס אויפן באַלקאָן פון דריטן שטאָק און אַ סוף געמאַכט צו איר יונגן לעבן.

די צווייטע זעלבסטמערדערין איז אַ פריילין פון 19 יאָר, אַן אַמאָליקע גבירישע טאָכטער, איז געבליבן אַ קיילעכדיקע יתומה. אירע עלטערן זענען אויך אין איין וואָך אָפּגעשטאָרבן. די עלטערן האָבן געהייסן חיים און שרה וואַלפיש. די פריילין האָט בשום אופן נישט געקענט צו זיך קומען נאָך דעם שווערן קלאַפּ. זי איז די גאַנצע צייט אַרומגעגאַנגען אַ דענערווירטע. צו קיין מענטש נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. נישט געגעסן, נישט געשלאָפן, ביז זי האָט באַשלאָסן אַוועקצוגיין פון דער וועלט. זי האָט מיט אַ בלייפעדער אָנגעצייכנט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, אַז זונטיק דעם 5־טן יולי, וועט זי מאַכן אַן ענדע מיט איר יונג לעבן. איין בריוול האָט זי געשריבן צו אַ פעטער אין אַמעריקע און געלאָזט דאָס בריוול ליגן אויפן טיש. עס איז דערין געשריבן אָט וואָס:

„טייערער פעטער סימאָן!

זאָלסט וויסן, אַז מיינע עלטערן זענען פון הונגער געשטאָרבן. ביידע צוזאַמען אין איין וואָך. פאַרן טויט האָבן זיי ביידע דיין נאָמען אַ פּאָר מאָל דערמאָנט. וואָס זיי האָבן גערעדט, ווייס איך נישט. איינס וואָס איך ווייס יאָ, אַז דו ביסט דער שולדיקער אין זייער טויט. דו האָסט אויפגעהאַלטן דאָס אַרויסשיקן די שיפס־קאַרטן. צוויי מאָל האָבן די עלטערן דיך געבעטן, מאַך דאָס גיכער, ווייל די מלחמה איז נאָענט און דו האָסט בלויז צוגעזאָגט און נישט אויסגעפירט. זאָל דער אַלמעכטיקער באַצאָלט־נעמען פאַר אונדזערע ליידן. דו האָסט מורא

געהאַט, אַז דו וועסט דאַרפן אָפּצאָלן די חובות, איצטער איז דאָס געלט דיינס, ווייל אויך איך גיי פון דער וועלט אַוועק".

דאָס מיידל — איר נאָמען איז עדזשאַ — האָט זיך צו ערשט פאַר־סמ'ט, דערנאָך מיט אַ זשילעטקע צעשניטן זיך די אָדערן און ווייל דאָס אַלץ האָט נישט באַלד געווירקט, האָט זי זיך מיט אַ קיך־מעסער געמאַכט כאַראַקירי. ווען די פּאָליציי איז אָנגעקומען איז שוין דער קערפּער געלעגן 48 שעה טויט און דאָס גאַנצע אויפגערוימטע צימערל איז געווען באַגאָסן מיט בלוט. אַפילו דאָס בילד פון די עלטערן, וואָס האָט געהאָנגען איבער בײדע בעטן איז געווען באַפּלעקט פון בלוט. דאָס בריוול און דער אויסטערלישער זעלבסטמאָרד האָט אויף אַלעמען געמאַכט זייער אַ שווערן איינדרוק.

## דעם 7טן יולי.

היינט גאַנץ פרי זענען אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין אַ פּאָר הונדערט יידן פון קויל און קאַליש. די אָנגעקומענע זענען אַזוי נידער־געשלאָגן, אַז זיי האָבן בכלל נישט געוווּסט, וואָס מיט זיי טוט זיך. כמעט אַלע זענען געווען בלוטיק צעשלאָגן. די פרויען האָבן נישט זייערע מענער און די מענער האָבן נישט זייערע פרויען. זייערע דערציילונגען זענען אַזוי שרעקלעך, אַז האָר און נעגל שטעלן זיך קאַפּויר. דעם באַפעל צו פאַרלאָזן די וווינונגען האָבן זיי באַקומען 4 אַזייגער פאַרטאָג.

„מיר האָבן נישט געוווּסט, וואָס פריער צו טון, ראַטעווען די קינדער, אָדער עפּעס איינפּאַקן, כדי צו האָבן צום עסן. די מערדער האָבן אונדז נישט געלאָזט אַפילו אָנטאָן זיך. פרויען זענען אַרומגעלאָפן נאַקעט און געזוכט זייערע אַרויסגעטריבענע קינדער, דאָס געשריי פון אַלע זייטן „יודן אַרויס" האָט אונדז אין גאַנצן צעטומלט. באַלד זענען געפאַלן שאָסן און אַ סך יידן זענען געבליבן טויט אויפן אָרט.

## דעם 8טן יולי.

דער געטאָ־טראַמוויי האָט שוין באַוויזן איבערצופאָרן אַ יונגע פרוי צום טויט. די פרוי רחל מינץ האָט שטאַרק געאײלט זיך פון דער

אַרבעט. זי האָט פאַרשלאָסן אַ קליין קינד און זי האָט אין איילעניש נישט באַמערקט דעם אָנלויפנדיקן טראַמוויי.

### דעם 9טן יולי.

די געהיימע פוילישע ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט” האָט היינט מיט־געטיילט, אַז אַלע קלענערע שטעט אַרום לאָדזש ווערן אויסגעליידיקט פון יידן. די עלטערע, קראַנקע און קליינע קינדער ווערן דערשאָסן און די געזונטע ווערן אָפּגעטראַנספּאָרטירט אין אַרבעטס־לאַגערן. פון אַ סך יידישע קינדער ווערט אָפּגעצויגן דאָס בלוט, כדי צו מאַכן טראַנס־פוזיעס די פאַרוווּנדעטע דייטשע סאָלדאַטן. צעגדליקער טויזנטער יידן — טיילט די ראַדיאָ מיט — זענען שוין אומגעקומען.

### דעם 10טן יולי.

ביאַלער, דער לייטער פון דער קבורה־אָפּטיילונג אויף זגערזשער גאַס נומער 7, האָט מיר היינט דערציילט, אַז דער פּרעזעס האָט אים באַפוילן מער נישט קובר צו זיין אין תכריכים. אויב ער וועט געוויר ווערן, אַז מען באַנוצט ווייטער תכריכים, וועט ער נישט קוקן אויף אַלע מיינע פאַרדינסטן און מיך מיט דער ערשטער גרופּע אַוועקשיקן.

### דעם 12טן יולי.

אַלאַרם! קוויטשערייען און פּייפערייען. פון אַלע זייטן לויפן די פּאָליציאַנטן און שרייען, אַז דאָס ליכט זאָל אויסגעלאָשן ווערן. אין געציילטע סעקונדן איז שוין דאָס גאַנצע געטאָ געוואָרן איין שטיק פינצטערניש. מיר בעטן גאָט, אַז דער שונא זאָל קומען. ער זאָל באָמבאַרדירן די שטאָט, ער זאָל זי חרוב מאַכן. אונדזערע תפילות ווערן נישט מקוים.

### דעם 13טן יולי.

מיטן מאַרישינער־וועג זענען היינט אָנגעקומען טראַנספּאָרטן מיט קישנס און פוך־דעקן. דאָס איז דאָס בעטגעוואַנט פון די יידן, וואָס זענען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די קלענערע שטעטלעך אַרום לאָדזש.

דאָס בעטגעוואַנט איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דער גרויסער קירכע אויף ראָג זגערזשער־לוטאָמיערסקאַ. דאָרט וועט דאָס גערייניקט ווערן, דערנאָך וועט דאָס יידישע בעטגעוואַנט אָפּגעשיקט ווערן פאַר דער דייטשער באַפעלקערונג קיין דייטשלאַנד.

## דעם 14טן יולי.

די געסטאַפּאָ האָט היינט באַפוילן, אַז די „מאַטקאַ באָסקאַ״־פיגור, וואָס שטייט ביי דער קירכע, ווי מען רייניקט דאָס בעטגעוואַנט, זאָל אַראָפּגענומען ווערן. עס האָט טאַקע נישט לאַנג געדויערט און עס זענען געקומען 4 קריסטלעכע אַרבעטער און האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצונעמען די פיגור. די אַרבעט איז צוגעגאַנגען זייער גיך און צאָרנדיק. שפּעטער האָבן די יידן צוזאַמענגענומען די ברוכשטיקער און אָפּגערייניקט דעם פּלאַץ.

דער פּרעזעס האָט היינט גערופן די לייטערס פון אַלע רעסאָרטן. „זייט וויסן יידן — האָט דער פּרעזעס געזאָגט, — אַז עסן וועט אין געטאָ מער נישט זיין. די סיבה איז, וואָס אַלע באַנען זענען פאַרנומען מיטן מיליטער און ווען איך פּרוביר צו אינטערווענירן וועגן אַריינשיקן אַ פּאָר וואַגאָנען מעל אָדער קאַרטאָפל, ענטפערט מען מיר, אַז די דייטשן הונגערן אויך. צום ערשטן מוז פאַרזאָרגט ווערן דאָס מיליטער, דערנאָך די דייטשע ציוויל־באַפעלקערונג, דערנאָך די פּאָליאַקן און צום לעצט, ווען עס וועלן איבערבלייבן וואַגאָנען, וועלן מיר באַקומען״.

## דעם 16טן יולי.

25 וואַגאָנען מיט צוגערויבטע מלבושים פון די יידן אין די שטעטלעך זענען היינט דורך מאַרישין אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. עס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן ספּעציעלע סאָרטיר־רעסאָרטן. ביבאָוו האָט צו זיך גערופן די פאָרשטייער פון דער זאָנדער־פּאָליציי און זיי שטרענג אויפגעפּאָדערט, אַז זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף אַלע סאָרטיר־פּלעצער און אויב עס וועלן געפינען ווערן ווערטזאַכן, זאָלן

זיי באַלד איבערגעבן דער געטאָ־פאַרוואַלטונג. פאַרן נישט אויספירן די באַפעלן, וועט מען באַשטראָפט ווערן מיט טויט.

## דעם 17טן יולי.

אַ קאָמיסיע פון דייטשע דאָקטוירים האָט היינט באַזוכט אַלע שפּי־טאַלן. די דאָקטוירים האָבן אַפילו באַטראַכט עטלעכע קראַנקע. געפּרעגט די יידישע דאָקטוירים צי די קראַנקע ווערן געזונט. צוויי דאָקטוירים האָבן פאָטאָגראַפירט די שפּיטאָל־צימערן, די קראַנקע. דערנאָך זיך פּיין און העפלעך געזעגנט. צו די יידישע דאָקטוירים האָבן זיי גערעדט בלשון „קאָלעגע". איינער פון די יידישע דאָקטוירים האָט שפּעטער געזאָגט, אַז זייער העפלעכקייט וועט ברענגען אַן אומגליק. הלוואַי זאָל ער פאַרבלייבן אַ ליגנער.

## דעם 18טן יולי.

די היינטיקע דייטשע צייטונגען זענען אַרויס מיט אַ וואָרענונגס־אַרטיקלען קעגן יידישן פאָלק. די צייטונג „וואָך" שרייבט:

„די קריג איז נאָך נישט צו ענדע. אויב דייטשלאַנד וועט פאַר־שפּילן די קריג 12 אַזייגער, וועלן שוין 11 אַזייגער קיין יידן אין איירָאָפּע מער נישט זיין".

די ליצמאַנשטעטער צייטונג שרייבט: „אַז עפּעס אַ פאַרשאָלטענער ייד אין אַמעריקע, מיטן נאָמען ברויד, האָט אָרגאַניזירט אַ פּאָגראָם אויף דער דייטשער באַפעלקערונג אין ניו־יאָרק. אַ צווייטער ייד מיטן נאָמען זיסקינד, האָט אָרגאַניזירט אַ פּאָגראָם אויף די דייטשן אין בראַזיל. די פאַרשאָלטענע יידן האָבן אומגעבראַכט טויזנטער אומשול־דיקע דייטשן. דערפאַר וועלן די איירָאָפּעאישע יידן טייער באַצאָלן. עס וועט נישט זיין אַ קאָפּ פאַר אַ קאָפּ, נאָר הונדער יידן וועלן באַצאָלן פאַר איין דייטש". אָט אַזוי זענען איצט אויס אונדזערע פּערספּעקטיוון. דער טויט־אורטייל איבער אונדז ווערט סיסטעמאַטיש אויסגעפירט. יעדן טאָג ווערן יידן דערשאָסן. יעדן טאָג ברענגט מיט זיך טויזנטער יידישע אומשולדיקע קרבנות.

דעם 19טן יולי.

עס קרייזן היינט אַרום אויסטערלישע קלאַנגען. די געסטאַפּאָ זאָל האָבן צוגעשיקט אַ בריוו צו דער געטאָ־פאַרוואַלטונג, אַז די לאָדזשער געטאָ מוז ליקווידירט ווערן. כאָטש די געטאָ־אַרבעט קומט זיי שטאַרק צונוץ, דאָך מוז דער וואַרטיגאַול־געביט ווערן יודן־ריין. צוליב די אויסטערלישע קלאַנגען קומען טאָג־טעגלעך אום צענדליקער מענטשן. מענטשן לויפן אַרום ווי משוגע. טייל שפּרינגען פון די שטאָקן און לאָזן איבער בריוולעך, אַז זיי ווילן מער נישט מיטמאַכן נאָך אַן עוואַקואַציע.

דעם 20טן יולי.

דער טישלער־רעסאָרט האָט היינט באַקומען פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג אַן אויפטראָג צו מאַכן 50 טויזנט קינדער־בעטלעך. צוליב דער גרויסער באַשטעלונג ווערט איצט דער טישלער־רעסאָרט פאַרגרע־סערט און עס ווערן צוגענומען נאָך אַרבעטער. נישט געקוקט דערויף, וואָס די קלאַנגען פאַרשטאַרקן זיך, באַקומט די געטאָ־פאַרוואַלטונג כסדר גרויסע באַשטעלונגען. איינער פון די געסטאַפּאָ־אַגענטן האָט געזאָלט זאָגן, אַז די בעטלעך ווערן געמאַכט פאַר יידישע קינדער, וועלכע געפינען זיך אין אַ ספּעציעלן גרויסן לאַגער נישט ווייט פון לובלין.

דעם 21טן יולי.

די געסטאַפּאָ האָט היינט מיטגעטיילט רומקאָווסקין, אַז מאָרגן 11 אַזייגער פאַר מיטיק וועלן צוויי פּאַביאַניצער יידן געהאָנגען ווערן. ווער די יידן זענען און פאַרוואָס זיי וועלן געהאָנגען ווערן איז נישט באַוווסט.

דעם 22טן יולי.

דער הייננטיקער טאָג וועט נישט פאַרגעסן ווערן און ער וועט לאַנג, לאַנג בלייבן אין זכרון. באַלד באַגינען זענען אַ סך געסטאַפּאָ־אַגענטן אָנגעקומען אין דער געטאָ אַריין. זייער האַלטן זיך האָט

אָנגעוואָרפן אַ מוראדיקע שרעק. מיט ציטער זענען די געטאָ־מענטשן געלאָפן אַהין און אַהער און געזוכט אַן אָרט ווו זיך צו באַהאַלטן.

פינקטלעך 11 אַזייגער זענען אָנגעקומען צוויי אויטאָס. דער ערשטער איז געבליבן שטיין ביים עק באַזאַרנע און לוטאָמיערסקאַ. די שאָפערן האָבן צוגערופן צו זיך דעם יידישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט, ראָזענבלאַט, פריער אים עפעס געפרעגט, דערנאָך זענען זיי אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ, אַרויסגענומען פון די קעשענעס די רעוואָלווערן, אַרומגעקוקט זיך און באַוואונדערט די רואיקייט, וואָס עס הערשט אויף דעם עקזעקוציע־פּלאַץ. אין פינף מינוט אַרום איז אָנגעקומען אַ צווייטער אויטאָ. אויך פון צווייטן אויטאָ זענען אַרויסגעשפּרונגען דריי אויסגעפּרעסענע ס.ס.־מערדער. זיי האָבן אויפגעשלאָסן די הינטערשטע אויטאָ־טיר, דורך וועלכער עס זענען אַרויסגעקראָכן צוויי בלאַסע יידן. (איינער — גרינבוים פון פּאַביאַניץ, און דער צווייטער — מאַקאָווסקי פון לאָדזש). בעת זיי זענען צוגעפירט געוואָרן צו דער תליה, האָבן זיי אויפגעהויבן זייערע אויגן צום הימל און עפּעס געזאָגט אין דער שטיל. אין דער זעלבער רגע איז אונטערגעשפּרונגען דער גוט־באַקאַנטער געטאָ־אויסוואורף, גלאַזער, ער האָט גענומען די צוויי קרבנות און זיי צוגעפירט ביז צום שטריקל, פאַרוואָרפן אויף זייערע העלדזער פעטליעס און די צוויי אומשולדיקע יידן זענען דורך יידישע הענט געהאָנגען געוואָרן. זיי האָבן אַ צייט געצאַפּלט, געוואָרפן מיט די פיס, דערנאָך פאַרבליבן שטיל, שטום, שטייף און טויט.

נאָך דער עקזעקוציע האָבן די מערדער אַרויסגענומען פון די טאַשן ביקלנע פלעשער און אַריינגעגאָסן אין זיך ליקער און געדריקט זיך די הענט און הויך געשריגן: „מאָרגן ווייטער". דער יידישער הענקער, גלאַזער, האָט באַקומען אַ שאַכטל ציגאַרעטן און זיי האָבן אים אַפּלאָדירט פאַר זיין „גוטער אַרבעט". די תליה איז געמאַכט געוואָרן אין טישלער־רעסאָרט אויף דרוקאַרסקאַ 12. די קרבנות זענען געהאָנגען ביז 4 אַזייגער נאָכמיטאָג. דערנאָך זענען זיי אַראָפּגענומען געוואָרן און מען האָט זיי אָפּגעפירט אויפן בית־עולים.

### דעם 23טן יולי.

די געהיימע פוילישע ראַדיאָ־סטאַציע „שוויט" האָט היינט מיטגעטיילט, אַז די וואַרשעווער געסטאַפּאָ האָט באַפוילן, אַז אין פאַרלויף פון 10 טעג זאָל די וואַרשעווער יידישע קהילה צושטעלן 60 טויזנט יידן, אינזשיניער טשערניאַקאָוו זאָל האָבן דערקלערט, אַז די קהילה וועט נישט אימשטאַנד זיין אויסצופירן דעם באַפעל. די געסטאַפּאָ האָט געגעבן דער קהילה דריי טעג צייט, אויב נישט וועט זי אַליין קומען און נעמען די געפאָדערטע צאָל יידן, דעמאָלט וועט פאַר די וואַרשעווער יידן זיין פיל ערגער.

### דעם 24טן יולי.

שרעקלעכע ידיעות קומען אָן פון די קליינע שטעטלעך. די דייטשן לאָזן אויס דעם גאַנצן כעס אויף די שוצלאָזע יידן. וואָס ערגער עס גייט זיי אויף די פראָנטן, אַלץ מער פאַרביסענער ווערן זיי צו אונדז. די וועלכע ברענגען די ידיעות דערציילן, אַז אַלע יידן ווערן אויסגעמאָרדעט. אַלע שטעטלעך ווערן אָפּגערייניקט. דער גרעסטער טייל יידן ווערן דערשאָסן אויפן אָרט און אַ קלייגער טייל ווערט געטריבן אין די אַרבעטס־לאַגערן. די ערשטע קרבנות זענען פרויען און קינדער, קראַנקע און עלטערע מענטשן. כמעט אַלע שטעטלעך אַרום לאָדזש זענען שוין יידן־ריין. ביז איצט זאָלן די מערדער שוין האָבן דערשאָסן אין דער לאָדזשער וואָיעוודזטווע איבער הונדערט טויזנט יידן.

אין דער נאַכט פון שבת דעם 18־טן יולי, זאָל האָבן פאָרגעקומען אַ גאָר גרויסע שחיטה אין קאָנינער וואַלד. די געוואַלדן פון די אומגעקומענע זאָל מען האָבן געהערט אויף מיילן ווייט. אויך די דייטשן, וואָס האָבן זיך ביז איצט אויפגעפירט אַ ביסל מענטשלעך, אויך זיי זענען אַנדערש געוואָרן, זיי ענטפערן שוין נישט נאָרמאַל, נאָר זיי שרייען, שעלטן און זידלען. ביי יעדע פאָר ווערטער הערט מען ווי זיי שרייען: „אַלע וועט מען אייך אומברענגען".

### דעם 25טן יולי.

די ליצמאַנשטעטער צייטונג האָט היינט געשריבן:

„די יידישע מאַמעס האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע קינדער, כדי

זיך צו ראַטעווען". דער מגוולדיקער שרייבער דערציילט, אַז וועז די יידן אין די קליינע שטעטלעך האָבן באַקומען אַ באַפעל צו פאַר־לאָזן די ווינונגען, ווייל די ווינונגען וועלן באַנוצט ווערן פאַר סאָלדאַטן, וואָס קומען זיך אָפּרוען פון די שווערע פראָנט־קאַמפן, האָבן די יידישע מאַמעס אַרויסגעוויזן זייער חיה'שקייט און זיי האָבן אַוועקגעוואָרפן זייערע קליינע קינדער, כדי זיך לייכטער צו מאַכן דאָס לעבן. דאָס קענען נאָר טון יידן — די וועלכע ווערן געהאַסט פון יעדן ערלעכן קריסט. אָבער נישט גענוג — מאַכט דער דאָזיקער שרייבער אַן אויספיר — די יידישע מאַמעס וועלן דערפאַר טייער באַצאָלן. זיי וועלן טאַקע די קינדער מער שוין נישט האָבן. דערפאַר אָבער וועלן זיי מיטן לעבן באַצאָלן".

אָט אַזוי ווערן מיר באַשמוצט. נישט גענוג וואָס צענדליקער טוי־זנטער צעבראָכענע מאַמעס האָבן זיך דאָס לעבן גענומען, ווען מען האָט זייערע קינדער פון זיי צוגענומען, נישט גענוג וואָס צענדליקער טויזנטער מאַמעס האָבן נאָך נישט אויפגעהערט צו זוכן און צו וויינען אויף זייערע פאַרשוווּנדענע קינדער, קומט אַ מערדערישער שרייבער פון אַ מערדעריש פאָלק און שרייבט מיט אַזאַ נידערטרעכטיקער חוצפּה, אַז די יידישע מאַמעס וואַרפן אַוועק זייערע קינדער, כדי זיך לייכטער צו מאַכן זייער לעבן! מען מוז שטאַרקער זיין פון אייזן, כדי די דאָזיקע שרעקלעכקייט איבערצולעבן.

## דעם 26טן יולי.

דער לייטער פון דער זאָנדער־פּאָליציי, דוד גערטלער, האָט הייַנט דערציילט פאַר זיינע פריינט, אַז די לאַגע פון די וואַרשעווער יידן איז טרויעריק. אינזשיניער טשערניאַקאָוו איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די קהילה איז צעלאָזט געוואָרן און די דייטשן, צוזאַמען מיט דער יידישער פּאָליציי, עוואַקואירן די געטאָ. ביזן היינטיקן טאָג האָט מען שוין עוואַקואירט 80 טויזנט נפשות. הונדערטער טויטע ליגן אויף די גאַסן און ווערן נישט צוגענומען. די עוואַקואַציע גייט אָן, אָן איבעררייס. די דייטשע קרימינאַל־פּאָליציי האָט אַרעסטירט אַלע יידישע מוסרים. דערונטער די צוויי לאָדזשער, העלער און קאַקאָסאָור־

סקי, זיי זענען מיט זייערע פרויען אין זייערע וווינונגען דערשאָסן געוואָרן. די צוויי זענען געווען מיטאַרבעטער פון דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן אַרומגעפירט ביי דער נאַז דאָס גאַנצע וואַרשעווער יידנטום. וואַרשע איז געוואָרן אַ גהינום. די לאָדזשער, וואָס זענען פון דאַנען אַנטלאָפן, ווילן איצט צוריקקומען, זיי בעטן זיך ממש רחמים, אַז מען זאָל זיי צוריקפירן קיין לאָדזש.

דעם 29טן יולי.

די געסטאַפּאָ האָט היינט באַפוילן, אַז די יידישע פּאָליציי־קאָמאַנדע זאָל איר צושטעלן אייניקע געזונטע פּאָליציאַנטן, וואָס וועלן צוזאַמען מיט געסטאַפּאָ־אַגענטן אַרויספאָרן אין די קלענערע שטעטלעך, כדי אַריינצוברענגען אין דער לאָדזשער געטאָ דאָס איבער־געבליבענע יידישע פאַרמעגן. פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליציי־קאָמאַנדע האָט באַלד צוזאַמענגעשטעלט אַ גרופּע פּאָליציאַנטן וואָס זענען 10 אַזייגער פאַרמיטאָג אָפּגעפאָרן קיין פּאַביאַניץ. די זעלבע פּאָליציאַנטן וועלן דערנאָך ווייטער פאָרן, ביז אַלע קליינע שטעטלעך אַרום לאָדזש וועלן גערייניקט ווערן.

דעם 31טן יולי.

צוליב די גרויסע היצן, וואָס האַלטן שוין אַן עטלעכע טעג, האָט זיך די שטערבלעכקייט שטאַרק פאַרגרעסערט. די טשערוואָנקע (די־זענטעריע) הערשט כמעט אין יעדער צווייטער שטוב. אויב דאָס איז ווייניק, האָבן זיך אויף די געטאָ־פעלדער אַראָפּגעלאָזט מיליאָנען ווערעם (ליסקעס) און פרעסן אויף דאָס גאַנצע אָנגעוואָקסענע קרויט און אַנדערע גרינסן. לויט ווי דער אַפּראָוויזאַציע־לייטער האָט איבער־געגעבן האָבן די ווערעם אויפגעגעסן צוויי מיליאָן הייפּטלעך קרויט און פיר מיליאָן אַנדערע מינים בלעטער. דאָס קרויט איז אופגעגעסן געוואָרן ביזן וואָרצל.

דעם 1טן אויגוסט.

היינט, דעם ערשטן אויגוסט, האָט דאָס געטאָ־יידנטום איבער־געלעבט אַן אויסערגעוויינלעכע טראַגעדיע. די טראַגעדיע האָט

צעבראָכן טויזנטער לעבנס. אַ שרעקלעכער שבת איז היינט געווען. יאָמערן און געוואַלדן האָט מען געהערט אין יעדן הויז. איבעראַל האָבן זיך הענט געבראָכן און טרערן האָבן זיך געגאָסן. אייניקע האָבן געשריגן: „מיינע טייערע קינדער". שרעקלעך, שרעקלעך איז דער היינטיקער טאָג געווען. בעת'ן פאַרצייכענען קען איך אַפילו די געדאַנקען נישט צוזאַמענגעמען, אויך מיין פאַמיליע האָט דערפון שווער געליטן.

פאַסירט האָט עס פלוצים. אַזוי ווי אַ שטורם זענען אין דער געטאָ אַריינגעפאָרן 8 גרויסע שוואַרצע לאַסט־אויטאָס, וואָס זענען געווען באַדעקט מיט שוואַרצע פלאַכטעס. די 8 אויטאָס זענען זיך צעפאָרן אין עטלעכע ריכטונגען פון געטאָ, און זענען ווי די בייזע רוחות צוגעפאָרן צו די יידישע שפיטאָלן. די ס.ס.־מערדערישע דייטשן, וואָס זענען פון זיי אויסגעשטיגן האָבן באַפוילן, אַז אין פאַרלויף פון 10 מינוט — מוזן אַלע קראַנקע, אָן אונטערשייד, זיך געפינען אויף די לאַסט־אויטאָס און ווער עס וועט פרובירן זיך אויסצובאַהאַלטן, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן. אין זעלבן מאָמענט האָט די יידישע פאָליציי אָפגעשלאָסן אַלע וועגן אַרום די שפיטעלער, כדי די באַפעלקערונג זאָל נישט קומען צולויפן און שטערן די אַקציע. נישט געקוקט דערויף זענען טויזנטער מענטשן דאָך געקומען צולויפן. מאַמעס, טאַטעס, שוועסטערס און ברידער, אַלע האָבן געשריגן, געוויינט, געלאַרעמט און געריסן זיך די האָר פון די קעפ און געבעטן זיך רחמים ביי דער פאָליציי, אַז מען זאָל זיי צולאָזן צו די שפיטאָלן כדי זיך צו געזעגענען מיט זייערע נאָענטע. די פאָליציי, פאַרשטייט זיך, האָט דאָס נישט געקענט דערלויבן, ווייל אויך זייער לעבן איז געווען באַדראָעט. חוץ מזה האָבן זיי געוואָלט אויסמיידן אַ פיל גרעסערן אומגליק. נישט געקוקט אויף דער גרויסער און האַרבער שטרענגקייט האָבן זיך דאָך אייניקע פון פובליקום אַדורכגעריסן און זענען טאַקע אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אַנדערע ווידער זענען מיטגענומען געוואָרן מיט די קראַנקע.

די קראַנקע אַליין האָבן נישט געוווּסט ווו מען פירט זיי, נאָר לויט די געוואַלדן פון די געסטאַפּאָווצעס האָבן זיי זיך משער געווען,

אַז זיי ווערן שוין אַוועקגעפירט אויף אייביק. דער קראַנקער, וואָס האָט געפּרוּווט עפּעס פרעגן, אָדער פּראָטעסטירן פאַרוואָס ער ווערט ברוטאַל באַהאַנדלט, איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. אַזוי אַרום זענען 18 קראַנקע דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, איידער זיי זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צום געמיינזאַמען ברידער־קבר. די שוואַרצע אויטאָס האָבן פון די שפּיטאָלן אַרויסגעשלעפּט צוויי טויזנט קראַנקע, דערונטער 400 קינדער און 80 שוואַנגער־פרויען. 1.000 קראַנקע זענען שוין געווען געזונט. זיי האָבן געזאָלט אין די נאָענטסטע טעג אויסגעשריבן ווערן פון די שפּיטאָלן. צוליב דער נאַכלעסיקייט פון דער אַדמיניסטראַציע זענען זיי נאָך פאַרבליבן. אַזוי אַרום האָבן אויך 1.000 געזונטע מענטשן פאַרשפּילט זייער לעבן. אין פאַרלויף פון צוויי שעה צייט זענען אויסגעליידיקט געוואָרן אַלע 5 שפּיטאָלן און צוויי טויזנט נפשות האָבן פאַרלוירן זייער לעבן. איצט וועלן די שפּיטאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַרבעטס־רעסאָרטן.

## דעם 2טן אויגוסט.

עפּעס אַ געהיימע קאָמיסיע איז היינט ווידער געקומען אין געטאָ. די קאָמיסיע פאָרשט אויס פאַרשיידענע איינצלהייטן. זי איז זייער שטרענג, זי לאָזט צו זיך נישט צו קיין שום געטאָ־פאָרשטייער. דער פאַרטרעטער פון פּרעזעס, יאַקובאָוויטש, האָט שוין אייניקע מאָל געפּרוּווט רעדן מיט ביבאָוון וועגן דער קאָמיסיע. ביבאָוו ענטפערט, אַז ער אַליין ווייסט גאָרנישט. ער זאָגט, אַז מען זאָל זיך נישט שרעקן. דערווייל איז דער עולם שטאַרק איבערגעשראָקן. ווער ווייסט צי די קאָמיסיע וועט ווידער נישט ברענגען עפּעס אַ צרה. מען האָט שטאַרק מורא, אַז די נעכטיקע טראַגעדיע זאָל נישט ברענגען אַ צווייטע.

## דעם 3טן אויגוסט.

די געטאָ־פאַרוואַלטונג האָט היינט מיטגעטיילט, אַז אַלע 5 געוועזענע שפּיטאָלן דאַרפן אָפּגערייניקט ווערן און פאַרוואַנדלט ווערן אין אַרבעטס־רעסאָרטן. אַ טייל דאַרפט רעמאָנטירט ווערן כּדי עס

זאָלן אין זיי איינגעריכטעט ווערן אַרבעטס־פּלעצער. דאָס געוועזענע גרויסע שפּיטאָל אויף דרעוונאָווסקא, וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גרויסן שניידער רעסאָרט. עטלעכע קלענערע שניידער־רעסאָרטן ווערן איצט אויפגעלייזט.

## דעם 4טן אויגוסט.

היינט זענען אָנגעקומען אין דער געטאָ אייניקע יידן פון שטעטל דוואָרד. די יידן מייעראָוויטש, פרידמאַן, פּאַטשיק, געלבאַרד, קאָזע, בענעט און טיגער, דערציילן:

„מען האָט אונדז אַרויסגעטריבן נאַקעט און באָרוועס פון אונדזערע שטובן. מען האָט אונדז צעטיילט אויף פאַרשיידענע גרופּן. די געזונטע האָבן באַקומען אין די אויגן פון זייערע פרויען און קינדער מוראַדיק געשלאָגן, און געשלאָגן האָט מען נישט מיט די בלויזע הענט, נאָר מיט דרענגער, לאָפּאַטעס און סתם שטיקער אייזן. דורך דער צייט ווען מען האָט אונדז געשלאָגן, האָבן די מערדער דערווייל דערשאָסן די קינדער און קראַנקע און אַלע זקנים, און ווען דאָס שלאָגן האָט אויפגעהערט, האָט מען אונדז געצוווּנגען צוזאַמענ־נעמען די קרבנות און זיי אין איין קבר קובר זיין. בעת מיר האָבן אונדזערע קדושים געבראַכט צו קבורה האָבן נאָך אַ טייל געלעבט און געעפנט די אויגן.

פערציק פּראָצענט פון אונדזער שטעטל איז אויפן אָרט אומגעקו־מען. די איבעריקע, ד"ה מיר, זענען דאָ צו אייך אַהער געשיקט געוואָרן. דער חודש ניסן, אַזוי ווי ער האָט זיך נאָר באַוויזן, האָט ער געבראַכט אויף דעם שטעטל איין צרה נאָך דער אַנדערער. געשלע־גערייען, אַרעסטן און מאָרדן. דאָס האָט אַזוי אָפּגעהאַלטן ביז דעם 27־טן ניסן, ווען דאָס גאַנצע שטעטל יידן איז מיט איינמאָל פאַר־ניכטעט געוואָרן. 7 אַזייגער אין דער פרי, האָט דער דאָרטיקער פּאָליציי־פּרעזידענט גערופן צו זיך די יידישע פאָרשטייער און זיי דערקלערט: — „עס איז געקומען אַ באַפעל פון בערלין, אַז נאָך היינט מוזן געהאָנגען ווערן 10 יידן און די 10 יידן, וועלן מיר זעלבסט אויסוויילן. געוויס, האָט דער פּאָליציי־פּרעזידענט צוגעגעבן, מיר

וועלן הענגען בלויז פארברעכער און אויסוואורפן און אזעלכע פעלן ביי אייך נישט. דעריבער זייט וויסן, אז צווישן די 10 יידן, וואס וועלן נאך היינט הענגען, וועט אויך זיין דער רב און זיין זון. ווי די יידישע פארשטייער האבן דאס געהערט, איז זיי פינסטער געווארן אין די אויגן, זיי האבן אנגעהויבן צו בעטן, אז דער רב זאל געשוינט ווערן, ווייל ער איז שוין סיי ווי סיי אן עלטערער מענטש. עס האט גארנישט געהאלפן. דער פאליציי־פרעזידענט האט דערקלערט פעסט און קאטע־גאריש, אז ער וועט טון ווי ער וויל. עס האט טאקע לאנג נישט געדויערט און די 10 יידן זענען שוין געווען אין די הענט פון דער געסטאפא. אין גרויס איילעניש איז אויפגעשטעלט געווארן א תליה און אלע איינוווינער פון שטעטל, יידן און קריסטן, האבן זיך געמוזט פארזאמלען אויפן מארק, כדי בייצוווינען די עקזעקוציע.

נאכמיטאג האט מען פון ארעסט געבראכט 10 בלאסע, דערשראָ־קענע יידן, וואס האבן נעבעך נישט געוווסט, אז זיי וועלן אזוי טראגיש אומקומען. ווען דאס גאנצע שטעטל איז שוין געווען פאר־זאמלט און מיט הארצקלאפעניש געווארט, זענען אנגעקומען אייניקע געסטאפא־אגענטן מיט א ייד, וואס דאס שטעטל האט אים נישט געקענט, און גענומען זיך פארן ביי דער תליה. פאר דער עקזעקוציע האט דער עלצטער פון די יידן געמוזט האלטן א רעדע, אז אזוי וועלן אומקומען אלע, וועלכע וועלן נישט פאלגן די באפעלן פון דער דייט־שער מאכט. באלד נאך דער עקזעקוציע איז יעדער אהיימגעגאנגען שוין נישט מער אויף זיינע אייגענע פיס״.

## דעם 6טן אויגוסט.

היינט זענען אנגעקומען 200 יידן פון שטעטל לאסק. ארויסגעטריבן האט מען זיי — דערציילן די יידן — אכט הונדערט און זעכציק נפשות. 600 נפשות, דערונטער פרויען, קינדער און זקנים, האט מען אוועקגעשיקט אין אן אומבאוווסטער ריכטונג; 60 מאן זענען אויפן וועג אוועקגעקומען און די איבעריקע האט מען אריינגעטריבן קיין לאדזש. געקומען זענען די יידן מיט גארנישט. דאס קלענסטע פעקעלע איז ביי זיי צוגענומען געווארן. א טייל האבן באקומען מערדערלעך

געשלאָגן. אין שטעטל גופא איז די יידן נישט שלעכט געווען. זיי האָבן געאַרבעט און געהאַט צו עסן. שפּעטער אָבער, ווען די לאָדזשער געס־טאַפּאָווצעס האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל, האָט זיך אַלץ געענדערט. יעדן טאָג האָבן זיך געמערט די גזירות און די ביטערע צרות. דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביזן היינטיקן טאָג. צוויי שעה צייט האָט געדויערט דער פּאָגראָם. מער ווי אַ העלפט מענטשן זענען אויפן אָרט אומגעקומען און די איבעריקע זענען דאָ אַהערגעבראַכט געוואָרן.

## דעם 7טן אויגוסט.

פון דער אַרבעט אין פויזן זענען היינט צוריקגעקומען 60 מאַן. ווי באַר זיי זענען אָנגעקומען האָט דער פּרעזעס געהייסן זיי איזאָלירן. זיי זענען אַריינגעזעצט געוואָרן אין דער צענטראַלער תּפיסה. ווי לאַנג זיי וועלן זיצן און פאַרוואָס זיי ווערן אַזוי באַהאַנדלט, ווייסט נאָר דער פּרעזעס.

## דעם 8טן אויגוסט.

די צענטראַלע תּפיסה איז היינט באַלאַגערט געוואָרן פון הונדער־טער פרויען און קינדער. זיי האָבן געפאָדערט, אַז מען זאָל באַפרייען זייערע מענער וואָס זענען נעכטן אָנגעקומען פון פויזן. עס איז געווען אַ גרויסער צער צו זען, ווי אַזוי די פרויען האָבן זיך געוואָרפן אויף דער ערד און געבעטן, אַז מען זאָל באַפרייען זייערע מענער און טאַטעס. אַלע געבעטן און אַלע געוויינען האָבן נישט געהאָלפן. דאָס לאַרעמען האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז 4 אַזייגער נאָכמיטאָג. ווען די תּפיסה־פּאָליציי האָט געזען, אַז זי קען זיך נישט קיין עצה געבן מיט דעם פאַרזאַמלטן עולם, איז שלום הערצבערג אַרויס צום עולם און געזאָגט:

„אויב איר וועט פאַרלאָזן דאָס אָרט און אַהיימגיין, וועט איר מאָרגן האָבן אייערע מענער ביי זיך אין דער היים. און אויב איר וועט ווייטער דאָ שרייען, וועט איר צוזאַמען מיט אייערע קינדער נאָך היינט אַוועקגעשיקט ווערן, דאָרט ווי דער קעסל בריט”.

הערנדיק די ווערטער האָבן אַלע פאַרלאָזט דאָס אָרט און זענען אַוועק אַהיים. ווי נאָר דער עולם איז אַוועק, זענען אָנגעקומען צוויי גרויסע לאַסט־אויטאָס אַרומגענומענע מיט ברוינע פּלאַנדעקן און האָבן אַלע 60 אַרעסטירטע אַוועקגעפירט. אַזוי אַרום זענען 60 יונגע מענטשן, וואָס האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט שווער פאַרן דייטשן מיליטער, אומגעקומען, ווייל זיי זענען ביי דער אַרבעט קראַנק געוואָרן. ווייל רומקאָווסקי האָט אַזוי געוואָלט. ווייל דער אויסוווּרף הערצבערג האָט מיט אַ שווינדלערישער ראַפינירטקייט אָפּגענאַרט די אומגליקלעכע משפחה מיטגלידער.

## דעם 9טן אויגוסט.

איך בין קראַנק געוואָרן. די הענט זענען מיר שוואַך געוואָרן. איך קען מער נישט נעמען די פעדער אין דער האַנט אַריין. די פיס מיינע האָבן אויפגעהערט מיך צו טראָגן. צוליב דעם וועל איך געצווינגען זיין אָפּצושטעלן אויף אַ געוויסער צייט מיינע געטאָ־פאַרצייכענונגען. איך לייד פון הונגער און אַן אַלגעמיינער דערשעפונג. אַזעלעכע קראַנקע ווי איך, זענען אין דער געטאָ דאָ טויזנטער. איך גלויב שטאַרק, אַז איך וועל זיך פון דעם אַרויסדרייען. עס זענען פאַראַן אייניקע פריינט, וואָס אונטערשטיצן מיך. די פריינט זענען: בערנאַרד פרויינד, ד״ר גוטמאַן, די פרוי פון מאַרק קליגער און פון צייט צו צייט אויך די פרעזעסאָווע. זיי דערהאַלטן מיך ביים לעבן. איצט, ווען איך ליג אין בעט האָב איך מער צייט צו טראַכטן וועגן דעם אַלעם אַרום. וועגן פרעזעס מיט זיין קליקע, וועגן דער יידישער פּאָליציי, וועגן די אַלע „מנהיגים׳לעך״, וועגן די מוסרים און אַנדערע אויסוווּרפן וואָס פרעסן און זויפן, וואָס שפּאָטן פון גאָט און מענטש, וואָס גלויבן נישט אין גערעכטיקייט. אָט פון זיי טראַכט איך איצט טאָג און נאַכט און פרעג זיך אַליין: ווי אַזוי קען דאָס מעגלעך זיין, אַז מענטשן וואָס האָבן פאַרן קריג געשפּילט אַ פיינע געזעלשאַפטלעכע ראָלע, געהאַט אַ פיינעם נאָמען, געפירט זיך מענטשלעך, זאָלן אין אַ צייט ווען מיר אַלע ווערן געמיינזאַם גערודפט, געפּלאָגט, דערנידעריקט זאָלן די נעכטיקע פיינע געזעלשאַפטלעכע מענטשן קיין צורת־אדם

נישט האָבן, זאָלן אַזוי געמיין האַנדלען קעגן זייערע אייגענע ברידער!?

נומער 1

דריי חדשים זענען אַוועק ווי איך הויב ווידער אָן צו שרייבן. דאָס מאָל באַצייכן איך נישט מער קיין דאַטעס, ווייל דאַטעס זענען מער שוין נישט וויכטיק, זיי גיבן שוין גאָרנישט, זיי קאָנען מער נישט טראָגן דעם כאַראַקטער פון טעג אָדער וואָכנס, ווייל דאָס „געטאָלע" איז שוין דורך דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין שטיק קלאָג, אין איין שטיק בראָך, וואָס אַזאַ בראָך איז נאָך זייט די וועלט שטייט נישט געווען און נישט פאָרגעקומען. במשך פון די דריי חדשים זענען טויזנטער מענטשן פון צער פון זינען אַראָפּ. דורך דער צייט זענען טויזנטער מענטשן געפאַלן פון הונגער און די איינציקע רעטונג זייערע וואָלט געווען, אַ ביסל עסן צו דער זעט. דורך דער צייט האָבן אַ טייל יידן, איך מיין דעם טייל, וואָס אַרבעט מיטן שונא האַנט ביי האַנט, געבאָדן זיך אין ווילטאָג און געמאַכט זיך בעלער. פון דעם טייל יידן וועט נאָך מיר אויסקומען אַ סך צו שרייבן. דערווייל מוז מען האַלטן די צונג צווישן די ציין און דערשטיקן אין זיך יעדעס וואָרט, אויב נישט — איז זייער ביטער. דאַן שטייט גרייט אַ שרעקלעכע תליה מיט הענקער, וואָס זענען דווקא אייגענע, וואָס קענען דאָס שרעקלעכע שפּיל מאַכן נישט ערגער ווי די דייטשן.

נאָך דריי חדשים נישט שרייבן און ליגן צו בעט און ראַנגלען זיך מיטן מלאך־המות, הויב איך איצטער צוריק אין אָרדענונג ברענגען מיינע געדאַנקען. דעם פאַרגאַנגענעם שווערן קאָשמאַר. איך פּרוּוו זיך דערמאָנען יעדעס פּיצעלע, יעדעס ברעקעלע, יעדע גרויזאַמקייט, וואָס איז איבער אונדז אַדורכגעפירט געוואָרן. איך וויל דאָס אַלץ פאַרצייכענען, באַשרייבן פאַר דוֹ, וועלכע וועלן זיך אַמאָל פאַרנעמען מיט פאָרשן דאָס יידישע געטאָ־לעבן. איך וויל פאַרצייכענען דאָס וואָס איז מעגלעך, דאָס וואָס איז אמת, און דאָס וואָס קאָן זיין וויכטיק פאַר אונדזערע צוקונפטיקע דורות, כדי שפּעטער, ווען דאָס בייזע בלוט־באַד וועט זיך ענדיקן, זאָל די וועלט זען וואָס עס איז

צווישן אייגענע ברידער פאַרגעקומען. דאָס וואָס איך האָב שוין ביז היינט פאַרצייכנט און דאָס וואָס איך פאַרצייכן היינט ווייטער איז אמת וצדק. אפשר נישט לויט די עיקרים פון דער הייליקער ליטעראַ־טור, דאָס לאָז איך איבער פאַר אַנדערע, פאַר די, וועלכע לעבן אין דער פרייער וועלט און שרייבן וועגן אונדז גאַנצע ביכער.

## נומער 2

ווען די קריג וועט זיך אַמאָל ענדיקן און אַ טייל יידן וועלן זוכה זיין צו זען מיט זייערע אייגענע אויגן די פרייהייט, וועלן זיך שפּעטער געוויס געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן זאָגן: „ער האָט דאָס אַלץ נישט געזען, ווייל בלויז פון זען אַזוי פיל צרות, קען מען דאָך משוגע ווערן". אויסער דעם וועלן זיי נישט גלויבן, אַז אין האַרץ פון דער אייראָפּעאישער קולטור איז מעגלעך געווען, אַז אַזוינס זאָל קענען פאָרקומען, אַז דאָס האָבן לעבעדיקע מענטשן אַזוי פיל שלעכטס געטון אַנדערע מענטשן, ווייל די אַנדערע זענען כלומרשט פון אַ נידעריקער ראַסע. עס וועלן אויך זיך געפינען מענטשן, וואָס וועלן זאָגן, אַז איך האָב מגזם געווען, צופיל צעשריבן זיך. איבעריקנס ווייס איך גאַנץ גענוי, אַז עס וועלן זיך געפינען מענטשן וואָס וועלן בשום אופן דאָס נישט קענען פאַרשטיין. וואָרום קען אַ מענטש וואָס וווינט אויף יענער זייט ים פאַרשטיין וואָס דאָ קומט פאָר!? פרויען און קינדער וואָס זענען קראַנק און קענען זיך נישט באַוועגן, ווערן אָן רחמנות דערשאָסן פאַר די אויגן פון די געפייניקטע, און די געפייניקטע אַליין ווערן דערמאָרדעט און לעבעדיקערהייט באַגראָבן. מיליאָנען מענטשן, אַזעלכע וואָס האָבן נעכטן געלעבט, געווען פריש און געזונט, געלאַכט און געשטיפט, געזאָרגט וועגן פרנסה, לערע, אידייען, דיסקוטירט וועגן וועלט־פאַרשקלאַפונג און וועלט־דערוואַכונג, ליגן איצט פאַרשיט אין מאַסן־קברים. הונדערטער טויזנטער יידן וואַלגערן זיך אַרום אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסענע, פאַרצווייפלטע מיט שרעק אין די אויגן, אויך זיי קען טרעפן דאָס וואָס עס האָט געטראָפן זייערע באָענ־טסטע. אויב די מלחמה וועט זיך חלילה לענגער פאַרציען, ווער ווייסט צי עס וועט אין אייראָפּע איבערבלייבן איין ייד. אויף טויזנטער

קילאָמעטער ווייט ליגן אונדזערע מאַסן־קברים. ווער ווייסט צי די אַלע שוידערלעכע זאַכן זענען באַקאַנט די יידן אויף יענער זייט ים? ווער ווייסט, צי איר פון יענער זייט ים, האָט אַ באַגריף וועגן דעם גרויסן יידישן אומגליק, וועגן דעם גרויסן בראָך. די נאָענטסטע אייערע לעבן שוין נישט, און די וועלכע לעבן נאָך, וואַרטן אויפן טויט. דערווייל זענען זיי נאָך געזונט. מען קען נאָך פון זיי אַ ביסל נוצן האָבן. היינט אָדער מאָרגן, וועלן זיי אויך שוין קראַנק ווערן און זייערע לעבנס זענען פאַרשפּילט. ווו זענען די אַלע „גוט האַרציקע" מענטשן, וואָס רעדן וועגן ראַטעווען די מענטשהייט פון אומקום? פאַרוואָס זענט איר, וועלט־פאַרזאָרגער, איינגעשלאָפן? פאַרוואָס ווילט איר אין דער לעצטער שעה פון פאַרצווייפלונג נישט העלפן? מיר ווילן לעבן!!!

איך ווייס אַז מיין פאַרצווייפלטער רוף וועט נישט דערגרייכן דאָרט ווי ער וואָלט געדאַרפט דערגרייכן. דאָס וואָס איך שרייב און פאַרצייכן, וועט נישט זען די ליכטיקע שיין. אָבער איך שרייב מיטן געדאַנק, אַז אפשר וועלן מענטשן אַמאָל, אין בעסערע צייטן, לייענען און וויסן, וואָס אַ אומגליקלעכער ייד אין געטאָ האָט געטראַכט.

18 געהאַנגענע

איך ווייס שוין אַליין נישט, וואָס אַרום מיר קומט פאָר. איך זע אַרום זיך, נישט מער ווי טויט און טויטע. איך זע נישט קיין פּיצעלע פרייד, קיין פּיצעלע האָפענונג. אַלץ אַרום מיר איז איינגעהילט אין טרויער. איך פיל, אַז איך שרייב שוין נישט מיט קיין טינט, איך שרייב מיטן בלוט פון מיינע צוויי יונגע ברידער, וואָס זענען שוין נישטאָ, וואָס געפינען זיך שוין צווישן די אויסגעלייזטע. זיי האָבן נאָך געהאַט אַ גרויסע זכיה, זיי זענען געקומען צו קבר־ישראל מיט טהרה, מיט טרערן און געוויינען. איך גלויב נישט, אַז עס וועט זיך געפינען עמיצער וואָס וועט קענען דאָס אַלץ באַשרייבן. הימל עפן דיך און זע וואָס דאָ געשעט! הער דעם יאָמער פון אַ פאָלק, וואָס גייט אָפּ אין טייכן בלוט! זע און פאַרנעם דעם וויי־געשריי פון קליינע קינדער, וואָס שטאַרבן פאַר שרעק, ווען זיי זעען דעם דייטשן אוני־

פאַרם. איך בין נישט אַזוי רייך אין שפּראַך, אַז איך זאָל קענען שילדערן אַזאַ גרויסן פאָלקס־חורבן.

דער טאָג איז היינט דווקא אַ שיינער. דער הימל אויסגעלייטערט. אַ קליין פרעסטל ליגט אויף די דעכער און מאַכט זיי גרוי־ווייס. אָבער פון אַלע פענצטער קוקט אַרויס טרויער און געוויין. די שרעק פאַרן היינטיקן טאָג איז ביי יעדן זייער גרויס.

אויף די גאַסן — אַ געלויף. קיינער שטעלט זיך נישט אָפּ. יעדער האָט מורא אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן. אַלע גאַסן זענען שטרענג באַוואַכט. פון אַלע ריכטונגען קומען אָן גרופּן מאַרשירנדיקע פּאָליציאַנטן צום עקזעקוציע־פּלאַץ. די אָנקומענדיקע פּאָליציאַנטן שטעלן זיך אויס אַרום דעם באַזאַר. ביי יעדער גרופּע שטייט זייער קאָמיסאַר. דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט ראָזענבלאַט, רופט צו זיך צו דעם שעף פון צווייטן רעוויר, דעם קאָמיסאַר קאָל, ביידע צוזאַמען אינספּעקטירן די אַלע פאַרזאַמלטע פּאָליצייאישע גרופּן און ווען זיי קומען צו צום עק לוטאָמירסקאַ און באַזאַרנע, קומט מיט רעש אָן אַ צוגעמאַכטער לאַנגער אויטאָ און שטעלט זיך גלייך אָפּ. דער שאָפער רופט צו זיך צו דעם קאָמענדאַנט און פרעגט אים, אויב דאָס איז דאָס אָרט ווי ער דאַרף שטיין בלייבן. ראָזענבלאַט ענטפערט אים הויך אויפן קול: „יאַוואָל!” אין דער זעלבער רגע שפּרינגען אַרויס פון אויטאָ צוויי געזונטע, רויט־קאַרקיגע געסטאַפּאָוועס מיט געפּלאָכטענע לעדערנע נאַהייקעס אין זייערע הענט און קוקן זיך אַרום ווו זיי געפינען זיך. אין דער זעלבער צייט הייבט זי דפּאָמעלעך אויף די פלאַנדעקע פון אויטאָ און צוויי צעשראָקענע יידן ווייזן, אַז מען גייט זיי הענגען. די יידן רעדן עפּעס, אָבער קיינער הערט זיי נישט. זיי מאַכן מיט זייערע הענט פאַרשיידענע סימנים. אָבער קיינער פאַרשטייט זיי נישט. די אומגליקלעכע יידן מיינען, אַז מען וויל זיי נישט הערן, אַז מען וויל זייער געבעט נישט פאַרשטיין. אַ ביסל שפּעטער האָט מען שוין געהערט ווי אַלע צוזאַמען זאָגן הויך אויפן קול וידוי.

אַ קוויטשיק געשריי „שטיל שווייגן!” קלינגט אין דער לופט. „פאַרדאַמט נאָך אַ מאָל” ברילט אַ צווייטער מיט דער בייטש אין די האַנט: „איך שלאָג אייך איבער די קעפּ, ווען איר וועט נאָך איין



דאָס בילד איז אויפגעכאַפּט געוואָרן בשעת די נאַצי־מערדערס האָבן אין יאָר 1942 אויפגעהאָנגען אויפן באַזאַר 18 אומגליקלעכע ייִדן.

מאָל ברילן! נאָך איין שטונדע און אייערע קערפּערס וועלן געשלייי־דערט ווערן צו די הונד, איר פאַרברעכער באַנדע!"

דורך דער צייט זענען זיך אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ צונויפגעקומען צענדליקער געסטאַפּאָוועס פון פאַרשיידענע ראַנגען. עטלעכע הויכע פּאָליציי־אָפיצירן, אַלע אַגענטן פון דער קרימינאַל־פּאָליציי

און אייניקע אָפּיצירן פון דער ווערמאַכט. עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ תליה ווי אַ חית (ח) מיט אַכצן פּינקלדיקע האָקנס. איינער פון די געסטאַפּאָווצעס האָט אויפגעהויבן זיין האַנט און געגעבן אַ צייכן, אַז מען זאָל ברענגען די פאַרמשפּטע צו דער תליה. באַלד זענען די אַכצן יידן, געשלאָסענע אין קייטן, אַראָפּגעקראָכן פון אויטאָ און זענען צוגעפירט געוואָרן צו דער תליה.

זיי זענען געגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. קוים וואָס זיי האָבן זיך אויף די פיס געהאַלטן. אַ טייל — מיט געשוואָלענע אויגן פון וויינען. אַ צווייטער טייל — מיט פאַרביסענע ליפּן. געוועזן רעזיגניר־טע. אַנדערע מיט מרה־שחורה, מיט געלע אויסגעדאַרטע פּנימער. פיר פון די יידן, דערונטער דריי פּאַביאַניצער, האָבן בעת זייער לעצטן לעבנס־מאַרש אַרויסגעוויזן העלדישקייט. איינער, אַ געוויסער רובינ־שטיין, האָט הויך אויפן קול געזאָגט עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים און געקלאַפּט זיך אין האַרצן אַריין און עטלעכע מאָל אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געבעטן מחילה.

די עקזעקוציע האָט לאַנג נישט געדויערט. צוויי יידישע געטאָ יונגען האָבן מיט אַ ראַפינירטער געשיקטקייט אַרויפגעפירט די פאַרמשפּטע אויף די תליה־טרעפּלעך. ווען די ערשטע צוויי זענען שוין געשטאַנען אויבן, איז אָנגעקומען אַן אויטאָ, פון וועלכן עס זענען אַרויס צוויי געסטאַפּאָווצעס. זיי האָבן אַרויסגענומען פון זייערע אַקטן־טאַשן אַ בריוו און דעם בריוו איבערגעגעבן דעם אָנפירער פון דער עקזעקוציע. נאָכן איבערלייענען דעם בריוו, האָט דער אָנפירער באַפוילן אָוועק־צופירן די דריי פּאַביאַניצער יידן אין אַ זייט. מען האָט געזען, ווי ער באַראַט זיך מיט נאָך איינעם און יענער האָט צו זיך צוגערופן דעם יידישן פּאָליציי־קאָמענדאַנט, ראָזענבלאַט, און אים דערקלערט: „נעם צו די דריי יידן זיי זענען פריי, זיי וועלן נישט געהאָנגען ווערן. זיי מוזן אָבער איינגעזעצט ווערן אין דער תפיסה צו דער דיספּאָזיציע פון דער געסטאַפּאָ". די דריי באַפרייטע יידן זענען פון דער תליה באַלד אָוועקגעפירט געוואָרן. די נעמען פון די דריי זענען: יחיאל רובינשטיין, לעמל מאַראָקאָ און שמעלקע שטיינהאָרן. דער פערטער פּאַביאַניצער, אַ געוויסער טענענבוים איז יאָ אויפגעהאָנגען געוואָרן.

אין מאָמענט ווען די דריי יידן האָבן געהערט, אַז זיי זענען פון דער תליה באַפרייט געוואָרן, האָבן אַלע דריי מיט איינמאָל אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און אָנגעהויבן אויפן קול צו וויינען. און ווען מען האָט זיי אַוועקגעפירט פון דעם עקזעקוציע־פּלאַץ, האָבן זיי געהאַלטן אין איין וויינען. די איבעריקע יידן זענען אויפגעהאַנגען געוואָרן. צווישן די געהאָנגענע איז אויך געווען אַ ייִנגל פון 17 יאָר, וואָס פאַר אַ חטא דאָס ייִנגל איז באַהאַנגען, איז נישט באַקאַנט.

נאָך דער קעזעקוציע האָבן די געסטאַפּאָ־אַגענטן אַרויסגענומען פון זייערע אויטאָס עטלעכע פלעשער שנאַפּס און זיך אָנגעטרונקען זיי האָבן נאָך פאַרבראַכט אייניקע מינוטן און מיט געלעכטער און קוויטשעריי זיך אַריינגעזעצט אין די אויטאָס און אַוועקגעפאָרן. אויפן עקזעקוציע־פּלאַץ זענען פאַרבליבן אייניקע יידישע פּאָליציי־אָפיצירן מיט דער ספּעציעלער וואַך, וואָס האָט געהאַט דעם באַפעל צו היטן דעם פּלאַץ.

די טויטע קערפּערס האָבן געהאָנגען ביז 5 אַזייגער אין אָונט. אַ קיל ווינטל האָט אָנגעהויבן בלאָזן. די טויטע קערפּערס, וואָס האָבן אויף די דינע שנורן געהאָנגען, האָבן זיך געוויגט אַהין און צוריק. די געהאָנגענע זענען פון שעה צו שעה אַלץ שוואַרצער געוואָרן. פון דער ווייטנס האָט דאָס אויסגעזען, ווי ליאַלקעס שפּילן אַ קאָמעדיע. פּלוצים האָט דער ווינט זיך מער צעברויזט. גענומען וואַרפן די געהאָנגענע און איינער האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין צווייטן, זיך איינגערוימט אַ סוד אין אויער. דער ווינט האָט אָנגעהויבן וואָיען אוז שרייען און די געהאָנגענע האָבן אין דער לופט געטאַנצט דעם לעצטן טויטן־טאַנץ.

## די בלוטיקע עוואַקואַציע.

עס איז געווען נאָך האַלבער נאַכט, ווען די יידישע פּאָליציי־קאָמאַנדע אויף לוטאָמיערסקאַ האָט אָפּגעהאַלטן איר זיצונג וועגן דער מאָרגנדיקער אַקציע. די פּאָליציי האָט געוווּסט, אַז די איצטיקע גרויסע עוואַקואַציע וועט נישט זיין אַזוי ווי ביז איצט, ד"ה, נישט די יידן וועלן באַפעלן און משפּטן ווער יאָ און ווער נישט, נאָר דער

מלאך המות אַליין, אין געשטאַלט פון אַ געסטאַפּאָוויעץ, וועט משפטן ווער צום לעבן און ווער צום טויט.

און אַזוי איז עס געווען. ביינאַכט האָט איבערן געטאָ געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט, וואָס האָט אויסגעקערט און טרוקן געמאַכט די געטאָ־גאַסן. ביימער האָבן זיך געשאָקלט און די צווייגן האָבן זיך צעבראָכן. קראָען זענען אַרויס פון זייערע נעסטן און יאָמערלעך געקראַקעט אויף דער צרה, וואָס עס רוקט זיך אָן. צווישן די שוואַרצע כמאַרעס האָט זיך פון צייט צו צייט באַוויזן אַ קליינע אויסגעבלייכטע מאַטע לבנה מיט אַ צעקרימט פּנים. עס האָט אויסגעזען ווי די גאַנצע נאַטור האָט אויפגעציטערט פאַרן מאָרגנדיקן טאָג. און ווער ווייסט, צי דער מאָרגנדיקער טאָג וועט נישט זיין דער לעצטער פאַר דער צווייטער גרעסטער יידישער קהילה אין פוילן.

7 אַזייגער אין די פרימאָרגן־שעה. אַלע געטאָ־איינוווינער זענען שוין וואַך. קיין איינער איז די נאַכט נישט געשלאָפן. אַלעמענס הערצער האָבן שטאַרק געקלאַפּט. די צעשראָקענע מאַמעס האָבן פעסטער צוגעדריקט זייערע קינדער צו זיך און דערביי געבעטן דעם אַלמעכטיקן, אַז ער זאָל שיצן זייערע קינדער פון דעם גרויסן אומגליק. אַלע פּאָליציי־רעווירן זענען שוין אין דער פולער גרייטקייט. יעדער קאָמיסאַר האָט גענוי איבערגעגעבן זיינע פּאָליציאַנטן די אינסטרוק־ציעס פאַר דעם היינטיקן טאָג. קאָמיסאַר יוטקע האָט זיך אויסגעדריקט:

„קינדער, עס וועט היינט זיין זייער אַ הייסער טאָג. ווער ווייסט וויפל יידן עס וועלן היינט באַצאָלן מיטן לעבן. איר אָבער זאָלט שטיין אויף דער וואַך און אַכטונג געבן, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך נישט צעבונ־טעווען. דאָס פאָלק זאָל גיין דעם וועג, וואָס דער שוחט האָט אים אָנגעצייכנט, ווייל יעדער ווידערשפּעניקער וועט אויפן אָרט דער־שאָסן ווערן און וועט נאָך ברענגען אַ צרה אויפן גאַנצן כלל יידן אין געטאָ". קאָמיסאַר יוטקע האָט ווייטער גערעדט: „ווען איינער וועט נישט וועלן גיין, אָדער וועט מיט כוח זיך אַנטקעגן שטעלן, זאָל ער מיט געוואַלט גענומען ווערן. קיין שום רחמנות זאָל נישט אָנגע־ווענדעט ווערן, ווייל דאָרט ווי איר וועט אַרויסווייזן רחמנות, וועט איר דערפון אַליין ליידן".

קאָמיסאַר קאָל האָט זיך אויסגעדריקט: „איך ווייס ניט וויפל יידן עס וועלן מאָרגן פון געטאָ אַרויסגעשיקט ווערן, אייגנס זאָלט איר וויסן, אויב מיר וועלן די אַרבעט נישט אַדורכפירן, וועט פאַר דער געטאָ יידן זיין פיל ערגער, בלוט וועט זיך אויף אַלע געטאָ־גאַסן גיסן ווי וואַסער, דעריבער מוזן מיר שטיין אויף דער וואַך און זעען אויסצומיידן אומזיסטע קרבנות".

נאָך די רעדעס פון די פאָליציי־קאָמיסאַרן, האָבן די פאָליציאַנטן אין גרופן אָפּמאַרשירט צום באַלוטער מאַרק צו.

האַלב 8 אַזייגער אין דער פרי האָבן 16 געסטאַפּאָוצעס (נישט מער ווי זעכצן), מיט מאַשין־געווער אויף זייערע אַקסלען שטורמיש אַריינגעמאַרשירט אין דער געטאָ אַריין. באַלד ביים אָנהייב האָבן זיי זיך מיט אַ פאַרשאַרפטער ווילדקייט צעלאָזט איבערן געטאָ און אָנגעהויבן שיסן אויף רעכטס און לינקס. דאָס שיסעריי האָט אָנגעהאַלטן 10 מינוט. דערנאָך זענען לויט אַ פריער אויסגערעכנטן סדר אָפּגעשלאָסן געוואָרן גאַסן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מוראָדיק גיהנום. די באַפעלן זענען געווען שטרענג, צאָרנדיק און ווילד. 5 מינוט צייט איז געגעבן געוואָרן די מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך אויסשטעלן אויף די הויפן און אָפּוואַרטן זייער גורל, מי באש ומי בחרב. נישט איינער האָט געזען דעם טויט פאַר די אויגן, און נישט איינער איז פאַר דער שוועל פון זיין הויז דערשאָסן געוואָרן. די געוואַלדן און די געשרייען זענען דערגאַנגען עד לב השמים. מאַמעס וואָס האָבן מורא געהאַט אַז מען זאָל זייערע קינדער נישט צונעמען, זענען פאַר שרעק אויפן אָרט משוגע געוואָרן. קינדער האָבן זיך געריסן צו די מוטערס, זיך געקלאַמערט אין זייערע פיס און זיך געבעטן רחמים: „מאַמעשי, דאָרט ווו זיי וועלן דיך שיקן, נעם מיך מיט. צוזאַמען, צוזאַמען לאָמיר גיין". אַ טייל עלטערן האָבן די קינדער אין די שטובן פאַרשלאָסן, זיי באַהאַלטן אונטער בעטגעוואַנט, אונטער די שענק, אין די קעלערס, אויף בוידעמער, ווו נאָר עפּעס אַ געהיים לאָך זענען געווען באַהאַלטן קינדער. די עלטערן האָבן נעבעך נישט געוווסט, אַז די אַלע באַהעלטענישן זענען פאַר די דייטשע מערדער אַ שפּילעכל. אַלע באַהעלטענישן זענען אויפגעדעקט געוואָרן און די קינדער זענען

פאַר די אויגן פון זייערע עלטערן דערשאָסן געוואָרן. דאָס שלעפּן און טרייבן די מענטשן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן, פון 7 אין דער פרי ביז 4 נאָכמיטאָג. אַ שרעקלעך בילד איז דאָס געווען. עס איז נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס זאָל נישט האָבן געוויינט אויף דעם גרויסן יידישן חורבן. אַפילו די קריסטן פון דער צווייטער זייט געטאָ, האָבן זיך געצלמט און געווישט זיך די אויגן, צוזעענדיק ווי קליינע קינדער מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך האָבן מיט זייער גאַנצן כוח געשריגן: „מאַמע, מאַמע ראַטעווע אונדז, לאָז אונדז נישט טויטן". טייל קינדער זענען פון די וואָגנס געשפּרונגען, נישט קוקנדיק, וואָס מען שיסט אויף זיי און זיי פאַלן ווי אונטערגעהאַקטע אין טייכן בלוט. עס איז נישט געווען קיין איין גאַס, וואָס איז נישט באַפלעקט געוואָרן פון בלוט. די מערדער האָבן געשאָכטן די קרבנות, געטרעטן מיט די פיס און דערביי ציניש געלאַכט און געפרעגט די איבעריקע טויט־צעשראָקענע קינדער, צי זיי וועלן אויך אַראָפּשפּרינגען פון די וואָגנס. עס זענען געווען טויטן־שלעגער, וואָס האָבן נישט געלאָזט דעם דערשאָסענעם אין אַ זייט אַוועקלייגן, כדי ער זאָל נישט צעטראָטן ווערן. דער קרבן האָט געמוזט אַזוי ליגן פאַר די אויגן פון אַלע דורכגייער, ביז די אַקציע האָט זיך געענדיקט. מענטשן האָבן זיך געריסן פון רעכטס און פון לינקס, טייל האָבן געוואָרפן דער יידישער פּאָליציי גאָלדענע זייגערס, קופּעס אויסלענדישע וואַלוטע, פאַרשיידענע ווערט־זאַכן און געבעטן זיך: „ראַטעוועט אונדז, לאָזט אונדז נישט אומקומען, העלפט אונדז באַפרייען. קוקט אַוועק און מיר וועלן זיך דורך דער בלאָקאַדע אַדורכרייסן. וואָס אַן אמת זענען אַזעלכע פאַלן אויך געווען. פּאָליציאַנטן האָבן אַוועקגעקוקט און פיל האָבן זיך, אַזוי אַרום געראַטעוועט, געראַטעוועט צייטווייליק. פיל מאָל איז דאָס נישט געלונגען. דער אַנטלאָפענער איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן און דער פּאָליציאַנט האָט געמוזט אויפן אָרט אויסטאָן די באַנד מיטן היטל און מיטפאָרן מיט די געכאַפּטע. אַזוי אַרום זענען אייניקע פּאָליציאַנטן ביי דער ערשטער גרויסער אַקציע געשטרויכלט געוואָרן. זיי האָבן פאַר אַ פריינד, אָדער פאַר געלט באַצאָלט מיטן אייגענעם לעבן.

די ערשטע אַקציע האָט געקאָסט 18 דערשאָסענע און 8 וואָס האָבן

זיך אַליין דאָס לעבן גענומען. אין דער ערשטער אַקציע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן מער ווי אַ העלפט פון די געכאַפּטע. עס זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין די זאַמל־לאַגערן 1.800 קינדער, 864 מענער און 620 פרויען. זיי זענען אַלע אין זעלבן טאָג אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג, און קיינער ווייסט נישט ווו זייער געביין געפינט זיך.

## דער צווייטער טאָג פון דער אַקציע

אין צווייטן טאָג פון דער עוואַקואַציע האָט זיך אויפסניי אָנגעהויבן דאָס זעלבע בלוטיקע שפּיל. דאָס מאָל אויף אַ צווייט אָרט. די זעלבע באַפעלן ווי נעכטן: „אַרויס פון די שטובן. גאָרנישט מיט זיך מיטנעמען. ווער עס וועט פּרובירן זיך באַהאַלטן, וועט אויפן אָרט דערשאָסן ווערן". די שרעק פון די מענטשן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ביי טויזנטער האָבן זיך די האָר קאַפּויר געשטעלט פאַר פּחד. אַפילו די קינדער האָבן פאַרלוירן זייער ריר־עוודיקייט. זיי זענען ממש פאַרגליווערט געוואָרן. פּונקט פאַרקערט ווי נעכטן האָט די היינטיקע אַקציע אויסגעזען. די מענטשן האָבן נישט געשריגן. געגאַנגען צו דער שחיטה רעזיגנירטע, מיט אונטערגעהאַקטע פיס. מען האָט מער נישט געזען, אַז פרויען זאָלן זיך רייסן ביי די האָר פון די קעפּ. פון וואַנען האָט זיך גענומען די רעזיגנאַציע? ווען די פּאָליציי איז געקומען זענען שוין די מענטשן געשטאַנען אויף די הויפן און געוואַרט אויף זייער גורל.

אַן אַלטער זיידע, וואָס איז קוים געשטאַנען אויף זיינע פיס האָט בעת צוויי יידישע פּאָליציאַנטן האָבן אים אַרויפגעזעצט אויפן וואָגן, אָנגעהויבן זאָגן: „הבט מן השמים וראה... קוק אַראָפּ רבונו־של־עולם פון הימל און זע, כי היינו ללעג ולקלס בגויים..." פּלוצים איז פון אַ טויער אָנגעקומען אַ שאָס און דער אַלטער זיידע איז אויפן וואָגן געפאַלן און באַגאָסן זיך מיט בלוט. ער האָט נאָך געזאָגט אַ פּאָר אָפּגעהאַקטע ווערטער וואָס קיינער האָט זיי מער נישט פאַרשטאַנען. אין דער זעלבער רגע איז צוגעקומען דער מערדער מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט און קאַלטבלוטיק אַריינגעשאָסן אין דעם שוין טויטן

זקן נאָך פיר קוילן. דערנאָך, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען, האָט ער צוגערופן צוויי פּאָליציאַנטן און געהייסן זיי דעם טויטן „אַרונטערשמייסן" און אים ביי דער זייט אַוועקלייגן ביז דער קוואַרטאַל וועט פאַרענדיקט ווערן. פינף פאַרנאַכט איז שוין דער צווייטער קוואַרטאַל געווען פולשטענדיק אָפּגערייניקט. עס זענען ביי דער צווייטער עוואַקואַציע צוגענומען געוואָרן אין די זאַמל־פּונקטן 1.200 קינדער, 682 מענער און 660 פרויען. צוזאַמען 2.862 נפשות. דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן די אויסזידלונגס־אַקציע פון צווייטן טאָג.

## דער דריטער טאָג פון דער אַקציע

דער דריטער טאָג איז ווידער געווען אַ בלוטיקער. בלוט אויף די גאַסן. טויטע, טויטע, טויטע. די פּאָליציי האָט נישט געוווּסט, וואָס זי זאָל פריער טון — אַוועקרוימען די טויטע, אָדער איינזאַמלען די עוואַקואירטע אין די זאַמל־לאַגערס. די מענטשן זענען געלאָפן פון אָרט צו אָרט. די מענטשן וואָס זענען געוווּיר געוואָרן, אַז אין יענער גאַס איז שוין דער מלאך־המות געווען, האָבן געכאַפּט זייערע קינדער און געלאָפן איבער שטאָק און שטיין, צווישן לעבן און טויט, זיך דאָרט ראַטעווען, זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן. עס זענען אויך געווען עלטערן, וואָס האָבן דייטלעך דערקלערט, אַז פאַר קיין פאַל אין דער וועלט וועלן זיי זייערע קינדער נישט אַוועקגעבן. זיי וועלן בעסער אומקומען מיט די קינדער אויף איין אָרט. דער דריטער טאָג איז געווען אַ שרעקלעכער. אַ סך דערשראָקענע עלטערן האָבן זייערע קינדער אין די שוואַרצע טויטן־וואָגנס אַריינגעלייגט און דאָרטן זיי אויסבאַהאַלטן. דאָס איבערלויפן פון איין אָרט צום צווייטן, האָט גע־קאָסט אַ סך קרבנות. די מערדערס האָבן געשאָסן פון אַלע זייטן. טייל מערדערס האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף דעכער און אָבסערווירט פון וועלכן אָרט די יידן אַנטלויפן. ווען אַ דערשראָקענע פאַמיליע האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט מען זי מיט מאַשין־געוווער אַוועקגעלייגט. בעתן לויפן און איבערלויפן האָבן אַ סך מענטשן צעבראָכן הענט און פיס. די זענען נישט דערשאָסן געוואָרן, די זענען אַזוי געלעגן און געראַנגלט זיך אַ גאַנצן טאָג אין גרויסע יסורים, ביז די בלוטיקע

אַקציע איז פאַרענדיקט געוואָרן. אַזוי אַרום זענען אין דריטן טאָג פון דער אַקציע אומגעקומען 13 מענער, 8 פרויען און 8 קינדער. געכאַפּט צו דער אויסזידלונג זענען געוואָרן 800 מענער, 1.400 פרויען און 1.640 קינדער. צוזאַמען 3.840 נפשות.

## דער פערטער טאָג פון דער אַקציע

באַלד אין דער פרי האָט מען שוין געזען מאַרשירן נישט אויסגעשלאָפענע פאָליציאַנטן. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געגעבן טיקט אין די פּאָליצײַ־רעווירן. זיי האָבן אַרומגענומען אַ פרישן קוואַרטאַל. דאָס מאָל אַ קוואַרטאַל פון 6 גאַסן. ווידער וועלן היינט געמשפּט ווערן טויזנטער מענטשן, ווער צום לעבן און ווער צו אומקום.

איידער וואָס־ווען, זענען שוין די אינקוויזיטאָרן אָנגעקומען אויפן אָרט. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, צוגערופן איינעם פון די יידישע פּאָליצײַ־קאָמיסאַרן און אים באַפוילן אַוועקצונעמען פון דעם קוואַרטאַל אַלע פּאָליציאַנטן און זיי האַלטן פאַרשטעקט אין אייניקע הייזער און וואַרטן ביז צו אַ נײַעם באַפעל. דאָס איז געווען אַ מיאוס נידערטרעכטיק שפּיצל פון די געסטאַפּאָ־מערדער. זיי האָבן געלאָזט הונדערטער מענטשן אַנטלויפן פון דעם אַרומגענומענעם קוואַרטאַל, שפּעטער האָבן זיי אַרומגערינגלט דאָס אָרט וווּ די מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן און אַלע, אַזוי ווי זיי זענען געשטאַנען, אָפּגעשיקט אין די זאַמל־פונקטן. די מערדער האָבן היינט נישט געשאָסן. זיי האָבן אויך זיך נישט ברוטאַל אויפגעפירט. די היינטיקע אַקציע איז פאַרהעלטנמעסיק צוגעגאַנגען רויִק. געכאַפּט זענען געוואָרן 705 מענער, 880 פרויען און 1.440 קינדער. צוזאַמען 3.025 נפשות.

## דער פינפטער טאָג

דער היינטיקער טאָג איז געווען זייער אַ הייסער. דער חורבן זייער אַ גרויסער. איך האָב געזען ווי פאַרצווייפלטע מענטשן שפּרינגען פון די פענצטער, דעכער, פּלויטן. אַ סך זענען געפאַלן און צעבראָכן די פיס. אַנדערע האָבן זיך געשפּאָלטן די קעפּ. גאָר אַ

סך זענען געטראָפן געוואָרן פון קוילן און אַראָפּגעפאַלן טויטע. אין פאַרלויף פון צוויי שעה האָט דער ספּעציעלער טויטן־וואָגן אַוועקגע־פירט אויפן בית־עולם 112 הרוגים. אַלע קרבנות זענען באַגראָבן געוואָרן אין איין קבר.

שיסנדיק אויף די יידן האָבן זיך די מערדער געוויצלט: „האַנץ, מיין רעוואָלווער טרעפט אויסגעצייכנט". „זעסט, דאָרט לויפט אַ יודע... פּאַס מאַל אויף, ער וועט באַלד ליגן". דער ייד האָט טאַקע גלייך מיט זיין לעבן באַצאָלט. אַ צווייטער מערדער, מיטן נאָמען שולץ, האָט, בעת ער האָט געשאָסן, אַרויסגענומען פון זיין טאַש אַן עפּל און באַוויזן, אַז מיט איין האַנט וועט ער האַלטן דעם עפּל און מיט דער צווייטער האַנט וועט ער שיסן און טרעפן. און אַזוי איז עס געווען. שפּעטער האָט דער מערדער זיך באַרימט, אַז ער האָט היינט אויפ־געגעסן 16 עפּל און ביי יעדן עפּל איז אַ יודע געטויט געוואָרן. אַ דריטער פון די מערדער (אַ געוויסער שמידט), האָט ספּעציעל הנאָה געהאַט, ווען ער האָט דערשאָסן פרויען. מיט צוויי כיטרע קאַלמיקן־אויגן, גרין ווי ביי אַ קאַץ און פלינק ווי אַ שטשור, איז ער געלאָפן אַהין און צוריק און געזוכט קרבנות. ער האָט ליב געהאַט צו שיסן דעם קרבן פון דער נאָענט און דערנאָך אים פרעגן: „שמעקט עס גוט?" מער ווי איין שאָס האָט ער נישט געגעבן. ער האָט געצילט אין קאָפּ אָדער אין בויך און ווען זיין מערדעריש בלוט איז נאָך נישט געזעטיקט געוואָרן, האָט ער צוזאַמענגענומען 4 קליינע יינגלעך, געהייסן די קינדער אַנידערקניען און עפענען די מיילער, האָט ער אַריינגעשאָסן יעדן קינד אַ קויל אין מויל אַריין. 4 קינדערלעך זענען אַזוי אַרום דערמאָרדעט געוואָרן. אַלע 4 קינדער האָבן קיין איין געשריי נישט געגעבן. פאַרגליווערט זענען זיי געבליבן ליגן אויפן טראָטואַר פון לאַגעווניצקאַ גאַס. 4 הייליקע, אומשולדיקע, 10־יאָריקע קינדער־קדושים, האָבן ביז דער לעצטער מינוט נישט געגלייבט, אַז דער מערדער וועט זיי אויף אַן אמת אויסקוילן. זיי האָבן געמיינט, אַז דער מערדער וויצלט זיך מיט זיי. די רציחה פון דעם בלוט־דורשטיקן מערדער שמידט, איז נישט צו באַשרייבן און עס איז מיר אויך נישט מעגלעך דאָס גענוי אַלץ צו באַשרייבן. נאָך יעדן מענטשן

וואָס ער האָט אומגעבראַכט, האָט ער אונטערגעברומט עפּעס אַ לידל. לויט ווי איך בין געוווּיר געוואָרן, האָט ער געזונגען דאָס „האָרסט וועסל ליד".

דער פינפטער טאָג איז געווען אַ שרעקלעכער. פיל קרבנות האָט דער טאָג געקאָסט. בלוט איז גערונען אויף אַלע גאַסן. נאָכן ענדיקן די בלוטיקע שחיטה האָבן זיך די מערדער צוזאַמענגענומען אויפן באַלוטער־מאַרק און איינער האָט געשילדערט דעם צווייטן, ווי אַזוי ער האָט געאַרבעט, און וויפל יידן ער האָט געטויט.

דער פינפטער טאָג פון דער בלוטיקער עוואַקואַציע האָט געבראַכט 112 טויטע. געכאַפּט צו דער אויסזידלונג זענען געוואָרן 1.200 מענער, 880 פרויען און 860 קינדער. צוזאַמען 2.940 נפשות.

## דער זעקסטער טאָג

די שחיטה האָט זיך היינט אָנגעהויבן מיט 15 מינוט שפּעטער ווי זי האָט זיך געזאָלט אָנהייבן. די בעסטיעס זענען זיך צוזאַמענגעקומען. פון יעדן איינעם האָט געשטינקען דער בראָנפן אויף אַ קילאָמעטער ווייט. זיי זענען געגאַנגען און געטרונקען. פּלוצים האָט איינער אַרויסגענומען זיין זייגער און אַ קוויטש געגעבן: — „עס איז דאָך שוין 15 נאָך 7 אור, וואָס פאַנגען וויר אַן?" אין זעלבן מאָמענט האָט איינער אויסגעשאָסן פון זיין רעוואָלווער און דאָס איז געווען דער סיגנאַל צו דער שחיטה.

אין די ערשטע פינף מינוטן זענען שוין צען טויטע געלעגן אויף די גאַסן און פאַרגאָסן די שטיינער מיט זייער בלוט. זיי זענען דער־שאָסן געוואָרן אָן שום פאַרוואָס. נישט זיי זענען געלאָפן און נישט זיי האָבן זיך באַהאַלטן. דאָס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן געטראָגן בענדער אויף זייערע אָרעמס. זיי זענען געגאַנגען צו זייער אַרבעט. צווישן די ערשטע 10 דערשאָסענע זענען אויך געווען צוויי קינדער, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע עלטערן.

דאָס בלוטיקע שפּיל איז געווען דער אָנהייב פון דער גרויסער מערדערישער שחיטה, וואָס איז אין אַ פּאָר שעה שפּעטער פאָרגעקומען. דער מערדערישער הוראַגאַן האָט אַזוי אָנגעהאַלטן פולע דריי

שעה. דערנאָך האָט דאָס שיסעריי אויפגעהערט. עס האָט אויסגעזען ווי עס איז פּלוצים געקומען אַ באַפעל: גענוג געמאָרדעט! צוטרעטן צו דער „נאָרמאַלער" אַקציע, וכך היה, אַזוי איז געווען. דער קוואַר־טאַל איז אַרומגערינגלט געוואָרן; די געכאַפּטע מענטשן זענען אויס־געשטעלט געוואָרן אין די צוויי זאַמל־פּונקטן. די אויסגעזידלטע זענען אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אויף לאַסט־אויטאָס. די וועלכע האָבן פּרובירט אַראָפּשפּרינגען פון די אויטאָס זענען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. עס איז אויך געווען אַזאַ פאַל: אַ יינגל, אין עלטער פון 17 יאָר, איז פון אויטאָ אַראָפּ און האָט הענדום־פּעגדום אָנגעהויבן צו לויפן, אין דער זעלבער רגע האָבן צוויי געזונטע היצלעס, מיט די רעוואָלווערן אין די הענט, אָנגעהויבן צו יאָגן דאָס אַנטלאָפענע יינגל. בעתן יאָגן אים האָבן זיי געהאַלטן אין איין שיסן, ביז דאָס אומגליקלעכע קינד איז אומגעפאַלן און האָט נאָך באַוויזן אויסצושרייען: בעסער דאָ, אויפן אָרט, צו שטאַרבן, איידער דאָרט לעבעדיקערהייט באַגראָבן צו ווערן. אין אַ מינוט אַרום זענען אַ גרופּע פּאָליציאַנטן צוגעגאַנגען צום אָרט ווי דאָס קינד איז געלעגן, זיי האָבן באַמערקט, אַז ער לעבט נאָך און רעדט אין דער שטיל אייניקע ווערטער: „זאָגט נישט אויס מיין מאַמעניו".

אין זעקסטן טאָג פון דער בלוטיקער עוואַקואַציע, זענען אויפן אָרט אומגעקומען 134 טויטע, געכאַפּט געוואָרן 2.080 מענער, 1.650 פרויען און 1.630 קינדער. צוזאַמען זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן 5.360 נפשות.

## דער זיבעטער טאָג

דער היינטיקער טאָג איז נישט געווען אַזוי גרויזאַם ווי דער נעכטיקער. די מערדער זענען נישט געווען שיכור. ווען זיי האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן באַלוטער־מאַרק, האָבן זיי דעם לייטער פון אַרבעטס־אַמט, ב. פוקס, געמאַלדן, אַז היינט וועלן קיין טויט־פאַלן נישט זיין. זיי גלויבן, אַז די יידן וועלן מער זיך נישט באַהאַלטן און נישט אַנטלוי־פן. היינט, האָבן זיי צוגעגעבן, וועלן זיין נאָר פינף געסטאַפּאָוועצעס ביי דער אויסזידלונגס־אַקציע. די איבעריקע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן

קיין וואַרשע. צי די דאָרטיקע יידן מוז מען האָבן בראַווע יונגען. ווען פוקס האָט זיי געפרעגט: ווי לאַנג וועט די אַקציע ביי אונדז אָנהאַלטן? האָבן זיי דערקלערט: „ביז עס וועלן דערגרייכט ווערן 20 טויזנט מאַן". דאָס מאָל האָבן די מערדער פריער געזאָגט, וועלכע גאַסן עס וועלן עוואַקואירט ווערן און די אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן. די גאַסן קרוטקאַ, קעלבאַך, באַוואָק און צימערא זענען דורך דער פּאָליציי אַרומגענומען געוואָרן. די געסטאַפּאָ האָט נישט געלאַרעמט. די פּאָליציי האָט נישט געשריגן. די אַקציע איז צוגעגאַנגען פאַרהעלטנסמעסיק רואיק. פון די פיר גאַסן זענען אויסגעזידלט געוואָרן 340 מענער, 400 פרויען און 360 קינדער. צוזאַמען 1.100 נפשות.

## די לעצטע פיר עוואַקואַציע-טעג.

אין די איבעריקע פיר טעג איז די עוואַקואַציע פאַרגעקומען שוין אָן געפילדער און אָן קרבנות. עס זענען בלויז פאַרגאַטירט געוואָרן דריי זעלבסטמאָרדן און פינף טויט־פאַלן פון עלטערע מענטשן, וואָס זענען געפאַלן פון האַרץ־שלאַג, ווען מען האָט זיי געהייסן פאַרלאָזן זייערע וווינונגען.

אין די איבעריקע פיר עוואַקואַציע־טעג זענען געכאַפּט געוואָרן צוזאַמען 4.880 נפשות. אַזוי זענען פאַרגאַנגען 11 פאַרשאָלטענע טעג, אין וועלכע זיבן געסטאַפּאָ־מערדער האָבן פאַרניכטעט, פאַרטיליקט און אומגעבראַכט איבער 20 טויזנט יידן.

אָט זענען די נעמען פון די מערדער ימ"ש: ריבער, די אויסגע־פרעסענע מענטשן־חיה, דאָס אומגליק פון די לאָדזשער יידן. דער מערדער האָט אויף זיין געוויסן איבער טויזנט קרבנות. דער מענטשן־פרעסער האָט נישט בלויז געשאָסן, נאָר אויך באַוויזן, אַז ער קען מיט די פיס טרעטן טויטע, און די וועלכע ווייזן נאָך אַרויס סימנים פון לעבן דערשטיקן צום טויט. דער מערדער האָט אַראָפּגעשלעפּט אַ יידן פון אַ וואָגן און אים געצווונגען, אַז ער זאָל אָפּלעקן מיט דער צונג דאָס פרישע בלוט פון אַ פרוי, וואָס איז דורך אים דערשאָסן געוואָרן.

ריכטער — אַ „מענטש" וואָס האָט געטויט און דערביי געלאַכט,

בעתן שיסן האָט ער געפרעגט דעם דערשאָסענעם, צי עס שמעקט גוט? באַרימט זיך, אַז זיין רעוואָלווער האָט קיין איין מאָל נישט אויסגעשאָסן אומזיסט.

פוקס — אַ מענטשן־מערדער, וואָס האָט נאָר געזוכט צו שיסן פרויען. זיין בעסטער פאַרגעניגן איז געווען ווען ער האָט זיך צוגערירט צו דער פרוי און באַפוילן — „קער זיך אום" און ווען די פרוי האָט זיך אומגעקערט, איז זי מאָמענטאַל פון הינטן דערשאָסן געוואָרן, פאַלנדיק אויפן פּנים און באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. ווען די פרוי האָט נאָך אַרויסגעוויזן סימנים פון לעבן, האָט זיך דער מערדער אַוועקגע־שטעלט איבערן קרבן און אַזוי לאַנג געשטאַנען און זיך צוגעקוקט ביז זי האָט אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם.

קריסטיאַן — אַ הויכער אָפּגעברענטער מערדער, וואָס האָט זיך קיין איין מאָל נישט באַוויזן אָן מאַשין־געווער אויף זיין אַקסל, שטענדיק געשריגן און געריטשעט אַזוי ווי אַן אָפּגעבריט חזיר און פון צייט צו צייט געוואָרפן וויצן צו די דערשראָקענע יידן: „דאָרט וועט אייך פיל בעסער זיין. די הימל־קאָמאַנדע וואַרט אויף אייך". אַט דער בלוט־זויפער האָט אויף זיין געוויסן הונדערטער קרבנות. ער האָט מיט זיין מאַשין־געווער געשאָסן אין די מאַסן אַריין און געטויט צו טעלעכע מענטשן מיטאַמאָל. ער איז אַרומגעלאָפן ווי אַ ווילדער אָקס און געניכעט מיט זיינע באַזלעכער ווו עס ליגן באַהאַלטן קינדער. דאָרט ווו ער האָט אַזאַ ווינקל אַנטדעקט, האָט ער נישט באַפוילן, אַז די קינדער זאָלן פון דאָרט אַרויסגיין, נאָר ער האָט קאַלטבלוטיק אַראָפּגענומען זיין מאַשין־געווער פון אַקסל און אייניקע מאָל אַריינ־געשאָסן אין דעם באַהעלטעניש, שפּעטער געהייסן די שכנים אַריינ־קריכן אין דעם באַהעלטעניש און „אַרויסשלעפּן דאָס דרעק". פון צוויי אַזעלכע באַהעלטענישן האָט מען שפּעטער אַרויסגעשלעפּט צעשאָסענע מענטשן. אויף איין אָרט אַ מאַמע מיט אירע דריי קינדער און אויף אַ צווייט אָרט, צוויי זקנים און דריי פרויען. דער מאַסן־מערדער האָט באַוויזן, אַז ער קען אויך טויטן פייגל צוזאַמען מיט יידן. דאָס איז געווען ווען ער האָט פון דערווייטנס געזען צוויי יונגע מענטשן אַרויסלויפן פון אַ הויז. ער האָט צו די מענטשן געשאָסן און

זיי געטויט אויפן אָרט. אין דעם זעלבן מאָמענט האָבן אייניקע פייגל איבערגעוואָנדערט פון איין אָרט צום צווייטן אָרט. דער מערדער האָט לאַנג נישט געטראַכט און אויך די פייגל אַרונטערגעשאָסן. די פייגל זענען אַרונטערגעפאַלן אויף די טויטע קערפּערס פון די צוויי יונגע מענטשן.

אַזוי האָט אויסגעזען די בלוטיקע עוואַקואַציע, וואָס האָט אָנגע־האַלטן עלף טעג. עס זענען אומגעקומען אויפן אָרט אייניקע הונדערט נפשות, דערונטער אַ סך קינדער. עוואַקואירט זענען געוואָרן איבער צוואַנציק טויזנט נפשות, דער גרעסטער טייל — פרויען מיט זייערע קינדער. אַ סך פרויען האָבן זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זייערע קינדער, זענען זיי פרייוויליק מיטגעפאָרן מיט די קינדער. די פרויען האָבן דערקלערט: „מיר ווילן שטאַרבן צוזאַמען מיט אונדזערע קינדער".

## די נאָכווייען

ווי נאָר די בלוטיקע עוואַקואַציע האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָב איך זיך געווענדעט צום סעקרעטאַר פון דער יידישער פּאָליציי, כימאָוויטש, און אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר געבן די גענויע צאָל פון די עוואַקואירטע און פון די אומגעקומענע אין די עלף בלוטיקע עוואַקואַציע־טעג. כימאָוויטש האָט מיר באַלד אויפן אָרט איבערגעגעבן די גענויע צאָל:

אויסגעזידלטע זענען געווען 19.839 נפשות. דער גרעסטער טייל פרויען און קינדער. אומגעקומען אויפן אָרט זענען 164 נפשות. מיר גלויבן — האָט כימאָוויטש צוגעגעבן — אַז אויסגעזידלט זענען געוואָרן איבער צוואַנציק טויזנט יידן. די לעצטע דריי טעג פון דער אויסזידלונג האָבן די דייטשן נישט איבערגעגעבן די ריכטיקע צאָל געכאַפּטע. אייניקע מאָל האָבן זיי אַליין געכאַפּט און די מענטשן אויפן אָרט אַוועקגעשיקט. עס זענען געווען פאַלן, ווען קינדער וואָס זענען שוין געווען אויף די וואַגנס, האָבן פּלוצים באַמערקט זייערע עלטערן, האָבן זיי געמאַכט געוואַלדן, אַז די עלטערן זאָלן זיי ראַטעווען. די עלטערן האָבן די קינדער נישט געקענט ראַטעווען, אָבער זיי זענען

מיטגעפארן צוזאמען מיט די קינדער. די דאזיקע מענטשן זענען דורך די דייטשן נישט געציילט געווארן. בעתן כאפן די קינדער האט מען באמערקט פארשיידענע מינים רעאקציעס. עס זענען געווען קינדער וואס האבן היסטעריש געוויינט. אלע מיטלען זיי צו בארואיקן האבן נישט געהאלפן. עס זענען אבער אויך געווען קינדער, וואס האבן רואיק אויפגענומען זייער שרעקלעכן גורל. די קינדער האבן דייטלעך דערקלערט: „מיר ווייסן גאנץ גענוי ווו מיר פארן און וואס פון אונדז וועט ווערן. אויב מיר וואלטן געקענט שוין, דא אויפן ארט שטארבן, וואלט פאר אונדז פיל בעסער געווען”. עס זענען אויך געווען פאלן ווען יידישע פאליציאנטן האבן אראפגעכאפט באקאנטע קינדער פון די וואגנס און זיי באהאלטן אין אן אויסגעליידיקט הויז. די קינדער זענען געלעגן אין די באהעלטעגישן און געווארט ביז די רעטער וועלן קומען זיי אהיימפירן. די פאליציאנטן האבן שפעטער פארגעסן די ערטער ווו צו זוכן די קינדער, אדער האבן זיי בכלל פארגעסן. די ארעמע קינדער זענען פון הונגער אומגעקומען. אין איינציקע טעג ארום האט מען פון איין באהעלטעניש ארויסגעהערט הילף־רופן און קרעכצן און ווען די דורכגייער זענען אריין אין באהעלטעניש האבן זיי דארטן געטראפן א שרעקלעך בילד. 4 קינדער, דריי מיידלעך און א ייִנגל, אין עלטער פון 7 ביז 10 יאר, זענען געלעגן צוזאמען אין איין קבויל. די צוויי מיידלעך זענען שוין געווען טויט, דאקעגן די אנדערע צוויי קינדער האבן זיך געהאלטן. זיי האבן שרעקלעך אויסגעזען. די פנימלעך אין גאנצן צעדראפעט, די הענטלעך און די פיסלעך בלוי און געשוואלן. ביידע קינדער זענען נאך אין זעלבן טאג געשטארבן.

שרעקלעך איז אויך געווען צו זען וויאזוי מען האט די געכאפטע געפאקט אין די אויטאס. די מענטשן זענען אריינגעפאקט געווארן אין אזא ענגשאפט, אז עס איז נישט מעגלעך געווען צווישן זיי איין איינציקע שפילקע אריינצוווארפן. די קליינע קינדער זענען איבערגעגעבן געווארן אין די הענט פון די עלטערע פרויען און ווען א פרוי האט דערקלערט, אז זי איז צו שוואך צו האלטן א קינד, איז זי מיט א שפיץ־רוט געשלאגן געווארן ביז בלוט. עס זענען אויך געווען

מערדער וואָס האָבן נישט געשלאָגן. זיי האָבן צו אַזאַ פרוי געזאָגט: „שוין נישט לאַנג וועט איר ליידן. אין אייניקע שטונדן וועט אַלץ דערליידיקט ווערן!"

עס האָט אויסגעזען, אַז די בלוטיקע טעג וועלן זיך שוין נישט ענדיקן, אַז זיי וועלן זיך שוין ציען ביז אַלע יידן וועלן אומקומען. און אַז אַלע וועלן אומקומען, האָבן דייטלעך געזאָגט די, וועלכע האָבן געשאָכטן. זיי האָבן דאָס אַרויסגעזאָגט ביי יעדער געלעגנהייט. ביבאָוו, דאַקעגן, האָט געהאַלטן אין איין צוזאָגן, אַז ער וועט זיך באַמיען, אַז די לאָדזשער געטאָ זאָל איבערבלייבן, זאָל געשוינט ווערן. מיר ווייסן, אַז ביבאָווס רייד זענען פאַלש.

מיר האָבן ליידער קיין אַנדערע ברירה נישט, מיר מוזן גלויבן און האָפן, אַז גאָט וועט נאָך רחמנות האָבן אויף אונדז.

## די טראַגעדיע זדונסקאַ-וואָלאַ

וואָס דערציילן די זדונסקאַ־וואָלער יידן? „דער לייטער פון דער לאָדזשער געטאָ, האַנץ ביבאָוו, האָט מיט זיינע אייגענע הענט געהר־געט צענדליקער יידן. ווי אַ חיה איז ער געלאָפן מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט און געשאָסן אויף רעכטס און לינקס. ער אַליין האָט דערמאָרדעט אין זדונסקאַ־וואָלאַ איבער הונדערט יידן. אויב אַ ייד איז פון אים אַנטלאָפן, האָט ער אים אַזוי לאַנג נאָכגעיאָגט און נאָכ־געשאָסן, ביז דער ייד איז געפאַלן טויט. די יידן, וואָס זענען געשטאַ־נען נישט ווייט פון אים, די האָט ער געשוינט, די זענען געבליבן לעבן. בעת זיין נאָכלויפן אַ יידן האָט ער נישט באַפוילן, אַז דער אַנטלויפנ־דיקער זאָל בלייבן שטיין, נאָר פונקט פאַרקערט, זיין פאַרגעניגן איז געווען צו שיסן דעמאָלט ווען דער קרבן איז געווען ווייט פון אים. אויסער דעם דערציילן די זדונסקאַ־וואָלער, אַז אויפן בית־עולם זענען באַגראָבן געוואָרן איבער 400 יידן, וואָס האָבן נאָך געלעבט. זיי זענען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין איין גרויסן מאַסן־קבר. נאָכן באַגראָבן די אַלע קרבנות, האָט זיך אייגער פון די מערדער אָנגערופן: „וווּ איז אייער גאָט? פאַרוואָס העלפט ער אייך נישט און לאָזט אייך ווי הינט אומברענגען? איר זענט קיין פאָלק נישט. איר האָט נישט

קיין רעכט צו לעבן אויף דער וועלט. איר האָט אפילו נישט קיין מוט זיך אַנטקעגן צו שטעלן. הונדערטער זענט איר דאָ פאַרזאַמלט און מיר זענען נישט מער ווי צען מאַן. פאַרוואָס וואַרפט איר זיך נישט אויף אונדז?״ ווען איינער פון די יידן האָט אים געוואָלט ענטפערן, האָט ער באַלד באַקומען מיט אַן אייזערנעם שטעקן איבערן קאָפּ און דער ייד איז געפאַלן טויט אויפן אָרט. אָט אַזוי האָבן אונדז די לאָדזשער געסטאַפּאָ־מערדער אומגעבראַכט און די איבעריקע, דאָס הייסט מיר, זענען צו אייך אַהערגעשיקט געוואָרן״.

## אַ בריוו פון פויזן

פאַר דער גרויליקער עוואַקואַציע זענען 800 יונגע, געזונטע אַרבעטער אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין פויזן אויף ספּעציעלער, גוטער אַרבעט. אַזוי האָט עס געהייסן. יעדער פון די וואָס זענען פרייוויליק געפאָרן האָט פון רומקאָווסקין באַקומען אַ ספּעציעלע צוטיילונג: אַ ברויט מיט צוואַנציק דעקאַ פערד־וורשט. איצט זענען דורך קאָנספּיראַטיווע שליחים אָנגעקומען עטלעכע בריוו פון די אַרבעטער. איינציקע בריוו האָב איך געלייענט. אַ געוויסער יוטקאָוויטש שרייבט צו זיין פרוי:

„זיי וויסן, טייערע פרוי, אַז רומקאָווסקי מיט זיינע מענטשן זענען מערדער. זיי וועלן פאַר אַלעם באַצאָלן. אַז די צייט וועט קומען וועלן מיר נקמה נעמען. אַ העלפט פון די געשיקטע אַרבעטער ליגט שוין נישט לאָזן זיך מער כאַפּן אויף דער ווענדקע פון דער „ספּעציעלער טייל איז אומגעבראַכט געוואָרן ביי דער אַרבעט, אַן אַנדערער טייל האָט זיך גענומען דאָס לעבן. זיי האָבן מער נישט געקענט אויסהאַלטן און איבערטראָגן די שווערע פיין. מיר וואָרענען אייך, אַז איר זאָלט טון וואָס איר קענט, און נישט אַרויספאָרן קיין פויזן אויף אַרבעט. נישט לאָזן זיך מער כאַפּן אויף דער ווענדקע פון דער „ספּעציעלער צוטיילונג״. ווער עס וויל האָבן דאָס גהינום ביים לעבן, דער זאָל פאָרן קיין פויזן. צום גרויסן באַדויערן, מוז איך דיר מיטטיילן, אַז אויך יידן בעמען אַנטייל אין מאָרד. דאָס זענען אויסוואורפן פון פאַרשיידענע

שטעט און שטעטלעך. איך צוויי לאָדזשער געמען אַנטייל אין דער מערדעריי".

צום סוף פון בריוו האָט אַ צווייטער, אַ געוויסער מיזעס, צוגע־שריבן אין פויליש צו זיין פרוי חנה: „טייערע, זיי וויסן, אַז איך וועל מער צו דיר נישט קומען. ביז איצט האָב איך זיך גוט געפילט. איך האָב אויסגעהאַלטן אַלע קלעפּ. איצט בין איך קראַנק און שוואַך. איך גלויב, אַז זיי וועלן מיך איבערשיקן אין אַ שפּיטאָל אַריין. אויב נישט בין איך פאַרלוירן. זע אַז דאָס קינד זאָל מיך געדענקען. איך גרוס און קוש אייך ביידן, אויף אייביק..."

אַזעלכע בריוו קומען איצט אָן פון די ערשט נישט־לאַנג קיין פּויזן אַרויסגעשיקטע אַרבעטער. דער פּרעזעס מיט זיין מערדערישן אַדיוּ־טאַנט, פוקס, האָבן פייערלעך צוגעזאָגט, אַז די וועלכע וועלן פרייוויליק אַרויספאָרן קיין פּויזן וועלן האָבן אַ גוט לעבן. זיי וועלן זיך אין זייערע פאַמיליעס ראַטעווען פון אַ זיכערן אונטערגאַנג. „די געטאָ וועט איבער זיי האָבן אַ ספּעציעלן אויפזיכט". אַזוי אַרום זענען אויף אַ מיאוסן אופן אַרויסגענאַרט געוואָרן 800 יונגע מענטשן, כדי זיי זאָלן אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט ווערן. אָט אַזוי פירט היטלער אויס זיין אויסראָטונגס־פּלאַן און זיין יידישער פאַרטרעטער, חיים רומקאָווסקי, העלפט אים צו.

## וויפל יידן זענען געשטאָרבן אין יאָר 1942

לויט ווי דער סטאַטיסטישער אַמט האָט הייַנט פעסטגעשטעלט, זענען אין יאָר 1942, געשטאָרבן אין געטאָ 15,384 יידן. עס זענען געווען טעג, ווען מען האָט קובר געווען פון 80 ביז 100 מענטשן. נישט צורעכענענדיק די טויט־פאַלן דורך די דייטשן, וואָס פאַטרולירן דאָס געטאָ און אויך נישט די יידן וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער קריפּאָ. די אויבנדערמאָנטע צאָל נעמט אויך נישט אַרום די 30 טויזנט אויסגעזידלטע און די טויזנטער, וואָס זענען אַרויסגעפאָרן אויף אַרבעט און זענען מער אין דער געטאָ נישט צוריקגעקומען.

שלמה פראַנק

# די געהיימע זיצונג

ווי באַר עס זענען אָנגעקומען בריוו פון די פּויזנער און אַנדזשעװער אַרבעטער, ווי אויך די געהיימע ראַדיאָ־נאַכריכטן וועגן אומקום פון הונדערטער טויזנטער יידן, דערונטער אויך פון טויזנטער לאָדזשער יידן, האָבן זיך אייניקע פּאַרטיי־פאָרשטייער צוזאַמענגעטראָפן און באַשלאָסן צו רופן אַ געהיימע זיצונג און איינצולאַדן די פאָרשטייער פון אַלע פּאַרטייען, ריכטונגען און שטרעמונגען, וואָס זענען באַקאַנט אין דער געטאָ. אינטערעסאַנט איז, אַז צו דער געהיימער זיצונג זענען אויך געקומען צוויי פאָרשטייער פון דער פּאָליציי, וואָס האָבן געהערט צו די קאָמבאַטאַנטן. אייניקע פאָרשטייער האָבן זיך אַרויסגעזאָגט קעגן צולאָזן די צוויי פּאָליציאַנטן צו דער זיצונג, זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן נישט קיין צוטרוי צו דער יידישער געטאָ־פּאָליציי. נאָך אַ קליינער אַמפּעריי און אויפקלערונג זענען די צוויי פּאָליציאַנטן צוגעלאָזט געוואָרן צו דער זיצונג. די פּאָליציאַנטן האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען 18 מאַן, צעשפּרייט אין אַלע רעווירן און זיי טראָגן די פולע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער איבערגעגעבענער געהיימער אַרבעט. נאָך דער זיצונג האָבן אַלע אַנוועזנדיקע געשווירן און עס איז אָנגענומען געוואָרן פאָלגנדער באַשלוס: אויפקלערן דער יידישער באַפעלקערונג, נישט אַרויסצופאָרן מער פרייוויליק אויף אַרבעט, ווי ווייט מעגלעך שטערן רומקאָווסקין מיט פוקסן אין זייער טעטיקייט. אָנהייבן אַ ברייטע אַגיטאַציע אויף דער גאַס און אין די אַרבעטס־רעסאָרטן צו סאַבאָטירן די אַרבעט. זאַמלען מאַטעריאַלן קעגן די יידישע פאַרברעכער לגבי דער יידישער מאַסע. אויפן אָרט זענען פאַרצייכנט געוואָרן די פאָלגנדיקע מענטשן אַלס פאַרברעכער קעגן לאָדזשער יידנטום: חיים רומקאָווסקי, ב. פוקס, לעאָן ראָזענבלאַט, שלום הערצבערג, קאָמיסאַר קאָל, ב. קליימאַן, און דער לייטער פון מעטאַל־רעסאָרט כימאָוויטש. די זיצונג איז געווען אַ זייער דראַמאַטישע.

עס זענען אַרומגערעדט געוואָרן אַלע אָנגעוויטיקטע פראַגן. איינער אַ געוויסער מ. לערער האָט אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל שוין גרינדן אַ קאַמפס־אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיך אַנטקעגנ־

שטעלן די באַפעלן פון רומקאָווסקין מיט זיין קליקע און אויך אָנהייבן אַ קאַמף מיט דער פּאָליציי. דער פאָרשלאַג איז דעבאַטירט געוואָרן און איז דורך דער מערהייט אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די מאָטיוון זענען געווען: די געטאָ האָט קיין איין רעוואָלווער נישט. די געטאָ איז אַרומגערינגלט מיט פאָלקס־דייטשן. צווישן די יידן זענען פאַראַן אַ סך מוסרים 60% פון דער פּאָליציי זענען פאַררעטער. דאָס פאָלק איז פולשטענדיק צעבראָכן און מיט אַזעלכע צעבראָכענע מענטשן קען מען קיין קאַמף נישט אָנהייבן און די מוראָ פאַר די פאָלגן פאַר דעם גאַנצן געטאָ־יידנטום. דער וואָס האָט אַריינגעטראָגן דעם פאָרשלאַג האָט דערקלערט, אַז ער רעזיגנירט נישט און אין גיכן וועט אַזאַ קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע אַנטשטיין.

אַ צווייטער, אַ געוויסער גאָלדבערג האָט פאָרגעשלאָגן אַז להבא זאָלן נישט איינגעלאַדנט ווערן קיין פאָרשטייער פון דער פּאָליציי, אַפילו אומבאַפּלעקטע. ד"ר עפּשטיין, וואָס האָט געפירט די זיצונג האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש פאַרן דאָזיקן פאָרשלאַג.

חיים ווידאַווסקי האָט פאָרגעלייענט די לעצטע נאַכריכט פון געהיימען ראַדיאָ. און די זיצונג איז געשלאָסן געוואָרן.

דאָס איז געווען די ערשטע געהיימע זיצונג, וואָס איז גערופן געוואָרן דורך אייניקע מיטגלידער פון פועלי־ציון, אַלגעמיינע ציוניסטן, פרייהייט, החלוץ, פאָלקס־פאַרטיי און קאָמבאַטאַנטן. די זיצונג איז פאָרגעקומען אויף קרוטקאַ 2 אין דער פאָלקס־קיך פון די אַלגעמיינע ציוניסטן.

## אינטערעסאַנטע מיינונגען וועגן געטאָ-לעבן.

די מיינונגען גיב איך איבער אַזוי ווי איך האָב זיי געהערט.

דער שרייבער זעלקאָוויטש דערקלערט: — דעם גרעסטן כעס טראָג איך אויף דער יידישער פּאָליציי. ווען עס וואָלט נישט געווען קיין יידישע פּאָליציי, וואָלטן אַזוי פיל צרות נישט געווען. ד"ה, צרות וואָלטן געווען, אָבער זיי וואָלטן נישט געקומען דורך יידישע הענט. עס איז פיל שענער פאַר אַ פאָלק, ווען עס ווערט נישט געשלאָגן דורך אייגענע אויסוואורפן.

דער דיכטער יאַכימאָוויטש דיכטעוועט מיט ווייטיק: פּאָליציי־וויי, דאָס איז געשריי. ווייַ איז צו אונדז און ווייַ איז צו זיי. ווען עס וואָלט נישט געווען קיין יידישע פּאָליציי, וואָלטן געווען אַנדערע אויסוווּרפן, וואָס וואָלטן פיל ערגער געווען ווי די יידישע פּאָליציי. וואָס זיי זענען, זענען זיי, דאָך זענען זיי אונדזערע ברידער, וואָס פילן אויך דעם זעלביקן ביטערן טעם וואָס מיר. די צרה איז נאָר וואָס זיי מיינען, אַז ווען דאָס פאָלק וועט אומגעבראַכט ווערן וועלן זיי זיך ראַטעווען. זיי וועלן צוזאַמען מיט אונדז אין איין גרוב באַגראָבן ליגן.

דער געוועזענער סעקרעטאַר פון דער יידישער גימנאַזיע, קאַראַ: וואָס זאָל איך זאָגן, אַז אַלץ וואָס דער פּרעזעס טוט איז פיין און כשר? דאָס קען איך נישט זאָגן. איך קען אָבער אויך נישט זאָגן, אַז אַלץ וואָס ער טוט איז שלעכט. מען מוז פאַרשטיין, אַז די צייט איז שלעכט זענען במילא די מענטשן אויך שלעכט. רומקאָווסקי וויל באמת, אַז אַלע יידן אין דער געטאָ זאָל גוט זיין. אָבער ליידער — ער וויל און אַלע זיינע פּלענער ווערן צונישט געמאַכט. ווייל אין אמת'ן געזאָגט האָט ער קיין שום דעה נישט. ער איז בלויז דער אויספירער פון ביבאָוון מיט זיינע מיטהעלפער. איין פעלער און דווקא אַ גרויסן פעלער האָט ער: דאָס וואָס ער לאָזט זיך נישט לערנען. ער דערקלערט, אַז אַלע מיינונגען זענען אים באַקאַנט און זענען אין אַזאַ צייט ווען טויט און לעבן הענגען אויף אַ האָר, נישט אויספירבאַר. דאָס אַלץ וואָס ווערט געטון, מוז געטון ווערן מיט אַ שטאַרקע האַנט, אויב נישט, וועט איינער דעם צווייטן לעבעדיקערהייט אויפעסן. ביים שאַפן די אַרבעטס־רעסאָרטן האָט ער געפּרוּווט איינגיין אויף פאַר־שיידענע הנחות. וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן? מען האָט געגנבעט אויף רעכטס און אויף לינקס, מען האָט נישט אָפּגעהיטן די פאַרשריפטן בנוגע דער אַרבעט, מען האָט באַגאַטעליזירט אים און זיינע באַפעלן. דעריבער איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז ער וועט קיינעם נישט הערן און וועט מיט שטאַרקער האַנט אַלץ אַדורכפירן אַזוי ווי מען פאַרלאַנגט פון אים.

דער געוועזענער האַנטווערקער פּרעזעס, ב. פּרויבד דערקלערט: איך בין נישט רומקאָווסקיס חסיד. איך האַלט בכלל נישט פון אַלע

זיינע דערקלערונגען און פון אַלע זיינע אויפטועכצן. נאָר איינס מוז איך זאָגן, ווען ניט רומקאָווסקי מיט זיין שטאַרקער האַנט, וואָלט דער לאָדזשער יידישער קיבוץ שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען. ווי עס איז באַוווסט האָבן די דייטשן געוואָלט באַלד ביים אָנהייב פאַרניכטן דאָס גאַנצע לאָדזשער יידנטום. זיי האָבן אין לאָדזש קיין געטאָ ניט געוואָלט מאַכן. זיי האָבן געוואָלט דאָס גאַנצע לאָדזשער יידנטום אַרייניאָגן קיין בזשעזשין און דאָרטן אַדורכפירן אַלע זייערע פינצטערע פּלענער. דער געדאַנק צו מאַכן אַ געטאָ, וואָס איז געקומען פון רומקאָווסקין, האָט דערמעגלעכט אַז די לאָדזשער יידן זאָלן דערווייל זיצן אויפן אָרט און באַקומען אַרבעט און עסן. פון צייט צו צייט ווערן טאָקע מענטשן אָפּגעריסן פון זייערע פאַמיליעס, פון זייערע היימען אָבער אין כלל ווערט דערווייל דער לאָדזשער קיבוץ ניט געריירט. מיר האָבן ליידער ניט קיין אַנדערע עצה. דער שונא זוכט אונדז צו פאַרניכטן. ער באַהאַלט ניט זיינע כוונות. ער דאַרף אָבער אויך ביליקע אַרבעטס־הענט און ווען זאָל ער נעמען אויב ניט די יידן? ניט רומקאָווסקי, ניט די פּאָליציי, ניט די וועלכע אַרבעטן מיט רומקאָווסקין טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט. מיר זענען דורך די דייטשן פאַראורטיילט געוואָרן פאַרניכטעט צו ווערן. די וועלט האָט אין אונדז פאַרגעסן. דעריבער מוזן מיר שטיין אויף דער וואַך און אַכטונג געבן, אַז דער שונא זאָל אונדז ניט מיט איינמאָל פאַרטיליקן. מיר גלויבן, אַז אָט־אָט וועט צו אונדזערע צרות קומען אַן ענדע. מיר גלויבן, אַז לאַנג וועט אַזאַ שווערע צייט ניט קענען אָנהאַלטן. דעריבער מוזן מיר, מיט אַלע מיטלען וואָס מיר פאַרמאָגן, אָפּשטופן דעם סוף. דאָס הייסט, מיר מוזן שווער אַרבעטן, מיר מוזן גוט אַרבעטן און דערווייל שווייגן, ניט אַרויסרופן דעם וואָלף פון וואַלד, כדי ער זאָל אַלץ מיט איינמאָל ניט איינשלינגען. פאַרפאַלן, מיר זענען אויפן פראָנט און דווקא אויף דער ערשטער ליניע. מיר קעמפן מיט דער גאַנצער וועלט קעגן דעם פיינט. ווער עס וועט לעבן בלייבן דער וועט שפּעטער קאָנען אויפהויבן זיין שטים קעגן דער ברוטאַלער וועלט! אויף אויסלאַנד קענען מיר זיך ניט פאַרלאָזן, ווייל ניט זיי ווייסן וואָס דאָ קומט פאָר און ניט זיי

זענען פאַראינטערעסירט אַזוי שטאַרק אין אונדזער לעבן. מיר מוזן קענען לאַווירן מיט אונדזער ביסל לעבן. דעריבער מוזן מיר שוויגן און אויספירן אַלע באַפעלן פון די, וואָס זענען שטאַרקער פון אונדז, כדי וואָס לענגער צו פאַרציען ביז צו דערגרייכן די ענדע.

דאָקטאָר עפּשטיין, געוועזענער מיטגליד אין פּרעזידיום פון די יידישע קאָמבאַטאַנטן אין לאָדזש, זאָגט פאַרביטערט: „איך וואָלט אין מיין לעבן נישט געגלויבט, אַז יידן זענען פעאיק צו אַזעלכע אַכזריות־דיקע מעשים, צו אַזעלכע נידעריקע שטיק. איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז צווישן יידן קאָנען זיך געפינען אַזויפיל אויסוואורפן, אַזויפיל מוסרים און קרעציקע הינט. איך בין אַ דאָקטאָר. מיין פאַך איז היילן מענטשן, ברענגען זיי צום נאָרמאַלן געזונט און לויט מיין פאַך מוז איך זיין העלפעך צו יעדן פאַציענט. אָבער דעם אמת געזאָגט, האָב איך זיך שטאַרק געענדערט. איך האָב פיינט געקריגן מענטשן. ווען עס קומט צו מיר אַ דעלעגאַציע און וויל, אַז איך זאָל אַרבעטן געזעלשאַפטלעך, כדי צו לינדערן די נויטן, זאָג איך זיך אָפּ. איך הייל נאָר קראַנקע, וועלכע זענען אונטער מיין אויפזיכט. איך וויל אויך באַמערקן, אַז אַלץ וואָס מען זאָגט אויף אונדז איז, ליידער אמת. דעריבער האָבן מיר אַזויפיל פיינט. דעריבער שלאָגט מען אונדז. דעריבער וויל קיינער מיט אונדז נישט ריידן און נישט קומען אונדז צו הילף. זייט צוויי וואָכן פיר איך אין געהיים אונטערהאַנדלונגען מיט אַ דייטש, וואָס שטעלט מיר פון צייט צו צייט צו פאַרשיידענע מעדי־קאַמענטן, וואָס עס איז זיי אוממעגלעך צו באַקומען אין דער געטאָ. די מעדיקאַמענטן באַנוץ איך פאַרשטייט זיך פאַר קראַנקע, וועלכע נייטיקן זיך אין זיי. פּלוצים קומט צו מיר דער דייטש און זאָגט מיר: פון היינט אָן וועט ער מיט מיר קיין געשעפטן מאַכן, ווייל איך בין נישט גענוג פאַרזיכטיק. איך קוק אים אָן און פרעג: צי איז דאָס נישט אַמאָל קיין טעות? ער דערקלערט מיר, אַז ניין. מיט דריי טעג צוריק האָט אים פאַרהאַלטן אַ דאָקטאָר פון שפּיטאָל און אים פאַר־געלייגט אַ פיל גרעסערן ריווח מיטן תנאי, אַז איך זאָל אים אויך באַזאָרגן מיט מעדיקאַמענטן. דער דייטש האָט דעם דאָקטאָר אויס־געזידלט און מיט אים נישט געוואָלט מער רעדן. נו, וואָס זאָגט איר

צו אַזאַ זאַך? קען מען פון אונדזערע יידן אויסהאַלטן? זענען זיי נישט פרעך? איך שטעל איין מיין לעבן, איך וויל העלפן די קראַנקע. קומט אַזאַ פאַרשוין און וויל מאַכן געשעפטן. איך בין איבערצייגט — זאָגט דאָקטאָר עפשטיין — אַז מיר וועלן דאָ אומקומען, היינט אָדער מאָרגן אָדער אין אַ יאָר אַרום. מיר וועלן פון דאַנען נישט אַרויס. דער פיינט איז שטאַרק און מיר מיט אונדזערע אייגענע הענט העלפן אים צו צו אונדזער אויסראָטונג".

הרב פיינער: „גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען אויף אונדז. מיר זענען אָן קראַפט, אָן ווילן. איך מיין נישט קראַפט צו אַנטקעגנשטעלן זיך. צו דעם זענען מיר בכלל נישט בכוח. איך מיין פון בטחון, קראַפט פון געבעט, קראַפט פון אונדזער הייליקער תורה הקדושה. ווו איך גיי און ווו איך שטיי, זע איך ווי גאָט ווערט געלעסטערט. מען טרעט אויף אַלץ וואָס איז הייליק. מען האָט פאַרגעסן, אַז נאָר דער רבונו של עולם קען אונדז העלפן. אונדזערע ברידער זענען געוואָרן איינער צום צווייטן פרעך און אָן ווילן צו העלפן. אויב דאָס וועט אַזוי ווייטער גיין, וועלן מיר אַלע אומקומען. נאָר מיט אמת'ן בטחון און מיט יושר וצדק וועלן מיר דעם פיינט איבערלעבן".

דער פאָלקיסט סקשעפּיצקי דערקלערט: „ווי זינגען די קינדער „רומקאָווסקי חיים — גיט אונדז קלאַיען". פיל בעסער וואָלט געווען, ווען ער גיט אונדז סם. ער איז געווען אַן אויסוווּרף נאָך אין די צייטן פון העלענעוועק, ווען די וועלט איז נאָך געווען נאָרמאַל. עס איז טרויעריק, אַז אַזאַ עדה יידן זאָל לאָזן אַזאַ סאַדיסט פירן צו אויס־ראָטונג פון לאָדזשער יידן".

דער זשורנאַליסט ראָזענשטיין: „עס איז נישט געווען קיין צווייטער אין לאָדזש, וואָס זאָל קענען איבערנעמען אַזאַ גהינום־רודער ווי רומקאָווסקי. דער ערשטער ראַט איז געוואָרן אַרעסטירט, פאַרשיקט און געטויט. וועמענס שולד עס איז, וועט מען אפשר שפּעטער, נאָך דער מלחמה, געוווירן ווערן. דער צווייטער ראַט וואָס איז נאָמינירט געוואָרן, האָט באַלד ביים אָנהייב נישט געהאַט בדעה אַרויסצושטעלן קיין יידן־עלצטן. עס האָט געזאָלט זיין אַ יידן־ראַט. בעת אַ רעוויזיע אין ראַט, האָט דער אָבערלויטענאַנט, ריישאַרד

העפּלער, געפרעגט די ראַט־מענטשן: „ווער פון אייך איז דער עלצטער?" דערויף האָט זיך רומקאָווסקי אָנגערופן: „איך, הערן לויטענאַנט, בין דער עלצטער". ווען דער לייטענאַנט האָט געזען דעם אַלטן, מיט זיין גרויען קאָפּ האָר, האָט ער אים מיטגענומען מיט זיך און אין צוויי שעה שפּעטער איז דער ראַט געווויר געוואָרן, אַז רומ־קאָווסקי איז געוואָרן דער עלצטער איבער די לאָדזשער יידן. מיט אַ פולמאַכט, געשריבן שוואַרץ אויף ווייס, פון דעם דעמאָלסדיקן ערשטן שטאָט־פּרעזידענט. באַלד ביים אָנהייב האָבן כמעט אַלע ראַט־מיטגלי־דער געוואָלט זיך אָנגעבן אין דימיסיע. דער גרעסטער טייל איז צו דער זיצונג נישט געקומען. רומקאָווסקי, זעענדיק, אַז די ראַט־מיטגלידער זענען נישט צופרידן, וואָס ער איז געוואָרן דער עלצטער פון די יידן און זיי קומען נישט צו קיין זיצונג, האָט ער געשיקט צו יעדן אַ בריוו מיט דער אויפפאָדערונג פון שטאָט־פּרעזידענט, אַז אויב די ראַט־מיטגלידער וועלן נישט קומען צו קיין זיצונג, וועלן זיי שווער באַשטראָפט ווערן. אַזוי אַרום האָבן זיי אָנגעהויבן קומען צו די זיצונגען און אָנטייל גענומען אין רומקאָווסקיס מלוכה. די וועלכע האָבן נישט אַקטיוו זיך באַטייליקט און האָבן נישט אין אַכט גענומען די דראָאונגען פון רומקאָווסקין, זענען: ברוך שולמאַן, משה פרידריך, חיים בוים און הרב טרייסטמאַן.

„אַלס פאַכמאַן האָט מען מיך אָוועקגעשטעלט ביי מיין אַרבעט איך בין גליקלעך וואָס איך בין נישט קיין מיטמענטש מיט די געטאָ מעשים. מיין אַרבעט איז אַכטונג צו געבן אַז אין געטאָ זאָל זיין עלעקטריש ליכט, אַז די געטאָ יידן זאָל אויך אַ ביסל ליכטיק זיין. מיר איז נישט שלעכט, ווי זאָגט מען: אַ זאַטער גלויבט נישט דעם הונגעריקן, אָבער נישט קוקנדיק דערויף, לעב איך אין גרויסער פאַרצווייפלונג, איך זע נישט אַז מיר זאָלן פון דאַנען אַרויס, דייטשן מיט וועלכע איך קום אין באַרירונג, באַדויערן מיך. פון צייט צו צייט, זאָגן זיי אַרויס דעם אמת, וועגן אונדז און וועגן אונדזער צוקונפט, זיי באַהויפּטן אַז אַלע שטעט אין וואַרטיגאַל, וועלן אין קורצן ריין ווערן פון יידן, הלוואי וואָלטן מיר אין דער שפּיץ פון אונדזער געזעלשאַפט געהאַט מער אַקטיווע פאַלקס־מענטשן, מער

ברודערלעכקייט, מיר וואָלטן דאַן אַנדערש אויסגעזען. דער שונא רייסט פון אונדז לעבעדיקע שטיקער, ער צוטרעט אונדז ווי ווערים, מיר דאַקעגן, אַנשטאַט קעגנזייטיק מיט עפּעס זיך אַרויסהעלפן, פאַר־גרינגערן מיר גאָר דעם שונא. איך גלויב נישט אַז רומקאָווסקי ווייסט פון אַלעם, וואָס עס קומט פאָר, ער איז צווישן האַמער און קאָוואַדלע, ער האָט נישט קיין צווייטן אויסוועג, אויסער באַגיין זעלבסטמאָרד. אַזאַ אקט וועט ער פאַר קיין פּרייז אין דער וועלט נישט אויספירן. רומקאָווסקי האָט ליב דאָס לעבן, ער האָט ליב מאַכט, ער וועט אַלץ טון, כדי די מאַכט פון זיינע הענט נישט אַרויסצולאָזן.

אינזשעניר פייפל דערקלערט:

„איך בין אַ „לינקער" שטענדיק געצויגן אַהין ווי עס הערשט סאָציאַלע גערעכטיקייט, זעענדיק צום ערשטן מאָל רומקאָווסקין האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז אַ גענייאַלער מענטש. אַ מענטש מיט יושר און געפילן, אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער פיינט האָב איך אים באַקומען, איך זע אין אים דעם פאַקטאָר וואָס טראָגט מיט זיך אומגליק פאַרן לאָדזשער יידנטום; דעם צעשטערער פון פרידן; דעם אויסוווּרף פון דער באַטור; איצט איז פאַר מיר קיין וווּנדער נישט, אַלץ וואָס איך לייען און הער וועגן היטלערן און זיינע וואָרטזאָגער וועגן יידן, ווייזט אויס צו זיין אמת, אַ בו קוקט זיך צו! אין אונדזערע אייגענע רייען געפינען זיך אָן אַ שיעור פאַררעטער, אויסוווּרפן און באַנדיטן — מוז איך קומען צו דעם העסלעכן אויספיר:

אין אַזאַ פינצטערע צייט, ווי אַלע רעטונגס מויערן זענען פאַר אונדז יידן אָפּגעשלאָסן, דערשיינען אייגענע ברודער און וואַגן צו העלפן דעם פיינט אונדז צו פאַרניכטן! מיט מסירות, מיט סאַדיס־טישע מיטלען. מיט מאָרד און רויב אַפילו. איך בין איבערצייגט אַז רומקאָווסקי מיט זיין גאַנצער קליקע זענען אונדזער אומגליק, אויב מיר וועלן איבערלעבן און זוכה זיין צו זען צוריק די אַמאָליקע מענטשלעכע פרייהייט, וועלן מיר זעלבסט מוזן אויפשטעלן פאָלקס טריבונאַלן און משפּטן די אַזויפיל אָנגעזאַמלטע פאַרברעכער וואָס געפינען זיך אין אונדזערע רייען, איך גלויב און בין טיף איבערצייגט אַז די פאַרברעכער וועלן זייער שטראָף באַקומען".

שלמה פראַנק

# שוידערלעכע ידיעות פון שטעטל כעלמנאַ

זייט אייניקע טעג קומען אָן שוידערלעכע ידיעות וועגן גרויסע מערדערייען און שחיטות איבער יידן אין שטעטל כעלמנאַ, וואָס ליגט נישט ווייט פון שטעטל קויל. דאָרט זאָלן די היטלעריסטן האָבן צוגעגרייט אַ קרעמאַטאָריום פאַרן גאַנצן פּוילישן יידנטום. די ידיעות־ברענגער דערציילן, אַז אַלע יידן וואָס זענען אין פאַרלויף פון דעם יאָר אַרויסגעטריבן געוואָרן פון לאָדזש, זענען דאָרטן אויף אַ שוידערלעכן אופן אומגעקומען. אויב דאָס זאָל זיין אמת, זענען דאָרט אומגעקומען איבער 40 טויזנט לאָדזשער יידן. אַ האַלב יאָר צייט האָבן די היטלעריסטן צוגעגרייט דעם מאַסן־קבר פאַרן פּוילישן יידנטום. עס זאָלן זיך דאָרטן געפונען אייניקע גרויסע אויוונס און גאַז־קאַמערן, ווי אויך פאַרכלאָרירטע גרויסע קאַלך־גריבער. נאָך אַ גענויער אויספאָרשונג, וואָס האָט געדויערט אייניקע טעג, אָנפרעגנדיק ביי פאַרשיידענע מענטשן, וואָס האָבן מער ווייניקער אַ שטיקל שייכות מיט די מאַסן־עוואַקואַציעס, מוז איך, ליידער, פעסשטעלן, אַז אַלע ידיעות זענען ריכטיקע. אַלע פּאַרטיעס, וואָס זענען ביזן היינטיקן טאָג אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ זענען אומגעקומען. איך האָב גערעדט מיט די מאַשיניסטן וואָס האָבן געפירט די צוגן; איך האָב גערעדט מיט באַן־אַרבעטער; איך האָב גערעדט מיט די וועלכע האָבן עסקאָרטירט די וואַגאָנען מיט די אַרויסגעשיקטע. די זיכערסטע און קלאָרסטע ידיעות האָב איך אָבער באַקומען פון אַ דייטשן מיליטער־מאַן, וואָס האָט אַליין אַנטייל גענומען אין אַזאַ עסקאָרטע. ער האָט מיר קודם כל דערקלערט, אַז נישט אַלע פון די דייטשע סאָלדאַטן זענען מסכים מיטן היטלעריזם. מיר ווייסן, — האָט ער געזאָגט — אַז די היטלער־פּאַרטיי איז אַ מאָרד־פּאַרטיי, וואָס מאָרדעט אויס מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן. די הויפּט־מערדער פון די יידן זענען: די געסטאַפּאָ, די ס.ס. און די ס.ד. זיי, און נאָר זיי, טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער יידן־אויסראָטונג אין פּוילן. מיר די סאָלדאַטן צווישן זיך, האָבן מורא איינער פאַרן צווייטן אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן. איך האָב שוין לאַנג געזוכט אַ געלעגנהייט, אַז איך זאָל זיך קענען אַראָפּרעדן פון האַרצן און זיך דורכריידן מיט אַ יידן,

וואָס זאָל מיך פאַרשטיין. איך וועל — האָט ער ווייטער געזאָגט — איבערגעבן אַלץ, וואָס איך ווייס, וואָס איך האָב אַליין געזען און וואָס איך האָב געהערט. איך אַליין האָב דאָס שוידערלעכע בילד אין כעלמנאָ נישט געזען. דאַקעגן האָבן דאָס אַנדערע יאָ געזען און האָבן דאָס שפּעטער אונדז, סאָלדאַטן, איבערגעגעבן. אַ טייל — מיט פרייד און אַ טייל מיט גרויס פאַרדרוס. צוויי עסקאָרטן האָב איך אַליין באַגלייט. איין פאַרטיע פון קראַנקע און אַ צווייטע פאַרטיע פון פרויען און קינדער. מיר האָבן זיי עסקאָרטירט ביז צו דער באַן־סטאַציע. פון דער גרויסער סטאַציע זענען די פאַרטיעס צוגענומען געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ און ליטווינער, אוקראַינער, סלאָוואַקן און פאָליאַקן. קומענדיק אויפן אָרט און דערזעענדיק די טויטן־קעפּ, די הימל־קאָמאַנדע, האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז די מענטשן וועלן שוין פון דאָרט מער נישט צוריק פאָרן. זייט וויסן, אַז עס רעדט צו אייך אַן אויפריכטיקער מענטש, באַמיט זיך ווי ווייט מעגלעך נישט צו קומען אויף דעם אָרט, ווו די קברים זענען פאַר אייך אָפן. לויט ווי מיינע קאָלעגן האָבן מיר דערציילט, ווערן דאָרט אַהינגעטריבן יידן פון דער גאַנצער לאָדזשער וואָיעוואָדסטווע. ביז איצט זענען שוין אָפּגערייניקט געוואָרן כמעט אַלע שטעטלעך, וואָס ליגן אַרום קאַליש ביז לאָדזש. דער גרעסטער טייל ווערט אויפן אָרט דערשאָסן, אַ טייל מוזן זיך אַליין גראָבן גריבער, לעבעדיקערהייט זיך דאָרט אַריינלייגן און דאַן ווערן זיי פאַרשיט. בעת די מאַסן־שיסערייען ווערן די מאָטאָרן פון די אויטאָס געלאָזן אין גאַנג און עס ווערט אַ געוואַלדיקער גערויש, אַזוי אַרום הערט מען נישט די געוואַלדן און די געשרייען פון די אומגליקלעכע שוצלאָזע פרויען און קליינע קינדער. די קראַנקע ווידער, וועלכע זענען פון די שפּיטאָלן אַרויסגענומען געוואָרן, זענען נאָך אויפן וועג אין די אויטאָס דערמאָרדעט געוואָרן. פאָרנדיק ביז צום אָרט זענען זיי פאַרגאַזעוועט געוואָרן. די אויטאָס זענען עסקאַרטירט געוואָרן דירעקט דורך די ס.ס.־קאָמאַנדע. מיר האָבן נאָר עסקאַרטירט די מענטשן, וואָס זענען געפאָרן מיט וואַגאָנען. איינער פון די סאָלדאַטן אַליין אַ מיטגליד אין דער פאַרטיי, וואָס איז אויף דעם אָרט יאָ געווען, האָט דערקלערט, אַז אַזעלכע מאַסן־מאָרדן האָט ער זיך נישט פאַר־

געשטעלט, דאָס איז שווידערלעך. מען קען פון זינען אַראָפּ. ווען מען זעט ווי קליינע קינדער ווערן מיט אַן אײַזערנער רייף אַרומגענומען און ווערן פאַר די אויגן פון זייערע עלטערן אויסגעשאָסן. דערנאָך ווערן די עלטערן געצוואונגען די טויטע קינדער אין די גריבער אַרײַנצוואַרפן און זיי מיט שטיינער פאַרשיטן. פריש־געבערענגטע פרויען און מענער זעען ווי מען צערייסט אַנדערע אויף שטיקער, ווי מען פאַרברענט זיי לעבעדיקערהייט. יעדער מערדער־גרופּע טוט איר אַרבעט לויט איר אייגענעם מערדערישן סאַדיזם. צום ערגסטן פירן זיך אויף די ליטוויי־נער. זיי מאָרדן די פרויען באַקעטערהייט. זיי שלאָגן די פרויען ביז צום טויט. דערנאָך ווערן די טויטע פרויען ביי די הענט און פיס געשלעפּט צו די קאַלך־אויוונס און ווערן פאַרברענט. גלויבט נישט די דייטשן, גלויבט נישט ביבאָוון, גלויבט נישט אַלע זייערע מיט־העלפער. זיי זענען אייערע מאַסן־מערדער. לאָזט אייך נישט אויס־מאָרדן. עס איז פיל בעסער דאָ אויפן אָרט צו שטאַרבן, ווי דאָרטן אין דעם גרויסן שמעלץ־טאָפּ. זייט וויסן, אַז די געסטאַפּאָ האָט באַשלאָסן אַלע יידן פון אייראָפּע אומצוברענגען. עס איז אַפילו אויסגערעכנט וויפל יידן עס דאַרפן אומקומען אין יעדן טאָג. צוליב דער אויסראָטונג איז ספּעציעל געשאַפן געוואָרן אַ קאָמאַנדע וואָס רופט זיך: „הימל־קאָמאַנדע". די מענטשן זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון די ס.ס.־און ס.ד.־גרופּן, ווי אויך פון די פּאָלאַקן און פון ליטווינער, אוקראַאינער, סלאָוואַקן, פּאָליאַקן, סודעטן און רומענער. זיי באַקומען אַ ספּעציעלן עקסטראַ־געהאַלט, וואָס רופט זיך „יודן־געהאַלט". זיי באַקומען אויך אַ טייל פון דעם צוגערויבטן פאַרמעגן. אויסער דעם באַקומען זיי בעסערע שפּייז. די מאָרד־אָרגאַניזאַציע באַשטייט פון צוויי טיילן: איין טייל רופט זיך „ראַל־קאָמאַנדע" און דער צווייטער טייל רופט זיך „הימל־קאָמאַנדע". די „ראַל־קאָמאַנדע" ראַלט אויף (טרייבט צונויף) פון אַלע שטעט און שטעטלעך די יידן און ברענגט זיי אויף דעם טויטן־אָרט און די „הימל־קאָמאַנדע" פירט אַדורך אויפן אָרט די מאַסן־מאָרדן. עס איז אויסגערעכנט, אַז ביזן סוף יאָר 1943, זאָלן זיך אין גאַנץ פּוילן מער נישט געפינען קיין איין קראַנקער, זקן אָדער קינד פון דער יידישער אָפּשטאַמונג. די אַלע וואָס זענען נישט

גוצלעך דעם דייטשן פאָלק מוזן אומקומען. די איבעריקע וואָס זענען נאָך געזונט, וועלן אויך סיסטעמאַטיש פאַרניכטעט ווערן. די טויט־קאָמאַנדע האָט שוין צוגעגרייט אין אייניקע ערטער פון פוילן קרעמאַטאָריומס. די ערטער זענען: כעלמנאָ, סאָביבור, טרעבלינקע, בעלזשעץ. אַ גרויסער טייל פון אונדז גלייבט נישט, אַז דאָס דייטשע פאָלק וועט אַזאַ מאַסן־שחיטה אויספירן. אַ טייל פון אונדז גלייבן אַז דאָס וועט אָפּגעשטעלט ווערן. מיר גלויבן אויך, אַז די וועלט וועט דאָס נישט צולאָזן. ליידער געפינען זיך ביי אונדז אַזעלכע עלע־מענטן, וואָס וואַרטן דערויף ווי אַ קאַץ אויף אַ מויז. אויך מיר וואַרטן אויף דער גרויסער, אַנגעזאָגטער אָפענסיווע, וואָס וועט אַ סוף מאַכן צו דעם היטלעריזם. דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב אייך צו זאָגן. אויב מיינע ווערטער וועלן אייך קענען ראַטעווען, וועט דאָס מיך שטאַרק פרייען. האַלט אייך און היט אייך אויס פון „יודן־שמעלצטאָפּ״.

דער ווינער דייטשער סאָלדאַט, דער אויפריכטיקער מענטשן־פריינט, האָט זיך פון אַלע זייטן אַרומגעקוקט, אַרויסגענומען אַ פּעקל פון 100 שטיק לומינאַל און מיר איבערגעגעבן, זאָגנדיק דערביי:

„דאָס איז דער בעסטער מיטל צו ראַטעווען זיך פון „יודן־שמעלצטאָפּ״. איך האָב אים האַרציק באַדאַנקט און געבעטן, אַז ער זאָל מיר איבערגעבן זיין נאָמען, ווי ער הייסט און ווו ער וווינט. אין אַנהייב האָט ער נישט געוואָלט מיר זאָגן, דערקלערנדיק: „איך האָב געטון מיין מענטשלעכע פליכט און דאָס איז פאַר מיר גענוג. ווען איך האָב אים שטאַרק געבעטן און אים דערקלערט, אַז איך בין אַ פאַר־שטייער פון אַ סאָציאַליסטישער פאַרטיי און פיר אין דער געטאָ קאָנס־פּיראַטיווע אַרבעט, און אויב ער האָט ביז איצט געהאַט צו מיר צוטרוי, זאָל ער וויטער האָבן דעם צוטרוי, האָט ער ענדלעך באַשלאָסן זיין נאָמען מיר איבערצוגעבן. ער הייסט פריץ באַנקער, וווינט אין ווין אין דריטן באַצירק. זיין פרוי פירט אַ פאַרפומעריע־געשעפט. ער איז אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, זיין פאָטער איז אין יאָר 1923 געווען ראַטמאַן אין ווינער שטאָט־ראָט.

**שלמה פראַנק**

## די נייע שניידער־רעסאָרטן

די נייע איינגעאָרדנטע שניידער־רעסאָרטן, אין די לאָקאַלן פון די געכטיקע שפּיטאָלן, האָבן שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן. אין די נייע רעסאָרטן ווערן אַריינגעליפערט טויזנטער מעטער שטאָף, ווי אויך האַלב־אויסגעפּאַרטיקטע מיליטערישע מונדירן, וואָס זענען אָנגעקומען פון פאַרשיידענע אַנדערע שטעט, און זענען צוליב דער דאָרטיקער יידן עוואַקואַציע נישט אויסגעפערטיקט געוואָרן. דער אַרבעטס־„מיניסטער" יאַקובאָוויטש, לויפט אַרום פון איין רעסאָרט צום צווייטן, גיט אינס־טרוקציעס, אַז די נייע רעסאָרטן זאָלן ווי אַמשנעלסטן אָנהייבן אַרבע־טן און אַרויסווייזן מער אַקטיוויטעט. ביבאָוו האָט איבערגעגעבן, אַז פון היינט אָן וועט שוין זיין אין געטאָ רואיק, מער קיין עוואַקואַציע וועט נישט פאָרקומען. די באַפעלקערונג קען זיין רואיק און זיך נעמען צו דער אַרבעט. בלויז די וועלכע וועלן שטערן אָדער נישט אויספירן די אַרבעט, וועלן געשיקט ווערן דאָרט ווו אַלע פאַרברעכער ווערן געשיקט.

אויך דער גוטהאַרציקער פּרעזעס האָט אַזש אַרויסגעקלעפּט צוויי אויפרופן. אין דעם ערשטן אויפרוף שרייבט דער פּרעזעס אַזוי: „ברידער יידן, די עוואַקואַציע האָט אויפגעהערט. די דייטשע מאַכט האָט מיר פייערלעך צוגעזאָגט, אַז מער קיין אויסזידלונג וועט נישט פאָרקומען. דעריבער פאַרלאַנג איך, אַז איר זאָלט זיך נעמען צו דער אַרבעט, כדי צוריק צו נאָרמאַליזירן אונדזער לעבן. די נעכטיקע וועלן מער נישט צוריקקומען און די איבערגעבליבענע מוזן ווייטער לעבן, מוזן ווייטער שטרעבן צו אַ נאָרמאַל לעבן". דער צווייטער אויפרוף: „שוועסטער און ברידער, איך פאָדער אייך אויף צו שטעלן זיך צו דער אַרבעט, יעדער צו זיין רעסאָרט, דאָרט ווו ער האָט פריער געהערט. די וועלכע האָבן נישט קיין אַרבעט, זאָלן קומען אין די ביי־געשאַפענע שניידער־רעסאָרטן און דאָרטן זיך פאַרשרייבן, ווייל די אַרבעט איז נייטיק און יעדער מענטש אין געטאָ מוז אַרבעטן. אויב די מאַכט וועט געוויר ווערן, אַז עס געפינען זיך נאָך מענטשן אין דער געטאָ וואָס אַרבעטן נישט, קען חלילה פאָרקומען אַ פרישע עוואַקואַציע. איך האָב געפּועלט ביי דער מאַכט, אַז די איבערגעבליבענע קינדער זאָלן

צוגעטיילט ווערן צו די אַרבעטס־רעסאָרטן. יעדעס קינד אין עלטער פון 8 ביז 14 יאָר מוז זיך שטעלן צו דער אַרבעט. אין קורצן וועט געשאַפן ווערן אַ נייער רעסאָרט פאַר כאַלופּניקעס. הונדערטער מענטשן וועלן קענען צו זיך אַהיים נעמען די אַרבעט. עס איז מער נישטאָ קיין מוראָ. אַרבעטן און ווייטער אַרבעטן — דאָס איז אונדזער איינציק געווער און מיט דעם געווער וועלן מיר זיך קענען פאַרטיידיקן".

## נייעסן פון דעם געהיימען ראַדיאָ

די געהיימע ראַדיאָ סטאַציע „שוויט" האָט צוויי מאָל מיטגעטיילט אַז העכער 20 טויזנט לאָדזשער יידן זענען אין פאַרלויף פון איין נאַכט אומגעבראַכט געוואָרן אין כעלמנאָ. די רציחה זאָל האָבן געוועז פון אַזאַ פאַרנעם, דאָס אַלע פויערים פון דער סביבה אַרום דעם גהינום פון די מאַסן שחיטות, זאָלן האָבן אַנטלאָפן צוליב שרעק און פּאַניק.

לויט אַ צוגאַב ידיעה פונעם געהיימען ראַדיאָ „שוויט" זאָלן די היטלעריסטן האָבן אַרעסטירט צענדליקער פויערים, ווי אויך עטלעכע פּוילישע גייסטלעכע און זיי אומגעבראַכט צוזאַמען מיט די יידן אין קאַלך־אויוונס.

צוליב דער טרויעריקער בשורה האָט היינט דער פּרעזעס געגעצלעך קיינעם צו זיך נישט צוגעלאָזן. די פּאָליציאַנטן ביי זיין טויער, האָבן באַקומען אַ שטרענגע אינסטרוקציע, נישט אַריינצולאָזן קיין מענטשן צו אים, היינט וויל ער קיינעם נישט זען.

די מענטשן אין געטאָ גייען אַרום ווי שאָטנס, פאַרביטערטע, פאַרזאָרגטע, פאַרווייגטע, אויך די זאַטע, די רעדל־פירערס זענען פאַרזאָרגט, צוגעלייגט, טרויעריק. אויך מיט זיי איז היינט אוממעגלעך צו רעדן, זיי ענטפערן נישט אויף קיין פראַגן, איבער די טרויעריקע ידיעות, בלויז אַ טייל פרווון אויסלאַכן די גרויליקע ידיעות. קאָמיסאַר הערצבערג, זאָגט: „די פּאָליאַקן פאַרשפּרייטן בכוונה אַזעלכע שוי־דערלעכע פאַקטן, זיי ווילן אַז יידן זאָלן אַרויסרופן אַ אויפשטאַנד". אויך אַדוואָקאַט יאַקובסאָן גלויבט נישט אין די מאַסן שחיטות. דאַקעגן דוד וואַרשאַווסקי דער הויפּט־לייטער פון שניידער־רעסאָרט, איז פולשטענדיק צוזאַמענגעבראָכן. צו עטלעכע פון זיינע פריינד האָט ער

געזאָגט: „מיין האַרץ שרעקט מיך. איך זע דעם סוף פריער ווי אַנדערע. אויך דער פּרעזעס גלויבט נישט מער אין ביבאָווס ווערטער".

„איך האָב מוראַ — האָט ער זיך אויסגעדריקט פאַר לייזעראָוויטשן, דעם לייטער פון בעקער רעסאָרט — אַז מען וועט אין קורצן פאַר־לאַנגען פון מיר נאָך יידן, נאָך קרבנות. די חיה איז נאָך נישט זאַט. די קינדער באַשטעלונגען האָבן פּלוצים אויפגעהערט, אויך די ציווילע אַרבעט ווערט סיסטעמאַטיש צוריקגעצויגן פון געטאָ. די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן, זיי גיבן מער נישט קיין לעבנס סימנים. ווער ווייסט וואָס עס שטייט אונדז נאָך פאָר!?"

די צענטראַלע איינקויף שטעלע אונטער דער לייטונג פון די ה"ה ליפּנאָווסקי און בלאַוגרונד האָבן מיטגעטיילט, אַז ביי אַ פאַרשטאַרבע־נעם אויף קרוטקאַ גאַס נומער 7 זענען אַנטדעקט געוואָרן 50 טויזנט פּוילישע זלאָטעס, 25 דאָלאַר, 40 זיידענע עכט פּערסישע שאַלן און פאַרשידענע אַנדערע וויכטיקע ווערט זאַכן.

ביים טויטן אין טאַש איז געפונען געוואָרן אַ בריוו אין וועלכן ער שרייבט: „דאָס איבערגעלאָזענע פאַרמעגן גיב איך איבער צו דער דיספּאָזיציע פון ה' ליפּנאָווסקי, צו קיינעם אין געטאָ האָב איך נישט קיין צוטרוי. אויב די יידן וועלן אַרויס פון געטאָ, זאָלן זיי געדענקען אַז דאָס געלט זאָל נישט פאַרנוצט ווערן פאַר קיין שום געזעלשאַפט־לעכן צוועק. דאָס גאַנצע געלט זאָל איבערגעשיקט ווערן צו קרן קימת לישראל".

נאָך אַ דריי וואָכנדיקן איבעררייס האָט דער צענטראַלער שניידער רעסאָרט באַקומען אַ גרויסע באַשטעלונג. גלייך האָט דער פּרעזעס רומקאָווסקי גערופן צו זיך די לייטערס פון אַלע 10 שניידער רעסאָרטן. עס זענען געקומען: דוד גערשאָווסקי, פּאָדלאַסקי, עקשטיין, לייבל גלאַזער, זבאַר, ווישניעווסקי, (אַ פּליט פון קאַליש, ווי די קאַלישער יידן דערציילן, זאָל ער האָבן געוועזן עטלעכע חדשים, יודן־עלצטער פון קאַליש), ראַדזשעיעווסקי, בלויגרונד, גרינבערג, נאַכטשטערן, פייבי־שעוויטש, גראַוער און יאַקובאָוויטש.

אַלע זענען געקומען מיט זייערע געהילפן, אויסגעזעצט זיך אַרום צוגעגרייטן טיש, און אויסגעהערט די פאָלגנדע רעדע פון פּרעזעס:

„איך האָב אייך גערופן כדי פערזענלעך אויפצוקלערן ווי וויכטיק עס איז די איצטיקע באַשטעלונג. זי דאַרף ספּעציעל גוט זיין און צו דער געהעריקער צייט אויסגעפּאַרטיקט ווערן. געדענקט וואָס איך זאָג אייך: גוטע אַרבעט, דאָס וועט זיין דאָס בעסטע געווער אין אונדזערע הענט, מיין האַרץ איז מיר שווער. איך בין פאַרביטערט. איך שרעק. הייַנט מער ווי אַלע מאָל. איך האָב מורא פאַר אַ צווייטער אַקציע. דעריבער ליגט דער גורל פון געטאָ אין אייערע הענט, איר וועט פאַראַנטוואָרטלעך זיין פאַר שלעכטער אַרבעט, איר וועט טראָגן די פולע אַחריות”.

ביי די לעצטע ווערטער „אַחריות” האָט זיך דער פּרעזעס אָוועקגעזעצט און אָנגעכאַפּט זיך ביים האַרצן.

איינער פון די לייטערס האָט אים געפרעגט, צו עס איז אמת אַז 40 טויזנט יידן זענען אומגעקומען אין כעלמנאָ?

ער האָט געענטפערט אין געוואַלדיקער אויפרעגונג:

„איך בין דאָרט נישט געווען. איך ווייס נישט צו זיי לעבן, אָדער זענען שוין אויף יענער וועלט. מיר דערציילט מען נישט וואָס מען טוט מיט די אויסגעזידלטע יידן. פון מיר פאַרלאַנגט מען גוטע אַרבעט און קראַנקע יידן. ווען איך זאָג זיי, אַז אין געטאָ זענען מער נישט פאַראַן קיין קראַנקע יידן, לאַכט מען מיך אויס. מיר דאַרפן בעטן גאָט, אַז די מלחמה זאָל ווי אַמשנעלסטן זיך פאַרענדיקן, ווייל וואָס לענגער זי דויערט אַלץ ערגער איז פאַר אונדז. פרעגט נישט מער, און טרייבט נישט איבער, טוט ·אייער אַרבעט בשלמות, אויב מען מאַכט ביי מיר פרישע באַשטעלונגען איז אַ גוטער סימן, מיר גייען אַריין אין אַ ניי־יאָר, זאָל דאָס נייע־יאָר אונדז אַלעמען ברענגען געזונט און פרייהייט.

צום ערשטן מאָל זינט עס עקזיסטירט דאָס געטאָ, האָב איך געזען ווי לייטערס פון רעסאָרטן, אָטעמען אָפּ שווער, פּאָדלאָסקי און עקשטיין האָבן צו מיר געזאָגט:

—איצט מאַכט אונדז דער פרעזעס פאַראַנטוואָרטלעך. ביזן הייַנטיקן טאָג האָט מען אַזאַ וואָרט פון אים נישט געהערט, ער מאַכט קאַליע און אונדז מאַכט ער פאַראַנטוואָרטלעך, אויב עס וועט זיך

נויטיקן אַרויסצוגעבן די וועלכע קאָנען נישט אַרבעטן, וועלן העכער 50% מוזן באַזייטיקט ווערן פון די רעסאָרטן.

גלייך נאָך דער זיצונג האָט דער פּרעזעס צו זיך גערופן צוויי דאָקטוירים, דער אינהאַלט פון זיין געשפּרעך מיט די דאָקטוירים איז נישט באַוווּסט.

דער גאַסן־זינגער יאַנקעלע, מען רופט אים יאַנקעלע דער "שניי־דער", איז געקומען צו מיר און האָט מיך געבעטן צו קאָרעגירן זייבע צוויי נייע לידער, ווען איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער גייט נישט צו יאַכימאָוויטשן אָדער צו גראַף־קאַלי האָט ער דערקלערט:

— זיי בייזערן זיך אויף מיר, זיי זאָגן אַז איך בין נישט קיין דיכטער נאָר אַ משוגענער. צו דאַרף מען אין געטאָ זיין אַ טאַלאַנ־טירטער דיכטער? מען דאַרף קאָנען מאַכן גראַמען און זינגען.

איך פאַרצייכן עטלעכע סטראָפן פון די נייע לידער.

1) אונדזער רומקאָווסקי חיים,
טיילט אונדז יעדן טאָג שיריים.
איינעם אַ שטיק ברויט, דעם צווייטן אַ שטיק פערד
מען ליגט ביי אים טיף אין דער ערד!

2) אין געטאָ איז היינט רו
קאַרטאָפל ברויט איז שוין דאָ,
וואָס טויג צו זאָרגן אויף מאָרגן?
מען לעבט היינט מיט דער שעה!

3) די זאָנדער־יאַטן, אַ רוח אין זייער...
אַ שלעכט אויג זאָל זיי פארשאטן,
ווי זייער פוסטריט איז וועט קיין גנבה זיין
ס'איז געוווּנג זייער זאָג: חברים'לעך ניין!

אויף דוואַרסקאַ 9 געפינט זיך די לייטונג פון געטאָ טראַנספּאָרט, דער לייטער קליימאַן האָט איבערגעגעבן פאָלגנדיקעס דעם אַרטיסט פּולאַווער.

די דייטשן אויפן באַלוטער מאַרק, האָבן אים היינט אַזוי געזאָגט: „אויב די אַלאירטע וועלן אָנהויבן די צווייטע אָפענסיווע וועט דאָס זיין די לעצטע אָפענסיווע, די דייטשע אַרמיי האָט מער נישט קיין כוח

צו קעמפן, זי ברעכט זיך איין, טויזנטער קומען אום אויף די רוסישע פראָנטן. די סאָלדאַטן ווילן מער נישט קעמפן, זיי ווערן צו די פראָנט ליניעס געשטויסן מיט ס.ס.־גרופן און ווער עס דרייט זיך אויס, ווערט דורך די ס.ס.־גרופן דערשאָסן אויפן אָרט. די דייטשן האָבן קליינמאַנען געזאָגט, אַז די איבערגעבליבענע יידן זאָלן זיך האַלטן. זיי זאָלן זיך נישט איינברעכן, ווייל זיי זענען פעסט איבערצייגט אַז עס איז דאָס לעצטע יאָר פון דער יידן־טראַגעדיע״.

## דאָס יאָר 1942 איז פאַרענדיקט.

ווידער אַ יאָר אַוועק. איך האָב ביים סוף פון יאָר זיך פאַראינטערעסירט, וויפל יידן עס זענען אין פאַרלויף פון די דריי געטאָ־יאָרן אומגעקומען. איך האָב וועגן דעם גערעדט מיט די מענטשן, וואָס פירן אָן די רעסאָרטן, ה׳ ביאַלער, דער אויפזעער פון בית־עולם, האָט מיר געזאָגט, אַז פון טאָג ווען מען האָט פאַרמאַכט די געטאָ, ביז דעם 31־טן דעצעמבער 1942, זענען אויפן יידישן בית־עולם באַגראָבן געוואָרן דרייסיק טויזנט אַכט הונדערט און אַכציק נפשות. כיימאָוויטש, דער הויפט־סעקרעטאַר פון דער געטאָ־פאָליציי האָט מיר געזאָגט, אַז אין פאַרלויף פון די דריי יאָר געטאָ־הערשאַפט זענען אומגעקומען 8.000 מאַן, דערונטער 1.700 קינדער. דער הויפט־לייטער פון דער אויסזידלונגס־קאָמיסיע, אַדוואָקאַט יאַקובסאָן, האָט מיר דערקלערט, אַז עס זענען אין פאַרלויף פון די דריי יאָרן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון געטאָ 52.550 נפשות.

צוזאַמען באַקומט זיך אַ שרעקלעכע ציפער: דורך די דריי יאָרן געטאָ האָט דאָס לאָדזשער יידנטום פאַרלוירן 91.430 נפשות.

דאָס יאָר 1942 איז אַוועק. די געשטאָרבענע וועלן מער צו אונדז נישט צוריקקומען. די איבערגעבליבענע, די וועלכע לעבן נאָך, קוקן צען מאָל דעם טויט אין די אויגן אַריין. אַ גרויזאַמער פחד האָט אַרומגענומען די נאָך לעבנגעבליבענע. מען האָט מורא פאַר דעם נייעם יאָר. אַפילו דער פרעזעס, וואָס גייט איבער טויטע, איז אויך עפעס נישט צופרידן. אויך אים פייניקט דאָס געוויסן. שוין אייניקע טעג, ווי ער וויל עפעס דערציילן. ער גייט אַרום פאַרביטערט. יעדן

טאָג רופט ער צו זיך זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער און פרעגט זיי אויס, ווי די אַרבעט אין די רעסאָרטן זעט אויס? וויפל באַשטעלונגען די דייטשן מאַכן? ווי זעט אויס די שטימונג אין דער גאַס? מען זעט דערביי ווי ער שטיקט זיך מיט ווערטער און קען זיי נישט אַרויס־ברענגען. איינעם פון זיינע נאָענטסטע, דעם אַדוואָקאַט נאַפּטאַלי, האָט ער דערקלערט, אַז דער הימל איז אַ ביסל פאַרוואָלקנט. מען דאַרף אָפּוואַרטן אייניקע טעג. ער גלויבט, אַז קיין בלוטיקע אויסזידלונג וועט מער נישט פאָרקומען. ביבאָוו און בראַטפּיש האָבן אים פייערלעך צוגעזאָגט, אַז קיין עוואַקואַציע וועט מער נישט זיין, נאָר שרעקן שרעקט ער זיך דווקא איצטער מער ווי פריער. די דייטשןליידן אויף אַלע פראָנטן מפּלות. זיי האָבן אויפגעהערט צו באַשטעלן קינדער־זאַכן. די געסטאַפּאָ וויל פאַרקלענערן דאָס געטאָ. די אַלע זאַכן דערנערווירן דעם פּרעזעס און ער קען מער נישט שלאָפן.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט דאָס טרויעריק פאַרבלוטיקט יאָר 1942.

— המשך אין צווייטן בוך —

## תיקון טעות:

**אויף זייט 133:** דאַרף די אינטערשריפט אינטערן בילד זיין, הערש שיליס.

**אויף זייט 305:** דאַרף די 2־טע שורה פון 5־טן יוני — זיך געפונען ביים סוף פון 4־טן יוני.

**אויף זייט 360:** פאַר דער 20־ער שורה דאַרף זיין: אינזשיניער וויינבערג זאָגט זיך אַרויס: